# The Destruction of Europe

*By*

**DR. ISAAC LEWIN**

Professor of Jewish History
Yeshiva University, New York

Research Institute for
Post-War Problems of Religious Jewry
New York, 1948



בדפוס האחים שולזינגר

*Printed in the U.S.A. by*
Shulsinger Bros., 21 E. Fourth Street, New York, N. Y.

253

דאָס דאָזיגע בוך איז געווידמעט דעם אָנדענק פון די קדושים וטהורים, וואָס זיינען אומגעקומען פון די בלוטיגע דייטשע מערדער־הענד בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה —

באַזונדער: מיין אומפאַרגעסליכען פאָטער, וועמען איך פאַר־דאַנק אַלץ אין לעבען, וואָס האָט באַלויכטען די אידישע וועלט מיט זיין תורה און וואָס איז געוועזן פאַר אַזויפיעל יאָהרען דער געטרייער מנהיג פון אידישען פאָלק און זיין רעפּרעזענטאַנט אין פּוילישען פאַרלאַמענט, הגאון ר' **אהרן לעווין**, זצ"ל, הי"ד, אבד"ק רישא, מחבר פון די ספרים „ברכת אהרן", „הדרש והעיון" (4 חלקים), שו"ת „אבני חפץ", „מטה אהרן", „דבר בעתו" — אומגעקומען על קידוש השם אין לעמבערג, 6 טאָג אין חודש תמוז, תש"א;

מיין אומפאַרגעסליכער מוטער, די ליעבליכסטע און האַרציגסטע, וועמענס גוטסקייט האָט פאַרזיסט מיין לעבען און וואָס איז געווען דער קוואַל פון צדקות און ערהאבענסטע מדות, הרבנית **דאבא לעווין**, ע"ה, הי"ד — אַרעסטירט פון די נאַצי־בעסטיעס אין לעמבערג בשעת דער „אַקציע" אין די טעג 18—23 אויגוסט 1942, פאַרשיקט אין דער מאָרד־קאַמער אין בעלזעץ און אומגעקומען דאָרט על קידוש השם וואהרשיינליך 12 טאָג אין חודש אלול, תש"ב;

מיין אומפאַרגעסליכער שוועסטער, דער אידעלער און באַשיי־דענער, וואָס איז אַזוי נאָהענט געווען צו מיין האַרץ, **פריווא בלאט**, ע"ה, הי"ד, וועלכע איז גוטוויליג מיטגעגאַנגען מיט דער מוטער ביי דער דערמאַנטער „אַקציע" אין לעמבערג, איבערלאָזענדיג ביי קרובים איהר איינציג קינד — אומגעקומען צוזאַמען מיט דער מוטער אין בעלזעץ על קידוש השם, — „בחייהן ובמותן לא נפרדו" — 12 טאָג אין חודש אלול, תש"ב;

און דעם איינציגען זיסען טעכטערעל פון מיין שוועסטער, דער באַ'חנטער 11־יאָהריגער **הדסה בלאט**, ע"ה, הי"ד, וואָס האָט חדשים־לאַנג זיך געוואַלגערט אין אַרישען טייל פון לעמבערג און איז, געטריי־בען פון דער נויט, צוריקגעקומען אין געטאָ, וואו די נאַצי־חיות האָבען דאָס אומשולדיגע קינד דערשאָסען דעם 3־טען יוני 1943, 29 טאָג אין חודש אייר, תש"ג.

פיהלט איהר, הייליגע נשמות, ווי איך בלוטיג און וויין אָהן אַן אויפהער אויף אייך?



הגאון ר׳ אהרן לעווין זצ״ל, הי״ד
אבד״ק רישא.
אומגעקומען על קידוש השם אין לעמבערג, ו׳ תמוז תש״א.



הרבנית **דאָבא לעווין** ע"ה, הי"ד.

אומגעקומען על קידוש השם, י"ב אלול תש"ב.

# אינהאַלט:

זייט



## א) אידישע רעטונג

## ב) אָפּקלאַנגען פון עמק הבכא



## ג) אָפּקלאַנגען פון דער וואַנדערונג און פון דער געשיכטע



## נאָכוואָרט צום קאַפּיטעל: אידישע רעטונג

# דער דור, וואָס איז פאַרשטיינט געוואָרען...

(אנשטאט אַ הקדמה)

אויב מען וועט אַמאָל זוכען אַ באַצייכנונג פאַר אונזער דור, וועלכער האָט געלעבט אין דער שוואַרצער תקופה פון היטלער'ן ימ"ש, דאַן וועט מען זיכער נישט געפינען קיין מעהר פּאַסיגע, ווי: דער פאַרשטיינטער, פאַרגלייווערטער דור.

פאַר אונזערע אויגען זיינען אין פאַרלויף פון פיר יאָהר אומגעקומען זעקס מיליאָן אידען. „אין בית אשר אין שם מת". נישטאָ אפשר קיין איינציגער איד, וואָס איז פאַרבליבען לעבען, וועלכער זאָל נישט האָבען פאַרלאָרען וועמען פון זיינע נאָהענטע. אונצעהליגע האָבען צו באַקלאָגען דאָס טייערסטע, וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט: טאַטע, מאַמע, קינדער, פרוי, ברודער אָדער שוועסטער. עס איז אַוועקגעריסען געוואָרען דאָס, וואָס האָט פאַרזיסט דאָס אייגענע לעבען און איהם געגעבען אַן אינהאַלט. עס איז אַוועק דער יסוד פון דער אייגענער עקזיסטענץ. און געבליבען איז אַ ליידיגער תהום.

די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומען פאַר אונזערע אויגען. מיר האָבען געזעהען ווי עס געהט אָפּ אין בלוט דאָס אייראָפּעאישע אידענטום, ווי עס ווערען אויסגעמאָרדעט מיליאָנען אידען, ווי עס קומט אום אונזער פאָלק. מיר האָבען געהערט מיט אונזערע אויערען דעם וועה־געשריי פון די קינדער, וואָס זיינען געוואָרפען אין די גאַז־קאַמערען. מיר האָבען געשפּירט דעם רויך פון טרעבלינקע, פון בעלזעץ, פון אוישוויץ, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען צום הימעל, ווען די גופים פון אונזערע טייערסטע זיינען געברענט געוואָרען.

און מיר לעבען ווייטער. „עולם כמנהגו נוהג". נישטאָ אין אונזער לעבען אפילו קיין אָנצייכען פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען.

מיר זאָגען נישט קיין קדיש נאָך די ערמאָרדעטע. זעלטען ווען האַלט אַ איד אָפּ די יאָהרצייט נאָך די קדושים. מען ווייסט צומאָל נישט, ווען די יאָהרצייט געפאַלט, און מען וויל עס גאָר נישט וויסען. מען באַמיהט זיך גאָר נישט דאָס אויסצופאָרשען. דער רויש פון אייגענעם לעבען האָט פאַרשלינגען די אייעדלסטע געפיהלען פון פּיעטעט לגבי יענע, וואָס האָבען אַזוי־פיעל פאַר אונז באַדייטעט. מיר זיינען פאַרשטיינט, פאַרגליווערט געוואָרען אַלס יחידים.

און דער כלל? אוי, ווי שווער האָט דער כלל געזינדיגט. אין מאָמענט, ווען די טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט, איז דער כלל ישראל געווען צוריסען און געשפּאָלטען אויף שטיקער. מען האָט געטריבען פּאָליטיק, מען האָט אין זין געהאַט די קליינליכסטע ענינים, און זיך נישט דערהויבען צו אַ נאַציאָ־נאַלען וועה־געשריי אין וועלט־פאַרנעם, וועלכער זאָל די פעלקער לאָזען אויפ־ציטערען. דער כלל ישראל איז אין דער צייט פון חורבן געשלאָפען. אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרען, איז געווען נישטיג אין פאַרגלייך צו דעם, וואָס האָט געדאַרפט און געקענט געטאָן ווערען.

און ווען עס זיינען געפאַלען די באַריערעס און די אונענדליכקייט פון דער קאַטאַסטראָפע האָט זיך אַנטפּלעקט קלאָר און דייטליך, איז גאָר נישט געשעהען כדי צו באַווייזען, אַז דער כלל ישראל פיהלט די וואונד. אַמאָליגע צייטען, וואָס האָבען געבראַכט חורבנות אויפ׳ן אידישען פאָלק, האָבען גע־זעהען אַנדערש רעאַגירען דעם כלל ישראל. תעניתים, נאַציאָנאַלע טרויער־פעריאָדען, זיינען געווען כאָטש סימנים פון קאָלעקטיווען צער. אַמאָליגע דורות, וואָס האָבען איבערלעבט אַ קאַטאַסטראָפע, האָבען זיך נישט געקענט באַרוהיגען אַזוי שנעל. זיי האָבען געהאַט אַ האַרץ, וואָס האָט געפיהלט דעם צער.

אונזער פאַרשטיינטער, פאַרגליווערטער דור רעאַגירט נישט אויף דעם אופן. מען האָט די קדושים פאַרגעסען, מען האָט זיי באַרויבט פון דעם איינ־ציגען, וואָס די לעבען־געבליבענע קענען זיי נאָך געבען: פון דעם ביסעל טרויער און דעם אָנדענקען, וואָס קומט זיי.

עס פרעגט זיך: קענען מיר האָבען אַ טענה צו דער וועלט, אַז זי האָט נישט קיין פאַרשטענדניש פאַר אונזער נויט, אויב מיר אַליין זיינען אַזוי אייז־קאָלט צו דער מורא׳דיגער טראַגעדיע פון זעקס מיליאָן אונשולדיג דערמאָר־דעטע אידען?

דער שרייבער פון די שורות אַליין איז נישט קיין אויסנאַהם, סאַי מיט דער גרויסקייט פון דערליטענעם אומגליק, סאַי מיט זיין ווייטערדיגען אָנגעהן מיט׳ן לעבען.

איך האָב פאַרלאָרען דורך די דייטשע מערדער־בעסטיעס מיין פאָטער, וועלכער איז אומגעקומען אין לעמבערג דעם זעקסטען טאָג אין חודש תמוז פון יאָהר תש״א. איך האָב פאַרלאָרען מיין מוטער און מיין איינציגע שוועס־טער, וועלכע זיינען פאַרשיקט געוואָרען קיין בעלזעץ ביי דער צווייטער „אַקציע״ אין לעמבערג, אין חודש אויגוסט, 1942. דאָס קינד פון מיין שוועס־טער, אַ 11־יאָהריג בליהענד מיידעלע, איז דערשאָסען געוואָרען פון די דייי־טשע מערדער עטליכע חדשים שפּעטער. עס האָט זיך געהאַט געפינען אויף

דער אַרישער זייט פון דער שטאָדט, אָבער די נויט האָט עס געטריבען צוריק אין געטאָ.

ווען איך דערמאָן אָט די פיר נפשות, שרייב איך בכוונה נישט קיין באַצייכענונגען, ווי „טייערע“ אָדער „ליבע“, ווייל קען דען ווערטער ס'איז אויסדרוק איבערגעבען דאָס, וואָס איך האָב פאַר זיי געפיהלט?

מיט וויפיעל פרייד וואָלט איך געווען אַוועקגעגעבען מיין לעבען, כדי צו ראַטעווען מיין פאָטער אָדער מוטער, וועלכע זיינען מיר געשטאַנען אַזוי נאָהענט און וועלכע איך האָב פאַרהערליכט איבער יעדער מאָס! זיי זיינען געווען די גוטסקייט אַליין. זיי האָבען מיר געגעבען אַזויפיעל וואַרימקייט, אַזויפיעל האַרץ, אַזויפיעל איידעלקייט. נישטאָ קיין ווערטער, וועלכע זאָלען דאָס איבערגעבען. נישטאָ די שפּראַך, וועלכע זאָל שילדערען זייער צוגעבונ־דענקייט צו די קינדער.

היינט זיינען מיר פונאַנדערגעשיידט און קענען מעהר נישט שפּינען די גאָלדענע פעדים פון ליעבע אויף דער קאַנווע פון לעבען.

דאָס אייזערנע געבאָט פון דער השגחה האָט גורם געווען, אַז מיין פאָטער, וועלכער איז געווען דער מנהיג פון פוילישען אידענטום פאַר אַזוי־פיעל יאָהרען, דער שליח פון וואַרשעווער אידען אין פּאַרלאַמענט, דער אָנער־קענטער רב און גדול הדור, האָט אַזוי טראַגיש פאַרענדיגט זיין לעבען, אַז מען קען אַפילו נישט וויסען, וואו ער רוהט אויף אייביג. און איך לעב. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי געשעהען? מיין לעבען רעפּרעזענטירט דאָך נישט אַמאָל אַ קליינעם ברוכטייל פון דער גרויסקייט פון מיין פאָטער. טאָ פאַרוואָס האָב איך נישט געקענט ברייננגען דעם קרבן פאַר מיין פאָטער?

טאָג־איין טאָג־אויס, ביז אין די לעצטע טעג פון דער מלחמה, האָב איך עפּעס געטאָן, כדי מיין פאָטער און מיין מוטער צו העלפען. ווייל זייער שרעקליכער גורל איז מיר נישט געווען פולקאָם באַוואוסט. אויף דער רשימה פון די אידען אין בערגען־בעלזען, וועלכע זיינען דאָרט אינטערנירט געוואָרען אויפ'ן סמך פון דרום־אַמעריקאַנער פּעסער, וואָס זיי האָבען באַזעסען, זיינען אויך געווען מיין פאָטער און מיין מוטער. אָבער די לעצטע האָפנונג, אַז דער דאָקומענט, וועלכען איך האָב זיי געשיקט, האָט זיי באמת געראַטעוועט, איז צורינען אין מאָמענט פון דער באַפרייאונג פון בערגען־בעלזען. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַנדערע מענשען האָבען באַנוצט דעם דאָקומענט.

און דאָס בלוט טריפט אונאויפהערליך פון מיין האַרץ. איך וועהטאָג איבער זיי און איבער מיין שוועסטער, וועלכע האָט אין זיך פאַרקערפּערט די שענסטע מעלות און אייגנשאַפטען פון גייסט און כאַראַקטער. אָפט פרעג איך זיך: וועלכען זין קען האָבען מיין לעבען אָהן זיי? אָבער, נישט געקוקט אויף

אַלע קשיות, געהט דאָס לעבען ווייטער. ווייל אויך איך געהער צום פאַר־שטיינטען, פאַרגליווערטען דור.

קיין מצבה האָב איך אויף זייערע קברים נישט געשטעלט. אפילו אָט די פּרימיטיווע פליכט פון אַ פאַרבליבענעם זוהן און ברודער האָב איך נישט מקיים געווען. און דעריבער האָב איך געזוכט נאָך אַן אַנדערער מצבה, וועל־כע זאָל נישט זיין אָפּהענגיג פון אַ קבר, וואָס באַרבאַרישע נאַצי־הענד האָבען פון מיינע נאָהענטסטע אַוועקגענומען.

די מצבה איז דאָס בוך.

זאָלען די מאמרים וועגען רעטונג פון אידען, וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען אין די יאָהרען תש"א—תש"ה, זינט מיין אָנקומען אין אַמעריקע ביז צום סוף מלחמה, זיין איצט אַן אויסדרוק פון צוגעבונדענקייט צו די קדושים וטהורים, וואָס זיינען אַזוי טראַגיש אומגעקומען.

ביי דער שוואַכקייט פון די מיטלען, איבער וועלכע מיר פאַרפיגען אין אונזער פאַרשטיינטען דור אויף צו פאַראייביגען דעם אָנדענק פון די געפאַ־לענע מאַרטירער, איז דאָס דאָזיגע בוך געווען דאָס איינציגע, וואָס איך האָב אין דעם מאָמענט געקענט געפינען, כדי אויסצודריקען דעם אונענדליכען צער איבער'ן חורבן פון אונזער תקופה בכלל און דעם פאַרלוסט פון די היי־ליגע פיער נפשות פון מיין משפחה בפרט.

ניו יאָרק, ו' תמוז תש"ח (אין טאָג פון דער יאָהרצייט
פון מיין אומפאַרגעסליכען פאָטער הי"ד)

אַזוי ווי די מאמרים זיינען פריהער געווען פאַר־עפענטליכט אין פאַרשיידענע אויסגאַבען און די אידישע אָרטאָגראַפיע איז נישט איבעראַל דיזעלבע, האָבען זיך — טראָץ די באַמיהונגען צו פאַראיינהייטליכען יעצט זייער אויסלייג — לײדער טיילמאָל אַריינגעיגנביעט חילוקים.

נאָכין קאָפּ פון יעדען אַרטיקעל איז אָנגעגעבען, וואו ער איז געווען צום ערשטען מאָל געדרוקט.

# וועט מען לאָזען אונטערגעהן די אידען אין די פּוילישע געטאָס?

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ט שבט תש״ב — 6 פעברואַר 1942)

די לאַגע פון די אידען, וועלכע זיינען איינגעשלאָסען געוואָרען דורך די נאַציס אין די געטאָ׳ס פון פּוילען, איז אַזוי מורא׳דיג, אַזוי שרעקליך, אַז עס ווערט פּשוט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערען, ווען מען גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון פון דעם, וואָס מיט זיי טהוט זיך אָפּ.

קיין שפּייז ווערט נישט צוגעלאָזט אַהין חוץ די קליינע ראַציעס, וועלכע די געוועלטיגער לאָזען אַריין. מען שטאַרבט פאַר הונגער און קעלט. יעדע שטערבליכקייט־ציפער, וועלכע ווערט אָנגעגעבען, איז ביי די דאָזיגע צושטאַנדען פּאַקטיש צו קליין, ווייל דאָס טעמפּאָ פון דער ווירקליכקייט פאַרגרעסערט נאָך די דאָזיגע ציפער כסדר. עס זיינען נישטאָ קיין מעדי־קאַמענטען אויף צו היילען די קראַנקע. וואָלט געווען על־כל־פּנים מעגליך אַ פאַרבינדונג צווישען געטאָ און די אַרומיגע דערפער, דאַן וואָלט מעגליך געווען פאַר וועלכען געלד אַריינצובאַקומען אַביסעל שפּייז, אָבער דאָס געטאָ איז אַ תפיסה. עס דראָהט טויט־שטראָף פאַר׳ן אַרויסגעהן פון דער דאָזיגער תפיסה און די זעלבע שטראָף פאַר׳ן אַריינגעהן אין איהר.

ווי לאַנג קען אָנהאַלטען דאָס לעבען פון אונזערע ברידער און שוועסטער ביי די דאָזיגע באַדינגונגען? עס דראָהט, חלילה, אין אַ קורצער צייט אַ פולשטענדיגער אונטערגאַנג; עס קענען בלייבען פון זיי נאָר קברים, און אפשר דאָס אויך נישט.

אָט דער מורא׳דיגער אמת באַדייט, דוכט זיך, פאַר קיינעם מעהר קיין נייעס נישט. אָבער עס פרעגט זיך: ווי אַזוי רעאַגירט דאָס אַמעריקאַנער אידענטום אויף דעם דאָזיגען מצב, וועלכער האָט זיינס־גלייכען נישט אין דער גאַנצער אידישער מאַרטיראָלאָגיע פון טויזענדער יאָהרען?

עס איז געוואָרען אַלגעמיין די באַהויפּטונג: „מיר קענען ליידער גאָר נישט טאָן. עס טוט אונז שרעקליך וועה. עס בלוטיגט אונז דאָס האַרץ. אָבער מיר קענען נישט העלפען. אַמעריקע איז דאָך אין מלחמה מיט דייטש־לאַנד״. און מען פאַרלייגט די הענט. מען טוט גאָר נישט.

אָט די דאָזיגע שטעלונג איז — אָדער קען ווערען — דער נאָגעל, וואָס מען שלאָגט אַריין אין דער טרומנע פון פּוילישען אידענטום.

צוליב דעם וויל איך איצט אויפהויבען הויך אַן אַלאַרם. קול דמי אחינו צועקים! אונזערע ברידער און שוועסטער אין פּוילען שרייען: זייט אייך נישט מיאש פון אונז, לאָזט אונז נישט אונטערגעהן! זיצט נישט מיט פאַר־לייגטע הענט!

וואָס זאָלען מיר טאָן?

איין עצה: מיר מוזען אָנווענדען אַלע מיטלען, כדי אויסצווירקען, אַז די געטאָ׳ס זאָלען ווערען אָנגענומען אַלס געפאַנגענע־לאַגערען, אָדער אינ־טערנירטע־לאַגערען, כדי מען זאָל קענען אַהין צוקומען מיט הילף דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ.

דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ האָט זיינע אויסגעטרעטענע וועגען ווי אַזוי אַריינצודרינגען אין די מקומות, וואו קיין שום אַנדערע קערפּערשאַפט קען נישט צוקומען. איך האָב פאַר זיך אַ באַריכט אין דער פראַנצויזישער שפּראַך איבער דער טעטיקייט פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דאָזיגען באַריכט ווערט אי־בערגעגעבען, אַז דר. פעריער, אַ מיטגליד פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען־קרייץ־קאָמיטעט, האָט אַליין אונטערגענומען די איניציאַטיווע אויסצובריי־טען דאַמאָלס די הילפס־טעטיגקייט פון רויטען קרייץ אויף דער ציווילער באַפעלקערונג אין שונא׳ס לאַנד. עס זיינען אויך דאַן ניט געווען קיין שום אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכען וועגען דעם ענין; עס זיינען געווען בלויז ריקזיכטען פון הומאַניטעט, און דאָס האָט געגעבען דעם דר. פעריער די לעגיטימאַציע צו אַנטוויקלען זיין טעטיגקייט. אין וואָס איז זי באַשטאַנען? מען האָט פאַרמיטעלט בריף, מען האָט אויסגעפונען פאַרלוירענע משפחות־מיטגלידער, רעפּאַטריאירט פרויען, זקנים און קינדער, מען האָט געהאָלפען ציווילע אינטערנירטע א. א. וו. און דער באַריכט גיט צו: „די דאָזיגע אָפּ־טיילונג פון רויטען קרייץ האָט געהאַט די הערליכע אויפגאַבע צו אַרבייטען לטובת אַ קאַטעגאָריע פון מלחמה־קרבנות, וועלכע זיינען געווען לגמרי אָהן וועלכער שטיצע און הילף; זי איז געוואָרען דורך איהר אונערמידליכער אי־בערגעבענקייט אַ ברכה פאַר אומצעהליגע אומגליקליכע מענשען...״

דאָס איז געווען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס זיינען ניט געווען קיין געטאָ׳ס און ווען, אמת, עס האָט געהערשט מעהר איידעלקייט, ווען מען איז נאָך געווען אַביסעל מעהר ציוויליזירט. זייט דאַן האָט די וועלט געמאַכט „פאָרטשריטען״... אָבער דאָך גלויבען מיר, אַז אויב דער אינטער־נאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל ערקלערען, אַז ער האַלט די אידען־געטאָ׳ס פאַר תפיסות — וואָס איז אָביעקטיוו לחלוטין ריכטיג, ווייל די מענשען דאָרט האָבען דאָך אַבסאָלוט קיין באַוועגונגס־פרייהייט נישט — וועלען די נאַציס

נישט קענען דאַגעגען אָפּאָנירען און איהם צולאָזען צו אַ רעגולערער הילף־טעטיגקייט.

אין דעם פאַל וועט מען קענען שיקען שפּייז־פּעקלעך אין די געטאָ׳ס. מען וועט קענען שיקען בריוו אַהין און באַקומען בריוו פון דאָרט (היינט זאָל דאָס זיין מעגליך בלויז אין אַ גאַנץ באַשרענקטער מאָס, כלומר׳שט איינמאָל בשעת דער גאַנצער מלחמה), מען וועט קענען שיקען קליידער און מעדיקאַמענטען און עס וועט נישט זיין אַזאַ בולט׳ע סכנה, אַז מען וועט עס צונעמען אויפ׳ן וועג. עס וועט אויך דאַן נישט זיין קיין פראַגע פון עפענען די בלאָקאַדע, ווייל די זענדונגען פון רויטען קרייץ זיינען אַ יוצא־מן־הכלל.

איך האָב דעם דאָזיגען געדאַנק איבערגעגעבען מיט עטליכע טעג צוריק דעם פּוילישען מיניסטער פאַר סאָציאַלען שוץ, יאַן סטאַנטשיק, בשעת דער קאָנפערענץ, וועלכע עס האָט מיט איהם אָפּגעהאַלטען די „רעפּרעזענטאַנץ פון פּוילישען אידענטום אין אַמעריקע”. מר. סטאַנטשיק האָט דעם דאָזיגען געדאַנק אויפגענומען אַלס ריכטיגען און צוגעזאָגט, אַז די פּוילישע רעגירונג אין לאָנדאָן וועט איהם אונטערשטיצען.

אָבער דאָס איז ווייניג.

עס מוז אויפברויזען הויך דאָס קול פון אַמעריקאַנער אידענטום. אַלע גרויסע אַמעריקאַנישע אידישע אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטען דאַרפען ווי אַם שנעלסטען אונטערנעמען די נויטיגע שריט סיי ביי דער אַמעריקאַנער רעגירונג, סיי ביי דער אַמעריקאַנער אָפּטיילונג פון רויטען קרייץ, כדי דורכצוזעצען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ אין גענף זאָל עפענטליך אָנערקענען, אַז די אידישע געטאָ׳ס אין פּוילען האָבען דעם כאַראַקטער פון תפיסות אָדער אינטערנירונגס־לאַגערען, און עס זאָל געעפענט ווערען אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פון רויטען קרייץ פאַר שיקען הילף די מענשען אין די געטאָ׳ס, צו וועלכע קיינער האָט ביז איצט נישט קיין צוטריט פון דרויסען.

עס דאַרף זיך לאָזען בכלל הערען די עפענטליכע מיינונג און די פּרעסע אין דעם דאָזיגען אַזוי אָנגעוועהטאָגטען ענין פון די אויסשטאַרבענדע געטאָ׳ס. זאָל קומען צום אויסדרוק דער פּראָטעסט געגען דער אונמענשליכקייט, געגען דעם באַרבאַריזם, מיט וועלכען מיליאָנען אומשולדיגע מענשען ווערען פאַרפּייניגט נאָר צוליב זייער ראַסע אָדער גלויבען. מען וועט אפשר ווידער זאָגען, אַז ס׳איז בחנם. דער שונא הערט דאָך גאָרנישט. ער רעכענט זיך נישט מיט דער וועלט־מיינונג. אָבער ניין. אפילו אין מלחמה־צייטען הערט מען, ווען אַ גאַנץ פאָלק שרייט. עס זיינען דאָ נייטראַלע לענדער, וועלכע פאַרצייכענען דעם אויפברויז פון דער עפענטליכער מיינונג. עס איז דאָ אַ נאָטיץ־בוך פון דער געשיכטע, וואו עס ווערט אַלץ פאַרשריבען. אין דעם דאָזיגען נאָטיץ־בוך פון דער געשיכטע דאַרפען מיר אונזער געשריי

לאָזען פאַרצייכענען. עס וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט זעהר אויפמערק־זאַם לייענען אַלץ, וואָס דאָרט איז פאַרשריבען.

אָבער קודם־כל לאָמיר טהון וואָס עס לאָזט זיך נאָר, כדי צו רעטען פון שרעקליכען הונגער־טויט די מיליאָנען אומשולדיגע קרבנות אין די געטאָ־גיהנום׳ס. דער וועג איז דאָ. ער איז נישט לייכט. ער פאָדערט אַרבייט, ער פאָדערט באַמיהונגען. אָבער קען דאָס זיין אַ אָפּהאַלט?

נישט וואַרטען! נישט שווייגען!

# ארץ־ישראל׳דיגער ווייץ קיין גריכענלאַנד פאַר די הונגערענדע מענשען...

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ״ג אדר תש״ב — 12 מערץ 1942)

אַ קורצע טעלעגראַמע פון לאָנדאָן פון 11־טען מערץ דערצעהלט: „די ענגלישע רעגירונג האָט דערהאַלטען אַ גאַראַנטירטען סייף־קאָנדאָקט (אַ פאַרזיכערונג וועגען פרייען דורכלאָזען) פון דער איטאַליענישער רעגירונג פאַר אַ שיף מיט הילף קיין גריכענלאַנד. די שיף ווערט אָנגעלאָדען מיט ווייץ אין חיפה, ארץ־ישראל, און דאַרף אַוועקגעהן היינטיגע וואָך. דייטש־לאַנד האָט איהר גאַראַנטיע שוין פריהער געגעבען״.

איך לייען די דאָזיגע ידיעה איינמאָל און נאָכאַמאָל און דענק זיך: רבונו של עולם, ווען וועט דאָך שוין פול ווערען אונזער אייגענער ליידען־בעכער? ווען וועלען מיר שוין אַמאָל נישט אויסגעזעצט זיין צו אַזעלכע נסיונות, וועלכע דערשיטערען פּשוט דאָס גלייכגעוויכט פון אַ מענשען?

פון אונזער ארץ־ישראל, פון אונזער חיפה, וועט אַוועקגעהן אין די נאָ־העגטסטע טעג אַ שיף געלאָדען מיט שפּייז פאַר הונגעריגע מענשען. אידישע הענד וועלען העלפען ארויפטראָגען די זעק מיט׳ן ווייץ, אידישע הענד וועלען שרייבען אויף די זעק וואוהין זיי זאָלען צוגעשטעלט ווערען. און קיין איינ־ציגער זאַק וועט נישט זיין באַשטימט פאַר די טויזענדער, פאַר די צעהנער־און הונדערטער־טויזענדער ברידער און שוועסטער אונזערע, וועלכע שמאַכטען און געהען־אויס פאַר הונגער אין די פוילישע געטאָ׳ס!

מיר האָבען דעם גרעסטען מיטגעפיהל מיט די גריכען, וועלכע לײדען אויך זעהר שטאַרק. מיר פיהלען מיט מיט׳ן דאָזיגען העלדישען פאָלק, וועל־כעס האָט אַזוי מוטיג פאַרטײדיגט זײן אומאָפּהענגיגקײט, אָבער אויב מיר וועלען מעסטען היינט די יסורים זײערע מיט דעם קוואַל און פּיין פון די אידען אין פּוילען, דאַן זײנען מיר זיכער, אַז די אידען אין פּוילען לײדען נאָך מעהר. אין קײן געטאָס זײנען די גריכען סוף־סוף דאָך נישט אײנגע־שלאָסען געוואָרען און וואָס איז שרעקליכער פון גורל פון אַ מענש, וועלכער איז, חוץ אַלע באַדינגונגען, נאָך פאַרשפּאַרט אין אַ קלײנעם שטח און קען בשום אופן ניט אַרויס, אַז ער זאָל צומאָל זוכען הילף ביי אַנדערע?

וויפיל וועהטאָג מוז עס פאַרשאַפען אונז, די אָם מייסטען ביי דער דאָ־זיגער מלחמה באַטראָפענע, אַז אונזערע לײדען רופען ניט אַרויס קײן מיט־געפיהל אפילו ביי די, וואָס האָבען נאָך רחמנות פאַר מענשליכען עלענד!

אָבער מיר מוזען נישט אונטערגעבען זיך פאַר די געפיהלען פון דעפּרע־סיע און יאוש. מיר מוזען וועקען דעם געוויסען ביי די אַלע, וואָס קענען העלפען אונזערע שטאַרבענדע ברידער און שוועסטער אין די געטאָ׳ס. מיר מוזען פאָדערען און פאָדערען, ביז מיר וועלען עס דערגרייכען.

מיר האָבען געהערט, אַז בעת עס איז פאַרגעשטעלט געוואָרען די טענה וועגען שיקען שפּייז אין די געטאָ׳ס פאַר אַ הויכען פּוילישען ווירדען־טרעגער, וועלכער איז די לעצטע טעג געווען אין אַמעריקע, האָט ער געענטפערט: „וואָס זאָלען מיר טהאָן, אַז די טערקיי וויל שיקען שפּייז קײן גריכענלאַנד און וויל נישט שיקען קײן פּוילען״. איצט איז געקומען די ידיעה, אַז דער ווייץ קײן גריכענלאַנד ווערט גאָרנישט געשיקט פון דער טערקיי. ער געהט — פון חיפה, פון ארץ־ישראל! און דאַכט זיך, אַז ארץ־ישראל וועט נישט מאַכען קײן שטערונגען, אויב מען וועט נאָר וועלען שיקען אַ צווייטע שיף מיט ווייץ קײן וואַרשע אָדער לאָדז!

עס איז די פליכט פון אַלע בעלי־השפּעה ביי אידען, אַז זיי זאָלען איצט נאָך שאַרפער מאָהנען גערעכטיגקייט. מיר טאָרען זיך אין אַזאַ צייט נישט לאָזען אָפּ׳פּטר׳ן מיט אַזעלכע תירוצים, אַז די טערקיי וויל נישט שיקען. זאָל מען אונז נאָר ערלויבען אַרויסצושיקען און אַריינצושיקען, דאַן ברויכען מיר נישט די טערקיי. מיר וועלען שיקען אַליין פון ארץ־ישראל, אַזוי ווי מען האָט עס געטהון פאַר גריכענלאַנד.

מען זאָגט אונז אויך, אַז מען קען נישט שיקען בלויז אין די געטאָ׳ס, נאָר פאַר אַלע איינוואוינער פון פּוילען, ווייל אויב נאָר פאַר די אידען, דאַן וועט דער אַנטיסעמיטיזם פון דער באַפעלקערונג זיך פאַרשטאַרקען. אָבער אויך דאָס איז ניט ריכטיג. מיר פאַרלאַנגען אין דעם מאָמענט נאָר שפּייז פאַר די אידען אין די געטאָ׳ס, פאַר די, וואָס זײנען דאָרט אײנגעשלאָסען

געוואָרען און וועלכע געהען־אויס, ווייל עס איז נישט מעגליך, אַז זיי זאָלען זיך אפילו קענען קויפען שפייז פאַר געלד. קרוב אָנדערטהאַלבען מיליאָן אידען געפינען זיך אין די געטאָ׳ס. נאָכאַמאָל אַזוי פיל געפינט זיך אין די קליינע שטעדטלעך, אויך אין דער גרעסטער נויט. אָבער זיי דראָהט נישט קיין טויט־שטראָף פאַר דעם קומען אין קאָנטאַקט מיט דער אויסען־וועלט. פאַר אָט דעם צווייטען אנדערטהאַלבען מיליאָן אידען מאָהנען מיר נישט קיין באַזונדערע הילף. זיי דאַרף מען אויך העלפען, און וואָס שנעלער, אָבער צוזאַמען מיט׳ן רעשט פון דער באַדריקטער באַפעלקערונג. דאַגעגען די אידען אין די געטאָ׳ס זיינען אין אַ נאָך ערגערער, הונדערט־מאָל ערגערער לאַגע. זיי זיינען די ערשטע אין דער רייהע פון די ליידענדע. זיי קומט הילף פריהער, באַזונדער. דאָס מוז פון יעדען פאַרשטאַנען ווערען, אויב עס איז נאָר דאָ אַביסעל גוטער ווילען. און אָהן גוטען ווילען איז דאָך סיי־ווי נישטאָ וואָס צו רעדען.

לאָמיר דאַריבער אָנשטרענגען אונזערע כחות, כל־זמן עס איז נאָך נישט צו שפעט, כל־זמן אויף די נאַלעווקעס אָדער אויפ׳ן באַלוט זשיפּעט נאָך דאָס לעבען. די ליכט צאַנקט. באַלד, באַלד קען זי אויסגעהן.

---

# אידען אין די געטאָ׳ס הונגערען מעהר פון די גריכען!

(„פּוילישער איד״, ניו־יאָרק, נר. 6/7, מערץ־אַפּריל 1942)

איך ווייס, אַז אין צייטען פון אַ וועלט־מלחמה ווען עס גיסט זיך בלוט ווי וואַסער און עס פאַלען אומצעהליגע קרבנות אויף די פאַרשידענע שלאַכט־פעלדער, איז שווער צו וועקען מיטגעפיהל פאַר מענשליכע יסורים, פאַר מענשען׳ס לייד און פּיין פון איין באַשטימטער גרופּע, בפרט ווען די גרופּע איז אידען. אָבער דאָך זיינען פאַראַן אויסנאַמען אפילו אין דער דאָזיגער באַציהונג. אַזאַ אויסנאַהם איז זיכער די אונגלויבליכע טראַגעדיע פון די הונדערטער־טויזענדער אידען, וועלכע זיינען דורך נאַצי־באַנדיטען איינגעשפּאַרט געוואָרען אין די געטאָ׳ס פון פּוילען.

די וועלט מוז אויפגעטרייסעלט ווערען פון דער גרויזאַמקייט, פון דעם סאַדיזם מיט וועלכע אומשולדיגע מענשען ווערען פאַרפייניגט. מיר האָבען געזעהן בילדער, וועלכע זיינען אַרויסגעשמוגעלט געוואָרען פון די געטאָ׳ס, און עס איז צו אָרים אונזער שפּראַך, אַז מיר זאָלען קענען אויסדריקען אונזער צער, אונזער וועהטאָג און גלייכצייטיג אונזער צאָרן. מיר האָבען געזעהן מאַסען־קברים: אַ סך פון די קברים זיינען פול מיט אַזעלכע קליינע גופים, אַז אָדער דאָס זיינען פון קינדער, וועלכע זיינען פון די רוצחים פריהצייטיג פאַרגעבען געוואָרען אין די הענד פון דעם מלאך־המות, אָדער דאָס זיינען רייפע מענשען, וועלכע זיינען אַזוי אויסגעדאַרט געוואָרען פון הונגער און ליידען, אַז זיי זיינען צוזאַמענגעשרומפּען געוואָרען. אין ביידע פאַלען אי־בערשטייגט דאָס אכזריות אַלץ, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען. און עס פרעגט זיך: צי קען מען שווייגען, ווען דאָס געשעהט? צי קען מען זיצען רוהיג, ווען דאָס טוט זיך אָפּ כסדר, אָהן אַן אָפּהאַלט, מיט אונזערע נאָ־הענטסטע?

עפּעס מוז געטאָן ווערען, כדי צו רעטען די קרוב אָנדערהאַלבען מיליאָן אידען, וועלכע זיינען אַריין אין די תפיסות פון די געטאָ׳ס. קיין אידישער עסקן און כלל־טהוער אין אַמעריקע איז ניט יוצא פאַר זיין געוויסען, אויב ער פאַרגעסט אין די געטאָ׳ס. דער קאָלעקטיווער ווילען פון אַלע מוז אַדורכ־ברעכען אַלע מניעות און שטערונגען, כדי די הילף זאָל דאָך קענען צוקומען.

איך האָב מיט אַ צייט צוריק פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלען אָנהויבען זיך משתדל זיין, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל אנערקענען דעם אויסנאַהמס־צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג, וועלכע איז פאַרמאַכט אין די געטאָ׳ס און קען אונטער טויט־שטראָף ניט פאַרלאָזען די מויערען, וועלכע נעהמען אַרום די געטאָ׳ס. דער געדאַנק האָט געפונען אַ גרויסען אָפּקלאַנג. עס איז דאָך קלאָהר, אַז די געטאָ׳ס זיינען פאַקטיש אינטערנירונגס־לאַגערען, געפענגעניסען, אויב ניט ערגער. אויב עמיצער איז באַשרענקט אין זיין באַוועגונגס־פרייהייט, דאַן איז ער אינטערנירט. צו אַזעלכע מענשען קען דער רויטער קרייץ צוקומען. ער מוז נאָר וועלען דאָס טהאָן.

און דאָ איז פאַראַן אַ ברייט אַרבייטס־געביט פאַר אַלע וואָס ווילען און קענען העלפען. הויכע פּוילישע ווירדען־טרעגער האָבען אונז צוגעזאָגט זייער אונטערשטיצונג. זיי זאָגען, אַז זיי זיינען ערשיטערט פון גורל פון די געטאָ־קרבנות. זיי דריקען אונז אויס מיטגעפיהל. דאָס האָט אפילו געטאָן פּרעמיער־מיניסטער שיקאָרסקי אין זיין רעדע ביי דער עפענונג פון נייעם פּוילישען נאַציאָנאַל־ראַט. דאָס איז זעהר שעהן, אויב זיי האָבען אַזאַ געפיהל פאַר די ליידען פון אונזערע ברידער און שוועסטער. אָבער מיר מוזען פאָ־דערען מעשים. מיר זיינען דאַנקבאַר פאַר די שעהנע ווערטער, אָבער מיר

פאַרלאַנגען, אַז עס זאָל אויך עפּעס געטאָן ווערען, כדי די אידען אין די געטאָ׳ס זאָלען ניט אויסשטאַרבען אין די נאָהענטסטע חדשים, כדי עס זאָל ניט אויסגעפיהרט ווערען דער טייוולאָנישער פּלאַן אויסצוהונגערען די אָרימע קרבנות פון דער ווילדער היטלערישער אכזריות.

די איניציאַטיוו מוז קומען פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ גופא, כדי זי זאָל האָבען ערפאָלג. אַנדערש וועט אויספעהלען דער מאָראַלישער כוח, וועלכער קען צווינגען אפילו אַ באַרבאַר, אַז ער זאָל די הילף צולאָזען. אָבער כדי דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל מיט דער דאָזיגער איניציאַטיוו אַרויסקומען — פאָדערט זיך אַן אָנגעשטרענגטע אַרבייט. ביי דער דאָזיגער אַרבייט קען די פּוילישע רעגירונג שטאַרק צוהעלפען, און דאָס מוזען מיר פאָדערען. דאָס מוז היינט זיין די ערשטע, די קאַרדינאַלסטע תביעה פון אַלע פּוילישע אידען, וועלכע געפינען זיך אין די פרייע לענדער, לגבי דער פּוילישער גלות־רעגירונג. און מיר מוזען שטעהן אויף דער וואַך, אַז אויב מען וועט אונז צוזאָגען די דאָזיגע תביעה מקיים צו זיין, זאָל עס בשלימות און גיך געטאָן ווערען. יעדער טאָג שפּילט אַ ראָלע. יעדען טאָג שטאַרבען נייע טויזענדער מענשען.

חוץ דער פּוילישער רעגירונג קענען אונז שטאַרק נוצליך זיין ביי דער דאָזיגער אַרבייט די וויכטיגע אַמעריקאַניש־אידישע כלל־טהוער און אָרגאַניזאַציעס, דער רויטער קרייץ אין זשענעווע רעכענט זיך מיט זיי. טאָ זאָלען זיי משפיע זיין דאָרט. טאָ זאָלען זיי דאָרט פאַרשטעלען די גרויזאַמע לאַגע. טאָ זאָלען זיי ווירקען אויף דער פאַרוואַלטונג פון אינטערנאַציאָנאַלען קרייץ, אַז זי זאָל אַרויס מיט איהר איניציאַטיוו. און ווידער דער הייסער פאַרלאַנג: וואָס גיכער, וואָס שנעלער! מיר האָבען שוין אַזויפיל אידען פאַרלוירען, אַז מיר קענען זיך נישט ערלויבען דעם לוקסוס צו וואַרטען.

עס קענען קומען די באַרופס-סקעפּטיקער, די אייביגע צווייפלער און חקר׳ענען זיך: אפשר איז עס ניט גלייך? אפשר וועט מען ניט פועל׳ן? אפשר ריזיקירט מען עפּעס? אויף דעם וויל איך ענטפערען: — טאָ גיט אַן אַנדערען פּלאַן. טאָ זייט מוחל און ברענגט עפּעס בעסערס. אָבער זיצט נישט מיט פאַרלייגטע הענט. זאָגט נישט, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו טאָן, ווייל דאָס איז די סתימת הגולל פאַר׳ן פּוילישען איד. ניין, לאָזט דאָס נישט צו. זייט נישט מיטשולדיג אין דער קאַטאַסטראָפע פון פּוילישען אידענטום — דורך דעם, וואָס איהר זייט זיך מיאש פון איהם!

זאָל הויך שאַלען דער רוף צו דער ציוויליזירטער מענשהייט: הילף פאַר דער געטאָ, הילף פאַר דער געטאָ!

# הילף פאַר די אידען אין דער פוילישער געטאָ!

(„טאָג", י"ד סיון תש"ב — 30 מאַי 1942)

דער שרעקליכער מעמד אין וועלכען עס געפינען זיך די אידען אין די פוילישע געטאָ'ס, האָט אַרויסגערופען אַ רעש. די ידיעות וועגען די טויזענדער טויט־פאַלען יעדען חודש אין וואַרשעווער געטאָ אַליין, וועגען דער סיסטעמאַטישער אויסהונגערונג, וואָס ווערט דורכגעפיהרט דורך די נאַצי־געוועלטיגער, וועגען די עפידעמישע קראַנקהייטען, וואָס האָבען זיך מורא'דיג צעשפרייט איבער די געטאָס צוליב מאַנגעל אין סערומס, — דאָס אַלץ האָט געווירקט, אַז עס זאָל אויפגערודערט ווערען קודם־כל די אידישע עפענטליכע מיינונג אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד.

מיר הערען אין דער לעצטער צייט פון געוויסע אַקציעס, וועלכע זיינען אונטערגענומען געוואָרען, כדי וועלכע עס איז הילף זאָל קענען אָנקומען צו די אומגליקליכע אידען אין די געטאָ'ס. דאָס איז, נאַטירליך, זעהר און זעהר וויכטיג. ווייל אויב די אידישע עפענטליכע מיינונג אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד איז שוין אויפגעציטערט געוואָרען פון דער אידישער טראַגעדיע אין פוילען, וועלכע האָט נישט איהרס גלייכען אין דער גאַנצער צוויי־טויזענד־יעהריגער מאַרטירלאָגיע אונזערער, דאַן קען מען ערוואַרטען, אַז דער הילפס־געשריי וועט סוף־כל־סוף אויך דערהערט ווערען דאָרט, וואו מען קען עפעס ממשות'דיגעס אויפטאָן.

אָבער די אַקציע מוז האָבען אַ סדר. זי מוז געפיהרט ווערען לויט אַ געוויסען פלאַן און נישט כאַאָטיש. אַנדערש קען מען נישט ערוואַרטען קיין רעזולטאַטען. ווען אַ שיף טרינקט זיך און אַלע לויפען זיך ראַטעווען אָהן אַ פלאַן, אָהן אַ סדר, דאַן מוז זי אונטערגעהן. זי קען, פאַרקעהרט, נאָך מיטשלעפען עטליכע רעטונגס־שיפלעך אין אָפּגרונט. אויב אָבער עס איז דאָ אין דער אַקציע אַ סיסטעם, אַ קלאָהרע אויסרעכענונג, וואָס עס דאַרף געטהאָן ווערען — דאַן איז דער ערפאָלג לכתחילה אויף 50 פּראָצענט גע־זיכערט.

דעריבער דאַרף מען פאָרמולירען עטליכע פּרינציפּען, וואָס מען דאַרף אין זיי געדענקען, ווען מען וויל באמת העלפען פוילישע אידען.

דער עיקר'דיגער פּרינציפּ, וועלכען מיר ווילען היינט אַרומריידען, איז, אַז די אַקציע מוז געפיהרט ווערען אויסשליסליך פאַר די אידען פון די גע־טאָ'ס. דאָס אויסברייטען די אַקציע אויף די אַנדערע איינוואוינער פון פוי־

לען — אפילו אויף די אידען, וועלכע געפינען זיך נאָך אין די קליינע שטעט־לעך, אויסערהאַלב די געטאָ־מויערען, פאַראורטיילט די אַקציע לכתחילה אויף אַ דורכפאַל. עס איז ביים היינטיגען טאָג אויסגעשלאָסען, אַז ענגלאַנד און אַמעריקע זאָלען מסכים זיין צו שיקען שפּייז פאַר פּוילען בכלל, אַזוי ווי מען האָט עס געטהאָן מיט גריכענלאַנד. מיר ווייסען, אַז דאָס פאַרלאַנגט אפילו נישט די פּוילישע רעגירונג גופא, ווייל זי איז אויך אויסען צו גע־ווינען די מלחמה, וואָס דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיג אין דער פּינקטליכער דורכפיהרונג פון דער בלאָקאַדע. פּוילען איז אין דער דאָזי־גער באַציהונג נישט צו פאַרגלייכען מיט גריכענלאַנד, וועלכע איז תמיד געווען ווירטשאַפטליך פּאַסיוו און אימפּאָרטירט שפּייז פון דרויסען, בשעת פּוילען האָט עקספּאָרטירט גרויסע מאַסען פון תבואה אין פאַרשידענע לענ־דער. דעריבער אויב מען שיקט היינט תבואה קיין גריכענלאַנד, שיקט מען זי פאַר דער דאָרטיגער באַפעלקערונג. אויב מען זאָל שיקען תבואה קיין פּוילען, דאַן הייסט עס, אַז מען שיקט זי פאַר די נאַציס. ווייל אין פּוילען איז דאָך גענוג פאַראַן תבואה, נאָר די נאַציס רויבען זי צו און לאָזען איבער גאַנץ ווייניג פאַר דער אָרטיגער באַפעלקערונג. אַלזאָ וועלען זיי נאָך מעהר קענען רויבען און זייער רויב וועט אויף דעם אופן „סאַנקציאָנירט״ ווערען. אַזוי זעהט אויס די זאַך פון שטאַנדפּונקט פון דער בלאָקאַדע.

אויב מען נעהמט אָבער די געטאָ׳ס אַלס באַזונדערען פּראָבלעם, דאַן באַקומט דער ענין אַן אַנדער פּנים. עס איז אַ פאַקט, אַז די געטאָ׳ס זיינען באַזונדערע „אינזלען״ אין פּוילען, צו וועלכע קיינער פון דרויסען האָט נישט קיין צוטריט און פון וועלכע קיינען קען אויך נישט אַרויס. אין די געטאָ׳ס וואַקסט זיכער נישט קיין תבואה — און דאָס וואָס די דייטשען לאָזען אַריין, איז נישט אַמאָל אַ צעהנט־חלק פון דעם, וואָס אַ מענש דאַרף האָבען צום לעבען. עס הייסט, אַז די טעגליכע ברויט־פּאָרציע איז פאַר די אידען אין די געטאָ׳ס לעצטענס באַשטימט געוואָרען אויף גאַנצע צוויי אונצעס, וואָס איז גלייך צו אַ טויט־אורטייל. דעריבער אויב מען זאָל שיקען און אַריינ־לאָזען היינט שפּייז אין די געטאָ׳ס — דאַן איז עס ממש דאָס זעלבע, וואָס אין גריכענלאַנד.

די פּוילישע גלות־רעגירונג, וועלכע האָט אַ השפעה אויף די אַנדערע אַליאירטע רעגירונגען, וואָלט נאַטירליך וועלען העלפען דער גאַנצער שווער־ליידענדער באַפעלקערונג. און עס איז קלאָהר, אַז ווען דאָס זאָל זיין מעגליך, דאַן וואָלט עס געשטיצט געוואָרען פון יעדען איינעם, ווייל ווער האָט נישט דאָס וואַרימסטע מיטגעפיהל און פאַרשטענדעניש פאַר די שרעקליכע ליידען פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין נאַצי־אָקופּירטען פּוילען? אָבער מיר געדענקען גאַנץ גוט, וואָס עס האָט אונז געזאָגט דער פּוילישער מיניסטער

פאַר סאָציאַלער הילף, מר. סטאַנטשיק, בשעת זיין אויפענטהאַלט אין אַמע־ריקע: „מיר קענען נישט פאַרלאַנגען פון די אַליאירטע צו ברעכען די בלאָ־קאַדע, ווייל מיר ווילען געווינען די מלחמה. מיר מוזען ליידען.” ווען מיר האָבען איהם דאַן אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער ספּעציפישער לאַגע פון די געטאָ׳ס, האָט ער נישט באַשטריטען. ער האָט נאָר געהאַט אַ חשד, אַז דאָס שיקען שפּייז פאַר אידען אַליין קען שטאַרקען דעם אַנטיסעמיטיזם ביי דער פוילישער באַפעלקערונג גופא. מיר האָבען איהם דאַן, דאַכט זיך, איבערצייגט מיט׳ן אַרגומענט, אַז די פוילישע באַפעלקערונג אויפ׳ן אָרט זעהט זיכער נאָך בעסער די מורא׳דיגע לאַגע פון די צעהנדליגער טויזענ־דער איינגעשלאָסענע אידען הינטער די געטאָ־מויערען, צו וועלכע זי ווייזט אָפּט אַרויס סימפּאַטיע, און מען קען נישט אָננעהמען, אַז דאָס ראַטעווען די דאָזיגע מענשען פון הונגער־טויט זאָל אַרויסרופען וועלכע־עס־איז נישט־גע־וואונשענע רעאַקציע.

דעריבער גלויבען מיר, אַז די פוילישע גלות־רעגירונג וואָלט די באַ־מיהונגען וועגען שיקען שפּייז אין די געטאָס אַליין — ביי אַ געהעריגער אַקציע מצד די אידישע אָרגאַניזאַציעס און פאָרשטעהער — פאַרשטאַנען און אונטערשטיצט.

איצט פרעגט זיך: צי קען מען רעכענען, אַז מען וועט קענען פאַר אידען אַליין עפּעס אויפטהאָן, אויב עס איז דאָ דער צד־שכנגד, וואָס איז דאָך דער גיפטיגסטער שונא ישראל? אויף דעם ענטפערען מיר, אַז פאַר דעם דאָזיגען צד־שכנגד איז אַ קנאַפּער חילוק, צי די הילף וועט געהן בלויז אין די געטאָ׳ס, צי פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג פון פוילען, ווייל היינט האָט ער אַלעמען גלייך פיינט. ער וויל, אַז אַלע זאָלען צוזאַמענברעכען, ווייל אַלע זיינען זיינע שונאים. ער וועט מאַכען די זעלבע שוועריגקייטען ביי אַ הילפס־אַקציע פאַר די געטאָ׳ס אַליין, ווי פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג, אויסער אויב ער וועט וועלען עפּעס פּראָפּיטירען ביי דער הילפס־אַקציע פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג, וואָס אין דעם פאַל איז דאָך ווידער אויסגעשלאָסען, אַז די אַליאירטע זאָלען מסכים זיין אויף דער הילף. אויב דער צד־שכנגד וועט פון דעם גאַנצען ענין גאָרניט האָבען — און דאָס איז, זעלבסטפאַרשטענדליך, דער אויסגאַנגס־פּונקט פון גאַנצען הילפס־פּלאַן — דאַן קען נאָר איין אומ־שטאַנד דעצידירען וועגען ערפאָלג אָדער דורכפאַל פון דער אַקציע: ווי אַזוי מען נעהמט די זאַך אויף פון שטאַנדפּונקט פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט, אָדער בעסער געזאָגט, די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען בשעת דער מלחמה?

און דאָ מוז מען זאָגען, אַז אויב מיר באַטראַכטען די געטאָ׳ס אַלס אַ ספּעציפישען פּראָבלעם, דאַן איז — טעאָרעטיש גענומען — דער ענין פיל

לייכטער. די געטאָ׳ס זיינען דאָך פּאַקטיש גרויסע תפיסות אָדער אינטער־נירונגס־לאַגערען, ווי מיר האָבען דאָס שוין מיט אַ רייה חדשים צוריק אויפּ־געוויזען. וועגען דעם קען קיין צווייפעל נישט זיין. און עס איז בשעת דער מלחמה לייכטער צו געפינען וועגען ווי צו העלפען מענשען, וועלכע זיינען איינגעשלאָסען אין אַן אַרומגעמויערטען שטח, פון וועלכען זיי טאָרען אונ־טער טויט־שטראָף נישט אַרויס, ווי צו לינדערען די נויט אין אַ גאַנץ לאַנד. אפילו בשעת אַ מלחמה פאַרפליכטען געוויסע ריקזיכטען פאַר אַזעלכע מענ־שען און מען שיקט זיי הילף דורך אַ נייטראַל לאַנד.

פּראַקטיש זיינען, אמת, דאָ פאַראַן גרויסע שוועריגקייטען. דער אינ־טערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ אָדער די קוויקער אָרגאַניזאַציע וואָלטען זיכער גיכער געוואָלט העלפען דער גאַנצער פּוילישער באַפעלקערונג ווי בלויז די אידען אין די געטאָ׳ס, און אָהן דער פאַרמיטלונג פון אינטערנאַ־ציאָנאַלען רויטען קרייץ קען מען צו דער זאַך נישט צוגעהן. אָבער די דאָ־זיגע אויפגאַבע, ווי שווער זי זאָל נישט זיין, קענען די גרויסע אידישע אָר־גאַניזאַציעס גראָד לייזען. עס פאָדערט זיך דערצו פיל אַרבייט, פיל גע־שיקטליכקייט און פיל איינפלוס אָבער מען קען דאָ כמעט זיכער רעכענען אויף אַן ערפאָלג. אויב מען וועט דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ פון אַ קוועלע, צו וועלכער ער האָט צוטרוי, אויפקלעהרען, אַז היינט־צו־טאָג קען מען אונטערנעהמען דערוויל בלויז אַן אַקציע צו שיקען שפּייז פאַר די געטאָ־מאַרטירער, — וואָס שליסט נאַטירליך נישט אויס אַ שפּעטערע אויס־ברייטונג פון דער אַקציע ביי גינסטיגע אומשטענדען, — דאַן וועט ער זיכער זיין מיטהילף נישט אָפּזאָגען.

אָבער, ליידער, איז אין דער לעצטער צייט די אַקציע פון געוויסע קרייזען אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף דער פאַרקעהרטער פּלאַטפאָרם, ד. ה., מען זאָל שיקען שפּייז פאַר פּוילען בכלל, וואָס איז לכתחילה פאַרשפּילט.

מיר ווילען דעריבער אויפמערקזאַם מאַכען, אַז די גרויסע אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס דאַרפען אַלע שריט, וועלכע זיי אונטערנעהמען אין דאָזיגען ענין, פריהער דורכדיסקוטירען מיט די פאַרטרעטער פון אָרגאַני־זירטען אידישען ציבור אין פּוילען, וועלכע געפינען זיך היינט אין אַמעריקע. עס איז קיין ספק נישט, אַז געוויסע שריט דאַרפען געמאַכט ווערען אין נאָמען פון אַמעריקאַנער אידען, אָבער אויך די דאָזיגע שריט דאַרפען נישט זיין קיין סוד פאַר די פאַרטרעטער פון פּוילישע אידען. און אַנדערע שריט זיינען בפירוש שעדליך, ווען זיי ווערען נישט געמאַכט פון פּוילישע אידען אַליין. מיר האַלטען, צום ביישפּיל, אַז ריידען וועגען דעם ענין מיט דער פּוילישער רעגירונג אָדער מיט איהרע פאַרטרעטער דאָ אין אַמעריקע — דאַרפען גראָד נישט די פיהרער פון די אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס, נאָר די פּוי־

לישע אידען גופא. די פוילישע אידען קענען — און וועלען — פאָדערען פון דער פוילישער רעגירונג, אַז זי זאָל אַלץ טהאָן פאַר איהרע בירגער; די אַמעריקאַנער אידען קענען ביי איהר נאָר — בעטען. דער פראַקטישער חילוק איז קלאָהר. און אויב עמיצער וועט ווערען באַהויפּטען, אַז די פוילישע רעגירונג וועט גיכער נאָכקומען דער בקשה פון אַמעריקאַנער אידען ווי דער פאָדערונג פון די פוילישע, דאַן זאָל ער וויסען, אַז היינט איז נישט אַזוי.

עס איז היינט דורכאויס נישט קיין פחיתות־הכבוד פאַר די גרויסע אָרגאַניזאַציעס זיך צו באַראַטען וועגען אַלע פּרטים פון דער אַקציע מיט די פאַרטרעטער פון די פוילישע אידען, הגם זיי זיינען אַליין פליטים און האָבען איבערגעלאָזט זייערע שטעלונגען אויף דער צווייטער זייט פון אָקעאַן. עס איז היינט מלחמה און צו זיין אַ קרבן פון דער מלחמה איז — אַ כבוד.

ווער זיינען די פאַרטרעטער פון פוילישע אידען אין אַמעריקע? — דאָס איז אויך קיין פראַגע נישט. עס איז דאָ די „צענטראַלע רעפּרעזענטאַנץ פון פוילישען אידענטום", וועלכע באַשטעהט פון די פאָרשטעהער פון די זעקס גרעסטע אידישע פּאָליטישע פּאַרטייען אין פוילען. זי איז היינט־צו־טאָג דער שליח פון פוילישען אידענטום. אָפּשטימונגען קען מען איצט אין פוילען נישט דורכפיהרען, אָבער כל־זמן עס איז נישטאָ קיין באַווייז געגען דעם, דאַן איז מחייב דער שכל, אַז די דאָזיגע זעקס פּאַרטייען, וועלכע זיינען פאַראייניגט אין דער „רעפּרעזענטאַנץ", האָבען דעם מאַנדאַט צוריידען אין נאָמען פון גרויסען רוב פון די דריי מיליאָן פוילישע אידען.

מיט געמיינזאַמע כחות און אַ קאָאָרדינירטער, אָנגעשטרענגטער אַרבייט, קען מען נאָך אַ סך אויפטהאָן פאַר די שטאַרבענדע אידען אין די געטאָ׳ס.

---

# וועגען אַנערקענען די אידען אין די געטאָס אַלס ציווילע קריגס־געפאַנגענע

(רעדע אויף דער אסיפת הרבנים אין אַטלאַנטיק סיטי, ח׳ תמוז תש״ב געדרוקט אין „הפרדס", תמוז תש״ב — יולי 1942)

די האָר שטעלען זיך קאָפּויער אויף אונזערע קעפּ, ווען מיר פאַרגעגענווערטיגען זיך די לאַגע פון אונזערע ברידער אין פוילען און די שכנות׳דיגע לענדער, וועלכע זיינען איצט אונטער דער הערשאַפט פון היטלער׳ן ימח־שמו.

די נאַצישע אכזריות, וועלכע האָט נישט קיין פּרעצעדענס אפילו אין דער געשיכטע פון די ווילדע פעלקער פון אַלטערטום, האָט גורם געווען, אַז נישט בלויז צעהנדליגער טויזענטער פון אונזערע ברידער זיינען אומגעקומען און זייער אומשולדיג בלוט איז פאַרגאָסען געוואָרען, ווי וואַסער, דורך די רוצחים (ד׳ ינקום את נקמתם!), נאָר די, וואָס זיינען פאַרבליבען, שטאַרבען פאַר הונגער. זיי פאַרמאָגען שוין גאָרנישט, כדי צו דערהאַלטען זייער נשמה. זיי געפינען זיך אין געטאָ׳ס און טויט־שטראָף דראָהט יעדען איינעם, וואָס וואָלט געוואַגט צו פאַרלאָזען די געטאָ אָהן אַ באַוויליגונג פון די געוועלטיגער. אונטער טויט־שטראָף איז אויך פאַרבאָטען יעדען איינעם, וואָס וואוינט מחוץ דער געטאָ און וואָלט וועלען אַהין אַריינקומען, אָדער גאָר אַריינברענגען אַהין וועלכע שפּייז צו פאַרקויפען.

דאָס וואָס די באַרבאַרישע מושלים האָבען באַשטימט פאַר דער באַשפּייזונג פון די אידען אין די געטאָ׳ס, איז נישט אַמאָל אַ צעהנט חלק פון דעם, וואָס אַ דורכשניטליכער מענש ברויכט, כדי צו שטילען דעם הונגער.

„טובים היו חללי חרב מחללי רעב״ — איז מקוים געוואָרען, אין פּולען זין פון וואָרט, ביי די פּוילישע אידען. די אידישע טאַטעס און מאַמעס דאָרט געפינען זיך אין אַ פיעל מורא׳דיגער לאַגע פון יענע, וועלכע שטאַרבען אַליין אָפּ פון הונגער; ווייל פאַר זייערע אויגען פאַלען זייערע קינדער, וואָס שרייען נאָך ברויט און קיינער קען זיי נישט העלפען.

ווייזט, אין אַזאַ לאַגע, נישט אויס די פּוילישע אידען, אַז דער יעניגער, וואָס איז שוין גע׳הרג׳עט געוואָרען דורך די בעסטיאַלישע נאַצי־פאַרברעכער — איז אַ גליקליכער?

דאָס, רבותי, האָט פּאַסירט מיט׳ן אידישען ציבור פון פּוילען, — דעם ציבור, וואָס פאַרמאָגט צעהנדליגער טויזענטער חסידים ואנשי מעשה, לומדי תורה און גדולי היראה, גאוני ארץ און ארזי הלבנון! וועה צו אונז, אַז אַזעלכעס האָט געטראָפען אין אונזערע טעג!

אָבער מיר טאָרען זיך ניט באַנוגענען מיט׳ן זאָגען קינות. איך וויל איצט ערקלעהרען בקול רם, אַז מען קען העלפען אונזערע ברידער אין פּוילען, אויב מיר וועלען נאָר זיך צוזאַמענעמען צו דעם! לאָמיר נישט זיצען מיט פאַרלעגטע הענט, לאָמיר זיך נאָר נישט מייאש זיין פון זיי! אַ סך מענשען זאָגען זיך, אַז צוליב דער מלחמה קען מען גאָר נישט טאָן און זיי זיינען יוצא פאַר זייער געוויסען מיט זאָגען קינות און קרעכצען — אָבער דאָס איז אַ מורא׳דיגער טעות! עס איז אונזער פליכט צו דערקלעהרען, אַז עס איז נישט אַזוי. אויב מיר וועלען אויפוואַכען און צוזאַמענעמען אונזערע כוחות — דאַן קענען מיר האָפען, אַז מיט גאָט׳ס הילף, וועלען מיר קענען שיקען אַ ממשות׳דיגע הילף צו אונזערע אומגליקליכע ברידער.

מיט עטליכע חדשים צוריק האָב איך אויסגעאַרבייט אַ פּראָיעקט ווי מען דאַרף זיך משתדל זיין, אַז די פיהרער פון די פעלקער זאָלען אַנערקענען די געטאָ׳ס אַלס ציווילע אינטערנירונגס־לאַגערען, ווי דאָס איז באמת אין דער ווירקליכקייט, אָהן וועלכען צווייפעל. אין דעם פאַל וואָלטען מיר זיין באַרעכטיגט צו שיקען אָהין שפּייז־פּעקלעך, אפילו אין מלחמה־צייט, דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ נייטראַלער רעגירונג. דער דאָזיגער געדאַנק האָט שוין געפונען אָנהענגער אין הויכע קרייזען און אויב עס וועט געמאַכט ווערען אַ גרויסע אָנשטרענגונג — איז מעגליך, אַז מיר וועלען אָט דעם ציעל דערגרייכען.

עטליכע גרויסע אָרגאַניזאַציעס האָבען אָבער, צו אונזער באַדויערען, אונטערנומען שריט, וועלכע קענען אונזער אַקציע שאָדענען. אונטער דער אָנפיהרונג פון פאַרטרעטער פון „לייבאָר קאָמיטע״ ווערט געמאַכט אַ פּראָפּאַגאַנדע צו שיקען שפּייז קיין פוילען בכלל (נישט בלויז פאַר די אידען אין די געטאָ׳ס), ווי מען האָט דאָס געמאַכט בנוגע גריכענלאַנד. און הגם מיר האָבען, זעלבסטפאַרשטענדליך, גאָרנישט דאַגעגען און אדרבה, עס וואָלט גאָר גוט געווען, ווען מען קען שיקען קיין פוילען גאַנצע שיפען מיט שפּייז, — אָבער עס איז דאָך קלאָר, אַז אין איצטיגען מאָמענט איז דאָס נישט מעגליך און די, וואָס באַמיהען זיך דערוועגען, גיבען זיך אָפּ מיט אילוזיעס. און דערווייל שטאַרבען פוילישע אידען פון הונגער. אויב די, וואָס באַמיהען זיך פאַר זיי, וואָלטען באמת זיך משתתף געווען אין דער צרה פון אונזער פאָלק, וואָלטען זיי פאַרשטאַנען, אַז מען טאָר נישט האָבען קיין אילוזיעס.

עס איז דאָך קלאָר פאַר יעדען, אַז מען קען נישט פאַרגלייכען פוילען מיט גריכענלאַנד. אין גריכענלאַנד איז קיינמאָל נישט געווען גענוג ווייץ און דעריבער האָט זיך דער פאַקטישער צושטאַנד איצט נישט געענדערט, דאַגעגען אין פוילען, אַלס אַגראַר־לאַנד, איז תמיד געווען תבואה לרוב, און אויך איצט פעהלט נישט קיין שפּייז אין פוילען, נאָר די נאַצי־געוועלטיגער רויבען צו די שפּייז און שיקען זי אַוועק קיין דייטשלאַנד. דאַריבער וועלען די אַליאירטע רעגירונגען, וועלכע פיהרען די מלחמת־מצוה מיט דייטשלאַנד, פאַר קיין פאַל נישט דערלויבען צו שיקען שיפען מיט תבואה קיין פוילען, ווייל דעמאָלט וועלען די באַנדיטען צורויבען נאָך מעהר. בכלל, מוזען מיר פאָדערען הילף פאַר אונזערע געפּייניגטע ברידער, וועלכע געפינען זיך אין אַ אויסנאַמס צושטאַנד, און ווי קענען מיר איצט, אין דער קריטישער צייט, דאגה׳ען פאַר אַנדערע פעלקער ? מיר זיינען צו שוואַך צו דעם און הלוואי מיר זאָלען קענען עפּעס דערגרייכען פאַר די געטאָ־איינוואוינער ! ליידער, צו אונזער גרויסען באַדויערען, זיינען אפילו אין איצטיגען מאָמענט פאַרהאַן צווישען אונז מענ־

שען, וועלכע שעהמען זיך צו פאַרלאַנגען הילף בלויז פאַר זייערע אידישע ברידער, און זיי מיינען, אַז אויב מיר וועלען זיך פאַרבאַהאַלטען אין אַ נישט־אידישען לבוש, וועלען מיר גיכער מצליח זיין. אָבער אַזוי איז נישט!

אין שפּיץ פון די פאַראייניגטע שטאַטען שטעהט איצט אַ דערהויבענער מענש, וועלכען די השגחה האָט אויסגעוועהלט צו זיין ווי אַ מלאך מושיע פאַר אַלע, וואָס געפינען זיך אין אַ נויט. דאָס איז דער פּרעזידענט פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט. עס איז באַוואוסט, אַז אין זיין האַרץ איז נישטאָ קיין שום חילוק צווישען וועלכען גלויבען ס׳איז; ער איז פון די אמת׳דיגע „חסידי אומות העולם“. אויב מיר וועלען פאַר איהם אויפקלערען דעם מורא׳דיגען מצב פון פּוילישען אידענטום, דאַן איז נישטאָ קיין ספק, אַז ער וועט וועלען העל־פען. אויב מיר וועלען איהם זאָגען, אַז, לויט אָפיציעלע סטאַטיסטישע ציפערען, זיינען אין דער ערשטער העלפט פון יאָהר 1941 געשטאָרבען בלויז אין וואַרשע 12,916 אידען און אין משך דעם גאַנצען יאָהר 43,239 אידען (ד. ה. אַז אין דער צווייטער העלפט זיינען געשטאָרבען דריי מאָל אַזוי פיעל ווי אין דער ערשטער) — דאַן וועט ער זיך איבערצייגען, אַז היטלער ימח־שמו וויל אומברענגען אַלע אידען דורך הונגער, חס־ושלום, און ווי קענען מיר שווייגען אין אַזאַ צייט?

פּרעזידענט רוזוועלט איז באַקאַנט אַלס סימפּאַטיקער פון אַלע קאָנפעסיעס און דאַריבער וועט אין זיינע אויגען זיין וויכטיג אַ דעלעגאַציע פון אונזער דת, פון די אידישע רבנים. איך וויל, אַלזאָ, פאָרשלאָגען די פאָלגענדע רעזאָלוציע, וועלכע איך האָב שוין געוויזען דעם חשוב׳ן פּרעזידיום פון אגודת הרבנים און זי איז דורך איהם אַקצעפּטירט געוואָרען:

די קאָנווענשאָן פון אגודת הרבנים פון די פאַראייניגטע שטאַטען און קאַנאַדע ווענדעט זיך מיט אַ הייסער און דרינגענדער בקשה צום פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וועלכער האָט אַ וואַרים מיטגעפיהל פאַר אַלע ליידענדע מענשען, אַז ער זאָל דערמעגליכען צו שיקען שפּייז פאַר אונזערע אומגליקליכע ברידער אידען, וועלכע געפינען זיך אין די געטאָ׳ס אין פּוילען און וועלכע געהען אוים פאַר הונגער אונטער דער הערשאַפט פון די נאַצים.

נעהמענדיג אין באַטראַכט, אַז די געטאָ׳ס זיינען פאַקטיש גרויסע תפיסות און טויט־שטראָף איז דורך די דייטשע מושלים אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף יעדען, וואָס וועט אָהן זייער באַוויליגונג אַרויס פון דאָרט, — איז עס אַ פאָדערונג פון יושר און גערעכטיגקייט, אַז די אידען, וואָס געפינען זיך אין די געטאָ׳ס, זאָלען האָבען דעם כאַראַקטער פון ציווילע קריגס־געפאַנגענע, לויט׳ן אינטערנאַציאָנאַלען

רעכט, צו וועלכע מען קען שיקען שפייז־פעקלעך אפילו בשעת דער מלחמה.

די קאָנווענשאָן דריקט אוים איהר האָפנונג, אַז דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען וועט העלפען, כדי שפּייז זאָל קענען צוקומען צו די צעהנדליגער טויזענטער אידען, צווישען וועלכע עס געפינען זיך די גאוני התורה, און די פּלענער פון די רשעים, וועלכע ווילען פאַרניכטען אונזער פאָלק, וועלען נישט געלונגען״.

[די דאָזיגע רעזאָלוציע איז געוואָרען אָנגענומען איינשטימיג דורך אַלע רבנים].

לאָמיר האָפען, אַז אויף דעם אופן וועלען מיר מצליח זיין און מיר וועלען בקרוב קענען שיקען, דורך אַ נייטראַל לאַנד, שפּייז צו די אידען אין פּוילען, וועמען עס האָט געטראָפען אַזאַ ביטער אומגליק, און דאַן — נאָר דאַן! — וועלען מיר קענען זיך אַביסעל באַרוהיגען!

אין איצטיגען מאָמענט ליגט אַ חוב אויף די רבנים צו ווייזען דעם וועג פאַר׳ן פאָלק. נאָך אין דער צייט, ווען אונזער ערשטער שונא, עמלק, איז אַרויס צו האַלטען מלחמה מיט אונז, איז דער דאָזיגער געדאַנק געקומען צום אויסדרוק, אַז ישראל וועט נאָר דאַן געהאָלפען ווערען אויב ער וועט געהאָרכען זיין גייסטיגען מנהיג און אויספיהרען דאָס, וואָס די חכמי התורה באַפעהלען. עס איז באַוואוסט, אַז ווען יהושע איז געגאַנגען מלחמה האַלטען מיט עמלק׳ן, האָט משה רבנו זיך געשטעלט אויפ׳ן שפּיץ פון באַרג און אויפגעהויבען זיין האַנט. און די תורה דערצעהלט אונז: „והי׳ כאשר ירים משה ידו וגבר ישראל, וכאשר יניח ידו וגבר עמלק״ (שמות י״ח, י״א). משה רבנו — דאָס איז דער סימבאָל פון אַלע חכמי התורה. און וואָס עס ווערט דערצעהלט וועגען איהם ביי דער מלחמה פון עמלק׳ן, דאָס איז אַ סימן פאַר׳ן אידישען פאָלק אין זיין גאַנצער געשיכטע. אין יעדער צרה, אויב „משה״ — דאָס הייסט: די חכמי התורה — הויבט אויף די האַנט זיינע און ווייזט ענער־גיש דעם וועג, דאַן „וגבר ישראל״, דאַן קענען אַלע אונזערע שונאים אונז נישט טאָן קיין שלעכטס און סוף־סוף פאַלען זיי און מיר שטעהען אויף. אָבער אויב, חס־ושלום, „משה״ — דאָס הייסט: דער שר התורה און גייסטיגער מנהיג לאָזט אַראָפּ די האַנט און ער איז נישט מער דער וועג־ווייזער, נאָר איינער, וואָס איז ווייט פון דער תורה און פרעמד צו איהר גייסט, דאַן „וגבר עמלק״!

„מלחמה לד׳ בעמלק מדור דור״. אין יעדען דור שטעהט אויף אונז אויף אַ נייער „עמלק״. נישטאָ קיין דור, וואָס זאָל נישט האָבען זיין עמלק. אין

איצטיגען דור איז אויף אונז אויפגעשטאַנען אַ געוואַלטיג שטאַרקער עמלק, אַ שונא, וועלכער וויל אומברענגען, חס־ושלום, אַלע אידען מנער ועד זקן, טף ונשים. מיר האָבען נישט קיין אַנדערע שטיצע, ווי אונזער תורה. טאָ זאָל „משה״ אויפהויבען די האַנט, זאָלען די רבנים איבערנעהמען די לייטונג און זיך שטעלען אין שפּיץ פון פאָלק — וועט זיין „וגבר ישראל״, און מיר וועלען דערלעבען די תשועת ישראל!

# די קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעאישען אידענטום און איהר אָפּקלאַנג אין אַמעריקע

(„אידישע שטימע״, כסלו תש״ג — נאָוועמבער 1942)

דעם דריטען סעפּטעמבער ה. י. איז קיין ניו־יאָרק אָנגעקומען די ערשטע ידיעה וועגען דעם, אַז אין פּוילען קומט פאָר עפּעס מורא׳דיגעס.

בשעת מיר שרייבען די דאָזיגע שורות זיינען שוין פאַרלאָפען אַכט וואָכען פון יענעם סעפּטעמבער-טאָג, און עס פרעגט זיך: וואָס איז במשך דער דאָזיגער צייט געשעהן, כדי צו ראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך נאָך ראַטעווען? האָבען די פיהרער פון אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען פון דריטען סעפּטעמבער אָן געשטעלט געוואָרען אין אַ אַלאַרם־צושטאַנד, יוצא געווען זייער אידישע און מענשליכע פליכט? איז בכלל עפּעס געטהאָן געוואָרען?

די ידיעה, וועלכע איז אָנגעקומען דעם דריטען סעפּטעמבער, האָט פאַרלאַנגט קלאָהר און דייטליך: שטורמט אויף, ווייל עס געשעהט אַזעלכעס, וואָס איז נאָך ביז היינט ניט דערהערט געוואָרען! די ערשטע פליכט פון די פיהרער פון די אָרגאַניזאַציעס איז אַלזאָ געווען צו אַלאַרמירען ווייטער די עפענטליכקייט. מיר, אידען, האָבען נישט קיין אַנדערע כלי־זיין, ווי דעם „קול קול יעקב״, און אונזער געשיכטע לערענט אונז, אַז „בזעקיך יצילוך קיבוציך״. דאָס אויפטרייסלען פון דער אידישער מחנה האָט אַ סך מאָל געבראַכט דערצו, אַז ס׳איז געפונען געוואָרען אַ מיטעל ווי אָפּצושטעלען דעם לויף פון דער קאַטאַסטראָפע.

אָבער לײדער איז דאָס מאָל אָנגעווענדעט געוואָרען אַן אַנדער טאַקטיק.

מען האָט קודם־כל געמאַכט אַ „חרם", אַז דער אָפּקלאַנג פון דער מורא־דיגער טראַגעדיע זאָל נישט קומען אין דער פּרעסע. אנשטאַט צו קלינגען אויף אַלע גלאָקען; אנשטאט פשוט מרעיש עולמות צו זיין — האָט מען אַרויפּ־געלייגט די פליכט אויף אַלע אנטיילנעהמער אין דער באַראַטונג פון די פּאַרטיי־פאַרשטעהער, וואָס איז פאַרגעקומען קודם אין לאָקאַל פון דער אגודת הרבנים און דאַן אין לאָקאַל פון אידישען וועלט־קאָנגרעס — צו שווייגען.

מען האָט עס מאָטיווירט אויף צוויי אופנים: ערשטענס, זיינען דאָך די ידיעות נישט „זיכער", און מען מוז זיי קודם־כל קאָנטראָלירען; צווייטענס, קען עס נאָך „ערגער מאַכען", אויב די אידישע פּרעסע און עווענטועל אויך די אַלגעמיינע פרעסע זאָל ארויס מיט אַ שטורם.

האָט מען אָנגעהויבען פעסטצושטעלען די ידיעות. עס זיינען געלאָפען טעלעגראַמעס נאָך טעלעגראַמעס, און ליידער וואָס אַ שפּעטערע טעלעגראַמע אַלץ דערשיטערענדער זיינען געוועזען די באַריכטען, וואָס זי האָט אַנטהאַלטען. דאָס בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרען אין די אָדערען בעת מען האָט געלייענט די קורצע דעפּעשען: „דעפּאָרטאַציעס", „מאַסען־שחיטות", „אויסגעליידיגטע געטאָ'ס", „אומבאַוואוסטער אויפענהאַלטס־אָרט פון די פאַרשיקטע" וכדומה.

דער קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרן אויף דער באַראַטונג אין אידישען וועלט־קאָנגרעס, און וואָס זיין פּאָרזיצער איז ד"ר סטיפען ס. וויז, האָט נאָך עטליכע וואָכען אָפּגעהאַלטען ווידער אַ זיצונג און עס איז געוואָרען מיטגעטיילט פון דער לייטונג, אַז מען מוז ווייטער וואַרטען און — שווייגען. עס האָט געזאָלט אָנקומען אַ וויכטיגער מענש פון אַ ווייטער נסיעה און ברייגנען אַ גענויעם באַריכט.

אין דער צייט איז דאָס אידישע בלוט ווייטער געפלאָסען.

מיר ווילען אין דעם מאָמענט קיינעם נישט באַשולדיגען אין שלעכטען ווילען, אָדער אין אַ בכוונה'דיגען אָפּשלעפען פון דער רעטונגס־אַקציע. עס קען אונז נישט קומען אויפ'ן געדאַנק, אַז עס זאָל זיך געפינען אַ מענש, וועלכער זאָל האָבען דאָס געוויסען צו וועלען בכוונה לאָזען אויסגעהן די אידען אין נאַצי־גיהנום. ניין, דאָס פאַלט קיינעם נישט איין צו באַהויפּטען.

אָבער אַ נאַכלעסיגקייט, די מינדעסטע נאַכלעסיגקייט, איז דאָ שוין אויך אַ שרעקליך פאַרברעכען. און קיינער וועט אונז נישט איינרעדען, אַז במשך די אַכט וואָכען, זינט דעם דריטען סעפּטעמבער, איז אַלץ געטהאָן געוואָרען, וואָס האָט געקענט און געדאַרפט געטהאָן ווערען.

ניין, נישט אַמאָל פופציג פּראָצענט איז אויסגעפיהרט געוואָרען פון דעם, וואָס האָט געמוזט געשעהן!

מיר וויסען, אַז עס איז פאַרלאַנגט געוואָרען אויף דער ערשטער באַראַ־טונג, אַז אַ שטענדיגע אידישע דעלעגאַציע זאָל אַוועקפאָהרען קיין וואַשינג־

טאָן און דאָרט פּערמאַנענט אַרבייטען פאַר דעם דאָזיגען ענין, וואָס איז דער וויכטיגסטער פאַר׳ן אידישען פאָלק אין איצטיגען מאָמענט, ווייל עס געהט פּשוט וועגען קיום האומה, וועגען דערהאַלטען דעם שארית הפליטה. אַזוי האָט מען זיך ביי אידען תמיד נוהג געווען. אידישע שתדלנים האָבען נישט מסיח דעת געווען פון דער לאַגע אין אַ עת־צרה. און היינט האָט מען דאָס נישט צוגעלאָזט. האָט עס געמעגט געַנוג זיין, וואָס ד״ר סטיפען וויז און ד״ר נחום גאָלדמאַן זיינען איינמאָל אין אַ פערצעהן טעג אַוועק אויף אַ באַזוך קיין וואַשינגטאָן? — ניין; דאָס איז אַבסאָלוט צו ווייניג!

מיר ווילען אויסדריקליך נישט פאַרמינערען די באַדייטונג פון זייער השפּעה. עס קען זיין, אַז זי איז גרויס. אָבער דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען מיליאָנען אידען — איז געווען די פליכט, אַז זיי — און צוזאַמען מיט זיי נאָך אַ רייה אַנדערע פּערזענליכקייטען און באַזונדערס פאַרטרעטער פון אגודת הרבנים און אגודת ישראל — זאָלען כסדר זיצען אין וואַשינגטאָן און נישט אָפּלאָזען דעם ענין, ביז עס וואָלט געפונען געוואָרען וועלכע ס׳איז לייזונג.

און דעריבער איז דאָס פאַרשווייגען די מורא׳דיגע סיטואַציע על־כל־פּנים אין דער אידישער פּרעסע געווען אַן אומדערהערטער לייכטזין. די אידישע פּרעסע, ווען זי וואָלט געוואוסט און דערצעהלט דעם אמת, וואָלט זי געטריבען די אידישע עסקנים צו אַ כסדר׳דיגער אַקטיוויטעט. עס וואָל־טען דאַן זיכער נישט געווען פאַרגאַנגען קיין אַכט וואָכען און עס וואָלט גאָר נישט געשעהן.

עס איז אַ מענשליכע נאַטור, אַז די גרעסטע ליידען און יסורים ווירקען אויף אַ זייטיגען באַאָבאַכטער, ד. ה. אויף דעם, וואָס קוקט זיך צו זיי בלויז צו, אַמשטאַרקסטען אין ערשטען אויגענבליק. דאַן ווערט שוין דער איינדרוק שוואַכער. מען ווערט אָפּגעקיהלט. און דאָס איז דער פאַל ביי אונזערע עסקנים. נאָך אַכט וואָכען זיינען זיי אפשר נישט מעהר אַזוי אויפגעציטערט פון דער טראַגעדיע אין נאַצי־גיהנום, ווי אין ערשטען אויגענבליק.

אָבער עס טאָר נישט דערלאָזט ווערען, אַז מיר זאָלען אויף אַ רגע פאַרגעסען אָן אונזערע ברידער און שוועסטער אין נאַצי־גיהנום!

נאָך לעבען אידען אין פּוילען! מיר ווייסען נישט וואו, מיר ווייסען נישט וויפיל זיי זיינען. אָבער ס׳איז אַ פאַרברעך זיך ח״ו פון זיי מיאש צו זיין. יעדער טאָג שפּילט אַ ראָל. יעדע מינוט איז טייער.

זאָל דאָס שוין הויך אָפּקלינגען אין דער אידישער עפענטליכקייט אין אַמעריקע! זאָל אויפגעטרייסעלט ווערען דאָס געוויסען פון דער וועלט, קודם־כל פון דער אידישער וועלט!

דער קאָמיטעט, וואָס איז געשאַפען געוואָרען, דאַרף זיך אָדער אויפ־

לייזען, אָדער ער דאַרף זיין כסדר טעטיג, אָפּהאַלטען איין זיצונג נאָך דער אַנדערער, און נישט שלאָפען און זיך באַנוגענען דערמיט, וואָס ד״ר ווייז וועט אַמאָל אָפּגעבען אַ באַריכט וועגען אַ נסיעה קיין וואַשינגטאָן.

אין אַזאַ צייט איז יעדער, וואָס זיצט מיט פאַרלייגטע הענד, אפילו איין שעה, מיט־פאַראַנטוואָרטליך פאַר׳ן לעבען פון די, וואָס קענען נאָך גערא־טעוועט ווערען.

מיר פרעגען די פיהרער פון אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע: „מה תענו ליום פקודה״? וואָס וועט איהר ענטפערען, אויב מען וועט אַמאָל פון אייך אָפּנעהמען אַ חשבון, וואָס איהר האָט געטהאָן, ווען דאָס בלוט פון אייערע ברידער האָט זיך געגאָסען אין שטראָמען?!

---

# זאָל דאָס האַרץ דיקטירען!

(„אידישע שטימע״, טבת תש״ג—דעצעמבער 1942)

„בשעה שהציבור שרוי בצער ופירש אחד מהם, באים שני מלאכי השרת שמלווין לו לאדם ומניחים ידיהם על ראשו ואומרים: פלוני זה שפירש מן הציבור אל יראה בנחמת הציבור״. (תענית, י״א)

דער גורל פון פוילישע אידען איז, לויט דער מיינונג פון אַ סך פּאָליטי־קער, אַ גע׳חתמ׳עטער. ביי זיי איז עס לאחר יאוש. ווי אַזוי קענען די פאַר־שקלאַפטע הונגעריגע מענשען אויסהאַלטען די צרות זייערע — ווען מען זאָל זיי אפילו לאָזען אין דעם צושטאַנד, אין וועלכען זיי געפינען זיך? און דערצו קומט נאָך דאָס וואָס ביז נישט־לאַנג איז עס געווען פאַרהילט אין אַ שרעק־ליכען שלייער פון סודות אָבער ווען מ׳פאַרגעוואוערטיגט זיך עס, דאַן ווערט דאָס בלוט פאַרגליווערט אין די אָדערען. אפילו אָננעמענדיג, אַז די אידען געפינען זיך נאָך אין די געטאָ׳ס, אַז עס איז אַלץ אַזוי, ווי עס איז געווען, למשל, מיט אַ יאָהר צוריק, דאַן פרעגט זיך אויך: „מהיכן ירק זה חי?״ פון וואַנען לעבען די אידען? ווי אַזוי דערהאַלטען זיי זיך?

און דאָ, מוזען מיר, אויפ׳ן יסוד פון ידיעות, וועלכע זיינען לעצטענס אָנגעקומען פון דער שווייץ, קאַטעגאָריש פעסטשטעלען, אַז עס איז בשום אופן נישט דערלאָזבאַר זיך מיאש צו זיין. ניין! עס מוזען פאַריאָגט ווערען די סימנים פון יאוש. מען איז מחויב אין אַמעריקע זיך צו קלאַפּען צעהן מאָל

אין טאָג ״חטאתי״ פאַר דער ביז־איצטיגער גלייכגילטיגקייט, ווייל ווען מען הערט, וואָס שווייצער אידען האָבען אויפגעטאָן פאַר די הונגער־ליידענ־דע פוילישע אידען, דאַן פאַרשטעהט מען ערשט, ווי גרויס עס וואָלט געווען די הילף, ווען אַמעריקאַנער אידען וואָלטען בייגעטראָגען זייער חלק. און עס איז אַבסאָלוט קיין תירוץ נישט, וואָס מען הערט אַזוי אָפט: „מען פראָבירט דאָך צו באַקומען אַ באַוויליגונג אויף צו שיקען שפייז, און דער־ווייל געהט עס נישט״. נישט ריכטיג. מען האָט זיך דורך וואָכען און חדשים פאַרדרעהט דעם קאָפּ מיט אַ געדאַנק צו שיקען גאַנצע שיפען מיט תבואה קיין פוילען פאַר דער גאַנצער דאָרטיגער באַפעלקערונג. נאַטירליך איז דאָס דורכגעפאַלען, ווייל עס האָט אַנדערש פשוט נישט געקענט זיין. שיקען שפייז פאַר דרייסיג מיליאָן מענשען איז נישט אַזוי לייכט. אָבער ווען מען וואָלט געווען אָנגעשטרענגט די כחות צו פּועל׳ען ביי דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אַז זי זאָל ערלויבען צו שיקען געלד אין דער שווייץ, כדי מען זאָל פון דאָרט העלפען די פוילישע אידען, וואָלט עס זיכער געהאַט מעהר אויסזיכטען אויף ערפאָלג. מיט געלד אין דער שווייץ האָט מען געקענט רעטען טויזענטער און צעהנער־טויזענדער אידען. און שיקען געלד אין דער שווייץ — הייסט אוודאי נישט געבראָכען די בלאָקאַדע.

וואָס האָבען שווייצער אידען אויפגעטאָן אַליין מיט זייערע באַשיי־דענע כחות? אָט איז איין פאַקט.

א גרופּע אידען, מיטן באַוואוסטען און פאַרדינסטפולען אגודה־עסקן ר׳ חיים ישראל אייז אין דער שפּיץ, וועלכע האָבען זיך שוין פאַרשריבען אַ העריליך בלאַט אין דער געשיכטע פון דער אידישער הילפס־טעטיגקייט בשעת דער איצטיגער מלחמה, האָט פאַר אַ סכום פון אַן ערך צעהן טוי־זענד שווייצער פראַנקען איינגעקויפט 2,500 קילאָ סאַרדינען אין פּאָרטוגאַל און זיי געלאָזט אַוועקשיקען צו דער „אידישער זעלבסטהילף״ אין קראָקא. מען האָט עס געמוזט אַוועקשיקען פון פּאָרטוגאַל, ווייל די שווייץ לאָזט ניט צו קיין שום פּראָדוקטען־עקספּאָרט פון זיך אין אויסלאַנד. דאַגעגען געוויסע אַרטיקלען קען מען נאָך איינקויפען און אַוועקשיקען פון פּאָרטו־גאַל.

לויט אַ בריוו פון דער שווייץ, דאַטירט פון 24־טען אויגוסט 1942, איז איין טאָג פריהער, ד. ה. דעם 23־טען אויגוסט, דאָרט דערהאַלטען געוואָרען פון דער „אידישער זעלבסט־הילף״ אין קראקא אַ ידיעה, אַז די סאַרדינען זיינען אָנגעקומען און באַלד אָפּגעקויפט געוואָרען ביי איהר, אָדער — בעסער געזאָגט — איינגעטוישט געגען פאָלגענדע אַרטיקלען: 6000 קילאָ מעהל, 400 קילאָ וואַ־זופּ, 35,000 פּעקלעך מאַדזי־זופּ און 138 קילאָ מאַר־מעלאַדע.

די גאַנצע טראַנזאַקציע, פון דער פאַרלאָדונג אין פּאָרטוגאַל אָנגע־הויבען, איז געוואָרען דורכגעפיהרט דורכ׳ן רויטען קרייץ.

עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלען, וואָס עס האָט באַדייטעט אין קראָקע דאָס אָנקומען פון זעקס טויזענט קילאָ מעהל און די אַנדערע אַרטיקלען! וויפיל לעבענס זיינען דורך דעם דערהאַלטען געוואָרען. וויפיל מענשען האָבען געשטילט זייער הונגער דורך דער באַשיידענער איניציאַטיוו פון עטליכע עסקנים אין דער שווייץ!

ווי ווילען מיר עס אַמאָל פאַרענטפערען, ווען עס וועט געפרעגט ווע־רען, וואָס אַמעריקאַנער אידען האָבען אין אַזאַ שרעקליכער עת־צרה געטאָן, כדי נישט לאָזען אויסגעהן די אידען אין פוילען פון הונגער? ווילען מיר דאַן קענען זאָגען: „ידינו לא שפכו את הדם הזה״?

עס זיינען דאָ עסקנים און פּאָליטיקער, וועלכע ווילען האָבען אַלץ פריהער אויסגערעכענט, מען מוז זיי פאָרשטעלען אַ גאַנצען דעטאַלירטען פּלאַן מיט אַלע אותות ומופתים. מען מוז זיי קודם־כל ליפערען באַווייזען, אַז אָט אין דער מדינה קען מען באַקומען עפּעס אויף אַוועקצושיקען, דאַן ווילען זיי זיין איבערצייגט, אַז עס וועט חלילה אויפ׳ן וועג נישט פאַרלוירען ווערען, וכדומה. ערשט נאָך דעם אַלעם זיינען זיי גרייט אונטערצונעמען וועלכע שריט. פאַרשטעהט זיך, אַז ביז וואָס ווען, ביז זיי זיינען זיך מישב, פאַרגעהט די מעגליכקייט, אָדער — עס שטאַרבען אַוועק די, וועלכע מען דאַרף העלפען.

כדי צו העלפען מענשען, מוז מען האָבען — קודם־כל אַ האַרץ. מען מוז פיהלען די נויט, אין וועלכער דער ברודער געפינט זיך. בלויז מיט אויסרעכנונג, בלויז מיט פּלענער, קומט מען ביי הילפס־טעטיגקייט ניט אויס. אין דער שווייץ קלערען די אידען, ווייזט אויס, ניט אַזוי פיל אַריין, און — זיי העלפען.

ווען איך האָב׳ זיך פאַרטראַכט איבער דער לאַגע פון די פּוילישע אי־דען, איז מיר געקומען אויפ׳ן געדאַנק דער מאמר פון דער גמרא: „בזמן שהציבור שרוי בצער ופירש אחד מהם, באים שני מלאכי השרת שמלווין לו לאדם ומניחים ידיהם על ראשו ואומרים: פלוני זה שפירש מן הציבור — אל יראה בנחמת הציבור״.

עס איז דאָך אייגענטליך נישט פאַרשטענדליך: אויב אַ איד וויל נישט וויסען פון דעם צער און וועהטאָג פון אידישען ציבור, טאָ פאַרוואָס לעגען די מלאכי־השרת עפּעס אַרויף זייערע הענד אויף זיין קאָפּ? מיר פאַר־שטעהען די שטראָף, וועלכע ער באַקומט, די שרעקליכסטע, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען — אַז ער זאָל נישט זעהן די נחמה פון אידישען פאָלק! אָבער פאַרוואָס לעגט מען אַרויף די הענד אויף זיין קאָפּ?

נאָר אַזוי איז עס תמיד ביי דער הילפס־טעטיגקייט: דער קאָפּ איז שולדיג. ווען מען וואָלט זיך געלאָזט לייטען ביי הילפס־טעטיגקייט נישט פון קאָפּ, נישט פון דער טרוקענער אויסרעכנונג, נאָר פון האַרץ, פון מיט־געפיהל, פון ברידערליכקייט־אימפולסען, דאַן וואָלט גוט געווען. לײדער ווירקט אַ סך מאָל נישט מעהר דאָס האַרץ, וואָס איז געוואָרען טעמפּ צו די שרעקליכע לײדען, נאָר עס ווערען געמאַכט גרויסע פּלענער און אויס־רעכנונגען — דאַריבער פאַלט אַלץ אַדורך.

און די מלאכי השרת זעהען עס און ווען זיי נעהמען זיך צום מוסר־זאָגען די גלייכגילטיגע, דאַן טאַפּען זיי תיכף אָן די סיבה: זיי לעגען די האַנד אויף דעם קאָפּ פון דעם „אחד שפּירש" (און דאָס איז אייגענטליך יעדער, וואָס קען עפּעס טאָן און טוט נישט) און זאָגען צו איהם: „ר' איד, זייט נישט אַזאַ קלוגער. רעכענט נישט אַזויפיל. קלערט ווינציגער און טוט מעהר. לאָזט אייך נישט לייטען פון קאָפּ, נאָר פון האַרץ. ביז איהר וועט מאַכען אייערע פּלענער און זיי אויספיהרען, וועט זיין צו שפּעט. זיי וועלען שטאַר־בען פריהער — די, פאַר וועלכע איהר קלערט אַזויפיל..."

עס קען זיין, אַז עס איז שוין צו שפּעט באמת צו העלפען פוילישע אידען. אַ שוידער נעהמט אונז אַרום, ווען מיר זעהען אין דעם אויגענבליק פאַר זיך אין גייסט וואַרשא אָדער לאָדז, ווער ווייסט, וואָס דאָרט טוט זיך איצט. אָבער ניין. עס קאָן דאָך נישט זיין צו שפּעט. קען דען זיין מעגליך, אַז „כלה אתה עושה את שארית ישראל?" זאָלען אידען דאָרט טאַקי אויסגע־מאָרדעט ווערען פון דער בעסטיע, וועלכע איז אויף זיי אַרויפגעפאַלען? און וואו איז דער „שומר ישראל"?

ניין, עס קען נישט זיין צו שפּעט. עס מוז עפּעס געטאָן ווערען. אָבער, לויט'ן מוסטער פון שווייצער אידען: נישט מיט'ן קאָפּ נאָר מיט'ן האַרץ...

---

# ווי מען וואָלט געקענט ראַטעווען אידישע לעבענס אין אייראָפּע?

(„מאָרגען זשורנאַל", ה' שבט תש"ג — 11 יאַנואַר 1943)

אין דער אַקציע, וועלכע ווערט אין דער לעצטער צייט געפירט, כדי אויפצושטורמען די ציוויליזירטע וועלט וועגען די באַרבאַרישע שחיטות פון הונדערטער טויזענדער, אפשר מיליאָנען אידען אין די נאַצי־אָקופּירטע גע־ביטען, פעהלט לײדער אַ סיסטעם. אַ סך זאַכען ווערען אָפּגעטאָן אָהן דער

געהעריגער צוגרייטונג. אַ סך שריט ווערען געמאַכט פאַלש. און אויב מען מוז, צו אונזער טיפסטען באַדויערען, פעסטשטעלען, אַז בכלל איז ווייט ניט געטאָן געוואָרען אין אַמעריקע דאָס, וואָס ער וואָלט געדאַרפט געטאָן ווע־רען — מוז מען נאָך צוגעבען, אַז אפילו דאָס, וואָס איז יאָ געטאָן געוואָרען, איז נישט תמיד געווען אויסגעהאַלטען אויף אַלע הונדערט פראָצענט.

אויף איין פעהלער ווילען מיר איצט אויפמערקזאַם מאַכען, ווייל ער קען נאָך אויסגעבעסערט ווערען.

אין דער גאַנצער ביז איצטיגער אַקציע איז נישט דערמאָנט געוואָרען אַז עס עקזיסטירען אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכען, וועלכע רעגולירען דאָס פיהרען מלחמה, און וועלכע באַשטימען אויסדריקליך, ווי אַזוי אַן אָקופּאַנט מוז זיך נוהג זיין אין לאַנד, וועלכעס ער באַזעצט, מיט דער ציווילער באַ־פעלקערונג. דאָס זיינען די אַזוי גערופענע „האַאַגער קאָנווענציעס" וועגען מלחמה.

באַלד לכתחילה מוז מען זיך אָפּפאַרטיגען מיט'ן אַרגומענט, אַז עס איז פאַר קיינעם קיין נייעס נישט, אַז דייטשלאַנד ברעכט אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכען, און דאַריבער דאַרף מען זיך נישט באַדינען לגבי די נאַציס מיט אַזעלכע „קולטורעלע" אַרגומענטען, ווי דאָס אינטערנאַציאָנאַלע געזעץ.

עס איז נישטאָ קיין גרעסערער טעות ווי דאָס, ווייל אַנטקעגען אַלע גרויזאַמקייטען פון אַ שונא, מיט וועלכען מען פיהרט מלחמה, איז מען מאַכט־לאָז, מיט איין אויסנאַהם: אויב דאָס מלחמה־געזעץ גופא זעהט פאָראויס געוויסע ענינים, דאַן איז אפילו בשעת מלחמה דאָ אַ שפּראַך, וועלכע דער אַנדערער צד מוז און קען פאַרשטעהן.

אויב היטלער פיהרט נאָך דערווייל נישט קיין גאַז־קריג, דאַן איז עס צוליב דעם, ווייל עס איז דאָ אַן אינטערנאַציאָנאַלע „קאָנווענץ", וואָס פאַר־באָט דאָס. אמת, אַז דער מאָטיוו פון דער „קאָנווענץ" איז אויסער זיין הומאַ־ניטאַרישקייט, אויך אַ פּשוט'ער: ווייל אויב איין צד וואָלט אָנגעהויבען אַ גאַז־קריג, דאַן וואָלט תיכף דער אַנדערער צד געענטפערט מיט'ן זעלבען כלי־זיין. אָבער דאָס ענדערט נישט דעם פאַקט, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנווענץ איז דער יסוד, אויף וועלכען עס איז אויסגעבויט די פאָרמעלע זייט פון אַלע פליכטען בשעת מלחמה, אפילו אויב זיי שפּראָצען אַרויס פון דער מורא פאַר „רעטאַליאיישאָן", ד. ה. פאַר'ן באַצאָהלען מיט דער זעלבי־גער מטבע.

עס איז דאָ אַ קאָנווענץ וועגען באַהאַנדלען די מלחמה־געפאַנגענע. אויב איין צד אין דער מלחמה באַהאַנדעלט שלעכט די געפאַנגענע, איז עס אַ ברוך פון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ. מיר האָבען ביים ענין מיט'ן באַ־קאַנטען בינדען די הענט פון די געפאַנגענע פון דיעפּ געזעהן, ווי דאָס אינ־

טערנאַציאָנאַלע געזעץ איז גענומען געוואָרען צו הילף, כדי דורכצוזעצען די באַפרייאונג פון די געפאַנגענע פון זייערע קייטען. אמת, דייטשלאַנד האָט זיך נישט גערעכענט מיט'ן אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ, און די אַליאירטע האָבען געמוזט ענטפערען מיט „רעטאַליאיישאָן". אָבער דאַן איז ווידער געלאָזען געוואָרען אין גאַנג דאָס אינטערנאַציאָנאַלע געזעץ און עס זיינען אין מיטען פון דער מלחמה אָנגעקניפּט געוואָרען פאַרהאַנדלונגען דורך אַ נייטראַלע מלוכה, אַז מען זאָל צוריק איינשטעלען די פאַרפליכטונגען פון קאָנווענץ.

און דאָס איז דאָס וויכטיגסטע, וואָס זונדערט אויס אַ פאַרשריפט פון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ בשעת אַ מלחמה, פון אַלע אַנדערע „מאָראַלישע" פּרינציפּען. אויב דער שונא ברעכט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע געזעץ, קען מען — דורך פאַרמיטלונג פון דער מלוכה, וועלכע פאַרטרעט די געגענזייטיגע אינטערעסען — זיך מיט איהם וועגען דעם אַדורכריידען, איהם אויפמערקזאַם מאַכען אויף דעם און באַקומען פון איהם אַ תשובה. דאָס האָט די גרעסטע באַדייטונג.

מיר ווילען דאָ אַבסאָלוט ניט פאַרקלענערען די באַדייטונג פון דעם פאַרדאַמונגס־געשריי, וועלכער דאַרף זיך צוטראָגען איבער דער גאַנצער מענשהייט צוליב די אונדערהערטע גרויזאַמקייטען פון די נאַציסטען. וויפיל די וועלט זאָל נישט שרייען, וועט זי אַלץ נישט יוצא זיין. ווייל די געשיכטע האָט נאָך אַזאַ מאַסען־מאָרד פון מיליאָנען אומשולדיגע מענשען ניט געזעהן. אַזעלכע סאַדיסטישע רציחות זיינען נאָך ניט נאָטירט געוואָרען, ווי די, וועלכע זיינען באַגאַנגען געוואָרען לגבי מיליאָנען אידישע מענער, פרויען און קינדער אין פּוילען.

אָבער גלייכצייטיג האָבען די רעגירונגען פון די „יונייטעד ניישאָנס" דאָס רעכט — און אויך די פליכט — פעסטצושטעלען, אַז לויט דעם אַר־טיקעל 46 פון דער פערטער „האַאַגער קאָנווענץ" פון יאָהר 1907, שטעהט דאָס לעבען פון דער ציווילער באַפעלקערונג אין אַן אָקופּירטען געביט אונטער'ן שוץ פון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ, און אויב דייטשלאַנד מאָרדעט אויס מיליאָנען אונשולדיגע מענשען אין פּוילען צוליב זייער אידישער אָפּשטאַמונג אָדער רעליגיע, דאַן באַגעהט זי אַ ברוך פון דער דאָזיגער קאָנ־ווענץ, וועלכע זי האָט אונטערגעשריבען און וועלכע איז פאַר איהר פאַר־פליכטענד, לויט ווי זי האַלט אין איין שרייען.

די רעגירונגען פון די „יונייטעד ניישאָנס" וואָלטען געדאַרפט אָפּי־ציעל דורך דער פאַרמיטלונג פון דער שווייץ, וועלכע איז אויך געווען דער פאַרמיטלער אין דעם ענין דיעפּ'ער געפאַנגענע, אויפמערקזאַם מאַכען די נאַציס, אַז אויסער וואָס די מאַסען־מאָרדען פון דער אידישער באַפעל־קערונג רופען אַרויס די טיפסטע פאַרדאַמונג אַלס בעסטיאַליטעט, וועלכע

איז נאָך אין דער געשיכטע פון ציוויליזירטע מענשען ניט געוועזן נאָטירט, האַלטען זיי עס אַלס ברוך פון דער פערטער האַאַגער קאָנווענץ און פאָדערען אויף די דייטשען, אַז זיי זאָלען דאָס תיכף אָפּשטעלען.

דערביי וואָלט מען געקענט — און געדאַרפט — צוגעבען, אַז אויב זיי וועלען עס ניט טאָן, דאַן וועלען אָנגענומען ווערען אנטשפּרעכענדע „רעטאַ־ליאיישאָן״־מיטלען, וועלכע מעגען אויך זיין אין סתירה מיט׳ן אינטערנאַציאָ־נאַלען געזעץ. אַזאַ דראָהונג וואָלט, אָן אַ שום ספק, געהאַט אַ גרויסעווירקונג. ווייל מען מוז געדענקען, אַז אַזאַ שריט, ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלער „דע־מאַרש״ דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ נייטראַלער מלוכה, קען ניט פאַר־שוויגען ווערען אפילו אין דער דייטשער פּרעסע. מען מוז אויף דעם געבען אַן ענטפער. ממילא וואָלט, קודם־כל, די זאַך באַקומען אַ געהעריגען פּירסום ביי די דייטשען גופא, און דאָס פאָלק וואָלט דאָרט מורא באַקומען פאַר דער „רעטאַליאיישאָן״. עס וואָלטען זיכער דאָרט געפרעגט געוואָרען קשיות: צוליב וואָס זאָל מען ברעכען דאָס אינטערנאַציאָנאַלע געזעץ לגבי די אונ־שולדיגע אידען, כדי מען זאָל פאַר דעם זיין אויסגעזעצט אויף אַ סכנה, אַז מען וועט אויך לגבי די דייטשען אויפהערען אָנווענדען דאָס אינטערנאַציאָ־נאַלע געזעץ?

דערביי וואָלט די נאָטע אַליין, וואָס וואָלט אויסגערעכענט, נאַטירליך, די אַלע גרויזאַמקייטען, אויף וועלכער דער „סטייט דעפּאַרטמענט״ האָט קלאָרע באַווייזע, געווען אַ דאָקומענט פון גרעסטער היסטאָרישער באַדייטונג. זאָלען די „יונייטעד ניישאָנס״ אין דער דאָזיגער נאָטע צו דער שווייצער רעגירונג פעסטשטעלען אָפיציעל וואָס זיי ווייסען וועגען דער באַהאַנדלונג פון די אידען דורך די נאַציסטען. די דאָזיגע נאָטע וועט אָפּגעדרוקט ווערען אין דער גאַנצער נייטראַלער פּרעסע, און דאָס אַליין האָט שוין זיין וואָגיגקייט. קיין שום ערקלערונג פון די מלוכה־מענער, אין וועלכע זיי דריקען אויס זייער פאַרביטערונג און זייער מיטגעפיל צוליב די שרעקליכע שחיטות, קען ניט האָבען אין נייטראַלען און פיינדליכען אויסלאַנד אַזאַ אָפּקלאַנג, ווי אַן אָפיציעלע נאָטע וועגען דעם געשעהענעם ברוך פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ.

עס פרעגט זיך די שאלה: פאַר וואָס האָט מען אין מעמאָראַנדום, וועלכער איז איבערגעגעבען געוואָרען דורך דער אידישער דעלעגאַציע צו פּרעזידענט רוזוועלט, ניט אונטערגעשטראָכען דעם מאָמענט? פאַר וואָס האָט מען ניט פאַרלאַנגט פעסטצושטעלען אָפיציעל, אַז נאַצי־דייטשלאַנד, דורך דעם מאָרדען פון מיליאָנען אונשולדיגע ציווילע בירגער אין אָן אָקו־פּירטען געביט, האָט באַגאַנגען פונקט אַזאַ ברוך פון אינטערנאַציאָנאַלען

געזעץ, ווי עס איז געווען דאָס בינדען פון די געפאַנגענע, אָדער ווי עס וואָלט געווען אַ גאַז־קריג?

דאָס דאַרף וואָס שנעלער אויסגעבעסערט ווערען. מען דאַרף נאָך אַנ־דערע תיקונים פאָרנעמען אין דעם מעמאָראַנדום, וועלכער איז איבערגעגעבען געוואָרען, און עס צושטעלען צו די געהעריגע פאַקטאָרען. און זאָל להבא מעהר אַכט געלעגט ווערען אויף דער יורידישער זייט. ווייל, לײדער, מיט בלויז מאָראַלישע אַרגומענטען קען מען קיין סך ניט אויפטאָן; די מאָראַל און די עטיק זיינען אַזוי בשפל המצב אין היינטיגען טאָג צוליב די בעסטיאַליטעטען פון די פאַשיסטישע מלוכות, אַז מען קען ווייניג וואָס האָפען אויף זיי. די וועלט פאַרשטעהט היינט גאָר אַן אַנדערע שפּראַך.

ווי וויכטיג עס זיינען די ענינים פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט היינט־צו־טאָג, קען מען זעהן פון פאָלגענדען אומשטאַנד:

כמעט אַ יאָהר צייט, ווי איך האָב פאָרגעשלאָגען אויף די שפּאַלטען פון „מאָרגען זשורנאַל", אַז עס זאָל אונטערגענומען ווערען אַן אַקציע צו אַנער־קענען די אידען אין די געטאָס, וועלכע זיינען באַרויבט פון זייער באַ־וועגונגס־פרייהייט, די פרימיטיווסטע רעכט, — אַלס ציווילע מלחמה־געפאַנ־גענע. דער אַרטיקעל איז געוואָרען איבערגעדרוקט פון אַ רייהע צייטונגען, אָבער געשעהן איז, לײדער, גאָר ניט. מען האָט נאָר דערפון גערעדט, אָבער קיין שריט איז ניט אונטערגענומען געוואָרען כדי דאָס דורכצוזעצען.

עס פרעגט זיך: ווען מען וואָלט מיט אַ יאָהר צוריק געווען זיך גע־נומען צום דורכפיהרען פראַקטיש דעם פאָרשלאַג, וועלכער האָט פון שטאַנד־פּונקט פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט געהאַט גרויסע שאַנסען דורכצוגעהן, וואָלט דאַן מעגליך געווען, אַז דייטשלאַנד זאָל אויס׳הרג׳ענען די געטאָ־איינוואָהנער? קלאָר אַז ניט. ווייל דאַן וואָלט דער ברוך פון אינטערנאַ־ציאָנאַלען געזעץ געווען נאָך בולט׳ער. אפילו אַזעלכע הפקר־יונגען ווי די נאַציס מוזען זיך אויך מיט עפּעס רעכענען.

און דעריבער פאַרלאַנגען מיר, אַז די דאָקומענטען, וועלכע באַהאַנד־לען די אידישע טראַגעדיע, זאָלען ניט געמאַכט ווערען „על רגל אחת". עס איז ווייניג, וואָס מען זוכט די נויטיגע שפּראַכליכע פאָרם, עס מוז אויך זיין דער ריכטיגער אינהאַלט. עס זיינען דאָ גענוג געניטע אידישע קענער פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט אין אַמעריקע, און עס איז די העכסטע צייט, אַז מען זאָל שאַפען אַ קערפּערשאַפט פון פאַכלייט, וועלכע זאָלען להבא איבערוואַכען, אַז אין דאָקומענטען וועגען אידישען פּראָבלעם זאָלען ניט איבערגעגאַנגען ווערען גראָד די אַרגומענטען, וואָס קענען האָבען די גרעסטע וואָגיגקייט.

# עס איז ניט גענוג צו זאָרגען פאַר די אידען פאַר נאָך דער מלחמה!

(„מאָרגען זשורנאַל״ , כ״ז שבט תש״ג—2 פעברואַר 1943)

זייט אַ לאַנגער צייט חידוש׳ן מיר זיך: וואָס טוט זיך עפּעס מיט׳ן אַמעריקאַנער אידענטום, וואָס איז אַזוי מורא׳דיג גלייכגילטיג צו דעם וואָס געהט פאָר מיט די מיליאָנען אידען אין אייראָפּע? אמת, אַז אַ רייה פיהרער פון אַמעריקאַנער אידען האָבען אונטערגענומען געוויסע וויכטיגע שריט. עס איז געוועזען אַ דעלעגאַציע ביים פּרעזידענט. אָבער שטעהט דאָס אין אַ וועלכער עס איז פּראָפּאָרציע צו דער גרויסקייט פון אומגליק אין אייראָפּע? אויב מען מעסט די שריט וועלכע זיינען געמאכט געוואָרען דורך אַמעריקאַנער אידישע פיהרער, מיט דער מאָס פון דער קאַטאַסטראָפּע פון אייראָפּעאישען אידענטום, דאַן קומט עס צו אַן אומגעהייער פּאַסיווען באַלאַנס פון אַמעריקאַנער אידענטום.

און דער עיקר: אַלע ביז איצטיגע אינטערווענצען זיינען געמאַכט געוואָרען נישט אין נאָמען פון אָרגאַניזירטען אַמעריקאַנער אידענטום, אַלס גאַנצעס, אַלס געשלאָסענער ציבור, נאָר אין נאָמען פון געוויסע קערפּערשאַפטען, מעג אפילו זיין גרויסע און באַדייטענדע. אין אַזאַ צייט פון חירום ווי די היינטיגע, וועלכע האָט ניט איהרס־גלייכען אין דער גאַנצער צוויי־טויזענד־יאָהריגער אידישער מאַרטירעלאָגיע, האָט זיך שוין לאַנג געפּאָדערט, אַז דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער אידענטום זאָל זיך צוזאַמענעמען און בילדען איין איינהייטליכען פראָנט. עס דאַרף געוואָרפען ווערען אויף דער וואָגשאָל דער גאַנצער אויטאָריטעט און איינפלוס פון אידישען ציבור אין אַמעריקע, כדי עפּעס צו טאָן פאַר די מיליאָנען אייראָפּעאישע אידען, וועלכע שטעהען, חס ושלום, פאַר׳ן אונטערגאַנג. קיין שום באַוואָרענישען זיינען דאָ נישט דערלאָזבאַר: אַלץ, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידענטום פאַרמאָגט אין פּאָליטישען כח, אַלע רעסורסען פון השפעה, זיין גאַנצע וואָגיגקייט — מוז ווערען פאַרווענדעט, כדי צו דערהאַלטען דאָס אייראָפּעאישע אידענטום.

און אָט איז געשעהן דער ערשטער שריט אין דער דאָזיגער ריכטונג. די קאָנפערענץ פון אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע איז אַקאָרשט פאָרגעקומען אין פּיטסבורג, איז אַ וויכטיג געשעהעניש. צום ערשטען מאָל האָבען זיך 32 אַמעריקאַנער אידישע קערפּערשאַפטען געזעצט ביי איין טיש מיט דעם אויסגעשפּראָכענעם ציל: טאָן עפּעס פאַר די ליידענדע ברידער און זיכערען פאַר זיי די צוקונפט.

מר. מאנסקי און זיין אָרגאַניזאַציע, די „בני ברית״ האָבען געגעבען די איניציאַטיוו און זיי האָבען געטאָן אַ גוטע און נוצליכע אַרבעט. מיר האָבען אין „וויליאַם פען״־האָטעל געזעהען דעם 24־טען יאַנואַר כמעט אַלץ, וואָס איז היינט־צו־טאָג אַקטיוו אין אידישען לעבען אין אַמעריקע. אַלע שאַטי־רונגען פון אַמעריקאַנער אידענטום זיינען געווען פאַרטראָטען, חוץ די צוויי אָרגאַניזאַציעס, דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע״ און דעם „אידישען אַרבייטער קאָמיטעט״.

איך זאָך האָט געפעהלט: דער אָנקניפּ צו דער אידישער געגענוואַרט. עס איז געווען אַ שעהנע און אימפּאָזאַנטע קאָנפערענץ, וועלכע וואָלט גע־פּאַסט פאַר נאָרמאַלע צייטען, ווען די פּראָבלעמען פון דער צוקונפט פון אי־דישען פאָלק זיינען געווען די איינציגע זאָרג פון אונזער פאָלק אַלס גאַנצעס, אַלס ציבור. דער נאָך־מלחמה׳דיגער סטאַטוס פון די אידען און דער גערעכ־טער פאַרלאַנג צו זיכערען די אידישע תביעה אויף ארץ ישראל זיינען תמיד אַקטועל און נאָר איין פראַגע קען זיי דוחה זיין: ווען די עקזיסטענץ פון פאָלק גופא איז אין סכנה.

איך האָב אין דער „פאַרשלאַג־קאָמיטע״ און אויפ׳ן פלענום פון דער קאָנפערענץ אויסגעדריקט די איבערצייגונג, אַז די זאָרג וועגען דערהאַלטען דאָס אידישע פאָלק וועט איצט פאַרנעמען דעם אויבענאָן פון אַלע פראַגען, וועלכע פאַרנעמען דאָס אַמעריקאַנער אידענטום. עס איז דאָך קלאָר, אַז כדי צו זיכערען דעם נאָך־מלחמה׳דיגען סטאַטוס פון די אידען און אויסקעמפען פאַר זיי ארץ ישראל — מוזען קודם־כל בלייבען די אידען אין אייראָפּע. נאָר פאַר זיי איז די דאָזיגע אַרבייט לכתחלה געדאַכט. אין אַמעריקע איז דאָך דער פאַר־מלחמה׳דיגער סטאַטוס, פונקט ווי דער נאָך־מלחמה׳דיגער וועט עס, ווייזט אויס, זיין — גאָר נישט קשה׳דיג. אַלזאָ, נישט אוועקנעמענדיג די אומ־געהייערע וויכטיגקייט פון אַ פאַראייניגונג פון אַלע אַמעריקאַנער אידען צו־ליב ארץ־ישראל און צוליב דעם פאַרזיכערען די אידישע רעכט נאָך דער מלחמה — פאָדערט זיך איצט נאָר נאָך איינס: אַז די זעלבע אחדות זאָל געשאַפען ווערען, כדי צו ראַטעווען נישט נאָר דעם אָביעקט, נאָר אויך דעם סוביעקט: די מענשען, וועלכע זאָלען געניסען פון די אַלע רעכט נאָך דער מלחמה און וועלכע זאָלען קענען בויען ארץ ישראל.

אַ סך וויכטיגע פיהרער פון אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס האָבען תיכף ערקלערט, אַז דאָס איז ריכטיג. און ביי אַן אַלגעמיינער הסכמה איז אויסגעדריקט געוואָרען אין אַ רעזאָלוציע, אַז אַמעריקאַנער אידען וועלכע פיהלען־מיט די שרעקליכע טראַגעדיע פון די געפייניגטע קרבנות פון היט־לער׳ן, פאָדערען צו שיקען זיי הילף, ווי שפּייז, און טאָן אַלץ, כדי נישט צו דערלאָזען, אַז זיי זאָלען פאַרניכטעט ווערען. א יישר־כח פאַרדינט דאָ מר.

ל. סיגאל וועלכער האָט מוטיג זיך אַנטגעגען געשטעלט אַ געוויסער פאַר־מולירונג, וועלכע וואָלט געווען הן שעדליך, הן אונזיניג.

אָבער ביי דער רעזאָלוציע אַליין טאָר עס נישט בלייבען. איך האָב אַפּעלירט צו דער קאָנפערענץ, אַז אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פון אַלע 32 אָר־גאַניזאַציעס — און אייגענטליך קען מען זאָגען פון די 34 אָרגאַניזאַציעס, ווייל דאָ וועלען זיכער סאי די „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע" און סאי דער „אַרבייטער קאָמיטעט" זיך נישט אָפּזאָגען פון דער מיטאַרבייט — זאָל גע־שאַפען ווערען, כדי אויסצונוצען אַלע מעגליכקייטען פון ראַטעווען די איי־ראָפּעאישע אידען.

ריכטיג האָט געזאָגט מר. ליפּסקי אין „פאָרשלאַג־קאָמיטע", אַז מען קען נישט וואַרטען מיט דער ברענענדער פראַגע פון העלפען אייראָפּעאישע אידען ביז עס וועט זיך פאַרזאַמלען דער קונפטיגער פאַרלאַמענט פון אַמע־ריקאַנער אידענטום, די „אַסעמבלי", וועלכע איז איצט אין פּיטסבורג באַשלאָ־סען געוואָרען. אָבער מען דאַרף אויך נישט וואַרטען מיט טאָן פאַר אייראָ־פּעאישע אידען, ביז די אַסעמבלי וועט זיך צונויפקומען. יעדער טאָג שפּילט אַ ראָלע. יעדען טאָג געהען אונטער אומצעהליגע אידישע לעבענס. און ווער עס קען עפּעס טאָן און טוט עס נישט — דער איז מיטפאַראַנטוואָרטליך פאַר דער שוידערליכער קאַטאַסטראָפע.

אָט איז אין די לעצטע טעג אָנגעקומען צו דער אַלוועלטליכער „אגודת ישראל" אַ טעלעגראַם פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ אין זשענעווע, אין וועלכען עס ווערט קלאָר מיטגעטיילט, אַז דער אינטערנאַציאָ־נאַלער רויטער קרייץ איז אין דער לאַגע צוצושטעלען שפּייז און מעדיקאַ־מענטען צו דער אידישער קהלה אין קראקע (וועלכע ווערט אין דאָזיגען טעלעגראַם אָנגערופען „אידישע אונטערשטיצונגס־שטעלע" אין קראקא), כדי זיי צו פאַרטיילען צווישען די אידען. עס פאָדערט זיך נאָר אַ לעגאַלע מעגליכקייט פון שיקען געלד צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ אין זשענעווע.

איך האָב געפרעגט די קאָנפערענץ אין פּיטסבורג, וועלכע איך האָב געוויזען דעם אָריגינאַל פון דאָזיגען טעלעגראַם, און פרעג איצט עפענטליך דעם אידישען ציבור אין אַמעריקע: צי מען קען כאָטש איין טאָג זיצען גלייכ־גילטיג און צוקוקען ווי עס געהען אויס פון הונגער און קראַנקהייטען די אי־בערגעבליבענע אידען פון די היטלער־מאָרדען ווייל קיינער שיקט זיי נישט קיין הילף, הגם אַזאַ הילף איז מעגליך? צי קען דער גאַנצער אידישער ציבור פון אַמעריקע נישט אויס׳פּועל׳ן אַן ערלויבניש אויף שיקען געלד צום אינ־טערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, וועלכער גאַראַנטירט, אַז די הילף וועט צוגעשטעלט ווערען צו די שמאַכטענדע אידען? דאָס איז דאָך אפילו ניט קיין

ענין פֿאַר דער בלאָקאַדע, ווייל די שפּייז און די מעדיקאַמענטען געפינען זיך שוין אין רשות פון רויטען קרייץ אין דער שווייץ — הגם עס דאַרפען אויך געמאַכט ווערען די גרעסטע אָנשטרענגונגען, אַז עס זאָלען געשיקט ווערען צום רויטען קרייץ גאַנצע טראַנספּאָרטען פון נייע שפּייז און מעדיקאַמענטען, ווייל אויב דער רויטער קרייץ גאַראַנטירט, אַז דאָס ווערט צוגעשטעלט צו די אידען, דאַן איז דאָך נישטאָ קיין שום סיבה, פאַרוואָס מען זאָל די טראַנספּאָר־טען נישט שיקען.

דער ענין איז נישט קיין זאַך פון רעליעף, ווי מען וואָלט אפשר גע־קענט מיינען. ניין, כדי צו קענען מאַכען רעליעף־אַרבייט, מוז מען פריהער האָבען אַ ריכטיגע פּאָליטישע אינטערווענץ ביי די געהעריגע פאַקטאָרען און דאָס געהערט צו — אַ פאַראייניגונג פון אַלע אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַ־ניזאַציעס. דער געוואַלדיגער כח, די אומגעהייערע קאָלעקטיווע השפעה קען אַלץ אויפטאָן!

איז דאָ אַ שענערער אַרבייטס־געביט פאַר אמעריקאַנער אידען אין איצ־טיגען מאָמענט? איז דאָ אַ מעהר ערהאַבענע אויפגאַבע, וועלכע זיי האָבען צו ערפילען, ווי צו רייכען זייער האַנד איבער די אָקעאַנען די שטאַרבענדע ברי־דער?

זאָל מר. מאַנסקי, וועלכער ווערט רעספּעקטירט פון אַלע פאַרטייען, נעמען ווידער די איניציאַטיוו און ער וועט זיך דאַן פאַרשרייבען אַ גאָלדען בלאַט אין דער אידישער געשיכטע. אומשטערבליכקייט ליגט אין גאַס און בעט זיך, מען זאָל זי אויפהויבען.

---

# מיט וואָס נאַצים באַרעכטיגען די מאַסן־שחיטות אויף אידען?

(„מאָרגען זשורנאַל", י״ט אדר ב׳ תש״ג — 26 מערץ 1943)

דעם 11טען פעברואַר 1943, איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אַ גרופּע פון אידישע פרויען און קינדער פון פוילען, וועלכע זיינען אויסגעטוישט געוואָרען אין חודש יאַנואַר פאַר אַן ענגליכער צאָל דייטשע פרויען פון ארץ ישראל. די דאָזיגע פרויען און קינדער וועלכע האָבען נאָר וואָס פאַרלאָזט דעם „עמק הבכא", האָבען געבראַכט ידיעות, וועלכע זיינען זעהר וויכטיג פאַר דער

ריכטונג, אין וועלכער עס דאַרף געפירט ווערען די ווייטערע רעטונגס־אַקציע, כדי אין לעצטען מאָמענט נישט צו דערלאָזען, אַז עס זאָל, חלילה, קומען צום פולשטענדיגען אונטערגאַנג פון אייראָפּעאישען אידענטום.

עס שטעלט זיך אַרויס, אַז די דייטשען, זעהענדיג, ווייזט אויס, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס מאַכען די שחיטות פון צעהנער־טויזענדער אומשולדיגע אידען, פיהרען איצט אַן אַ פּראָפּאַגאַנדע, כדי אויפצוקלערען דער באַפעלקערונג, אַז מיט דעם זיינען זיי נאָר אויסען די טובה פון די נישט־אידען, ווייל זיי ווילען אַזוי־אַרום פאַרזאָרגען מעהר ברויט פאַר זיי. מען האָט צוקלעפּט איבער׳ן לאַנד אין מאַסען געדרוקטע שילדען מיט אַ קורצער, אָבער פיל־זאָגענדער אויפשריפט: „איין יודע ווייניגער — איין בראָט מעהר״. די דאָזיגע שילדען געפינען זיך היינט אין יעדען אָמט און יעדען זאָל אויפ׳ן שטח פון „גענעראַל־גאָווערנע־מענט״, און מסתמא אויך אין דייטשלאַנד גופא. מיט דעם וויל מען זאָגען דער באַפעלקערונג: „זאָל אייך ניט אהרען, וואָס אידען ווערען אויסגעשאָכטען. ווייל זייער ברויט בלייבט דאָך פאַר אייך!“ און אַזוי ווי מיט ברויט איז דאָך ניט איבעריג גוט ביי די נאַציס, טאָ קען מען זיך משער זיין, אַז אַ טייל מענשען, לפּחות, לאָזט זיך דערפון פאַנגען.

צוליב דעם געווינט אין וואָגיגקייט דעם פּראָבלעם פון שיקען שפּייז אין די געטאָס, און דאָס פון צוויי שטאַנדפּונקטען:

ערשטענס: פאַר זיך אַליין, איז וואָס אַמאָל מעהר בולט, אַז דער הונגער קען מאַכען אַן עק פון די פאַרבליבענע אידען, וועלכע זיינען באַשטימט די לעצ־טע צו באַקומען דאָס ברויט פון די נאַציס. אויב עס פעהלט שפּייז, און אין דעם איז דאָך קיין ספק נישט, דאַן שפּירט דעם מאַנגעל אין ערשטער רייהע דער איד אין געטאָ. אַלזאָ די, וואָס לעבען נאָך, זיינען אין דער גרעסטער סכנה פון הונגער־טויט, און קיינער קען די דאָזיגע סכנה נישט באַזייטיגען, נאָר ממשות׳־דיגע הילף פון דרויסען, — פון אונז.

צווייטענס: אויב מען וואָלט געשיקט שפּייז פון דאַנען פאַר די אידען אין געטאָ, וואָלט מען אַרויסגעשטויסען זעהר אַ שטאַרק געוועהר פון דער האַנד פון דער דייטשער אינערליכער פּראָפּאַגאַנדע. עס וואָלט תיכף אָפּגעפּאַלען דער מאָטיוו פון „איין יודע ווענינער — איין בראָט מעהר״, ווייל דער פאַקט, אַז שפּייז ווערט געשיקט פאַר אידען, וואָלט נישט געבליבען און נישט געקענט בלייבען בסוד. די באַפעלקערונג וואָלט דאַן זיכער געפרעגט: צוליב וואָס מאָרדעט מען אומשולדיגע מענשען, ווען זיי באַקומען שפּייז פון דרויסען? ממילא איז אַ שטאַרקע סברא, אַז די שחיטות וואָלטען זיך געמוזט אָפּשטעלען.

דאַריבער גלויבען מיר, אַז מען דאַרף איצט מאַכען די סאַמע גרעסטע אָנשטרענגונגען, כדי אויסצופּועל׳ען אַן ערלויבניש אויף שיקען שפּייז אין די

געטאָס, און זאָל עס קלאָר געזאָגט ווערען: דאָס איז מעגליך, אויב מען וועט די זאַך געהעריג אַוועקשטעלען.

ביז היינט זיינען געמאַכט געוואָרען אַ רייהע פעהלערען אין דער דאָזי־גער אַקציע. חוץ דעם איז דאָ אַ געוויסע פּרינציפּיעלע פראַגע, אין וועלכער עס זיינען ענטשטאַנען חילוקי דעות, און מיר דוכט, אַז עס איז שוין צייט די זאַך אויפצוקלערען פאַר׳ן ברייטען עולם, ווייל דורך דעם וועט אויסגעמיטען ווערען דאָס ערגסטע, וואָס דראָהט: אַז צוליב די חילוקי דעות זאָל איבער־הויפּט גאָר נישט געטאָן ווערען. דאָס טאָר מען פאַר קיין פאַל ניט דערלאָזען. דאָס איז אַ פאַרברעך, פּשוטו כמשמעו.

אין לויף פון דער צייט האָבען זיך אַרויסגעבילדעט אייגענטליך צוויי שפּייז־פראַגען, אַ „קליינע" און אַ „גרויסע". די גרויסע שפּייז פראַגע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל דערגרייכען דאָס שיקען פון גאַנצע שיפען מיט תבואה קיין פּוילען. די קליינע — אין די באַמיהונגען וועגען שיקען שפּייז־פּעקלעך אויף אינדיווידועלע אַדרעסען. די „גרויסע" שפּייז־פראַגע איז לכתחלה אַוועקגעשטעלט געוואָרען שלעכט דורכדעם, וואָס מען האָט שותפות געמאַכט מיט ניט־אידען, ד. ה. מען האָט זיך איינגערעדט, אַז אויב מען וועט פאַרלאַנ־גען צו שיקען שיפען מיט תבואה פאַר די אידען מיט די נישט־אידען פון איירָאָפּע, וועט מען גיכער מצליח זיין. דאָס איז געווען אַבסאָלוט פאַלש. די נישט־אידען אין די אָקופּירטע געביטען זיינען צומייסט פּויערים, און זיי ווילען נישט אַליין, אַז מען זאָל פאַר זיי שיקען תבואה, ווייל דאָס וואָלט פּשוט געווען אַ מתנה פאַר די דייטשען. אויך איז דאָס פראָבלעם פון שיקען שפּייז פאַר צעהנדליגער מיליאָנען מענשען אַזוי שווער, אַז עס איז אייגענטליך לגמרי ניט מעגליך. מען האָט געמאַכט א טעות, אויב מען האָט געגלויבט, אַז דורך אַוועקנעמען ביי דער שפּייז־פראַגע איהר אידישען כאַראַקטער וועט זיי גרינ־גער ווערען. פאַרקערט: זי איז געוואָרען נאָך מעהר קאָמפּליצירט דורך דעם. די הילף, וועלכע מען האָט דערוואַרט פון די קריסטליכע אָרגאַניזאַציעס אַלס פרייז פאַר אויסברייטערען דעם פראָבלעם אויך פאַר די נישט־אידען, איז נישט נאָר נישט געקומען, נאָר עס זיינען אויך אַנטשטאַנען נייע שוועריגקייטען. עס האָט געדויערט וואָכען און חדשים, ביז מען האָט געקענט צוזאַמענשלעפּען די התימות פון אַלע אין באַטראַכט קומענדע נישט־אידישע אָרגאַניזאַציעס אויף אַ מעמאָראַנדום וועגען דער זאַך, און צום סוף האָט זיך דערפון אויסגעלאָזט גאָרנישט. די רעגירונגס־פאַקטאָרען האָבען אָפּגעוואָרפען דעם פאַרגלייך מיט גריכענלאַנד צוליב עטליכע מאָטיוען, פון וועלכע דער וויכטיגסטער איז גע־ווען, אַז איטאַליע, וועלכע האָט צו זאָגען אין גריכענלאַנד אין איצטיגען מאָ־מענט, האָט מסכים געווען אויף אַ קאָנטראָל פון דער שפּייז־פאַרוואַלטונג דורך

דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, בשעת אין פוילען וויל דייטשלאַנד עס נישט צולאָזען.

די „קליינע" שפייז־פּראַגע, ד. ה. דער ענין מיט׳ן שיקען פּעקלעך שפּייז פון פּאָרטוגאַל קיין פּוילען אויף אינדיווידועלע אַדרעסען, איז לכתחלה דורך ענגלאַנד פּאָזיטיוו ערלעדיגט געוואָרען (אין חודש יולי 1942). מען האָט ערלויבט אַרויסשיקען אַ סכום געלד קיין ליסאַבאָן און דאָרט קויפען שפּייז, כדי זי אַוועקצושיקען קיין פּוילען. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט דאַן אויך געגעבען אַ עהנליכע ערלויבניש. אָבער ליידער איז קיין איינציג פּעקעל נישט אַוועקגעגאַנגען, (אָדער אַ גאָר קליינע צאָל באַלד אין אָנפאַנג), ווייל די פּאָר־טוגעזישע רעגירונג האָט פאַרבאָטען דעם אַרויספאָהר פון שפייז־אַרטיקלען פון איהר לאַנד. אַלץ איז געבליבען הענגען אין דער לופט.

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז אונטערגעקומען די נייע מעגליכקייט פון שיקען שפּייז און מעדיקאַמענטען פון דער שווייץ, דירעקט פון די לאַגערן פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ. אָט די מעגליכקייט איז אייגענטליך אַ מיטעל־וועג צווישען דער „גרויסער" און „קליינער" שפּייז־פּראַגע, ווייל דער רויטער־קרייץ וויל שיקען די שפּייז ניט אויף אינדיווידועלע אַדרעסען, נאָר אַלס קאָלעקטיווע הילף צו דער אידישער קהילה אין קראקאָ, וועלכע זאָל זי דאַן פאַנאַנדערטיילען צווישען די אידען איבער׳ן לאַנד. און אָט בנוגע דער דאָזיגער הילף, וואָס איז אַזוי וויכטיג און נויטיג, איז אַנטשטאַנען אַ פּרינצי־פּיעלע מיינונגס־פאַרשיידענהייט. דאָס האָט גורם געווען, אַז ביז היינט איז די דאָזיגע איינציגע רעאַלע מעגליכקייט נישט אויסגענוצט געוואָרען.

די מיינונגס־פאַרשידענהייט באַשטעהט אין אָט דעם: דער אינ־טערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ וויל און קען שיקען די הילף קיין קראקא דורך דער פאַרמיטלונג פון דייטשען רויטען קרייץ. אַנדערש איז עס נישט מעגליך. און דאָ קומען געוויסע קרייזען און זאָגען: אויב אַזוי איז דאָך ווידער נישט זיכער, צי די דייטשען וועלען נישט צונעהמען די שפּייז פאַר זיך. דאַרי־בער האָט מען לעת־עתה דעם רויטען קרייץ קיין געלד נישט געשיקט (מיט אַ קליינער, דאַכט זיך, אויסנאַהם אָבער די פּראַגע איז דאָך אַזוי גרויס, אַז אויב מען האָט אפילו עפּעס געשיקט, איז עס דאָך אָהן באַדייטונג, ווייל די הילף מוז זיין אַ פּערמאַנענטע).

מיר זיינען פון ערשטען מאָמענט געשטאַנען אויפ׳ן שטאַנדפּונקט, אַז מען מוז ריזיקירען. אין אַזעלכע ענינים, וואו לעבענס פון הונדערטער־טוי־זענדער מענשען זיינען אין סכנה, קען מען נישט וואַרטען ביז אַלץ וועט זיין געזיכערט אויף פולע הונדערט פּראָצענט. אויב דער אינטערנאַציאָנאַלער

רויטער קרייץ זאָגט אָפיציעל, אַז ער פאַרפּליכטעט זיך צוצושטעלען די שפּייז צו דער אידישער קהילה אין קראקא „דורך דעם דייטשען רויטען קרייץ“, דאַן הייסט עס, אַז אין זשענעווע גלויבט מען, אַז דער פאַרמיטלער וועט נישט צונעמען, נאָר אויספירען זיין שליחות; דאָס אַליין איז שוין גענוג, כדי עס צו טאָן. און דאַן: די זאַך וועט דאָך באַלד קלאָר ווערען, נאָך דעם ערשטען אָדער, העכסטענס, נאָך דעם צווייטען טראַנספּאָרט. דאָס איז זיכער ניט קיין געפאַהר. אָבער ליידער זיינען די אַרגומענטען נישט גענוג געווען ביז היינט, כדי אויסצוקעמפען דעם ענין ביי אידען. דערווייל זיינען נאָך אַלץ שטאַרקער די, וועלכע ווילען גאָר נישט ריזיקירען און באַנוגענען זיך מיט׳ן אויסדריקען זייער מיטגעפיהל מיט די קרבנות פון נאַצי־רעזשים, אָבער למעשה טוען זיי לגמרי גאָר נישט, כדי צו לינדערען די שרעקליכע לאַגע.

אין ליכט פון די נייע ידיעות, וואָס די אויסגעטוישטע פרויען פון פּוילען האָבען געבראַכט קיין ארץ ישראל, אין ליכט פון די פונאַנדערגע־קלעפּטע שילדען „איין יודע ווייניגער — איין בראָט מעהר“ — מוז מען אויפ־הויבען די פראַגע און זאָגען אָפען, אַז אויב מען וועט נישט באַלד שיקען קיין שפּייז פאַר די אידען אין די געטאָס, איז מען פּשוט פאַראַנטוואָרטליך פאַר די מאָרדען. היינט איז שוין קיין ריזיקע ניטאָ, אַז די דייטשען זאָלען די ערשטע שפּייז צונעהמען, ווייל היינט געהט עס בפירוש וועגען דער דע־מאָנסטראַציע, אַז שפּייז ווערט געשיקט פאַר אידען. מען דאַרף אָנזאָגען דורכ׳ן ראַדיאָ און דורך פאַרמיטלונג פון נייטראַלע רעגירונגען, אַז מען שיקט אַרויס שפּייז פאַר די אידען אין די געטאָס. אויף אַזאַ אופן וועט מען קודם־כל זיך אָפּפאַרטיגען מיט׳ן שלאַג־וואָרט פון „איין יודע ווייניגער — איין בראָט מעהר“. דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל אויך בפירוש שיקען די שפּייז דורך דעם דייטשען רויטען קרייץ צו די אידען. זאָל באַוויזען ווערען פאַר די דייטשען גופא, אַז מען זאָגט ליגען, אויב מען וויל זיי איינריידען, אַז צוליב ברויט הרג׳עט מען אויס די אומשולדיגע מענשען (וואָס איז נאַטירליך אויך בעסטיאַליש). עס איז לייכט מעגליך, אַז דער אָנזאָג אַליין, אַז שפּייז ווערט געשיקט, וועט צווינגען אָפּצושטעלען די מאָרדען.

קיין צייט צו פאַרלירען איז נישטאָ. שוין גענוג האָט מען מענשליכע לעבענס אויפ׳ן געוויסען דורך דעם אָפּשלעפּען די ממשות׳דיגע שריט. זאָל מען ענדליך, חוץ פּראָטעסטען, אויך טאָן רעאַלע הילפס־אַרבייט, וואָס אין איצטיגען מאָמענט הייסט עס: שיקען שפּייז פאַר די אידען אין די געטאָס.

# שפּייז פאַר אידען אין די פּוילישע געטאָס!

(„מאָרגען זשורנאַל", ד׳ ניסן, תש״ג — 7 אַפּריל 1943)

דעם 26־טען מערץ 1943 האָט זיך אין „ניו יאָרק טיימס" באוויזען אַ לענגערער אַרטיקעל פון מר. העראָלד קעלענדער פון וואַשינגטאָן, אין וועלכען עס איז, אויפ׳ן גרונד פון מאַסגעבענדע ידיעות, פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז צוליב דעם פאַרשאַרפטען סובמאַרינען־קריג איז אין איצטיגען מאָמענט אָפּגעפאַלען יעדע מעגליכקייט פון ערלויבען שיקען שיפען מיט שפּייז, דורך דער בלאָקאַדע, אין די נאַצי־אָקופּירטע לענדער אין אייראָפּע.

מר. קעלענדער, וועלכער האָט ערשט־קלאַסיגע אינפאָרמאַציעס, באַטאָנט אויסדריקליך, אַז די ידיעה האָט ער באַקומען „פון אויטאָריטעטע קרייזען". אַלזאָ, איז קלאָר, אַז עס איז דאָ אַ פּסק אין דאָזיגען ענין, וועלכער האָט פאַר אונז אידען אַזאַ געוואַלטיגע באַדייטונג. און ווען מיר באַקענען זיך מיט די מאָטיוען פון אָפּזאָג, וועגען וואָס מר. קעלענדער שרייבט אויספירליך, מוזען מיר ווייטער פעסטשטעלען: „אבל אשמים אנחנו", די אידישע אָרגאַניזאַציעס האָבען אַבסאָלוט צו ווייניג אויפגעקלערט די מאַסגעבענדע פאַקטאָרען אין וואַשינגטאָן וועגען דער אידישער זייט פון פּראָבלעם. אונזער נויט איז דערטרונקען געוואָרען אין ים פון אַלגעמיינע צרות. עס איז נישט באַריקזיכטיגט געוואָרען, אַז עס איז דאָ אַ ספּעציפיש אידישע פראַגע, אַז ביי אַנדערע פעלקער געהט וועגען פאַרשטאַרקען זיי, ביי אונז וועגען רעטען פון אונטערגאַנג. און איך וויל ווייטער אַלאַרמירען: עס איז נאָך נישט צו שפּעט! מיר מוזען דעם חילוק זאָפאָרט אויפקלערען!

לאָמיר זיך קודם באַקענען מיט די מאָטיוען פון אָפּזאָג, לויט ווי מר. קעלענדער גיט זיי איבער.

דער הויפּט־אַרגומענט פאַר שיקען שפּייז קיין אייראָפּע איז געווען, אַז מען טאָר נישט דערלאָזען צו אַ אונטער־ערנעהרונג פון די אייראָפּעאישע פעלקער, ווייל זיי וועלען ווערען אַזוי שוואַך, אַז אין פאַל פון אַן אינוואַזיע וועלען זיי נישט קאָנען העלפען די עלאיס. צוליב דעם האָבען געוויסע מי־ליטערישע קרייזען זיך באַצויגען סימפּאַטיש צו דער פאָדערונג פון שיקען שפּייז קיין אייראָפּע.

די פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער ווערען פאָלגענד איינגעטיילט: גריכענלאַנד איז אַ „ספּעציעלער פאַל", ווייל דער הונגער איז דאָרט אַם שטאַרקסטען. דאַן קומט: בעלגיע, פוילען, שפּאַניע(?) און טיילען פון פראַנקרייך; אין די דאָזיגע לענדער איז דאָ „סטאַרוויישאָן". אין נאָרוועגיע און

„אפשר אין פינלאַנד״ איז דאָ אַ „שאַרפער שפּייז־מאַנגעל״. די לעצטע גרו־פּע פון לענדער בילדען: האָלאַנד, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיי און בולגאַריע, וואו דער מאַנגעל „איז נישט אַזוי געפעהרליך״.

אין גריכענלאַנד איז די סיטואַציע אַזוי שלעכט, שרייבט מר. קע־לענדער, אַז מאַנכע גלויבען, אַז דייטשלאַנד וואָלט אין אייגענעם אינטערעס נישט דערלאָזט אַן עהנליכע אויסהונגערונג אין מערב אייראָפּע, צוליב דער ריזיקע פון אויסשפּרייטען זיך פון עפּידעמיעס. קיין גריכענלאַנד ווערט געשיקט יעדען חודש 18,000 טאָן שפּייז; 15,000 טאָן קאַנאַדער ווייץ און 3000 טאָן וויטאַמינס א. א. וו. באַנוצט ווערען דערצו זיבען שוועדישע שי־פען, וועלכע זיינען ביז איצט נישט פאַרנומען געוואָרען פון די דייטשען.

די פאַרגרעסערטע שיפּ־פאַרלוסטען האָבען אָבער געצוואונגען צו פאַרשאַרפען די בלאָקאַדע און דעריבער ווערט מען קיין תבואות אין אַנדערע לענדער נישט שיקען, הגם עס זיינען אָנגעקומען ידיעות צ. ב. פון פראַנק־רייך, אַז דאָרט זעהען זיך מענשען געצוואונגען אָנצונעמען אַרבייט אין דער דייטשער קריגס־אינדוסטריע פשוט צוליב הונגער. אַלזאָ, דער הויפּט־מאָ־טיוו איז, ווייזט אויס, דער מאַנגעל אין שיפען. דער צווייטער מאָטיוו, וועלכען מען קען אַרויסלייענען צווישען די שורות, איז, אַז די שפּייז־סיטואַציע איז אין ערגיץ נישט אַזוי קאַטאַסטראָפאַל ווי אין גריכענלאַנד.

איצט לאָמיר באַטראַכטען ווי ווייט דאָס בילד, וועלכעס מר. קעלענדער גיט איבער, טרעפט צום אידישען פּראָבלעם.

עס איז, דוכט זיך, קלאָר, אַז אידען דאַרף מען שיקען שפּייז נישט כדי צו קענען באַנוצען זיי אין פאַל פון אַן אינוואַזיע, נאָר איינפאַך כדי מען זאָל די מיליאָנען אומשולדיגע מענשען נישט לאָזען אויסגעהן. אויב „מאַנכע גלויבען״, אַז די נאַציס וואָלטען נישט דערלאָזט אין אייראָפּע אַזאַ סיטואַציע ווי אין גריכענלאַנד אויס מורא פאַר עפּידעמיעס, דאַן ווייסען מיר שוין וואָס זיי טוען מיט די אידען, פאַר וועלכע זיי ווילען קיין שפּייז נישט ליפערען: זיי הרג׳ענען זיי אויס אין מאַסען. די לאָזונג פון „איין יודע וועניגער — איין בראָט מעהר״, וועלכע ווערט איצט פאַרשפּרייט אין פּוילען, איז אַ בולט׳ער באַוויז, ווי מען פאַרבינדט די הריגות און שחיטות מיט׳ן שפּייז־פּראָבלעם. ווען מען רעדט פון אידען, דאַן איז לגמרי נישט מעגליך צו שטעלען אין איין רייה פּוילען מיט שפּאַניע אָדער אפילו בעלגיע און פראַנק־רייך. וואו ווערען מענשען אַזוי געמאָרדעט? אפילו אין גריכענלאַנד איז דאָך קיין דמיון נישט; דאָרט קענען זיך די מענשען על־כל־פּנים פריי באַ־וועגען און זוכען ברויט. דער איד פון פּוילען איז דאָך צוגעבונדען צום אָרט און מוז אויסגעהן פון הונגער, נישט קענענדיג אפילו וואַנדערען ערגיץ וואו אין אַ דאָרף און זוכען אַ שטיקעל ברויט.

בכלל האָט דאָס שיקען שפּייז פאַר אידען אין פּוילען אַ גאַנץ אַנ־דערע באַדייטונג, ווי די הילף פאַר צ. ב. פראַנצויזען. ביי אונז האַנדעלט זיך עס אין אַ דעמאָנסטראַטיווען אַקט פון הומאַניטעט, אין אַ באַווייז, אַז עס איז נאָך דאָ מענשליכקייט אויף דער וועלט לגבי אַ עקסטערמינאַציע פון מיליאָנען אומשולדיגע מענשען, און אויך, כדי צו ברעכען די אינערליכע דייטשע פראָפּאַגאַנדע, ווי מיר האָבען שוין וועגען דעם געשריבען.

און איצט די פראַגע פון שיפען. קודם־כל פאַרשטעהען מיר נישט, וואָס פאַר א שייכות די שיפען, וועלכע וועלען געשיקט אונטער דער פלאַג פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, האָבען מיטן פאַרשאַרפטען סובמאַ־רינען־קריג. די דאָזיגע נייטראַלע שיפען ווערען דאָך אַדורכגעלאָזט מיט אַ „סאַף קאָנדואיט" און ווערען נישט פאַרזונקען און נישט פאַרנומען פון קיינעם פון די מלחמה־פיהרענדע צדדים. דער ענין גריכענלאַנד איז, אי־בעריגענס, דער בעסטער באַווייז. אַלזאָ אפילו ביים פאַרשאַרפטען סובמאַרי־נען־קריג קען מען שיקען שפּייז דורכ'ן אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ.

צי זיינען אָבער די שיפען פאַקטיש צו פאַרפיגונג? אין דער באַציהונג איז זעהר אינטערעסאַנט די אַרבייט, וועלכע עס האָט לעצטענס אָפּגעדרוקט דער „אַדוויזאָרי קאונסיל אָן יוראָפּיען דזשואיש אפּעירס" פון מר. א. יודיטש וועגען נייטראַלע שיפינג־מעגליכקייטען אין איצטיגען מאָמענט. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז שוועדען אַליין האָט איצט צו פאַרפיגונג 167 קאַרגאָ שיפען (אויסדריקליך: הונדערט און זיבען און זעכציג!), גרע־סערע פון 2000 טאָן (דאַרונטער מאַנכע גאָר גרויסע ווי די 15,000 טאָניגע „אַמעריקאַלאַנד" אָדער „סוועלאַנד", די 9000 טאָניגע „סוועבאָרג" אָדער „סוועדראָט" א. א. וו.). עס פאַרשטייט זיך, אַז איבריג פיל האָבען די דאָזיגע שיפען נישט צו טאָן ביים היינטיגען האַנדעלס־פאַרקעהר צווישען די לענ־דער. עס לעגט זיך דאַריבער אויפ'ן שכל, אַז מען וואָלט געקענט טשאַרטערען נישט איין שוועדישע שיף, נאָר זאָגאַר מעהרערע. חוץ דעם זיינען דאָ גענוג פּאָרטוגעזישע, שפּאַנישע, טערקישע און אַרגענטינישע שיפען. מען קען, דאַכט זיך, מיט פולער זיכערקייט באַהויפּטען, אַז ווען עס וואָלט נאָר גע־ווען די פּרינציפּיעלע הסכמה וועגען שיקען שפּייז פאַר די אידען אין די געטאָס, דאַן וואָלט דאָס באַשאַפען פון אַ נייטראַלער שיף זיכער נישט גורם געווען קיין שוועריגקייט.

אַוודאי, אויב דער פּראָבלעם איז צו שיקען שפּייז פאַר גאַנץ פּוילען צי בעלגיע, צי פראַנקרייך, דאַן דאַרף מען האָבען צעהנדליגער שיפען, דאַן זעהט די זאַך אויס גאַנץ אַנדערש. אָבער אויב עס האַנדעלט זיך, דער־ווייל, וועגען איין „רחמנות"־שיף פאַר די אידען, כדי צו ווייזען, אַז מ'וויל זיי שיקען שפּייז (און אַזוי־אַרום אַרויסשלאָגען פון האַנד פון דער דייטשער

פּראָפּאַגאַנדע איהר געוועהר א. א. וו.) דאַן איז דאָס כמעט קיין שום פּראַגע נישט.

עס פרעגט זיך: אויב אַזאַ אינפאָרמירטער שרייבער ווי מר. קעלענדער אין וואשינגטאָן האָט געקאָנט, ביים אָרומרעדען דעם שפּייז־פּראָבלעם, מיט איין וואָרט נישט דערמאָנען די ספּעציפישע אַספּעקטען פון דער אי־דישער זייט פון דער פּראַגע, — צי זיינען די אידען נישט אַליין שולדיג, אַז עס ווערט גאָר נישט געטאָן פאַר אונזערע ברידער אין אייראָפּעאישען גיהנם? וואו איז אונזער אויפקלערונג? פאַרוואָס דערגרייכען מיר נישט צו די מאָס־געבענדע שרייבער און רעגירונגס־פאַקטאָרען און קלערען נישט אויף דעם פאַטאַלען בלבול־המוחות?

עס זיינען דאָ אַ גאַנצע רייה פון קאָמיטעטען, וועלכע האָבען באמת דעם בעסטען ווילען צו העלפען, נאָר עס איז, ווייזט אויס, שוין דער ביטערער מזל פון די אומגליקליכע קרבנות, אַז מען פאַרלירט זיך אין הויכע פּלענער, אין ברייטע אַקציעס, און דערווייל טוט מען נישט דאָס ערשטע: קלאָר צו פאָרמולירען און קאָנקרעט אויפצושטעלען די עיקר־פּראַגע: אַז מען מוז שיקען שפּייז אין די געטאָס! און ווייטער: אַז מען קען דאָס טאָן!

קיין צייט איז נישטאָ צו פאַרלירען. און קיין שום אָפּהאַלט טאָר דאָ נישט זיין. אַלץ מוז מאָביליזירט ווערען פאַר דעם גרויסען, הייליגען צוועק.

---

# נישט פאַרצווייפלען!

(„אידישע שטימע", סיון תש"ג — יוני 1943)

אין אַמעריקאַנער אידענטום, דערהויפּט צווישען די פּוילישע אידען אין אַמעריקע, הערשט איין די לעצטע וואָכען אַ שטימונג פון פאַרצווייפלונג. געבראָכען און דערשיטערט פון די שוידערהאַפטע באַריכטען אין דער פּרעסע וועגען דער עקסטערמינאַציע פון אייראָפּעאישען אידענטום, געהען אידען אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. מען מיינט, אַז אַלץ איז שוין ח"ו פאַרלוירען.

טאָ זאָל איצט קלאָהר געזאָגט ווערען:

אויפ'ן יסוד פון פאַרשיידענע ידיעות, פּריוואַטע און פון געוויסע אַמט־ליכע קוועלען, שטעלען מיר פעסט, אַז עס זיינען נאָך דאָ אידען אין פּוילען.

די געטאָס עקזיסטירען. הונדערטער טויזענטער, אפשר מיליאָנען אידען לע־בען ב״ה. זיי זיינען אין מורא׳דיגע פאַרהעלטעניסען, אמת, אָבער זיי לעבען. אַ גאַר גרויסע צאָהל אידען איז דעפאָרטירט געוואָרען צו שווערער אַרבייט. זיי ווערען אומ׳ברחמנות׳דיג אויסגענוצט און מען שעפּט אויס אַלע זייערע פיזישע כחות, ווי אַמאָל אין מצרים, צום בויען וועגען ,פאָרטיפיקאַציעס א. א. וו. אָבער זיי לעבען. זיי זיינען דאָ!

פאַרצווייפלונג פון אונזער זייט — הייסט צולייגען אַ האַנד צו זייער פאַרניכטונג. ווער עס פאַרצווייפעלט, איז ניט נאָר אַ „מתחייב בנפשו״, פון זיין אייגענעם נפש, נאָר אויך אַ „מתחייב בנפשם״, אין זייער נפש, אין די נשמות פון די ליידענדע פאַרפייניגטע ברידער און שוועסטער אונזערע. זיי, וואָס לעבען און וועלען בלייבען לעבען מיט ג־ט׳ס הילף, האָבען קיינעם ניט באַ־רעכטיגט דאָ זיך פון זיי מיאש צו זיין. אין זייער ביטערער נויט קלערען זיי זיכער ניט איינמאָל, אַז די אידען אין אַמעריקע, בפרט די פּוילישע אידען אין אַמעריקע, „גורטען איצט אָן זייערע לענדען״ צו דער גרעסטער און ברייט־האַרציגסטער הילף־אַרבייט. זיי האָפען, אַז מיר זיצען ניט שטיל, נאָר זוכען בייטאָג און ביינאַכט מיטלען זיי צו העלפען איצט און — שפּעטער.

און מיר זיינען יוצא מיט טרויער אָדער — פאַרצווייפלונג!

ניין, דאָס טאָר ניט דערלאָזט ווערען. מעשים פאָדערען זיך פאַר פּוי־לישע אידען, און צו מעשים פאָדערט זיך מוט, פאָדערט זיך גלויבען, אַז זיי לעבען, אַז מען קען זיי נאָך רעטען, ווי עס איז באמת דער פאַל.

יאָגט אַוועק די פאַרצווייפלונג! פּוילישע אידען בלייבען און וועלען אי־בערלעבען די שלעכטע צייטען!

---

# מיר טאָרען זיך נאָך ניט מיאש זיין פון אונזערע ברידער אין פּוילען!

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ״ט סיון תש״ג—2 יולי 1943)

אין די לעצטע וואָכען איז עפּעס מאָדנע שטיל געוואָרען אין אמעריקע מיט דער אַקציע צו ראַטעווען די אייראָפּעאישע אידען. זייט דער בערמיודא־קאָנפערענץ איז שוין אין גאַנצען איינגעטרעטען אַ צושטאַנד פון אַפּאַטיע. עס קען זיך באמת אויסווייזען, ווי אַמעריקאַנער אידען וואָלטען זיך

מייאש געווען פון די אייראָפּעאישע ברידער. אפשר מיינט מען גאָר, אַז עס איז שוין, חלילה, נאָך סתימת הגולל, אַז עס איז שוין נישטאָ פאַר וועמען צו זאָרגען. די „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע" איז ווייניג וואָס אַק־טיוו. די ברייטע עפענטליכע מיינונג, דערשיטערט און דערציטערט פון די כסדר׳דיגע שרעקליכע ידיעות, רעאַגירט כמעט נישט. און וואָכען און חדשים פאַרגעהען — און די פּיין פון אייראָפּעאישען אידענטום דויערט.

זאָל דאַריבער קודם־כל פעסטגעשטעלט ווערען, אַז דאָס אייראָפּעאי־שע אידענטום בכלל, און דאָס פּוילישע אידענטום בפרט, לעבען נאָך. זיי לע־בען אין די ערגסטע באַדינגונגען, עס שטאַרבען אָפּ מאַסען אידען יעדען טאָג, אָבער מאַסען אידען זיינען נאָך דאָ. מיר האָבען זיכערע ידיעות, אַז די געטאָס אין פּוילען עקזיסטירען ווייטער. הונדערטער טויזענדער אידען גע־פינען זיך אין אַרבייטס־לאַגערען. און דער גרעסטער פאַרברעך איז אָפּצו־לאָזען די הענט אין אַמעריקע און זאָגען זיך: „אַלץ איז סאַי־ווי פאַרלאָרען, עס איז נישטאָ וואָס צו טאָן". ניין! עס איז נאָך דאָ וואָס צו טאָן. מען טאָר נישט פאַרשלאָפען — און מען קען נאָך רעטען אָהן אַ שיעור אידען.

אמת, אַז דער געדאַנק צו ווענדען זיך צו די נאַציס, דורך אַ נייטראַלע מלוכה, מיט׳ן פאָרשלאַג זיי זאָלען אַרויסלאָזען די אידען פון אייראָפּע, איז דורכגעפאַלען. די בערמיודא־קאָנפערענץ האָט אָפּגעוואָרפען די סוגעסטיע, אַז מען זאָל בכלל פאַרהאַנדלען מיט די נאַציס וועגען די אידען, ווייל דאָס איז נישט אין הסכם מיט דער מלחמה־פיהרונג. אָבער דאָס זאָגט לגמרי נישט, אַז דערמיט איז דערלעדיגט דער גאַנצער ענין.

מיר האָבען שוין עטליכע מאָל אָנגעוויזען אויף דער גרעסטער וויכ־טיגקייט פון דער שפּייז־פראַגע, און מוזען זיך איצט אומקעהרען דאַצו, ווייל אין דער דאָזיגער פראַגע ליגט דער שליסעל צו דער רעטונג פון די איבער־געבליבענע אידען. ליידער, איז נאָך אַלץ נישטאָ דאָס ריכטיגע פאַרשטענדניש דערפאַר, און בעיקר פּטר׳ט מען עס אָפּ מיט דער לייכטער טענה: „ס׳איז נישט מעגליך, די רעגירונג וויל נישט. די דייטשען וועלען די שפּייז צונע־מען" א. א. וו. טאָ זאָל עס פעסטגעשטעלט ווערען, אַז דאָס איז לחלוטין פאַלש.

איינער פון די בעסטע קענער פון שפּייז־פּראָבלעם אין אייראָפּע, דער לאַנג־יאָהריגער פאַרטרעטער פון דער קוויקער־אָרגאַניזאַציע אין אייראָפּע, האָוואַרד קערשנער, פיהרט זייט עטליכע וואָכען אַן עפענטליכע אַגיטאַציע אין דער פּרעסע און אויף פאַרזאַמלונגען וועגען שיקען שפּייז פאַר די קינדער אין אייראָפּע. דעם 20־טען אַפּריל האָט די „ניו יאָרק טיימס" אין אַן עדי־טאָריעל אינדאָרסירט קערשנערס אַקציע און געשריבען, אַז עס זיינען אין

פלוג דאָ פינף אַרגומענטען געגען דעם שיקען שפייז, אָבער אַלע האַלטען נישט אויס ביי אַ נעהנטערער באַטראַכטונג: 1) אַז די דייטשען וועלען צו־נעמען די שפייז; 2) אויב אפילו ניט, דאַן וועלען זיי זי אַראָפּרעכענען פון די עקזיסטירענדע ברויט־ראַציעס און ממילא פּראָפּיטירען; 3) אַז די אַמעריי־קאַנער באַפּעלקערונג וועט צופיל באַלאַסטעט ווערען דורך די קאָסטען; 4) אַז עס איז נישטאָ אין אַמעריקע גענוג שפּייז, כדי צו קענען שיקען אין איירופּע, און 5) אַז עס פעהלען די טראַנספּאָרט־שיפען אויף דורכצופיהרען די אַקציע. די טענות 3, 4 און 5 האָבען קערשנער און די „ניו יאָרק טיימס" ערלעדיגט מיט דער ערקלערונג, אַז מען קען קויפען שפייז מיט בלאָקירטע איירופּעאישע געלדער אין אַמעריקע, אַז תבואה איז אין אַמעריקע גענוג פאַראַן און אַנדערע אַרטיקלען קען מען איינקויפען אין זיד־אַמעריקע, און אַז נייטראַלע טראַנספּאָרט־שיפען קענען באַנוצט ווערען צום שיקען די הילף קיין איירופּע, וועלכע ווערען נישט געברויכט פאַר דער מלחמה. און בנוגע די טענות 1 און 2, וועלכע זיינען, נאַטירליך, די וויכטיגסטע, האָט מר. קערשנער פעסטגעשטעלט, און די „טיימס" האָט עס קלאָר אינדאָרסירט, אַז ביז איצט האָבען די נאַציס די שפּייז, וועלכע מען האָט געפלעגט אין אָנהויב מלחמה צו שיקען אין פאַרשידענע לענדער און וועלכע מען שיקט כסדר קיין גריכענלאַנד, נישט צוגענומען. און אויב אין דער צוקונפט זאָל זיין אַנדערש, שרייבט די „טיימס", קען מען תמיד אָפּהאַלטען די וויטערע זענדונגען.

דעם 25־טען מאַי האָט קערשנער געהאַלטען אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט, לויט אַ באַריכט אין דער „ניו יאָרק טיימס" פון 26טען מאַי, געזאָגט, אַז די בלאָקאַדע מוז אַדורכלאָזען די שפייז שיפען פאַר דער הונגערענדער באַפּעלקערונג, „ווייל נאָר דאַן וואָלטען מיליטערישע גרינדען באַרעכטיגט אַן אויסהונגערען פון איירופּע, ווען דאַדורך וואָלט אויסגעהונגערט געוואָרען דער שונא, אָבער דאָס וועט פאַר קיין פאַל נישט געשעהן. מען קען נאָר אויסהונגערען די פרייהייט־ליבענדע פעלקער, וועלכע זיינען אויף אונזער זייט, און דאָס קען גיכער פאַרלענגערען די מלחמה ווי זי פאַרשנעלערען. אפילו די יונייטעד ניישאָנס זאָלען געווינען די מלחמה, וועלען זיי אָבער פאַרלירען דעם שלום, אויב זיי וועלען צולאָזען, אַז די פעלקער אין די אָקופּירטע לענדער זאָלען שטאַרבען פון הונגער, אין דער צייט ווען די דייטשען עסען".

אָבער די גאַנצע אַקציע, וועלכע קערשנער פיהרט, איז אויסדריק־ליך פאַר 4 לענדער: פראַנקרייך, האָלאַנד, בעלגיע און נאָרוועגען. אידען ווערען פון איהם נישט דערמאָנט. ווער עס לעזט די פאַרשידענע סטייטמענטס פון קערשנער'ן וועגען דער שפייז־פראַגע, מוז האָבען דעם איינדרוק, אַז נאָר

די דערמאָנטע 4 לענדער זיינען באַדראָהט פון מאַסען־הונגער. דער פאַקט, אַז פּוילישע אידען (און אונטער פּוילישע אידען פאַרשטעהט מען היינט כמעט דאָס זעלבע וואָס „אייראָפּעאישע אידען״, ווייל דער רוב אידען פון מערב־איראָפּע איז דאָך דעפּאָרטירט געוואָרען קיין פּוילען) ליידען פון הונגער אומפאַרגלייכליך מעהר ווי אַלע אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער, ווערט איבערגעזעהן. די סיבה איז אַ קלאָרע: ווייל מיר אידען רוקען אַליין דעם שפּייז־פּראָבלעם נישט אַרויס פאַר דער וועלט אין זיין גאַנצען פאַר־נעם, דאַריבער ווייס מען נישט דערפון דאָרט וואו מען וואָלט עס געדאַרפט וויסען.

און אַרגומענטען האָבען מיר מעהר און בעסערע, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. די טענה נומער 2, צום ביישפּיל, געהט ביי די פּוילישע אידען כמעט אין גאַנצען נישט אָן. מען קען שוין היינט נישט באַהויפּטען, אַז ווען מען שיקט שפּייז צו די אידען אין די געטאָס און די דאָזיגע שפּייז וואָלט אָנ־געקומען, וואָלטען די דייטשען אויך פּראָפּיטירט, ווייל זיי וואָלטען דאָס אָפּ־געצויגען פון די אַלגעמיינע ברויט־ראַציעס — און דער טעם איז אַ גאַנץ פּשוט׳ער: מיר וויסען, אַז סאַי־ווי גיבען די דייטשען פאַר די אידען אין די געטאָס גאָרנישט. עס איז דאָ אַ באַריכט, אַז נאָך מיט וואָכען פאַר דעם אויפ־שטאַנד אין וואַרשע האָבען די נאַציס צוגענומען אַלע שפּייז־קאַרטען און אַנגעהויבען סיסטעמאַטיש אויסצוהונגערען די אומגליקליכע אידען. טאָ וואָס וועלען די דייטשען פּראָפּיטירען, ווען עס וועט קומען שפּייז פון אויסלאַנד פאַר די דאָזיגע אידען? קלאָר, אַז גאָרנישט.

מיר הערען כסדר דעם אַרגומענט, אַז בערמיודא האָט זיך אויך נישט אַרויסגעזאָגט דערפאַר, און די מאַסגעבענדע פאַקטאָרען זיינען אויך דאַ־געגען. אָבער דאָס איז נאָר אַ רעזולטאַט פון צוויי אומשטענדען: ערשטענס, פון אונזער נישט־גענוגענדען אויפקלערען די פאַקטישע לאַגע, און צווייטענס, פון דעם קנאַפּען אויפברויזען פון דער עפענטלעכער מיינונג און דעם אויפהערען פון יעדען שטורמען דורך דעם אַמעריקאַנער אידענטום, אַז די דאָזיגע הילף זאָל געגעבען ווערען. אויב אידען אַליין פאַרלאַנגען עס נישט מיט אַזאַ אימפּעט, ווי עס איז נויטיג, אויב זיי אַליין גיבען שוין די תשובה, אַז „דאָס איז צוליב דעם אָדער יענעם טעם אונמעגליך״, דאַן פאַרשטעהט זיך, אַז די דעצידירענדע פאַקטאָרען זיינען קאַלט צו דער זאַך.

מיר דאַרפען פאָדערן, אַז די ערשטע שיף זאָל על־כל־פּנים געשיקט ווערען פאַר די אידען אין די געטאָס צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ וועלכער זאָל זי דאַן ווייטער עקספּעדירען. עס קען זיין, אַז דער פּרוב וועט זיך נישט איינגעבען, אָבער די „יונייטעד ניישאָנס״ וועלען וויניגסטענס

ווייזען זייער גוטען ווילען. אַזוי פיל קומט דאָך זיכער די אומגליקליכסטע פון אַלע אומגליקליכע אין דער דאָזיגער מלחמה — די אידען אונטער׳ן נאַצי־רעזשים — אַז די פרייע וועלט זאָל זיי ווייזען בפועל, אַז זי פיהלט מיט זיי מיט. דאָס הייסט בשום אופן נישט געהאַנדעלט מיט׳ן שונא, ווייל דאָס געהט דורך דעם וועג, וועלכער איז דוקא אָנגעצייכענט אין די מלחמה־געזע־צען: דורכ׳ן אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ. ווען דאָס וואָלט געוועז געגען די מלחמה־אינטערעסען, וואָלט קערשנער עס נישט פאָרגעשלאָגען פאַר פראַנקרייך אָדער האָלאַנד. מיר דאַרפען זיך נישט צוריקהאַלטען דאַריבער אַרויסצושטעלען די דאָזיגע פאָדערונג, און נישט נאָר אַרויסשטעלען זי, נאָר אויך אַזוי שטורמען, אַז מיר זאָלען עס דורכזעצען.

עס איז וואַרשיינליך, אַז אַזאַ שריט מצד די „יונייטעד ניישאָנס" וואָלט געהאַט אַ פּאָזיטיווען אָפּקלאַנג אפילו ביי די דייטשען גופא. עס קען זיין, אַז זיי וואָלטען געענטפערט: אדרבא, אויב איר שיקט שפּייז פאַר די אידען, האָבען מיר גאָרנישט דאַגעגען. זיי, די דייטשען, ווילען די אידען קיין שפּייז נישט געבען, אָבער אויב עס קומט אָן פון דער פרעמד, שטערט עס זיי נישט... נאַטירליך, קען מען אויך פאָראויסזאָגען פאַרקעהרט. אָבער קיין שום פאָראויסזאָגען פטר׳ט נישט פון דער עלעמענטאַרער פליכט — צו מאַכען אַ פּרוב.

פון דער אידישער זייט קען מען זיך נישט באַנוגענען אפילו מיט׳ן אריינעמען בלויז די שפּייז־פראַגע אין דעם גאַנצען פּראָגראַם פון דער אַקציע. נייך, היינט איז נישט מעהר די צייט צו פּראָדוצירען אַ לאַנגען צעטעל מיט פאָדערונגען, וועלכע זיינען צוליב געוויסע אומשטענדען נישט מעהר אַקטועל. היינט מוז מען זיך קאָנצענטרירען. מען מוז זאָגען: דאָס ווילען מיר. איין פּונקט, העכסטענס צוויי. אויב מיר קומען מיט צוועלף פאָ־דערונגען, איז דער רעזולטאַט, אַז מיר זעצען גאָר נישט דורך. אויב מיר וועלען אָבער זאָגען די רעגירונגען פון אַמעריקע און ענגלאַנד: מיר פאָדערען, צוליב די און אַנדערע טעמים, אַז מען זאָל תיכף אַרויסשיקען די ערשטע שיף מיט שפּייז פאַר די אידען אין די געטאָס — דאַן וועלען מיר עס דורכ־זעצען. עס וועלען זיין שוועריגקייטען, אמת. אָבער מיר וועלען עס סוף־סוף אויקעמפען. אויב מיר וועלען אָבער קומען און פאַרלאַנגען „רעטריביושאָנס" און צעהן אַנדערע זאַכען (דאַרונטער אפילו די שפּייז־פראַגע), דאַן וועט דאָס שיקען שפּייז זיכער זיין פאַרשפּילט. מעגען מיר עס טאָן?

זאָל די אידישע עפענטליכע מיינונג אין אַמעריקע זיך ענדליך אָפּ־רופען. ווי לאַנג וועט זי שווייגען? אַוועק די אַפּאַטיע! שנעל מוז עפּעס גע־טאָן ווערען!

# טרייסט־ווערטער אין דער נויט

## (צו שבת נחמו, תש״ג)

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ב אב תש״ג — 13 אויגוסט 1943)

ווען מען וואָלט געדאַרפט ברענגען באַווייזן פאַר דער אייביגקייט פון אידישען פאָלק, וואָלט געווען גענוג אָנצואווייזן אויף פאָלגענדען פאַקט: ביי אַלע צאָהללאָזע קרבנות, וועלכע זיינען ביי אידען געפאַלען אין משך פון די דורות, ביי די ימים בלוט, וועלכע מיר האָבען פאַרגאָסען אין משך פון אונזער געשיכטע, ביי די אונמענשליכע ליידען און פייניגונגען, וועלכע מיר האָבען אין משך פון צוויי טויזענט יאָהר געהאַט אויסצושטעהן — האָבען מיר דאָך קיינמאָל נישט פאַרלוירען אונזער גלייכגעוויכט. מיר זיינען קיינמאָל נישט געווען און נישט געוואָרען פאַרצווייפעלט. תמיד קומט ביי אונז נאָך „שבת חזון״ — דער „שבת נחמו״. דאָס אידישע פאָלק איז גייסטיג אַזוי שטאַרק, אַז עס קען געפינען און עס געפינט טאַקע תמיד טרייסט.

דאָס נישט־אונטערגעבען זיך צו די צרות, גאַראַנטירט אונזער צוקונפט. איבערמאַכט איז גאָר נישט קיין אויסערגעוועהנליכעס, סאַי אין לעבען פון יחידים, און סאַי אין דער אַנטוויקלונג פון פעלקער. אין אייביגען קאַמף, וועלכען עס מאַכען מיט סאַי דער יחיד און סאַי דער כלל, זיגט כסדר איינער איבער דעם צווייטען, איין פאָלק איז גובר דאָס אַנדערע. עס בלייבען תמיד יענע וואָס קענען זיך שטאַרקען, וואָס קענען זיך טרייסטען. פאַרצווייפלונג איז — טויט. לעבען בלייבען די, וואָס פאַרצווייפלען נישט.

* * *

„נחמו נחמו עמי יאמר אלקיכם״. גאָט הייסט טרייסטען. ער אַליין, כביכול, טרייסט נישט, נאָר ער שיקט זיינע שלוחים, וועלכע זאָלען ריידען צום פאָלק און וועקען ביי איהם די האָפנונג. אָט די שלוחים האָבען אין יעדער צייט פון אונטערגאַנג און פאַרניכטונג, אַ לעבענס־דערהאַלטענדע אויפגאַבע. זיי דאַרפען שטאַרקען דעם גייסט ביי אידען, זיי דאַרפען איינפלאַנצען מוט ביי די ליידענדע, זיי דאַרפען האַלטען די שוואַכע און פאַלענדע ברידער.

אין יעדער פון די אונצעהליגע קאַטאַסטראָפעס אין דער אידישער געשיכטע — האָבען אידישע פיהרער אַזוי פאַרשטאַנען זייער מיסיע. די ווערטער פון נביא ישעיהו „נחמו נחמו עמי״ זיינען געווען זייער וועג־ווייזער. נישט לאָזען דאָס פאָלק פאַרצווייפלען, פאַר קיין פאַל ניט! זיי האָבען געזאָגט: עס איז שלעכט, עס איז טרויעריג, אָבער עס וועט ווערען בעסער, ברידער! מיר וועלען איבערקומען די שלעכטע צייטען. אונזרע שונאים זיינען נישט אייביג, אייביג איז נאָר אונזער גאָט. און מיר, אַלס גאָט׳ס פאָלק, זיינען אויך

אייביג. די באַדריקער אונזערע וועלען זיך צופאַלען ווי שטויב. די מעכטיגע פון דער וועלט זיינען דאָך גאָרנישט לגבי דעם באַשאַפער פון דער וועלט. און דעריבער: „על הר גבוה עלי לך מבשרת ציון, הרימי בכח קולך מבשרת ירושלים, הרימי אל תיראי, אמרי לערי יהודה — הנה אלקיכם!“ (געה אַרויף אויף אַ הויכען באַרג, דו אָנזאָגערין פאַר ציון, הויב אויף דיין שטימע, זאָג די שטעט פון יהודה — דאָ איז אייער גאָט). אַזוי האָט גערופען צו זיין פאָלק ישעיהו, און אַזוי האָבען געטאָן זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער. זיי האָבען געטרייסט דאָס פאָלק — מיט גאָט, וועלכער איז מעכטיגער פון אַלע מעכטיגע, וועלכער איז „נותן רוזנים לאין, שופטי ארץ כתהו עשה“, וועלכער צוברעכט די אַלע תקיפים, וואָס טוען שלעכטס, און פאַרניכטעט אַלע ריכטער, וואָס גיבען אַרויס די קרומע משפטים, כדי צו קוויילען דאָס פאָלק ישראל...

וועה און ביטער איז די אידען, ווען זיי האָבען נישט קיין פיהרער, וואָס זאָלען זיי טרייסטען. די פיהרער, וואָס זאָגען צום אידישען פאָלק, אַז „אַלץ איז פאַרלוירען“, אַז עס איז קיין רעטונג נישטאָ, אַז „מען קען די אומגליקליכע נישט העלפען“, זיינען אַליין פאַרברעכער. זיי אַליין טוען אונזער פאָלק נישט ווינציגער שלעכטס, ווי די פרעמדע באַדריקער. זיי זיינען אפשר מעהר פאַראַנטוואָרטליך פאַר די צרות וואָס קומען שפעטער, ווי די דרויסענדיגע שונאים. ווייל קיין שונא נעהמט ביי אידען נישט מעהר צו ווי די געגענוואַרט; ער רויבט ביי זיי דאָס, וואָס זיי האָבען בשעת מעשה, זייער האָב און גוטס, אפילו זייער בלוט. אָבער זייער צוקונפט קען ער ביי זיי נישט נעהמען. דאָ איז ער מאַכטלאָז. דאַגעגען דער וואָס לאָזט די אידען פאַרצווייפלען, וועלכער האָט פאַר זיי קיין טרייסט־ווערטער נישט — ער רויבט ביי די אידען זייער צוקונפט. ער מאַכט אַן אַטענטאַט אויף דער אייביגקייט פון אונזער פאָלק. ער שניידט אונטער די פליגלען, וועלכע זיינען געבליבען דעם פאַרמאַטערטען אָדלער, כדי ער זאָל זיך נישט מעהר קענען אויפהויבען אין דער לופטען און אַוועקפליהען ווייט, וואו מען קען אָנהויבען אַ נייע לעבען.

* * *

אין דער שוואַרצער תקופה, וועלכע איז אונז באַשטימט געוואָרען דורכ־צולעבען, פיהלען מיר אויף שריט און טריט, ווי נויטיג עס איז, אַז די פיהרער זאָלען געהן אין די וועגען פון ישעיה הנביא און קומען צום פאָלק מיט אַ טרייסט־רוף.

נאָך לעבען הונדערטער טויזענטער פון אונזערע ברידער אין דעם נאַצי־גיהנום. נאָך איז דאָרט דער פונק פון לעבען נישט אויסגעלאָשען גע־וואָרען. נאָך זיינען אַלע בוימער דאָרט נישט אָפגעהאַקט געוואָרען. אוודאי, איז דער חורבן געוואַלטיג, אַוודאי איז די לאַגע שרעקליך. מען לויפט ווי משוגע זיך צו באַהאַלטען פאַר דער מערדער־האַנט. מען גיט אַוועק דאָס לעצ־

טע, כדי צו ראַטעווען די קינדער, כדי אָפּצושטופּען דעם טויט אויף אַ טאָג. מען הונגערט, מען ליידט יסורים פון וועלכע אפילו איוב האָט נישט געוואוסט. עס פאַלען קרבנות אָהן אַ שיעור. אָבער — דאָס פאָלק איז דאָ.

אין אַזאַ צייט איז די פליכט און די אויפגאַבע פון די פיהרער צו שטאַר־קען דאָס אידישע פאָלק. אפילו אין די מאָמענטען ווען עס האָט אויסגעוויזען, אַז דער טיראַן איז אומבאַזיגבאַר, האָבען די אידישע פיהרער געדאַרפט מו־טיגען דאָס פאָלק. ווייל זיי האָבען אויך דאַן געדאַרפט פאָראויסזעהן, אַז די נצחונות פון דעם שפּל׳דיגען און בייזען צייטווייליגע, אַז עס וועט אַזוי נישט בלייבען.

מאַנכע פון די „וועג־ווייזער" פון אידישען פאָלק זיינען אַריינגעפאַלען אין אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַז זיי האָבען אַליין געמאַכט אַן עק צו זייער לעבען. נישט זעהענדיג קיין אויסוועג פון דער טראַגישער לאַגע — האָט עס פאַר זיי פאַרלוירען יעדע באַרעכטיגונג. זיי זיינען אַוועק. אָבער נישטאָ קיין מעהר פאַלשע איינשטעלונג. דער אידישער פיהרער, וועלכער שטאַרבט אויס איי־גענעם ווילען, ווייל ער קען נישט צוקוקען די אידישע נויט, איז — אַ פּחדן. ער האָט די פליכט צו טראָגען די פאָהן, וועלכע איז איהם אָנפאַרטרויט גע־וואָרען. ער מוז לייַדען און — האַלטען די פאָהן. ווייל מיט זיין פאַלען ברעכט צוזאַמען דער גאַנצער פראָנט. ער קען פאַלען אין קאַמף דער ערשטער, אָבער שטאַרבען — מעג ער דער לעצטער. כל־זמן עס לעבט נאָך איין זעלנער פון זיין רעגימענט, טאָר ער נישט אַוועקגעהן פון זיין פּלאַץ (מיר מיינען דאָ, נאַטירליך, נישט אַזאַ פאַל, ווי ביים אינזשעניר טשערניאַקאָוו אין וואַרשע, וועלכער האָט נישט געקענט פּועל׳ן ביי זיך צו זיין דער אויספיהר־אָרגאַן פון די נאַצישע מערדער). כל־זמן עס לעבען אידען, טאָר דער פיהרער נישט פאַר־צווייפלען!

פונקט אַזאַ פאַרברעך איז אויך דאָס מיאש זיין זיך פון אידען, וועלכע זיינען אין נויט און וועלכע מען קען אפילו גאָרנישט אויף דער מינוט העלפען. די געשעהענישען פון די לעצטע טעג ווייזען אונז, אַז אין א רגע פאַלען אום דיקטאַטאָרען. אין איין מינוט קען קומען די ישועה. קיינער איז נישט באַ־רעכטיגט צו מאַכען אַ שטריך פון יאוש איבער הונדערטער־טויזענטער, אפשר מיליאָנען אידען, מיט׳ן פאַרענטפער, אַז „עס איז פאַר זיי קיין רעטונג נישטאָ", אַז „זיי זיינען פאַרלוירען". ניין. טאָג ביי טאָג דאַרף מען פאַר זיי זוכען הילף־מיטלען און כסדר מיט דערזעלבער ענערגיע, ווי דאַפון וואָלט אָפּהענגיג געווען דער סוף פון זייערע צרות, ווייל — יעדען טאָג קען זיין דער סוף פון זייערע צרות.

„נחמו נחמו עמי" — איז באַזונדער געזאָגט געוואָרען אויף אונזער צייט. „נרצה עונה", „לקחה מיד ה׳ כפלים בכל חטאתיה" — דאַרף מען הויך

אויסרופען. אויב דאָס אידישע פאָלק האָט געזינדיגט, דאַן איז עס שוין טאָפּעלט, מעהר ווי טאָפּעלט אָפּגעקומען די זינד. עס קומט די צייט פון דערלייזונג, עס דערנעהנטערט זיך די שעה פון רחמים!

* * *

פון וואַנען שעפּען מיר די איבערצייגונג? פאַרוואָס גלויבען מיר, אַז דאָס אידישע פאָלק בלייבט טראָץ אַלע שרעקליכע נגישות און פאַרפאָלגונגען?

ישעיה זאָגט עס קלאָהר אין זיין טרייסט־וואָרט:

„יבש חציר, נבל ציץ, ודבר אלקינו יקום לעולם". גאָט'ס וואָרט איז אומפאַרענדערליך. אַלץ וועט פאַרוועלקט ווערען, אַלץ איז פאַרגענגליך — נאָר דאָס וואָרט בלייבט.

די טאָלען וועלען דערהויבען ווערען, די בערג וועלען איינפאַלען — און די מענשען וועלען זעהן אַז גאָט האָט זיין וואָרט געזאָגט.

„הנה אלקיכם" — דאָס איז די לאָזונג, וועלכע די גליק־פארקינדער פאַר ציון, פאַר ירושלים, פאַר די שטעט פון יהודה האָבען אויף זייערע ליפּען.

מיט דער לאָזונג זאָל מען קומען צום אידישען פאָלק. די פיהרער, וועלכע האָבען די פּראָפעטישע ווערטער אויף זייער פאָהן, פאַרצווייפלען אַליין נישט און לאָזען זייערע נאָכפאָלגער נישט פאַרלירען דעם מוט. פיהרער, וועלכע האָבען אַוועקגעוואָרפען דעם „הנה אלקיכם", האָבען נישט מיט וואָס צו קומען צום פאָלק. זיי בלייבען ביים „שבת חזון" און זעהען נישט דעם „שבת נחמו", ווייל דער לייט־מאָטיוו פון „נחמו נחמו עמי" איז — „הנה אלקיכם".



# זיינען דאָ מיטלען אָפּצושטעלען שחיטות אויף אידען אין נאַצי־אָקופּירטע לענדער?

(„מאָרגען זשורנאַל", כ"ה אב תש"ג—26 אויגוסט 1943)

דאָס אומגליק, וואָס האָט געטראָפען דאָס פוילישע אידענטום ווערט נאָך פאַרגרעסערט דורך דעם פאַקט, וואָס ס'איז כמעט נישט מעגליך קיין שום קאָנטאַקט צווישען די אידען אין די געטאָס און דער דרויסענדיגער וועלט. מיר ווייסען נישט ווי אַזוי די אידען גופא, וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבען, שטעלען זיך פאָר זייער רעטונג. אַ סך מאָל וואָלט אַ וואונק פון דאָרט געווען ממש אונשעצבאַר, כדי אונז אָנצואווייזען דעם וועג. אָבער עס שטעהען דיקע

ווענט אַרום די געטאָס און אַ חוץ דעם ביטערען וועה־געשריי הערט זיך גאָר נישט. מיר טאַפּען אין דער פינסטער, ווען מיר זוכען פאַר זיי הילף.

דערפאַר איז פון גרעסטער באַדייטונג, ווען עס טרעפט אַמאָל, אַז מיר קענען דאָך עפּעס הערען דירעקט פון די פוילישע אידען. אַזאַ געלעגענהייט איז איצט דאָ. אַ פיהרער פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכער איז מיט אייניגע חדשים צוריק געווען אין וואַרשע, האָט אונז געבראַכט קיין אַמעריקע עטליכע שליחות׳ן פון די פיהרער פון די דאָרטיגע אידען. זיי האָבען געוואוסט, אַז ער נעמט אונטער די געוואַגטע רייזע, און ער האָט פאַר זיי געשוואָרען, אַז ער וועט אונז אַלץ איבערגעבען, וואָס זיי זאָגען איהם. ער האָט עס מקיים געווען. מיר ווייסען איצט אַ סך פּרטים, וועלכע האָבען אונז געמאַכט עלטער במשך עטליכע שעה מיט גאַנצע יאָהרען. און דער עיקר: מיט טאַפּען נישט מעהר אַזוי אין דער פינסטער, ווען עס האַנ־דעלט זיך וועגען געוויסע רעטונגס־פּלענער.

עס איז קלאָר, אַז די דייטשען גלויבען, אַז מיט׳ן הרג׳ענען אידען דערפילען זיי אַ מין היסטאָרישע „מיסיע״, פאַר וועלכע די וועלט — טאַקע די גרויסע וועלט, מיט וועלכע זיי פיהרען מלחמה — וועט זיי זיין „דאַנק־באַר״. היטלער מיט זיין פאַנאַטישען אַנטיסעמיטיזם, מיט זיין שגעון׳דיגען האַס צו די אידען, האָט אין די דייטשע זעלנער, באַאַמטע און בעיקר די געסטאַפּאָ׳ניקעס, פאַרוואָרצעלט אָט די שרעקליכע איבערציַיגונג, אַז ווי די מלחמה זאָל זיך נישט ענדיגען וועט פאַר זיי זיין אַ גרויסער „זכות״ אויב זיי וועלען פאַרניכטען (חלילה) די אידען. ווען הימלער, דער שעף פון דער געס־טאַפּאָ, איז אין יולי, 1942, געווען אין וואַרשע, האָט ער עס אויסדריקליך געזאָגט זיינע משרתים, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז קיין שום דייטש גלויבט נישט, אַז פאַר הרג׳ענען אַ איד, צי מאַן צי פרוי, אַלט אָדער יונג קומט וועלכע עס איז שטראָף. אידען זיינען הפקר. פּונקט אַזוי ווי דאָס הרג׳ענען פון אַ חיה אָדער בהמה געהט קיינעם נישט אָן, אַזוי — גלויבען די נאַציס — האָט נישט קיין שום באַדייטונג דאָס מאָרדען פון אידען.

אין וואַרשע גלויבט מען, אַז ווען עס וואָלט נאָר צוגעקומען צו די דייטשען אַ קלאָרע ידיעה, אַז די וועלט — בעיקר: אַמעריקע — ווייסט, וואָס עס געהט אָן מיט די אידען, און זי וועט נישט שווייגען, אַז דאָס איז דאָס זעלבע ווי מען וואָלט גע׳הרג׳עט אַמעריקאַנער, אַז מען וועט נישט שוינען די פאַרברעכער, און אַז דאָס האַנדעלט זיך בכלל וועגען אַ פאַרברעכען — דאַן וואָלט מען תיכף אָפּגעשטעלט די שחיטות. די דייטשען האָבען סוף כל סוף איצט גרעסערע דאגות ווי אויסצופיהרען היטלער׳ס רציחה לגבי די אידען, אויב דאָס קען האָבען שלעכטע פאָלגען פאַר זיי אַליין. זיי מאָרדען, ווייל אידען זיינען הפקר, אָבער אין פאַל זיי וואָלטען נאָר דערשמעקט, אַז

אידען זיינען נישט הפקר, (ווייל הינטער זיי שטעהט די גרויסע וועלט), וואָל־טען זיי געזוכט בעסערע געשעפטען. דאַריבער פאַרלאַנגען די פוילישע אידען, קודם כל: זאָל די דעמאָקראַטישע וועלט זאָגען אַ שאַרף וואָרט!

אריינגעהמען די אידען אין כלל פון אַלע פאַרפאָלגטע נאַציעס — האָט קיין שום צוועק נישט. דער דייטש גלויבט, אַז ווען מען רעדט פון אונטער־דריקטע נאַציעס, מיינט מען גאָרנישט קיין אידען. די נאַציס פאַרשטעהען נישט אונטער׳ן וואָרט „מענש״ אָדער „פאָלק״ קיין אידען. וויל מען, אַז עס זאָל האָבען אַ ווירקונג, מוז מען זאָגען קלאָר און דייטליך: מיר ווייסען, אַז איהר מאָרדעט אידען, אַז איהר הרג׳עט אויס אידישע קינדער, אַז איהר טויט אי־דען אין די גאַז־קאַמערען, אַז איהר פאַרברענט אידען לעבעדיגערהייט, אַז איהר הייסט אידען אויסגראָבען זייערע קברים און זיך אויסטאָן נאַקעט, כדי זיי דאַן צו שיסען. מיר — די גרויסע אַמעריקע, די 130 מיליאָן אַמערי־קאַנער — באַטראַכטען דאָס, ווי איהר וואָלט דאָס געטאָן צו אונז. מיר — די „יונייטעד ניישאָנס״ — זאָגען, אַז אידען זיינען מענשען ווי מיר אַליין, אַז מיר וועלען פאַר דעם נעהמען נקמה, די גרעסטע און ביטערסטע נקמה, טאָ־קע אָן אייך, דייטשען, איהר וועט עס באַדויערען, פונקט ווי איהר וואָלט אויס׳הרג׳ענען מיליאָנען אומשולדיגע אַמעריקאַנער אָדער ענגלענדער!

אַזעלכע רייד פון די גרויסע פיהרער פון דער פרייער וועלט, פרעזי־דענט רוזוועלט אָדער ווינסטאָן טשוירטשיל, וואָלטען געהאַט א תיכף׳דיגע ווירקונג.

מיט עטליכע חדשים צוריק איז געוועזן די רייד, אַז מען זאָל זיך ווענ־דען צו די דייטשען, דורך אַ נייטראַלע מאַכט, מיט׳ן פאַרלאַנג, אַז זיי זאָלען אַרויסלאָזען די אידען. די בערמודאַ־קאָנפערענץ האָט עס אָפּגעוואָרפען, ווייל זי האָט זיך געשטעלט אויפ׳ן שטאַנדפּונקט, אַז מען קען נישט פאַר־האַנדלען מיט׳ן שונא. אָבער דאָס, וועגען וואָס מיר ריידען היינט, איז עפּעס לגמרי אַנדערש. דאָס איז נישט קיין „פאַרהאַנדלונג״ מיט׳ן שונא, נאָר אַן אַקט, וועלכער איז אין הסכם מיט דער מלחמה־פיהרונג. דאָס איז אַ וואָרנונג טאַקע צום שונא, אַז די מערדערייען פון מיליאָנען אומשולדיגע אידען וועלען באַטראַכט אַלס פאַרגוואַלטיגונג פון אַלע מענשען־רעכט, אַז מען וועט עס ניט טאָלערירען, אַז דאָס מוז אָפּגעשטעלט ווערען, ווייל עס זיינען דאָ מיטלען ווי זיך נוקם צו זיין.

אַזאַ וואָרנונג קען געשיקט ווערען אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרען אין באָמבערס, וועלכע זאָלען פליהען טאָג־איין טאָג־אויס איבער בערלין צי האַמ־בורג, צי אפילו איבער פוילען, און די דייטשען וועלען די שפּראַך איצט זיכער פאַרשטעהן. די „ליפלעטס״ וועלען ווירקען נישט ווייניגער ווי אַ באָמבע. די דייטשען, וועלכע נעהמען צונויף די זאַכען פון די צוזאַמענגע־

פאַלענע הייזער, וועלען שוין אַליין מאַכען אַ „סמיכת הפרשיות“ צווישען געוויסע ערשיינונגען און וועלען אויפהויבען אַ שטורם: הרג׳עט נישט די אידען, ווייל די וועלט וועט נעהמען נקמה (אָדער אפשר וועלען זיי גאָר זאָגען: די וועלט נעמט נקמה). לויט די ידיעות, וואָס מיר פאַרמאָגען, וועט אפילו דער שטורם ניט זיין נויטיג, ווייל דער אַפּאַראַט גופא פון די נאַ־ציס וועט די שחיטות אָפּשטעלען, מורא האָבענדיג פאַר דעם „דעת הקהל“ זייערען. זיי וועלען דאַן דערקלערען, אַז זיי „טוען גאָר נישט“, אַז „עס הויבט זיך גאָר נישט אָן“, און די שחיטות וועלען טאַקע ווערען אָפּגעשטעלט.

עס זיינען נאָך דאָ וועגען, ווי אַזוי צו לאָזען וויסען די נאַציס — דאָס פאָלק — פון דער רעאַקציע פון דער גאַנצער וועלט לגבי די שרעק־ליכע מאָרדען איבער די אידען: דאָס ראַדיאָ. כסדר מוז מען אַרויסשיקען אי־בער די לופט־כוואַליעס די קאַטעגאָרישע וואָרנונג לויט׳ן נוסח וועלכען מיר האָבען אָנגעוויזען, און זי וועט טאַקע גרייכען די אויערען פון די, פאַר וועל־כע זי איז באַשטימט. חוץ דעם, קען מען עס טאָן אין דער פאָרם פון אַ דירעקטער ווענדונג, דורך אַ נייטראַלען פאַרמיטלער. דאָס וואָלט אויך אַב־סאָלוט נישט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ „פאַרהאַנדלונג“, ווייל אַ וואָר־נונג איז נישט קיין פאַרהאַנדלונג. אַ וואָרנונג איז אַ רעכטליכער אַקט, וואָס איז דערלאָזבאַר אפילו אין צייט פון מלחמה.

איצט קומען מיר צו אַן אַנדערער זייט פון דער שאלה. פאַרוואָס שלאָפט די אידישע אַמעריקע? פאַרוואָס ווערט גאָר נישט געטאָן פאַר די אומגליק־ליכע אידען פון אייראָפּע, אויף וועלכע עס האָט זיך אויסגעגאָסען אַזאַ שרעק־לעכע קאַטאַסטראָפּע, דאָ אין אַמעריקע?

איך האָב וועגען דעם פאַרלאַנג פון די פוילישע אידען איבערגעגעבען דער „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע“. איך האָב געמאַכט אַ פאָרשלאַג תיכף אָנצוהויבען זיך באַמיהען וועגען דעם. עס האָט געקאָסט נישט ווינציג אויפרעגונג. דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען. מיר איז אָבער נישט באַוואוסט, אויב עפּעס איז נאָך דעם טאַקע געטאָן געוואָרען.

עס איז אַן אָפּענער סוד: די „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע“ איז נישט טעטיג. זי עקזיסטירט אויפן פּאַפּיר. דער דאָזיגער קאָמיטעט, וואָס וואָלט געדאַרפט זיין היינט דער אַקטיווסטער, וועלכער וואָלט געדאַרפט האָבען זיין אָפּיס, זיינע בעאַמטע, וועלכע זאָלען אויספיהרען זיינע באשלו־סען — איז ממש א חוזק. ער קומט זיך צונויף איינמאָל אין עטליכע וואָכען (יאָ, איינמאָל אין עטליכע וואָכען!). די זיצונגען ווערען געפיהרט מיט׳ן זייגער אין דער האַנט. נאָך די זיצונגען — ווערט גאָר נישט אויסגעפיהרט. איך גלויב, אַז אַ שעה נאָך די זיצונגען געדענקט מען נישט מעהר וואָס עס איז גערעדט געוואָרען. קיין פּראָטאָקאָלען ווערען אויך נישט געמאַכט. עס איז

אַ לויזער שמועס. קיין וואונדער, וואָס איין וויכטיגע גרופּע האָט מודיע גע־וועזן, אַז זי טרעט אַרויס פון דאָזיגען קאָמיטעט. מען האָט איהר ווענדונג נישט באַטראַכט אויף דער לעצטער זיצונג, ווייל עס האָט זיך דאָך געוואָלט גלויבען, אַז די מענשען, וואָס שטעהען אין שפּיץ פון „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע" וועלען זי דאָך אַקטיוויזירען.

זאָל די אידישע אַמעריקע אָנהויבען צו פאָדערען דין וחשבון. און קודם כל: זאָל עפּעס געטאָן ווערען, כדי אַרויסצובאַקומען די וואָרנונג פון די „יונייטעד ניישאָנס" צו די דייטשען. יעדער טאָג שפּילט דאָ אַ ראָל. יעדער טאָג, וואָס פאַרגעהט אָהן דער וואָרנונג, באַפלעקט די הענט פון די אונטעטיגע אידישע פיהרער מיט בלוט. ווייל עס וועט אונז קיינער נישט איינריידען, אַז אַרויסצובאַקומען אַזאַ וואָרנונג איז אונמעגליך. דאָס איז פּשוט און אַזוי מענשליך, אַז עס מוז זיין מעגליך.

און אויב די אידישע פיהרער זאָלען איינזעהן, אַז זיי קענען עס נישט דורכפיהרען, דאַן מוז קומען צום וואָרט דאָס אידישע פאָלק. מען מוז קומען צו די מאַסען און זיי דערצעהלען דעם אמת. דער חורבן איז אַ פאָלקס־חורבן, און דאַריבער וועט דער משפט אויך זיין אַ פאָלקס־משפט.

---

# עס זיינען דאָ מעגליכקייטען צו העלפען די אידען אין אייראָפּע!

(„מאָרגען זשורנאַל", ל' תשרי, ר"ח חשון תש"ד—29 אָקטאָבער 1943)

עס ליגען פאַר מיר עטליכע בריוו, וועלכע זיינען אַ מורא'דיגע אָנקלאַגע געגען די פאַראַנטוואָרטליכע פיהרער פון אידען אין אַלע פרייע לענדער.

איין בריוו שטאַמט פון עמק הבכא אַליין. ער איז געשריבען פון אַ פאַראַנטוואָרטליכען מענשען, אַ גאַנץ באַקאַנטען, צו וועמענס ווערטער מען מוז זיך באַציהען מיט'ן פולסטען ערנסט. דער בריוו איז דאַטירט דעם 18־טען יולי 1943 און עס פאַרשטעהט זיך, אַז ער איז געקומען נישט אויף אַ פּשוט'ען וועג. נישט קענענדיג, נאַטירליך, איבערגעבען די איינצעלהייטען בנוגע דעם שרייבער פון בריוו, וויל איך נאָר איינס זאָגען, אַז ער געפינט זיך אין רומעניע.

איינער פון די ערשטע זאַצען אין בריוו לויטעט: „ווען איהר וואָלט געוואוסט, ווי ברענענד אונזערע ברידער וואַרטען אויף דעם שיקען פון דאָקטאָר׳שע עצות! איך וויל אייך דערמאָנען די מעשה פון גמזו, וועלכער האָט געמוזט ליידען זיין גאַנץ לעבען, ווייל ער האָט געוואָרט מיט זיין תשובה״. (דער שרייבער מיינט דאָ צו זאָגען, אַז דער כלל־ישראל אין יענעם לאַנד וואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד, אַז מען זאָל איהם העלפען, נאָך די צאָהלרייכע רופען וועגען הילף, וועלכע ס׳זיינען פון דאָרט אַרויסגע־שיקט געוואָרען, מיט קלאָרע אָנווייזונגען, ווי אַזוי די הילף קען קומען. די „מעשה גמזו״, וועלכע ער דערמאָנט, איז אַן אָנווייז אויף דער גמרא, וועלכע דערצעהלט, אַז נחום איש גמזו האָט זיך אויף אַ קליינע ווייל פאַר־שפּעטיגט מיט דער הילף פאַר אַ ליידענדען, און האָט דעם חטא שוין קיינמאָל אין לעבען נישט געקענט פאַרענטפערען, ווייל דער נויטליידענדער איז צו־ליב דער פאַרשפּעטיגונג אומגעקומען).

דאַן שטעהט אין בריוו: „פון אונזערע ליבע זיינען אַ סך אויף דער לופט־פּאַרענדערונג גן־עדן אַוועקגעפאָהרען. זיי זיינען אין יעדען פאַל פּטור געוואָרען פון די דאגות, אין געגענזאַץ צו די, וואָס זיינען פאַרבליבען אין דער היים, וועלכע געהען אַרום, אין די הייסע טעג, געהעצט און מיד״.

„מיינע קינדער לערנען זעהר פלייסיג דעם נביא הושע, קאַפּיטלאַך 2 און 5. באַזונדער הערען מיר זיך צו ווי דאָס אינגעלע זינגט די ערשטע צעהן פּסוקים פון 4־טען קאַפּיטעל איכה״.

„וואַרט נישט קיין טאָג מיט אייער תשובה״.

דער צווייטער בריוו איז פון איסטאַמבול (קאָנסטאַנטינאָפּאָל). עס רעדט זיך אין איהם וועגען דער שרעקליכער לאַגע פון די אידען אין טראַנס־דניעסטריע. נאָך דער שילדערונג פון גיהנום און פון די ליידען פון די אידען אין טראַנסדניעסטריע, וועלכע זיינען אָהן אַ ביישפּיל, שרייבט דער באַריכט־געבער, אַז נאָך גרויזאַמער איז די סיטואַציע דאַדורך, וואָס די באַשטעהענדע הילפס־מעגליכקייטען ווערען נישט אויסגענוצט צוליב דעם מאַנגעל פון געלט־מיטעל, ד. ה. אַז מען קען העלפען, נאָר עס פעהלט געלט, כדי צו קאָנען דאָס טאָן. עס האַנדעלט זיך וועגען 80,000 אידען אין טראַנסדניעסטריע, וואָס זיינען פאַרבליבען פון די אורשפּרינגליך אַהין פאַרשיקטע 170,000 אידען און זיי שטאַרבען פּשוט פון הונגער. אַ סך עסען גראָז און שטאַרבען דאַן אַוועק פון אַ פאַרגיפטונג אין זייער אָרגאַניזם. מען קען זיי שיקען קליידונג און נאַהרונגס־מיטעל, נאָר עס פעהלט געלט.

אין ליכט פון דאָזיגען בריוו פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל ווערט קלאָר, וואָס מען דאַרף פאַרשטעהען אין רומענישען בריוו אונטער די „לימודים״ פון די קינדער. איינער פון די פּסוקים אין איכה איז צ. ב. „טובים היו

חללי חרב מחללי רעב״. אַלזאָ בוכשטעבליכער הונגער, וועלכער דערגעהט צו דער מדרגה, וואָס איז געשילדערט אין אַ וויטערדיגען פסוק: „ידי נשים רחמניות בשלו ילדיהן״.

דער באַריכט־געבער פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל בעט זיך פאַרצווייפעלט: „נעמט די זאַך אין דער האַנט, ציהט צו מענשען פון פאַרשידענע קרייזען, מענשען, וואָס האָבען אַ געפיהל פאַר זייערע מיטברידער און וואָס קענען שנעל האַנדלען. זאָל יעדער וויסען, אַז אויב ער גיט היינט אַוועק אַ געוויסען פּראָצענט פון זיין פאַרמעגען פאַר זיינע ברידער, איז ער נאָך זעהר ווייט פון טראָגען דעם זעלבען קרבן, וואָס די ברידער אין יענע לענדער האָבען געבראַכט״.

און דאַן באַמערקט ער: „איך האָב נישט קיין סך צוצוגעבען. איצט איז נישט די צייט פאַר ווערטער, נאָר פאַר מעשים און פאַר הילף. מיר מוזען פאַר זיך אַליין און פאַר דער וועלט באַווייזען, אַז מיר זיינען נישט באַפאַנגען פון דער מענטאַליטעט, אַז אַ מענשליך לעבען האָט פאַרלוירען יעדע באַדייטונג, אַז מיר זיינען געוואָרען איינפאַך גלייכגילטיג. מיר זיינען נאָר מאַכטלאָז. אָבער דאָ, וואו מיר קאָנען העלפען זיינען מיר טריי צו אונזער טראַדיציע, ווען עס זאָל זיך אפילו האַנדלען וועגען איין נפש. די בריוו, וועלכע קומען פון דאָרט (ד. ה. פון רומעניע) פאַרלאַנגען הילף און דאַנקען פאַר יעדען קאָנטאַקט. מיר טאָרען נישט דערלאָזען, אַז זיי זאָלען ענטוישט ווערען, אַז מען זאָל אונז קענען פאַרוואַרפען, אַ מיר האָבען פאַרגעסען אונזערע ברידער״.

איצט קומען מיר צו דעם אייגענטליכער שאלה: קען די דאָזיגע מינימאַלע הילף טאַקע געשיקט ווערען? האָט מען עס געקענט ביז איצט טאָן און האָט מען די מעגליכקייטען, אויב זיי זיינען געווען, אויסגענוצט?

אויפ׳ן יסוד פון געוויסע דאָקומענטען מוז איך פעסטשטעלען, אַז מען האָט געקענט שיקען די הילף פאַר די אידען אין טראַנסדניעסטריע. מען האָט געקענט זיי צושטעלען שפייז און מעדיקאַמענטען. עס האָט געפעהלט דאַצו נאָר דאָס נויטיגע געלט.

איך האָב אַ גרונד צו גלויבען, אַז די מעגליכקייט איז איצט אויך דאָ. געוויסע שריט ווערען טאַקע געמאַכט, אַז מען זאָל קענען דאָס געלט, וואָס איז נויטיג, אַוועקשיקען, אָבער די אַרבייט געהט אַזוי לאַנגזאַם, אַז דער שוידערליכער ביישפּיל פון נחום איש גם־זו וועקט זיך ווידער אויף.

די זאַך איז פשוט: דאָס געלט מוז געהן צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ. טאָ ווי לאַנג מוז מען האַלטען אין בעטען צו שיקען געלט צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ? דאָס איז דאָך די אינסטאַנץ, וואָס איז ביי יעדען באַגלויבט און וועלכע פאַרדינט צוטרוי!

און זאָל עס געזאָגט ווערן: מיט אַביסעל מסירת נפש האָט מען געקענט מציל זיין פון הונגער־טויט די טראַנסדניעסטריע־אידען נאָך מיט אַ היבשער צייט צוריק. עס איז נאַטירליך לייכט און באַקוועם צו פאַר־ענטפערען זיך, אַז „מען קען נישט". די שאלה איז אָבער, וואָס הייסט דאָס: „מען קען נישט"? דאָס איז זעהר אַ ווייטער באַגריף. אויב מען האָט פייער אין דער אידישער נשמה, דאַן קען מען אפילו דאָס, וואָס ווייזט אויס לפנים פאַר אונמעגליך, באַווייזען. עס איז דאַן אפילו גאָר נישט שווער. מען מוז זיך נאָר זאָגען: אויב די אידען אין רומעניע שרייען, אַז זיי געהען אויס פון הונגער, און עס זיינען פאַראַן מעגליכקייטען זיי צו שיקען הילף, דאַן מוזען זיי די הילף באַקומען. גענויע ידיעות זיינען דאָך דאָ, וואָס מען דאַרף טאָן.

און דאָס איז נוגע נישט נאָר רומעניע, נאָר אויך פוילען. עס זיינען נאָך דאָ זיכערע אַדרעסען אין פוילען און די אַמעריקאַנער און ענגלישע רעגירונג האָבען מיט אַ צייט צוריק ערלויבט צו שיקען שפּייז־פּעקלעך אַהין. מיט וויפיל צוריקגעהאַלטענקייט און אויסגערעכענטקייט האָט מען די אַקציע געפיהרט! אַלץ איז געוואָרען געוואויגען און געמאָסטען, עס זאָל חלילה קיין פּעקעל נישט געהן לאיבוד. האָט מען שוין געשיקט, דאַן האָט מען געוואַרט חדשים־לאַנג אויף אַ באַשטעטיגונג. קומט שוין נאָך לאַנגע חדשים אַ באַשטעטיגונג, קאָנטראָלירט מען און מען רעכענט וויפיל פּעקלאַך זיינען באַשטעטיגט געוואָרען און וויפיל נישט. אין דער צווישענצייט ווע־רען די אַדרעסען ווייטער אין ספק, עס איז דאָך שוין אַוועק אַ שטיק צייט. ניין; אויף אַזאַ אופן קען מען נישט העלפען קיינעם. מען מוז עפּעס ריזיקי־רען און מען טאָר נישט זיין „פּויפּסטליכער ווי דער פּויפּסט", מעהר אַמערי־קאַנער ווי די אַמעריקאַנער רעגירונג גופא. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט געגעבען די דערלויבניש, איז דאָס נאָך אויך צו ווייניג? פאַרוואָס איז די דער־לויבניש נישט פול אויסגענוצט געוואָרען? קיין תירוץ, אַז מען האָט געוואָלט זעהן די רעזולטאַטען פריהער. ווען צעהנדליגער טויזענדער הונגערן — טאָר מען נישט וועלען זיין זיכער מיט׳ן ערפאָלג. אַזוי קען מען זיך פיהרען אין נאָר־מאַלע צייטען, אָבער נישט אין אַזאַ שעת־חירום ווי היינט.

נישט אַלץ קען געזאָגט ווערען, גרויס איז דער וועהטאָג און דער צער. און דער אָנווייז פון רומעניע אויף נחום איש גם־זו איז אַזוי שרעקליך און דערביי אַזוי טרעפליך, אַז אפשר וועט ער אויפרודערען דאָס געוויסען פון די פיהרער און עסקנים, וועלכע טראָגען די פאַראַנטוואָרטליכקייט און וועלכע ווע־לען אַמאָל מוזען אָפּגעבען אַ דין־וחשבון נישט נאָר פון דעם, וואָס זיי האָבען געטאָן, נאָר אויך פון דעם, וואָס זיי האָבען געקענט טאָן אָבער נישט געטאָן.

# די שווערע זינד, וואָס מיר באַגעהען געגען זיך אַליין

## (צו יום כפור תש״ד)

(„מאָרגען זשורנאַל״, ערב יום־כפור תש״ד — 8 אָקטאָבער 1943)

יום־כפור, דער יום סליחה ומחילה, דער הייליגסטער טאָג פון אידישען יאָהר, ווען עס ווערט געחתמ׳עט דער גזר־דין פון יעדען יחיד און פון גאַנצען פאָלק, נעמט פון אונזער געוויסען אַוועק בלויז אַ טייל פון אונזערע זינד.

לויט דער גמרא (יומא פ״ו) איז יום־כפור מכפר בלויז אויף די „עבירות שבין אדם למקום״; דאגעגען די זינד, וואָס דער מענש באַגעהט לגבי מענשען, איז יום־כפור פאַר קיין פאַל נישט מכפר. און אָט דער כאַראַקטער־שטריך פון אונזער „יום סליחה ומחילה״ ווערט ליידער דורך אַ סך פון אונז פאַר־געסען.

אָפט שפירט דער מענש דאָס באדערפעניש צו רייניגען זיין געוויסען. אין דער נשמה פון יעדען איד ליגט פאַרבאַהאַלטען איידעלקייט. עס קומט אַמאָל צום אויסדרוק דער דראַנג נאָך אַ לייטערונג און פאַרפיינערונג פון די מידות. די געוואַלדיגע אויטאָריטעט פון יום־כפור אין די ברייטעסטע שיכטען פון פאָלק וואָרצעלט זיכער אין דער נטיה צו דערהויבען זיך מאָראַליש און צו דערנעהנטערן זיך כאָטש אויף איין טאָג צום באַשעפער פון דער וועלט. דער איד, וואָס איז אַ גאַנץ יאָהר פאַרטאָן אין ערדישע עסקים, וואַרפט אַוועק אַלע זיינע תאוות אויף דעם יום־כפור׳דיגען מעת־לעת. ער פאַסט און פאַרברייגגט דעם טאָג אין שוהל, כדי צו דאָקומענטירען זיין ווילען צו גייס־טיגער דערהויבונג.

און לייכטער אָטעמט מען אויף, ווען עס פאַרענדיגט זיך די פייערליכסטע און לעצטע יום־כפור׳דיגע תפילה, ווען די קלאַנגען פון „נעילה״ פאַרגעהען אין דעם אויסרוף „ד׳ הוא האלקים״; מען פיהלט זיך דערפרישט. עס דאַכט זיך, אַז דער נאָר וואָס גע׳חתמעטער גזר־דין באַרעכטיגט צו נייע האָפענונגען.

אָבער, היינט מעהר ווי אַלעמאָל, דאַרף מען דערמאָנען, אַז דער גזר־דין הענגט אָפּ אין אַ גאָר גרויסער מאָס פון אויסגלייכען די אַנדערע העלפט פון אונזער באַלאַנס: פון די חובות „שבין אדם לחברו״. ס׳איז ווייניג וואָס מען האָט חרטה אויף די זינד „שבין אדם למקום״; ס׳איז ווייניג וואָס מען טוט תשובה אויף די „עבירות שבין אדם למקום״. כדי צו רייניגען דאָס געוויסען — מוז מען זיין אין אָרדנונג מיט די פליכטען לגבי די ברידער און לגבי דעם גאַנצען פאָלק.

פון ר׳ יהונתן אייבשיץ, דעם מחבר פון „יערות דבש“, דעם „כרתי ופלתי“ און דעם „תומים“, שטאַמט דאָס וואונדערליכע וואָרט אַלס ערקלערונג פון מדרש אין איכה: „השיבנו ד׳ אליך ונשובה, אמרה כנסת ישראל לפני הקב״ה, רבונו של עולם, התשובה שלך היא — השיבנו, אמר להם הקב״ה, התשובה שלכם היא“. די כנסת ישראל, זאָגט רבי יהונתן אייבשיץ, וויל תשובה טאָן צו השם־יתברך, זי מיינט, אַז עס איז גענוג חרטה צו האָבען אויף די זינד „בין אדם למקום“ און דאַריבער בעט זי: „התשובה שלך היא“, השיבנו, נעם אָן אונזער תשובה. אָבער גאָט ענטפערט: ניין, „התשובה שלכם היא“, איהר מוזט תשובה טאָן בנוגע אייך אַליין, בנוגע איינער דעם צווייטען, ווייניג וואָס איהר טוט תשובה צו מיר, ווייל עס זיינען אויך דאָ די „עבירות שבין אדם לחבירו“...

און ווי צוגעפּאַסט זיינען אָט די ווערטער אויף אונזער היינטיגער צייט! ווי פאַלש איז עס צו באַרוהיגען דאָס געמיט דערמיט וואָס מען טוט תשובה אויף די זינד לגבי קודשא בריך־הוא! היינט, ווען די וועלט איז פאַר־וואַנדעלט געוואָרען אין אַ ברענענדיגען פלאַקער, ווען עס איז דאָ אַזוי פיל עלענד און נויט, ווען דער גורל פון אונזער פאָלק איז אויפ׳ן וואָגשאָל, קען מען מעהר נישט אָפּקומען מיט חרטה אויף די זינד „שבין אדם למקום“.

היינט מוז זיך יעדער איד פרעגען, ווען ער געהט יום־כפור אין שוהל און מאַכט זיין חשבון הנפש: „וואָס האָב איך געטאָן, כדי צו העלפען מיינע ברידער און שוועסטער, וועלכע געהען אונטער? האָב איך יוצא געווען מיין חוב לגבי יענע, וואָס די מערדער־האַנט פון נאַצי פאַרפאָלגט אַזוי שרעקליך?“

נישטאָ קיין פאַרענטפער, אַז מען איז מאַכטלאָז. דאָס איז ווי אָפּיום צו באַרוהיגען דאָס אייגענע געוויסען. אויב די פיהרער פון די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטעהען ביי דער אַרבייט, קענען נאָך ווען עס איז ביי געוויסע — ספּעציעלע אונטערנעמונגען — אָנטרעפען אויף אַ וואַנט, וואָס מען קען זי ניט איינברעכען, איז אָבער גאַנץ אַנדערש דער ענין ביי יעדען סתם־איד. ער מוז כסדר וועקען זיך און אַנדערע. ער טאָר ניט שווייגען. ווערט דער סתם־איד אַנטשוויגען, ווי עס איז ליידער ביי אונז דער פאַל, דאַן הערשט יאוש, דאַן לאָזען אַלע אַראָפּ די הענט. וואָלט אָהן אַ הפסק גע־קומען צום אויסדריק דער צער און וועהטאָג פון פינף מיליאָן אַמעריקאַנער אידען איבער דעם חורבן פון אונזערע אייראָפּעאישע ברידער און שוועסטער, דאַן וואָלט שוין לאַנג פאַר זיי עטוואָס ממשות׳דיגעס געטאָן געוואָרען. די גרעסטע „עבירה בין אדם לחברו“ פון יעדען דורכשניטליכען אַמעריקאַנער איד אין לעצטען יאָהר איז געווען דאָס מיאש זיין זיך פון די אידען אין היט־לער־גיהנום. אויף דער עבירה איז יום־כפור ניט מכפר, ניין!

וואו איז די אָפּפערוויליגקייט לגבי דער שרעקליכער קאַטאַסטראָפּע? וואו זיינען די קרבנות, וועלכע דער זאַטער און זיכערער דאַרף ברענגען, כדי

צו לינדערען די נויט פון ליידענדען, פון הונגערענדען און פאַרבלוטיגטען אייראָפּעאישען אידען? אין די נייטראַלע לענדער זיינען דאָ מעגליכקייטען פון הילף, גרויסע און זיכערע מעגליכקייטען; עס פעהלט דאָצו דאָס געלט. קען אויף דער דאָזיגער „עבירה שבין אדם לחברו" — אויף דעם פעהלען פון געלט פאַר אייראָפּעאישע אידען אין די נייטראַלע לענדער — זיין אַ תיקון?

ווען פוילען איז ביים סוף פון 18־טען יאָהרהונדערט געווען דער צענטער פון מלחמה, האָט אַ וואַרשעווער איד, שמואל זביטקאָווער, אויפגעשטעלט אַ פאַס מיט גאָלדענע רענדלעך און געצאָהלט אַ רענדעל פאַר׳ן גוף פון אַ איד, כדי איהם צו קענען ברענגען לקבר ישראל; פאַר אַ לעבעדיגען איד האָט ער געצאָהלט דאָפּעלט. זעהר שנעל איז דאָס פאַס ליידיג געוואָרען. וואו זיינען היינט די שמואל זביטקאָווערס? קען מען דען היינט מיט רענדלעך ניט טאָן דאָס זעלבע? קען מען דען היינט ניט אויסקויפען אידישע בר־מנן׳ס, כדי זיי זאָלען ניט וואַלגערען זיך אין די גאַסען, און מעהר נאָך: קען מען דען היינט ניט אויסקויפען אידישע לעבענס, אידישע קינדער, פון זיכערען טויט? אויף דער עבירה קען יום־כפור ניט מכפר זיין, קיינמאָל ניט!

„התשובה שלכם היא"... מען מוז תשובה טאָן לגבי דעם כלל ישראל, לגבי דעם פאַרפייניגטען אידישען פאָלק.

אין די ימי־הרצון דאַרף יעדער איד, וואָס אָטעמט די פרייע אַמעריקאַנער לופט, ביי זיך פעסט באַשליסען, אַז אַזוי קען עס ווייטער ניט געהן. עס מוז נעמען אַן עק צו דער גלייכגילטיגקייט און צו דער פּאָליטיק־מאַכעריי אויפ׳ן חשבון פון די געטאָ־מאַרטירער. עס איז היינט־צו־טאָג ניט דערלאָזבאַר קיין שום אַנדערע אידישע פאָלקס אַקציע, עס טאָר ניט אפילו דיסקוטירט ווערען קיין שום אַנדערער פּראָבלעם, ווי די פראַגע פון ברענגען הילף און רעטונג צו די אייראָפּעאישע אידען. יעדע אָפּווענדונג פון דער אויפמערקזאַמקייט פון אידישען פאָלק אין די פרייע לענדער פון וויכטיגסטען פּראָבלעם — איז אַ נאַציאָנאַלער פאַרברעכען. אין אַזאַ עת צרה איז פאַר אונז ניטאָ קיין שום אַנדערע פראַגע. מיר געהען אונטער. און דעריבער טאָרען מיר ניט קלעהרען, ווען די ברויזענדע כוואַליעס פאַרמעסטען זיך אויף אונזער עקזיסטענץ, וועגען דער צוקונפט. מיר מוזען געפינען אַ וועג ווי צו דערהאַלטען זיך. אָט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

די עשרת ימי תשובה זיינען די פּאַסיגסטע צייט פאַר אַזעלכע באַטראַכטונגען און פאַר אַזאַ באַשלוס. ניט נאָר ביים ציבור, נאָר דוקא ביי יעדען יחיד. זאָל דאָ ערשט דערמאָנט ווערען די גמרא (אין ראש השנה דף י״ח) וועלכע דריקט דעם געדאַנק אויס אַזוי שאַרף און קלאָר: „אמר רב שמואל בר איניא משמי׳ דרב: מניין לגזור דין של ציבור שאינו נחתם? אינו נחתם, והא כתיב: נכתם עונך לפני (ירמי׳ ב׳). אלא אע״ג שנחתם — נקרע,

שנאמר (דברים ד׳) כי מי גוי גדול אשר לו אלקים קרובים אליו כד׳ אלקינו בכל קראנו אליו. והכתיב: (ישעי׳ נ״ה) דרשו ד׳ בהמצאו. התם ביחיד, הכא בצבור. ביחיד אימת? אמר רבה בר אבוה: אלו עשרה ימים שבין ראש השנה ליום כפור״...

דער גזר־דין פון אידישען פאָלק, הגם ער קען זיין טויזענט מאָל גע־חתמ׳עט, קען נאָך תמיד צעריסען ווערען. ווייל דאָס אידישע פאָלק קען געגען אַ שלעכטען גזר־דין אַפּעלירען צו דעם, וואָס איז תמיד נאָהענט צו איהם, ווען מען רופט איהם נאָר. „בכל קראנו אליו״, ענטפערט ער. און ווען דער נביא ישעיהו זאָגט: „דרשו ד׳ בהמצאו״, רופט גאָט דאַן, ווען מען געפינט איהם, דאַן ווען מען קען איהם טרעפען, מיינט ער ניט דעם כלל, נאָר דעם יחיד. דער יחיד מוז האָבען אַ באַזונדערע צייט, ווען ער קען רעדען מיט׳ן רבונו של עולם. ווען איז די צייט? — אלו עשרה ימים שבין ראש השנה ליום כפור.

ניט וועגען זיך זאָל דער יחיד רעדען מיט׳ן רבונו של עולם אין די ימי־רצון. ניין, ווייטער וועגען כלל, ווייטער וועגען זיינע מיט־ברידער. אָבער עס פאָדערט זיך דאָצו אַ באַזונדערע שפּראַך, אַ שפּראַך ניט פון ווערטער, נאָר פון מעשים, פון פעסטע באַשלוסן, פון שטאַרקע און מעכטיגע טהאַטען.

געקומען איז די צייט פון דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע פון יעדען אידישען יחיד פאַר דער רעטונג פון אונזער פאָלק.

---

# הילפס־מעגליכקייטען פאַר אידען, וואָס ווערען פאַרנאַכלעסיגט

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ״ח חשון תש״ד—26 נאָוועמבער 1943)

דער קונפטיגער היסטאָריקער וועט, בלי ספק, מיט גרויס באַדויערען זיך אָפּשטעלען אויף די קריגערייען אין אַמעריקאַנער אידענטום, וואָס האָבען גורם געווען, אַז די טעטיגקייט פאַר דער רעטונג פון אייראָפּעאישע אידען, זאָל פּאַראַליזירט ווערען, באַזונדערס די אַקציע וועגען ממשות׳דיגער הילף פאַר די אידען אין אייראָפּע.

גראָד זיינען דאָ גאָר גוטע מעגליכקייטען פאַר אַזאַ הילפס־אקציע. אָט ליגען פאַר מיר עטליכע בריוו און טעלעגראַמעס, וואָס לאָזען נישט איבער קיין צווייפעל, אַז אויב עס וואָלט געווען ביי אונז אַ געהעריגע אינסטאַנץ פאַר רעטונג, פריי פון אַלע פּאָליטישע מחלוקת׳ן, און געווידמעט אויסשליסליך

צו דעם גרויסען און הייליגען צוועק צו העלפען אונזערע ליידענדע ברידער אין עמק הבכא, וואָלט מען געקענט אַ סך דערגרייכען.

איין טעלעגראַם דערצעהלט, אַז דער „אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ" איז גרייט צו שיקען פעקלעך מיט שפייז און קליידונג פון טערקיי צו די אידען אין עטליכע אָקופּירטע לענדער. דער „אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ" וויל גאַראַנטירען אַז ער וועט צושטעלען די פעקלעך צו די אַדרעסאַטען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז די הויפּט־פראַגע, וואָס איז געשטעלט געוואָרען, אויב די אָקופּאַנטען פון אייראָפּע וועלען קאָנפיסקירען די פעקלעך און ממילא אויסנוצען פאַר זיך די הילף, וועלכע זאָל געשיקט ווערען צו די הונגעריגע און שטאַרבענדע אידען, איז אָפּגעפאַלען. דער „אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ" האָט באַקומען אין געוויסע לענדער (נישט אין אַלע, נאַטירליך) די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירען די צושטעלונג פון די פעקלעך אויפ'ן אָרט. ער קען שיקען שלוחים אַהין און פעסטשטעלען, וועמען די פעקלעך ווערען איבערגעגעבען.

דוכט זיך, אַז אַזאַ ידיעה וואָלט געדאַרפט אויפברויזען דאָס אידישע אַמעריקע: עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט פון גאַראַנטירטען צושטעל פון די שפּייז צו די אידען! דאָס וואָלט דאָך געדאַרפט באַפרידיגען אַלעמען! אפילו יענע, וואָס זיינען „פּויפּסטליכער ווי דער פּויפּסט" אַליין און וואָס האָבען מורא געהאַט, אַז מען וועט „העלפען דעם שונא", אָדער „אַז דער שונא וועט זאַט ווערען מיט אונזער שפּייז" — וועלען דאָך מודה זיין, אַז מען קען האָבען צוטרוי צום „אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ"; אויב דער „רויטער קרייץ" זאָגט, אַז ער וועט צושטעלען די פעקלעך צו די אידען, איז דאָך כשר לכל הדעות.

אָבער פונדעסטוועגען איז נאָך גאָר ווייט דערפון, אַז די געלעגענהייט צו ראַטעווען צעהנדליגער טויזענטער אידען פון הונגער־טויט זאָל אויסגענוצט ווערען אין אַ געהעריגען פאַרנעם. מיליאָנען דאָלאַר וואָלטען תיכף געדאַרפט זיין פאַר אָט דעם צוועק. ווייל ווער ווייסט וואָס וועט זיין אין עטליכע חדשים און צי די מעגליכקייטען פון „רויטען קרייץ" וועלען אָנהאַלטען. עס איז אָבער נאָך גאָר ווייט דערפון.

אנשטאָט זיך אָנצוכאַפּען אָן דער געלעגענהייט צו שפּייזען די הונגעריגע ווערט גאָר פון אונזערע „חכמים" געשטעלט די קלאָץ־קשיא: פון וואַנען וועט דאָס דער „אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ" נעמען די שפּייז צו שיקען די פעקלעך? וואו וועט מען זי קויפען?

הגם עס איז להלוטין פאַלש צו פרעגען און צו קאָנטראָלירען דעם „רויטען קרייץ", דאַרף מען אָבער וויסען, אַז צוויי מעגליכקייטען זיינען פולקאָם אויסגעהאַלטען. די ערשטע מעגליכקייט איז: די שפּייז און די קליידונג ווערט געקויפט אין נייטראַלע לענדער, צ. ב. אין טערקיי. דאָ איז דאָך אוודאי

ניטאָ וואָס צו קלערען און מען באַדאַרף איבער דעם קיין ווערטער נישט פאַר־לירען. אָבער אויך אין פאַל ווען דער „רויטער קרייץ" זאָל קויפען די שפּייז אין געוויסע אָקופּירטע לענדער גופא און זי דאַרפען פאַרטיילען צווישען די אידען — איז פאַקטיש נישטאָ דערפון קיין שום נוצען פאַר'ן שונא.

לאָמיר, ביי אַט דער צווייטער מעגליכקייט, אָננעמען, למשל, אַז מען שיקט געלד אין טערקיי צום „רויטען קרייץ"; דער „רויטער קרייץ" קויפט פאַר טערקיש געלד אין רומעניע תבואה און ראַטעוועט די אידען פון הונגער־טויט. וואָס קומט פון דעם אַרויס? די תבואה געפינט זיך סיי־ווי אין רומעניע און זי שטעלט מיט זיך פאַר אַ גרעסערען ווערט ווי געלד. אין אַ מלחמה־לאַנד קען תבואה תמיד פאַרוואַנדעלט ווערען אין וואַלוטע. דער באַזיצער פון דער תבואה האָט נישט קיין דאגה ווי צו באַקומען וואַלוטע פאַר זיין סחורה. און דער רומע־נישער פויער האַלט זיין תבואה אפילו טייערער ווי געלד. אַנדערש וואָלט גע־ווען, ווען מען שיקט תבואה פון אַמעריקע אין רומעניע; דאַן וואָלט אַנטשטאַ־נען אַ געפאַהר, אַז דער שונא קען פון דעם געניסען. אָבער אויב עס ווערט נאָר געשיקט געלד אין אַ נייטראַל לאַנד, איז אַבסאָלוט אויסגעשלאָסען אַ וועלכער ס'איז מיסברויך.

אפילו ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דורכלאָזען דורך דער בלאָקאַדע אַ טראַנספּאָרט מיט שפּייז פאַר הונגער־ליידענדע מענשען, וואָלט אַ גאַראַנציע פון „רויטען קרייץ", אַז דאָס וועט צוגעשטעלט ווערען צו די ליידענדע מענשען, געדאַרפט זיין גענוג. אָבער היינט איז גאָר אַן אַנדערער ענין: דער „רויטער קרייץ" זאָגט, ער דאַרף האָבען געלד, נישט מעהר. טאָ פאַרוואָס ווערט דאָס נישט געטאָן?

אַ פריש דערהאַלטענער טעלעגראַם פון איסטאַמבול דערמאָנט, אַז עס רוקט זיך אָן דער ווינטער. „די שנעלע אויספיהרונג איז געזיכערט", איילט איך!

איז טאַקע אַ יושר ביי אַזאַ לאַגע צו פאַרברייינגען טעג און נעכט וועגען דעם, „ווער עס דאַרף רעדען אין נאָמען פון אַמעריקאַנער אידענטום" און לאָזען אין דער צווישענצייט אויסגעהן די רעשטלעך פון אייראָפּעאישען אי־דענטום? אפשר וואָלט מען געמעגט „אָפּלייגען די דיסקוסיע" אויף אביסעל שפּעטער?

אין תוך גענומען איז אַזאַ צושטאַנד גאָר נישט קיין וואונדער. מען זעהט דערשיינונגען אין אונזער אידישען לעבען, וואָס זיינען פשוט אומבאַ־גרייפליך. אָט לייען איך, למשל, אַן אַרטיקעל אין דעם תשרי נומער פון העב־רעאישען אָרגאַן „בצרון", אונטער'ן נאָמען „ההשתערות על וואשינגטון" וואָס איז געווידמעט דעם רבנים־מאַרש ערב יום כפור אויסצובעטען הילף פאַר איי־ראָפּעאישע אידען.

דער אַרטיקעל איז געחתם׳עט „בר בי רב״, און איך ווייס נישט, ווער עס באַהאַלט זיך הינטער דעם דאָזיגען פסעוודאָנים. אָבער וואָס איז זיכער, אַז דער אַרטיקעל פּאַסט זיך גאָר ניט פאַר אַזאַ ערנסטען און בכבוד׳יגען זשורנאַל ווי דער „בצרון״.

עס ווערט דאָרט שטאַרק אָפּגעחוזק׳ט פון די רבנים מיט זייערע פאות, בערד און קאַפּאָטעס. עס ווערען אויסגעלאַכט זייערע שטריימלעך און גאַרטלען. מיט אַ קלאָרער שמחה ווערט איבערגעגעבען, אַז ווען די רבנים זיינען צוגעקומען צום ווייסען הויז, האָט מען עס פאַר זיי פאַרשלאָסען, „ווייל דער פּרעזידענט וויל נישט פרעגען קיין שאלות, נישט אין איסור והיתר, נישט אין דיני ממונות״. עס ווערט דערצעהלט, אַז דער „משנה למלך״ (געמיינט ווייס־פּרעזידענט וואַלאַס) האָט מיט זיי גערעדט וועגען „כבוד התורה״ און דער שרייבער וואָס צייכענט זיך אונטער „בר בי רב״, רופט אויס: „אשרי עין ראתה כל אלה!״...

איך בין געוועזן אין וואַשינגטאָן און אנטייל גענומען אין „מאַרש״. איך מוז זאָגען, אַז די שטילע און ווירדיגע דעמאָנסטראַציע האָט אָפּגעשפּיגעלט אין זיך דעם אידישען צער און אונזער גאַנצען שרעקליכען חורבן. ווהע איז צו דעם אידישען פאָלק, אַז אַזעלכעס איז נויטיג געווען!

וואו איז דער דרך ארץ פאַר די מיליאָנען געפאַלענע מאַרטירער? זיינען מיר טאַקע אין גאַנצען הפקר? מעג מען אין אַ אידישער טריבונע, וואָס איז נאָך דערצו באַשטימט פאַר די אינטעלעקטועלע, אַזוי שרייבען הינטצו־טאָג?

וועלכע טרויעריגע מסקנות מוזען מיר ציהען פון דעם אַלעם. אידען שטאַרבען פאַר הונגער און דער „אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ״ וויל זיי העלפען; עס געשעהט גאָר נישט, אָדער אין בעסטען פאַל כמעט ווי גאָר נישט, כדי דאָס אויסצונוצען. אידען געהען אָפּ אין בלוט און רבנים פאָהרען זיך צו־נויף פאַר יום כפור קיין וואַשינגטאָן, מאַכט מען פון זיי שפּאָט!

---

# די שעה שלאָגט צוועלף

(„אידישע שטימע״, כסלו תש״ד, — דעצעמבער 1943)

**דער סוף** פון דער מלחמה דערנעהנטערט זיך, און מיט דעם ווערט אויך שטאַרק פאַרגרעסערט די סכנה פאַר די אידען אין נאַצי־אָקופּירטען אייראָפּע, וועלכע זיינען פאַרבליבען לעבען: אין די רעשטלעך פון די געטאָס, אין די אַרבייטס־לאַגערן און אין אַנדערע מקומות, וואו זיי האַלטען זיך אויף.

עס פֿאָדערט זיך די גרעסטע אָנשטרענגונג מצד די אידען אין די פרייע לענדער, כדי דער מאָמענט, אויף וועלכען די מענשהייט האָפט אַזוי שטאַרק, זאָל נישט פאַר אונז ברענגען נאָך אַ גרעסערע מאָס לייד.

עס זיינען דאָ געוואַלדיגע מעגליכקייטען צו ראַטעווען די אידען שוין איצט פון הונגער און אַנדערע סכנות.

צושפּאָלטען, צוריסען דורך פּאָליטישע קאַמפּען שטעהט דאָס אַמעריקאַנער אידענטום אין אַזאַ קריטישער צייט. מען האָט אַריינגעפיהרט דעם גיפט־גאַז פון פּאַרטיי־מחלוקת'ן אין דער רעטונגס־אַרבייט. אונזערע ברידער טרינקען זיך אין זייער בלוט און ווענדען זייערע אויגען צו אונז, די פרייע און גליקליכע אידען אין די דעמאָקראַטישע לענדער, — און דאָ ברענט אַ פייער פון פּאָליטישע קאַמפּען, אין וועלכען עס ווערט פאַרניכטעט דער שאַנס פון מציל זיין דעם שארית הפליטה.

וואָך נאָך אַ וואָך, חודש נאָך אַ חודש געהען פאַרביי און מען באַרעכנט נישט, וואָס פאַר אַ שרעקליכען אחריות די פאַרבלענדעטע „פיהרער" נעמען אויף זיך.

„ונקיתי דמם לא נקיתי" — מיינט נישט נאָר די בלוט־פאַרגיסער מיט זייערע הענט ממש. אויך די, וואָס לאָזען צו, אַז דאָס אידישע בלוט אין איי־ראָפּא זאָל פאַרגאָסען ווערען דורך דער פּאַסיוויטעט פון אַמעריקאַנער אי־דישען ציבור צוליב'ן אונזיניגען קליינליכען פּאָליטיק־טרייבען, זיינען בכלל.

---

# ווי לאַנג וועט מען טרייבען פּאָליטיק מיט'ן אידישען בלוט?

(„אידישע שטימע", טבת תש"ד—יאַנואַר 1944)

1

דאָס, וואָס געהט איצט אָן מיט דער רעטונגס־אַקציע פאַר די אידען אין נאַצי־גיהנום, הויבט אָן צו באַקומען דאָס פנים פון גרעסטען געזעלשאַפט־ליכען סקאַנדאַל אין אידישען אַמעריקע. ניין ; נישט עס הויבט אָן, נאָר עס איז שוין געוואָרען.

זייט דעם 2־טען סעפּטעמבער 1942 ווייסט מען אין אַמעריקע קלאָר און דייטליך, אַז דריי און אַ האַלבער מיליאָן אידען אין פּוילען זיינען געוואָרען פאַראורטיילט דורך היטלער'ן צום טויט און דער מאַסען־מאָרד פון די מיליאָנען

אומשולדיגע מענשען ווערט אויסגעפיהרט דורך די בעסטיעס אָהן רחמנות. פון דאַן האָט די מיט־פאַראַנטוואָרטונג פאַר׳ן גורל פון אונזערע ברידער און שוועסטער זיך איבערגעטראָגען צו אונז דאָ, אין אַמעריקע.

דער שרייבער פון די שורות געהערט צו די־יעניגע נאַאיווע מענשען, וועלכע גלויבען אַז מען האָט געקענט ראַטעווען די פוילישע — און מיט זיי נאַטירליך אַלע אייראָפּעאישע — אידען, און אַז די וואַסערען פון אַלע ימים צו־זאַמען קענען ניט אָפּוואַשען דאָס בלוט פון די הענט פון די אידישע און נישט אידישע פיהרער אין די פרייע לענדער, וועלכע האָבען צוגעקוקט צום בעסט־יאַלישען אויסמאָרדען פון מיליאָנען אידען אין אייראָפּע. די תירוצים אַז „עס איז נישט געווען קיין רעאַלע מעגליכקייט״, אַז „סוף סוף איז דאָך אַמעריקע אין מלחמה מיט דייטשלאַנד״ א. א. וו. זיינען אַלע פויל. ווען נישט אידען, נאָר אַן אַנדער פאָלק, וואָלט אַזוי אויסגעמאָרדעט געוואָרען, וואָלט מען עס שוין לאַנג געווען אויפגעהאַלטען. עס זיינען געווען וועגען פון רעאַגירען. מען האָט עס ניט געטאָן.

אָבער דאָס, וואָס געשעהט יעצט, איז אין אַ געוויסען זין נאָך ערגער, נאָך דעמאָראַליזירענדער. דאָס אומשולדיגע בלוט פון מיליאָנען מאַרטירער־אידען ווערט באַנוצט צו טרייבען פּאָליטיק. אין דער אַזוי־גערופענער אידישער פּאָליטיק אין אַמעריקע איז אַריינגעמישט געוואָרען אונזער גרעסטער נאַציאָ־נאַלער חורבן, וועלכער איז פאַרנאָטירט אין דער געשיכטע. און דאָ מוזען מיר אויסשרייען: הענד אָוועק! טוט אייך מיט דער אידישער פּאָליטיק (אויב אין אַזאַ צייט, ווען דאָס אידישע הויז פאַלט איין, עקזיסטירט נאָך דאָס דאָזיגע מין) וואָס איהר ווילט, אָבער לאָזט על־כל־פּנים צורוה די געמאָרדעטע ברידער אין אייראָפּע! מישט זיי נישט אַריין אין דעם ברודיגען שפּיל!

זאָלען עטליכע פאַקטען רעדען פאַר זיך אַליין.

2

דעם 24טען סעפּטעמבער 1943 איז אין אָפיס פון „אַמעריקאַנער אידי־שער קאָנגרעס״ פאָרגעקומען אַ זיצונג פון „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע פאַר יוראָפּיען דזשואיש אַפעירס״. אויף דער דאָזיגער זיצונג איז באַריכטעט געוואָרען וועגען העכסט וויכטיגע ענינים. עס האָבען זיך באַוויזען נייע און גרויסע מעגליכקייטען צו העלפען די אייראָפּעאישע אידען דורכ׳ן אינטער־נאַציאָנאַלען רויטען קרייץ מיט דער הסכמה און אפילו פינאַנציעלער מיט־הילף פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

פלוצים איז אַרויסגעשפּרונגען אַ מיטגליד פון „דזשאָינט עמוירדזשענ־סי קאָמיטע״ (מר. מאָנטאָר) מיט אַ פאָרשלאַג אויפצולייזען דעם קאָמיטעט און איבערגעבען זיין טעטיגקייט צו דער „אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ״.

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ גרויסע דעבאַטע. זעהר שאַרף איז דאַגעגען אויפ־געטראָטען ד״ר ישראל גאָלדשטיין, דער פּאָרזיצער פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די זעלבע שטעלונג האָבען פאַרטרעטען אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט, ווי ריכטער פּראָסקאַויער, מר. מינקאָף און דער שרייבער פון די שורות. עס האָט אויסגעוויזען, אַז דער אומגעלומפּערטער פּאָרשלאַג איז אריינגעטראָגען געוואָרען על דעת עצמו פון זיין מחבר. און ער איז נישט צומאָל געבראַכט געוואָרען צו אַן אָפּשטימונג. דער פּאָרזיצער, ד״ר סטיפען וויז, האָט דערקלערט, אַז עס איז בלויז פּאָרגעקומען אַ „שמועס״ וועגען דעם ענין און קיין אָפּשטימונג איז נישט נויטיג. די דערגרייכונגען פון „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע״, האָט ווייטער געזאָגט ד״ר וויז, זיינען אַזעלכע גרויסע, אַז עס קען קיינעם נישט איינפאַלען איהם אויפצולייזען. און מר. קאַרל שערמאַן, אַ פיהרענדער מיטגליד פון „אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס״, האָט צום שלוס געשטעלט דעם פּאָרשלאַג, אַז מען זאָל אַרויסגעבען אַ שריפטליכען באַריכט איבער דער טעטיגקייט פון „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע״, כדי צו איבערצייגען די עפענטליכע מיינונג, וואָס איז אַלץ אויפ־געטאָן געוואָרען.

דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות האָט בשעת מעשה געטראַכט: הגם דער דאָזיגער טעטיגקייט־באַריכט וועט די עפענטליכע מיינונג נישט צופריי־דענשטעלען, ווייל אין אמת׳ן האָט מען געקענט דערגרייכען פיל־פיל מעהר, אָבער גוט פונדעסטוועגען, אַז דאָס אייז ריהרט זיך. עס איז קיינמאָל נישט צו שפּעט. עס איז נאָך אַלץ דאָ פּלאַץ פאַר רעטונג, ווייל אידען לעבען נאָך אין אייראָפּע, אין פוילען, אין רומעניע און אין אַנדערע לענדער. זאָלען די פיהרער פון די גרויסע אָרגאַניזאַציעס אָנהויבען צו געבען דין־וחשבון, דאָס ווייטערע וועט שוין קומען.

אָבער אין דער צווישענצייט, ביז צו דער נעקסטער זיצונג, וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 29־טען אָקטאָבער 1943, איז פּאָרגעקומען דער אַרויסטריט פון „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע״ פון „אַמעריקען דזשואיש קאָנפערענץ״. און צוליב דעם איז שוין ענטגילטיג גע׳חתמ׳עט געוואָרען דער גורל פון „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע״. דעם 29־טען אָקטאָבער האָט מען שוין קיין איין וואָרט נישט גערעדט וועגען די רעאַלע הילפס־מעגליכקייטען, נאָר וועגען דער אויפלייזונג. מען האָט עס נישט דערליידיגט אויף איין זיצונג, און ערשט דעם 5־טען נאָוועמבער 1943 איז דאָס גרויסע געשעהניש פּראָק־לאַמירט געוואָרען. נאָך שטורמישע דעבאַטען, בעת וועלכע די אגודת הרבנים, דער אידישער אַרבייטער־קאָמיטעט, די אגודת ישראל און די „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע״ האָבען זיך אַרויסגעזאָגט געגען דער אויפלייזונג, איז עס

דאָך באַשלאָסען געוואָרען מיט אַ מערהייט פון 5 געגען די דערמאָנטע פיר אָרגאַניזאַציעס.

איצט פרעגט זיך: האָט מען געמעגט אַריינמישען די הצלה־ארבייט אין דער אינערליך אַמעריקאַנער שטרייט־פראַגע פון דער „קאָנפערענץ"? מיר האָבען געהערט ביי די צוויי זיצונגען פון 29־טען אָקטאָבער און 5־טען נאָ־וועמבער בלויז מאָטיווען פון „פּרעסטיזש", פון „אויטאָריטעט" א.א.וו. הייסט עס, אַז צוליב „פּרעסטיזש און „אויטאָריטעט" פון דער „קאָנפערענץ" מאַכט מען וועלכע שריט אין ענינים פון רעטונג, און אַלס ערשטען שריט — די אויפלייזונג פון דער „עמוירדזשענסי קאָמיטע", וועלכע איז, ביי אַלע איהרע חסרונות, דאָך געווען אַ פּלאַטפאָרם, וואו אַלע פאַראינטערעסירטע אין דער רעטונגס־אַרבייט האָבען זיך געטראָפען (מיט'ן אויסנאַם פון די רעוויזיאָניסטען, אָבער וועגען דעם וועלען מיר רעדען באַזונדער) און קאָאָרדינירט זייערע מיינונגען און האַנדלונגען.

די לאָגיק איז דאָך אַ גאַנץ פאַרקעהרטע: ווייל די „קאָנפערענץ" איז אַריין אין קאַמף מיט דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע", און אַ רייה אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך לכתחלה אין איהר נישט באַטייליגט, דאַרף די אַרבייט פאַר רעטונג פון אייראָפּעאישען אידענטום זיך קאָנצענטרירען אויף איין אָרט, וואו אַלע ווילען און וועלען קומען. לגבי דער קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע איז נישטאָ קיין שום „פּרעסטיזש" און קיין שום „אויטאָריטעט". דאָס זיינען אַלץ פאַרוועלקטע, אָפּגעשטאַנענע באַגריפען — ווען עס גיסט זיך בלוט, ווען מיר געהען אונטער. מען דאַרף אַקטיוויזירען די פאַראייניגטע „עמוירדזשענסי קאָמיטע" — דאָס איז געווען די מיינונג פון אַלע גרופּירונגען ביז צו דער זיצונג פון 24־טען סעפּטעמבער. אויפצולייזען איהר איז געווען אַ פאַרברעך, ווייל די אַרבייט פאַר רעטונג ווערט דאַדורך נאָך מעהר צושפּליטערט און וועט דאַריבער האָבען נאָך ווינציגער שאַנסען אויף דערפאָלג.

3

דאָס זעהט מען בולט פון דער מעשה נורא, וואָס שפּילט זיך אָפּ מיט דער רעזאָלוציע אין קאָנגרעס וועגען שאַפען אַ ספּעציעלע אַמעריקאַנישע אַגענטור צו אונטערנעהמען שריט וועגען ראַטעווען די נאָך לעבען געבליבענע אידען אין נאַצי־אייראָפּע.

די קאָנגרעס־לייט באַלדווין און ראָדזשערס, וועלכע האָבען די רעזאָלוציע אַריינגעבראַכט, האָבען געטאָן לכל הדיעות אַ גוטע זאַך. זייער שטימע איז וואָגיג, כדי אויפצושטורמען די וועלט. מען האָט געדאַרפט זיך באַמיהען צו באַקומען מעהר קאָנגרעסלייט פאַר'ן פאָרשלאַג, וואָס איז דורכאויס מעג־

ליך, ווייל די פאַרעין רעלייִשאָנס קאָמיטעט פון סענאַט האָט דאָך די רעזאָלו־
ציע אָנגענומען איינשטימיג.

דערווייל האָט אָבער דער פאַרטרעטער פון רעוויזיאָניסטישען „עמויר־
דזשענסי קאָמיטעט" אויף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ דעם 11־טען נאָוועמבער 1943
דערצעהלט די ממש אומגלויבליכע געשיכטע, אַז צוויי פאַרשטעהער פון אַ אי־
דישער אָרגאַניזאַציע האָבען זיך באַמיהט, אַז די קאָנגרעסלייט זאָלען זייער
רעזאָלוציע צוריקציהען! דער פאָרוואורף איז אַזוי שרעקליך, אַז מיר קאָנען
פשוט נישט גלויבען אין דער מעגליכקייט פון אַזאַ האַנדלונג מצד אידישע
פיהרער. אָבער מר. בערגסאָן האָט דאָך דערקלערט אויף דער פּרעסע־קאָנ־
פערענץ, אַז ער איז גרייט צו באַווייזען זיין פאָרוואורף פאַר יעדען געריכט.

איז עס נישט דער שרעקליכסטער חילול־השם, וואָס מען קען זיך נאָר
פאָרשטעלען? די סענאַטאָרען און קאָנגרעסלייט קענען פשוט משוגע ווערען פון
די פאַרשידענע אידישע פאָרשטעהער, וואָס קומען צו זיי און רעדען אויס איי־
נער אויפ'ן אַנדערען. וועלכען באַגריף קענען זיי האָבען פון אונז, אויב אין
אַזאַ קאַטאַסטראָפאַלער צייט זיינען אידען נישט אימשטאַנד זיך צו איינינגען
וועגען דער פראַגע פון רעטונג? דאָס איז דאָך די גרעסטע נאַציאָנאַלע שאַנדע
פאַר אונז! און קען מען ווירקליך אַזוי טרעטען מיט די פיס דעם אידישען כבוד?
איז ווירקליך דאָס אידישע פאָלק הפקר?

די רעוויזיאָניסטען זיינען אַ וויכטיגער כח אין דער הצלה־אַרבייט. דאָס
האָט זיך קלאָר באַוויזען. עס איז קיינער נישט באַרעכטיגט זיי צו שטעלען מחוץ
למחנה. נאַטירליך קען מען נישט טאָלערירען קיין מיס־גריפען מצד די
רעוויזיאָניסטען, אָבער מיר גלויבען, אַז ווען זיי וואָלטען געזעסען צוזאַמען מיט
אַנדערע אידישע פאָרשטעהער ביי איין טיש, וואָלט מען פון זיי געקענט האָבען
אַ גרויסען נוצען.

די מסקנא איז ווייטער די זעלבע: דאָס פּאָליטיזירען מיט דער אידישער
טראַגעדיע ברענגט צו די ערגסטע קאָנסעקווענצען. דעריבער: אַוועק מיט דער
פּאָליטיק פון אידישען בלוט! זאָל מען ביי דעם איינעם פּראָבלעם פאַרגעסען
אַז ס'זיינען דאָ שטרייטיגקייטען ביי אידען, ווייל דאָ זיינען קיין שטרייטיג־
קייטען נישטאָ. ווער עס פאַרשטעהט דאָס נישט, אָדער מאַכט אַן אָנשטעל ווי
ער וואָלט עס נישט פאַרשטאַנען, דער מוז אַרונטער פון דער אידישער געזעל־
שאַפטליכער אַרענע. ווייל מיר זיינען סוף־כל־סוף דאָך נישט אַזוי הפקר.

4

עס דאַרף תיכף געשאַפען ווערען אַ נייע אַלגעמיינע „עמוירדזשענסי
קאָמיטעט" מיט דער באַטייליגונג פון אַלע גרופּען, וואָס האָבען אַרויסגעוויזען
ביז היינט אַן אינטערעס אין דער רעטונגס־אַרבייט. דער קאָמיטעט דאַרף

נישט האָבען קיין שום שייכות צו קיין באַשטעהענדער קערפּערשאַפט. ער דאַרף זיין צוזאַמענגעזעצט פון אַלע גרופּען, וועלכע זיינען געווען פּאַרטראָטען אין דער אויפגעלייזטער „דזשאָינט קאָמיטעט פאַר יוראָפּיען דזשואיש אַפעירס", פּלוס די רעוויזיאָניסטען. דער נייער קאָמיטעט מוז תיכף עפענען אָן אייגענעם אָפיס און האָבען זיין סטאַבילע פּאַרטרעטונג אין וואַשינגטאָן. די אַרבייט מוז אָנגעפיהרט ווערען מיט אַלע כחות, אָהן אויפהער, בייטאָג און ביינאַכט.

די אידישע עפענטליכע מיינונג אין אַמעריקע איז באַרעכטיגט און פאַרפליכטעט צו פאָדערען, אַז מען זאָל זיך נעהמען צו דער רעטונגס־אַקציע אָהן וועלכע אַנדערע אַספּעקטען. אויב דאָס וועט נישט געשעהן און אַזאַ צווישען־פּאַרטייאישער קאָמיטעט וועט נישט געשאַפען ווערען, איז קלאָר, אַז קיין שום רעזולטאַטען קענען נישט דערוואַרטעט ווערען און די גרויסע פּאָליטיקער וועלען זיך נאָך אַ קורצער צייט אַזוי פאַר'מאוס'ען אין די אויגען פון דער אויסען־וועלט און פון יעדען אָנשטענדיגען מענשען, אַז זיי וועלען אַליין חרטה האָבען אויף דעם אומווירדיגען שפּיל. אָבער דאַן וועט שוין האָבען אָפּגערינען דאָס לעצטע ביסעל אידיש בלוט, וואָס איז נאָך פאַראַן אין אייראָפּע, און עס וועט זיין צו שפּעט.

---

# וועגען אידישער אחדות לגבי דעם „וואָר רעפיודזשי באָארד"

(„נאַשאָ טריבונאַ", פּויליש, ניו־יאָרק — 28 פעברואַר 1944)

מיט דער אויספיהר־פּאַראָרדנונג נר. 19417 פון 23־טען יאַנואַר 1944 האָט פּרעזידענט רוזוועלט געשאַפען אַ ספּעציעלע אַגענטור ביים אַמט פון פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וועמענס אויפגאַבע איז „אויסצואַרבייטען פּלענער און פּראָגראַמען און אונטערנעמען ממשות'דיגע שריט צו ראַטעווען, אַריבערפיהרען, אויסהאַלטען און העלפען די קרבנות פון שונא'ס באַדריקונג, ווי אויך צו געפינען פאַר זיי צייטווייליגע צופלוכט־פּלעצער".

די דאָזיגע אַגענטור, וועלכע איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „וואָר רעפיודזשי באָארד", איז געוואָרען אויסגעשטאַטעט מיט זעהר ברייטע קאָמפּעטענצען. די פאַראָרדנונג פון פּרעזידענט האָט, באַצייכענדיג איהרע אויפגאַבען, באַנוצט דאַביי די ווערטער „וויטהאוט לימיטעישאָנס" (אָהן באַשריינקונגען), און דאָס איז זעהר סימפּטאָמאַטיש. די ווירקונגס־ספערע פון דער

נייער קערפּערשאַפט איז כמעט אין גאַנצען אָהן באַשריינקונגען. אין אַרטיקעל 3 פון דער פאַראָרדנונג האָט מען באַפוילען די דעפּאַרטאַמענטען פון סטעיט, פינאַנצען און מלחמה, אַז זיי זאָלען אומבאַדינגט אויספיהרען אַלע פּלענער און שריט, וועלכע דער „וואָר רעפיודזשי באָארד“ וועט פאָרשלאָגען. אַלע אַגענטורען און דעפּאַרטאַמענטען פון די פאַראייניגטע שטאַטען דאַרפען צו־שטעלען פאַר דער דאָזיגער קערפּערשאַפט אַלע מעגליכע אינפאָרמאַציעס און שטעלען צו איהר פאַרפיגונג שיפען און אַנדערע קאָמוניקאַציע־מעגליכקייטען פאַר דער רעטונגס־אַרבייט. ספּעציעלע דיפּלאָמאַטישע אַגענטען דאַרפען ווערען באַשטימט אין אויסלאַנד אויסשליסליך פאַר דער טעטיגקייט פון „וואָר רעפיודזשי באָארד“. חוץ דעם איז פאָראויסגעזעהען אַ קאָאָפּעראַציע מיט די רעגירונגען פון אַנדערע לענדער, וועלכע די אַמעריקאַנער רעגירונג וועט אויפפאָדערן צו דער מיטאַרבייט מיט'ן „וואָר רעפיודזשי באָארד“.

דער אַרט. 4 פון דער פאַראָרדנונג פון 23־טען יאַנואַר 1944 האָט באַשטימט, אַז אין דער רעטונגס־אַרבייט קען מען אויך „אָננעמען די דינס־טען אָדער די מיטאַרבייט פון פּריוואַטע מענשען אָדער פּריוואַטע אָרגאַניזאַ־ציעס“. דאָ האָט מען נאַטירליך געעפענט דעם וועג פאַר אידישע אָרגאַני־זאַציעס, וועלכע האָבען זינט אַ רייה פון חדשים פאַרלאַנגט צו שאַפען אַזאַ אַגענטור. דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען האָט מיט אַן עכט־אַמעריקאַנער פאַרנעם געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דער רעטונגס־אַרבייט דעם גאַנצען אדמיניסטראַטיווען אַפּאַראַט פון דער היינט מעכטיגסטער מלוכה אויף דער וועלט. אויב מען האָט אָבער דאַביי נישט פאַרגעסען צו דער־מאָנען די פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, דאַן איז עס אַ גאַנץ קלאָרער רמז: זאָלען די אידען אָנווייזען, וואָס דאַרף געטאָן ווערען פאַר דער הצלה פון זייערע נאָך לעבען געבליבענע ברידער און שוועסטער אין נאַציסטישען גיהנום.

דאָס אַרבייטס־געביט איז געוואַלטיג גרויס. עס זיינען דאָ וועגען צו ראַ־טעווען אַ גרויסען טייל פון פּוילישע אידען. עס איז נאָך נישט אַלץ פאַר־לוירען. עס איז זעהר שפּעט, אָבער עס האָט נאָך נישט געשלאָגען די לעצ־טע שעה.

אָבער די ערשטע באַדינגונג אויף אויסצונוצען די איצטיגע סיטואַציע, ווען די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען פאַר אונז ברייט געעפענט די טויערען פון זייער אַדמיניסטראַציע, ווען מיר קענען געברויכען דעם אונערשעפּליכען רעזערוואואַר פון אַמעריקאַנער מיטלען און מעגליכקייטען אויפ'ן גאַנצען ערד־קוגעל פאַר דער הצלה פון אונזערע שוועסטער און ברידער — איז אונזער אחדות!

איך וויס עס פון לייטענדע אַמעריקאַנער קרייזען, אַז דאָרט האָט מען ערוואַרטעט תיכף נאָך דער שאַפונג פון „וואָר רעפיודזשי באַארד“, אַז עס

וועט אַנטשטעהען אַן איינהייטליכער קאָמיטעט פון אַלע וויכטיגסטע אידישע גרופּירונגען, פּאָליטישע און רעליף־טעטיגע, וועלכער וועט אָנקניפּען דעם קאָנטאַקט מיט דער נייער קערפּערשאַפט אין נאָמען פון גאַנצען אַמעריקאַנער אידענטום. די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען האָט געהאַט דאָס רעכט צו דערוואַרטען, אַז אידען וועלען זיך קענען צונויפרעדען אין אַזאַ נישט־שטרייטיגער פראַגע, ווי די הצלה פון אונטערגעהענדען אייראָפּעאישען אידענטום.

עס איז געוואָרען באַשטימט אין דער צווישענצייט אַ דירעקטאָר פון „וואָר רעפיודזשי באָארד" און די אַרבייט האָט זיך אָנגעפאַנגען. דעלעגאַציעס פון פאַרשיידענע אידישע גרופּירונגען באַזוכען דעם דירעקטאָר און שטעלען איהם פאָר זייערע פּלענער. מאַנכע אָרגאַניזאַציעס האָבען אויסגעאַרבייט אָדער אַרבייטען אויס מעמאָראַנדומס פאַר׳ן „וואָר רעפיודזשי באָארד", וועלכער האָט, צוליב׳ן מאַנגעל פון איינהייטליכען אידישען קאָמיטעט, צושיקט אַ פראַגע־בויגען צו אַ רייה אָרגאַניזאַציעס, בעטענדיג צו געבען איהם אָנרעגונגען.

עס איז קלאָר, אַז אין מאַנכע פונקטען קומען זיך געוויסע אָרגאַניזאַציעס צונויף, אין אַנדערע געהען זיי זיך פונאַנדער. עס איז אַ פולשטענדיגער כאַאָס. קיין זאַך איז נישט געוואָרען פאַראיינהייטליכט.

אַלס פּועל יוצא פון דער דאָזיגער סיטואַציע קען אין „סטעיט דע־פּאַרטמענט" אין וואַשינגטאָן זיך שאַפען די מיינונג, אַז אין תוך גענומען איז דער גורל פון די אייראָפּעאישע אידען גלייכגילטיג פאַר׳ן אַמעריקאַנער אידענטום. דער גאַנצער געשריי, וועלכען מען האָט אויפגעהויבען אין דער דאָזיגער פראַגע, וואָלט זיך דאָך געמוזט אַרויסווייזען אַלס נישט־אויפריכטיג, אויב אַן איינהייטליכער אידישער פראָנט וואָלט נישט געשאַפען געוואָרען.

מיט אַ איראָניע, וועלכע איז פאַר אונז שמערצליכער ווי דאָס באַריהרען מיט אַ גליהענדיגען אייזען, האָט זיך לעצטענס אויסגעדריקט איינער פון די העכסטע ווירדען־טרעגער אין וואַשינגטאָן: „ווייזט אויס, אַז דאָס צעמענ־טירען פון אַן איינהייטליכען אידישען רעטונגס־קאָמיטעט אין אַמעריקע איז שווערער אפילו פון ראַטעווען די אידען פון היטלעריסטישען יאָך"....

אין די לייטענדע אַמעריקאַנער קרייזען קען מען אויסגעצייכענט אונזער אינערליכע לאַגע. מען ווייסט, אַז עס האָט עקזיסטירט אַ „דזשאָינט עמויר־דזשענסי קאָמיטע פאַר יוראָפּיען דזשואיש אַפעירס" און אַז זי איז געוואָרען אויפגעלייזט. מען ווייסט איבערהויפּט וואָס ביי אונז טוט זיך.

וואָס פאַר אַ מורא׳דיגע פאַראַנטוואָרטונג ליגט אין איצטיגען מאָמענט אויפ׳ן אַמעריקאַנער אידענטום!

בשעת עס גיסען זיך שטראָמען פון אידיש בלוט, בשעת איבער די אייראָפּעאישע וועלדער וואַנדערען פאַרלאָזענע אידישע קינדער, וואָס ווילדע

היטלער־רוצחים יאָגען זיי פון איין הייל צו דער אַנדערער — קען מען אין אַמעריקע זיך נישט אַנידערזעצען ביי אַ גרינעם טיש, כדי געמיינזאַם אָנצוצייכענען איין אַרבייטס־פּלאַן!

מען קען אפילו אויף קיין איין רגע נישט פאַרגעסען די קאַמפען און קריגערייען! מען קען נישט איינשטילען די עקזיסטירענדע חילוקי־דעות — הגם אין דער דאָזיגער אָנגעלעגענהייט איז נישטאָ, ווייל עס קען נישט זיין, קיין קאַמפען, קיין קריגערייען, קיין חילוקי־דיעות!

אויף אונז, פּוילישע אידען, וועלכע געפינען זיך איצט אין אַמעריקע, ליגט דער חוב צוצופיהרען צו אַן אחדות אין אַמעריקאַנער אידענטום בנוגע רעטונגס־ענינים. מיר מוזען אָנשטרענגען אַלע כחות, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען איין איינהייטליכער הילפס־קאָמיטעט — גלייכגילטיג אונטער וועלכען נאָמען — וועלכער זאָל אין לעצטען מאָמענט, נישט קוקענדיג אויף גאָר־נישט, וואַרפען אין דער וואָגשאָל דעם גאַנצען אויטאָריטעט פון אַמעריקאַנער אידענטום פאַר׳ן צוועק צו ראַטעווען די פּוילישע אידען (און אין פּוילען געפינט זיך היינט כמעט אַלצדינג וואָס איז נאָך געבליבען פון אייראָפּעאישען אידענטום). די טיכטיגסטע מוחות מוזען ווערען מאָביליזירט כדי אויסצואַרבייטען אַ פּלאַן פאַר׳ן „וואָר רעפּיודזשי באָארד”. אַלע אינפאָרמאַציעס, וועלכע שטעהען צו פאַרפיגונג פון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס, דאַרפען ווערען צוזאַמענגענומען און באַנוצט. אַ דעלעגאַציע פון פאַראייניגטען קאָמיטעט דאַרף וואָס גיכער אַרויספאָהרען קיין אייראָפּע — אין טערקיי אָדער פּאָרטוגאַל — כדי דאָרט פעסטצושטעלען די מעטאָדען, וועלכע מען דאַרף אָנווענדען ביי דער רעטונגס־אַקציע.

דער משפט פון פּוילישען אידענטום איבער יענע זיהן זיינע, וועלכע זיינען אַנטרינען מיט׳ן לעבען פון דער שרעקליכער מהומה, וועט זיין אָפּהענגיג פון די באַמיהונגען זייערע אין דער דאָזיגער ריכטונג. מיר גלויבען נישט, אַז די באַמיהונגען זאָלען קענען בלייבען אָהן אַן ערפאָלג, ווייל די זאַך איז אַ גרויסע און אַ גערעכטע.

מען קען און מען מוז שאַפען אַ אידישע אחדות פאַר דער רעטונג פון אונזערע אויסגעהענדע ברידער!

מען מוז נאָר שנעל האַנדלען און נישט אָפּשטעהען אין דער אַרבייט!



# מען קען ראַטעווען אידען, מען דאַרף נאָר האָבען די מיטלען!

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ג שבט תש״ד—7 פעבּרואַר 1944)

זינט עס איז געקומען די בשורה, אַז פּרעזידענט רוזוועלט האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע צו ראַטעווען אידען און ניט־אידען פון היטלער׳ס הענט, האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען אַ נייער אינטערעס אין אידישע קרייזען בנוגע רעטונג — אַן אינטערעס, וואָס איז שוין געווען כמעט ווי אָפּגעשטאָרבען ביי אונז, צוליב דעם, וואָס מען האָט זיך געהאַט איינגערעדט, אַז עס איז שוין, רחמנא לצלן, נישטאָ מעהר וואָס צו ראַטעווען.

שולדיג פאַר אָט דעם פּעסימיזם איז אין אַ גרויסער מאָס, דער פאַקט, וואָס מאָהלענדיג מיט שוואַרצע פאַרבען די מורא׳דיגע לאַגע פון די אידען אין היטלער׳ס עמק הבכא, האָבען מיר פאַרגעסען, אַז אונטער די ערגסטע באַדינגונגען, זיינען נאָך פאַראַן אידען, וואָס קענען געראַטעוועט ווערען.

אין גאָר אַ גרויסער מאָס האָט מען שילדערענדיג די מורא׳דיגע לאַגע פון די אידען, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרען פון היטלער׳ס רוצחים, ניט גענוג אונטערשטראָכען, אַז טראָץ אַלע בלוט־בעדער, זיינען נאָך אַלץ פאַראַן אידען וועמען מען קען ראַטעווען.

אין דער אמת׳ען וואָלטען מיר געדאַרפט וויינעגער האַלטען הספדים. אויף הספדים וועט נאָך זיין צייט שפּעטער. אויף היסטאָרישע אָפּשאַצונגען וועגען די געשעהענישען אין די געטאָס וועט אויך זיין אַ פאַסיגערע געלעגענהייט, נאָכדעם ווי מיר וועלען מנצח זיין דעם ברוטאַלען שונא און האָבען צייט צו מאַכען א חשבון פון אונזערע פאַרלוסטען. איצט דאַרפען מיר אונזער הויפּט־אויפמערקזאַמקייט שענקען צו די, וואָס לעבען און די, וואָס קענען אַרויסגעראַטעוועט ווערען פון מערדערליכע נאַצישע הענט.

אָט איז מיט עטליכע טעג צוריק אָנגעקומען אַ ידיעה וועגען אַ באַוואוסטען רב און צדיק, וועמען מען האָט שוין געהאַט מספּיד געווען ברבים און פאַרגאָסען ביטערע טרעהרען אויף זיין גרויזאַמען טויט — אז ער לעבט מיט זיין משפחה. עס איז אפילו געווען אָנגעגעבען געוואָרען די שטאָדט וואו ער געפינט זיך און אויך די מעגליכקייטען, וואָס עס זיינען דאָ איהם צו ראַטעווען.

און דאָס איז ווייט ניט קיין איינצעלנער פאַל.

דער דעפיטיזם, וואָס האָט זיך געשאפען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לאַגע פון אייראָפּעאישען אידענטום, דאַרף באַקעמפט ווערען מיט אַלע כחות. און

אַלאַרמירען דאַרף מען וואָס מעהר וועגען דעם, וואָס מען שלאָפט אין אַמעריקע מיט דער הצלה־אַרבייט.

א דעלעגאַציע פון פאַראייניגטען אמעריקאנער אידענטום וואָלט געדאַרפט, וואָס גיכער אוועקפאָהרען קיין אייראָפּע, אין די נייטראַלע לענדער, וואו מען קען אויספאָרשען די לאַגע און די באַשטעהענדע הצלה־מעגליכקייטען. אַזאַ דעלעגאַציע האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין אין אייראָפּע. זי האָט שוין דאָרט געקענט זיין, ווען נישט די צעשפּליטערונג וועגען דער רעטונגס אַרבייט. אַלע שוועריגקייטען האָט מען געקענט באַזייטיגען, ווען עס איז דאָ די איינִיג־קייט. אין דעם געדרוקטען באַריכט פון דער קאָמיטע פאַר אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען פון רעפּרעזענטאַנטען־הויז פון 26טען נאָוועמבער 1943, וואו עס געפינט זיך די באַקאַנטע רעדע פון מר. ברעקינרידזש לאָנג, קען מען אויף זייט 43 לעזען פאָלגענדע ווערטער פון דעם אסיסטענט סעקרעטערי אָוו סטעיט:

„זיי אַלע (ד. ה. די אָרגאַניזאַציעס) האָבען זיך געווענדעט צו אונז, אַז זיי ווילען שיקען פאָרטרעטער אין יענע פלעצער (אין טערקיי און אַנדערע לענדער), אָבער מיר (דער סטייט דעפּאַרטמענט) האָבען געהאַלטען, אַז מען דאַרף ניט זיין פרייגעביג מיט באַוויליגונגען, ווייל זיי זיינען ניט תמיד אין פולען הסכם מיט די צוועקען פון (אונזער) פּאָליטיק. איך האָב זיי גע'עצה'ט, אַז זיי זאָלען זיך צונויפפריידען און קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג, כדי אויסצו־וועהלען אַ געמיינזאַמען שליח. ווען דאָס וואָלט געשעהן, וואָלט עס פאַרלייכטערט זייערע זאָרגען ווי ווייט עס איז נאָר מעגליך, אַז די מיליטער־רישע מאַכט וואָלט מסכים געווען צו די אַקטיוויטעטען הינטער די ליניען”.

קלאָרער האָט מר. לאָנג, דאַכט זיך, ניט געקענט אַפּעלירען צו די אידישע אָרגאַניזאַציעס, אַז זיי זאָלען זיך איינִיגען אויף אַ הצלה־דעלעגאַציע קיין אייראָפּע. עס איז איבעריג צו באַמערקען, אַז דערוויייל האָט מען אפילו ניט פּרובירט זיך צונויפפריידען וועגען דעם דאָזיגען העכסט וויכטי־גען ענין.

מען האָט אָפּגעלאָזט די הענט אין שייכות צו אַן אַנדערער ניט מינ־דער וויכטיגער הצלה־מעגליכקייט: צו דעם פּראָיעקט פון שיקען שפּייז פאַר די אידען אין אייראָפּע. ווען מען האָט ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען אָנ־געוויזען, אַז שיקען שפּייז וואָלט געהאַט די גרעסטע באַדייטונג פאַר מציל זיין אידען, ניט בלויז פון הונגער־טויט, נאָר אויך אַלס קלאָרער צייכען דערפאַר, אַז די וועלט איז ניט גלייכגילטיג צו זייער גורל, האָט מען עס אָפּ־גע'פּטר'ט מיט דער באַמערקונג, אַז „דאָס איז ניט מעגליך”. מען האָט דערצעהלט, אַז אפילו די גריכען האָט מען נאָר „אָנגעהויבען צו שיקען” און „דאָס וועט זיך ניט האַלטען”. די בלאָקאַדע טאָר ניט געבראָכען ווערען. און

מיר האָבען געהערט פאַרשידענע ארגומענטען: אז די מאָס שפייז, וואָס וועט אָנקומען פאַר אַ געוויסער משפחה, וועט מעגליך מאַכען צו באַנוצען די־זעלביגע מאָס שפייז, וואָס וועט דורך דעם געשפּאָרט ווערען, פאַר אַן אַנדערען צוועק פון שונא.

דערווייל האָט דעם 15טען יאַנואַר, 1944, די „אַמעריקען שוועדיש ניוס עקסטשיינדזש" געבראַכט א קליינע ידיעה: אז אָנהויבענדיג פון דעם טאָג וועלען, חוץ די אַכט שיפען, וועלכע פיהרען כסדר תבואה און אַנדערע פּראָ־דוקטען קיין גריכענלאַנד, נאָך צוויי ווייטערע שיפען פאַר דעם באַנוצט ווערען. די „פּעדראָ קריסטאָפּערזען" פון דער דזשאָנסאָן ליין, וועלכע האַלט 3737 טאָן, וועט פיהרען תבואה פון ארגענטינא קיין גריכענלאנד, און די „ווירדזשיניאַ" פון „שוועדישען לאָיד", 1,600 טאָן, וועט קורסירען צווישען קאנאדע און גריכענלאַנד. בסך הכל וועלען איצט רעגעלמעסיג צעהן שיפען אויפהאלטען דעם פאַרקער צווישען דער אמעריקאנער העמיספערע און גרי־כענלאַנד.

אַלזאָ דאָרט גילט נישט די טענה, אַז די שפייז, וועלכע ווערט גע־שפּאָרט, קומט צוניץ דעם שונא, א. א. וו. נאָר ביי די אויסגעהענדע אידען איז דאָ דער חשבון! דאַרף מען אויף די אומגליקליכסטע פון די אומגליקליכע ניט האָבען אויך אַביסעל רחמנות? פאַרוואָס קלערט מען דאָס ניט אויף? און „אויפקלערען" הייסט ניט בלויז זאָגען און יוצא זיין דערמיט — אויפ־קלערען הייסט: ניט מיד ווערען, נאָר אזוי לאַנג קלאַפּען אין דער טיר, ביז זי וועט זיך עפענען!

נאָך שטאַרקער מוז דאָס באַטאָנט ווערען אין שייכות מיט די באַריכטען וועגען די פּראַקטישע הצלה־מעגליכקייטען פאַר די טויזענדער מענשען, וועל־כע שוועבען צווישען לעבען און טויט, און וועלכע געהען אונטער צוליב דעם, וואָס די עסקנים אין די נייטראַלע לענדער האָבען געבונדענע הענט. מיט רעכט פרעגט איינער פון די, וואָס זיינען זיך מוסר נפש אין אויסלאַנד, אין אַ בריוו, וואָס איז אָקאָרשט אָנגעקומען: „וואו איז די חכמה, וואו איז דער פאַר־שטאַנד פון ,עם חכם ונבון'? מען קליגעלט זיך, מען זוכט עצות, מען פרעגט קשיות, מען זוכט דרישות וחקירות, מען מאַכט פאָרשלאגען — אין אַ צייט, ווען מען דאַרף טאָן איינס: ראַטעווען!"

אַ שוידער נעמט דורך, ווען מען שטעלט זיך פאָר וויפיל אידען זיינען גע'הרג'עט געוואָרען אָדער אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט, צוליב דעם, וואָס דער רוף נאָך הילף איז געבליבען אַ קול קורא במדבר. פון גיהנום, פון עמק הבכא, שטרעקען זיי אויס די אָפּגעשוואַכטע הענט און בעטען זיך, אַז מען זאָל זיי ראַטעווען; זיי זעהען פאַר זייערע אויגען די קאָנקרעטע הילף מעג־ליכקייטען, ווייל אַזעלכע זיינען דאָ.

אפשר וועט איצט די לאַגע געענדערט ווערן. גיט דאָך וואשינגטאָן די מעגליכקייטען צו טאָן רעטונגס־אַרבייט. וועלען אָבער אידען זיין גרייט פאַר דעם און שאַפען מיטלען פאַר אָט דער הייליגער אַרבייט? עס ווילט זיך האָפען, אַז יאָ.

---

# אַנקלאַגע פון איירָאפּעאישע אידען געגען אַמעריקאַנער אידענטום

(„מאָרגען זשורנאַל", כ״א אדר תש״ד — 16 מערץ 1944)

מיט אַ צייט צוריק האָבען פון טערקיי אָנגעהויבען צו קומען ידיעות, אַז מען קען העלפען מיט שפּייז־פּעקלעך די אידען אין רומעניע, באַזונדער אין טראַנסדניעסטריע, וועלכע ליידען הונגער און קומען אום אין מאַסען.

מיר האָבען וועגען די דאָזיגע ידיעות איבערגעגעבען אין „מאָרגען זשורנאַל" און עס האָט אויסגעוויזען, אַז עפּעס וועט געשעהן, כדי אויסצונוצען די מעגליכקייטען וואָס גיכער. אַ פאַרטרעטער פון אַ רומענישער אידישער אָרגאַניזאַציע האָט מיך דאָן באַזוכט, און ווען איך האָב איהם געוויזען אַ געוויסען דאָקומענט, וועלכער האָט קלאָר און דייטליך גערעדט וועגען לעגאַלע מעגליכקייטען צו שיקען הילף, איז ער אויפגעציטערט געוואָרען און מיך פאַרזיכערט, אַז אַלץ וועט תיכף מאָבּיליזירט ווערען פאַר'ן הייליגען צוועק. ליידער האָב איך מעהר פון איהם ניט געהערט.

דער „דזשאָינט" האָט גראָד אָנגעהויבען אַן אַקציע אין טערקיי און דאָס פאַרדינט די פולסטע אנערקענונג. אָבער אָט האָב איך פאַר מיר אַ בריוו פון איסטאַנבול (קאָנסטאַנטינאָפּאָל) פון 29טען דעצעמבער, 1943, וועלכער איז דורכגענומען מיט אַזאַ שרעקליכער פאַרביטערונג, אַז אַ געפיהל פון טיפען צער מוז יעדען באַהערשען, ווען ער לייענט די שורות, וואָס זיינען געשריבען מיט בלוט פון האַרצען.

דער בריוו איז אַן ענטפער אויף אַן אָנפראַגע וועגען גורל פון 700 אידישע נפשות אין אַ געוויסער געגענד פון רומעניע; גלייכצייטיג איז אין דער אָנפראַגע איבערגעגעבען געוואָרען, אַז עס וועקט זיך אין אַמעריקע דער אינטערעס צו העלפען די הונגערענדע אידען אין טראַנסדניעסטריע.

אויף דעם שרייבט מען פון איסטאַנבול: „איהר פרעגט אָן וועגען 700 אידען אין רומעניע און זייט מודיע, אַז אין אַמעריקע אינטערעסירט מען

זיך שוין וועגען די טראַנסדניעסטריע־אידען. אָבער צי ווייסט איהר, אַז אין דער צווישענצייט זיינען שוין הונדערט מאָל אַזוי פיל אויסגעשטאָרבען? ווי קענט איהר, ווען איהר ווילט שאַפען געלט פאַר אַ רעטונגס־אַקציע, ערשט אָנפרעגען מיט אַ בריוו ביי אונז וועגען די פּרטים? גלויבט איהר טאַקע, אַז די מענשען קענען אויסהאַלטען חדשים לאַנג, ביז אייער בריוו וועט דערגעהן אַהער און אונזער אַנטוואָרט צוריק צו אייך? אויב איהר ווילט געוואָהר ווערען, וואָס איז נויטיג צו טאָן, פאַרוואָס האָט איהר שוין לאַנג נישט געשיקט קיין שליח קיין איסטאַנבול? אויב די ידיעות, וועלכע איהר האָט, זיינען אייך ניט גענוג, וואָס וואַרט איהר?

„מען קען ניט פיהרען קיין פאַרהאַנדלונגען בשעת עס פעהלען די נויטיגע אונטערלאַגען, און דאַרונטער — פאַרשטעהען מיר געלט. די דיאַגנאָזע איז שוין לאַנג געשטעלט געוואָרען. עס פעהלען ניט קיין דאָק־טוירים, וואָס שטעלען די דיאַגנאָזע. עס פעהלען — מעדיקאַמענטען!

„ווי ביטער איז עס, אַז עס געפינט זיך ניט אין אַמעריקע קיינער, וואָס זאָל אויפטרייסלען הימעל און ערד! מען דאַרף דאָך די מענשען, וועלכע באַשעפטיגען זיך איצט מיט'ן זאַמלען געלט, אויפקלערען, אַז מיט'ן דאָזי־גען געלט (דאָ קומט אַן אויסדרוק, וועלכע לאָזט זיך ניט איבער'חזר'ען) קענען זיי ראַטעווען דאָס לעבען פון זייערע ברידער!

„ניין, מיר וועלען זיך דאָס ניט לאָזען איינרעדען, אַז אין אַמעריקע איז מען געוואָרען אַזוי פאַרגליווערט, אַז אפילו קענענדיג די סיטואַציע, וויל מען ניט שטעלען צו דינסט די פאַרהעלטניסמעסיג קליינע סכומים, מיט וועלכע מען וואָלט געקענט ראַטעווען די מענשען, וואָס ליידען אַזוי שטאַרק!

„מיט סכומים, וועלכע מען גיט אויס יעדען חודש פאַר מואוויס אָדער אַנדערע אַזוינע זאַכען, וואָלט מען געקענט ראַטעווען עלטערען, ברידער אָדער קרובים!"

דער שרייבער פון בריוו — אַן עסקן פון אייראָפּע, וועלכער זיצט שוין אין איסטאַנבול אַ לענגערע צייט — דערצעהלט, אַז ער האָט זיך גע־זעהן מיט דר. שוואַרץ פון „דזשאָינט", בשעת יענער איז דאָרט געווען, און האָט פון איהם באַקומען די פאַרזיכערונג, אַז עפּעס וועט געטאָן ווערען פאַר די הונגעריגע אידען. ער האָפט דאַריבער, אַז מען וועט קענען אַוועק־שיקען כאָטש איין מאָל הונדערט טויזענט פאַקעטען „אַלס אַקט פון גוטען ווילען", כדי די אומגליקליכע מענשען, „וועלכע האָבען שוין לאַנג און מיט רעכט אויפגעגעבען די האָפנונג אויף זייערע ברידער אין אַמעריקע", זאָלען אין זייער אומענדליכער פאַרצווייפלונג דאָך באַקומען אַביסעל התחזקות...

איז נויטיג עפּעס צוצוגעבען צום דאָזיגען פאַרביטערטען רוף פון איי־ראָפּע? דוכט זיך, אַז ניין. אייגענטליך דאַרף יעדער דעם בריוו פאַרשטעהן

אַלס אַדרעסירט צו זיך. קיין איינהייטליכע אידישע אינסטאַנץ פאַר רעטונג איז אין אַמעריקע ניטאָ. פאַר דעם האָט מען שוין באַצייטענס געזאָרגט. „העכערע״ ענינים, ווי די הצלה פון שארית ישראל, האָבן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל צוברעכן אפילו דאָס ביסעל אחדות, וואָס איז געווען...

דערביי מוז מען נעמען אין באַטראַכט, אַז ווען דער בריוו איז געשריבן געוואָרען אין איסטאַנבול דעם 29טן דעצעמבער 1943, האָט מען נאָך דאָרט ניט געוואוסט, אַז די מאַסגעבענדע פאַקטאָרען אין אַמעריקע וועלען איינזעהן, אַז איבער אַלע געזעצליכע פאָרשריפטען שטעהט פקוח נפש. דאַריבער האָט מען דאָרט געזוכט אַזעלכע וועגען פאַר הילף, וועלכע זאָלען זיין אין הסכם מיט׳ן אַמעריקאַנער געזעץ. און מען האָט דאָס אויך געפונען! דערווייל איז אַרויס די פאַראָרדנונג וועגען „וואָר רעפיודזשי באָארד״ און די הצלה־מעגליכקייטען זיינען אומגעהויער אויסגעברייט געוואָרען. גענוג צו דערמאָנען, אַז די „ניו יאָרק טיימס״ שרייבט אין אַ דעפּעשע פון אנקארא, אַז דאָרט איז אָנגעקומען אַ פאָרשטעהער פון נייעם „וואָר רעפיודזשי באָארד״ מיט אויסערגעוועהנליכע קאָמפּעטענצען: „קיין שום אַמעריקאַנער דיפלאָמאַט האָט אין דער איצטיגער מלחמה נאָך ניט געהאַט אַזעלכע פולמאַכטען ביי דער אויספיהרונג פון זיינע פליכטען... ער וועט זיין דער ערשטער און איינציגער אַמעריקאַנער בירגער אין טערקיי, וועלכען עס איז ערלויבט געוואָרען ניט צו באַאַכטען דאָס געזעץ וועגען האַנדלען מיט דעם שונא״.

איך וויל קיין פירושים אויף דער דעפּעשע ניט געבען. יעדער קען זיך לייכט משער זיין, וואָס דאָס מיינט.

און בשעת דער פרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען האָט איינגעזעהן, אַז די מורא׳דיגע לאַגע פון אייראָפּעאישען אידענטום פאָדערט אַזעלכע באַשטימונגען, וועלכע זיינען נאָך קיינמאָל אין אַמעריקע ניט אַרויסגעגעבען געוואָרען — שטעהען מיר, די ברידער פון די גע׳הרג׳עטע, פון די הונגערענדע און עלענדע, און פיהרען פּאָליטישע דיסקוסיעס!... מיר ווילען בשום אופן ניט נאָכגעבען פון „פרעסטיזש״, פון דער „פּאַרטיי־אַמביציע״, ווייל דאָס איז דאָך אַזוי וויכטיג! אויסשאַלטען די הצלה פון די אַלע קאַמפען (וועלכע זיינען דאָך אַזוי זינלאָז געוואָרען ביים אומענדליכען חורבן, וואָס האָט אונז געטראָפען) — ניין, דאָס וואָלט געווען צופיל פאַרלאַנגט!

איך האָב די טעג באַקומען אַ בריוו פון אַ פריינט, וועלכער געפינט זיך אין נאַצי־אָקופּירטען אייראָפּע. דער בריוו איז געגאַנגען עטליכע חדשים, אָבער ער האָט זיך סוף־סוף דערשלאָגען קיין אַמעריקע. ער טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון דער צענזור און דאַריבער מעג מען איבערגעבען, וואָס דאָרט שטעהט, איין זאַץ — דער וויכטיגסטער — לייענט זיך דאָרט אַזוי (דער בריוו איז אויף פראַנצויזיש): „ביי אונז געהט אַלץ גוט. דער ברודער כלל

געפינט זיך ביים אָנקעל מות, וואו ער נויטיגט זיך שוין ניט אין קיין שום הילף פון אייך, וועלכע וואָלט, איבעריגענס, ווי תמיד, אָנגעקומען צו שפּעט״.

אָט די צוויי ווערטער: „ווי תמיד״ — זיינען דער גרעסטער פאָרוואורף, וועלכען מען קען מאַכען דעם אַמעריקאַנער אידענטום. מען קען איין מאָל פאַר־שפּעטיגען מיט דער הילף, צוויי מאָל, דריי מאָל, אָבער תמיד? וואָס גע־שעהט דאָ? ווי לאַנג וועט דאָס אָנהאַלטען?

איך גלויב ניט, אַז דער „ברודער כלל ישראל״ זאָל שוין באמת זיין, חלילה, ביים „אָנקעל מות״. ניין. דאָס איז נישט מעגליך. דאָס האָט דער שריי־בער פון בריוו אַזוי שוואַרץ געזעהן די סיטואַציע. צוליב זיינע אייגענע גרוי־זאַמע איבערלעבענישען. דער כלל ישראל לעבט און מוז בלייבען לעבען. אָבער עס מוז אַמאָל אַן עק נעהמען אין אַמעריקע און אין אַלע פרייע לענדער צו דער גלייכגילטיגקייט און — וואָס איז נאָך ערגער — צום פּאָליטיק־טריי־בען פון די זאַטע אויפ׳ן חשבון פון די הונגעריגע און די אומגליקליכע!

# דריי ראַדיאָ־רעדעס וועגען אידישער רעטונג

אויף סטאַציע WHOM אין ניו־יאָרק.

.1

(כ״ט תמוז תש״ד — 20 יולי 1944)

געדרוקט אין „אידישע שטימע״, תמוז־אב תש״ד — יולי־אויגוסט 1944

די לאַגע פון אידישען פאָלק אין נאַצי־אייראָפּע האָט זיך אין די לעצטע וואָכען נאָך פאַרערגערט. היטלער, וועלכער ליידט כסדר׳דיגע מפּלות אויף אַלע פראָנטען, זוכט, ווייזט אויס, אַ סאַטיספאַקציע אין זיין מלחמה מיט די אָרימע און פערלאָזע אידען. אָנשטאָט צו ווייזען העלדישקייט ביי אַ צוזאַמענ־טרעף מיט די אַליאירטע טענקס אָדער אַעראָפּלאַנען, פייערען די נאַצי־חיילות טריאומפען איבער אידישע קינדער און פרויען.

אַמאָליגע צייטען, מיט הונדערטער יאָהרען צוריק, האָבען באַוואָ־פענטע מענשען געהאַלטען פאַר נידעריגער פון זייער מיליטערישען כבוד זיך צו וואַרפען אויף נישט־באַוואָפענטע געגנער, ווער רעדט שוין אויף פרוי־

ען, קינדער אָדער זקנים. מען האָט זיך געשלאָגען מיט אַ געגנער, וועלכער האָט געהאַט די זעלבע וואָפען אין דער האַנד.

היינט האָט זיך אָט די מיליטערישע עטיק געביטען. די נאַצי־מערדער וועלכע האָבען צו זייער פאַרפיגונג די שטאַרקסטע פאַרניכטונגס־מיטלען, אַנטלויפען פּחדניש פאַר די זיגרייכע אַליאירטע אַרמייען אין פראַנקרייך, איטאַליע און רוסלאַנד — אָבער זיי האַלטען אָפּ גרויסע „נצחונות" איבער די אידען, זייערע פרויען און קינדער, וועלכע פאַרמאָגען נישט קיין טענקס און נישט קיין אַעראָפּלאַנען און וועמענס איינציגער וואָפען איז זייער גלויבען אין גאָט און זיין גערעכטיגקייט.

אָט אויף די קרבנות האָט די סאַדיסטישע נאַצי־בעסטיע זיך לעצטענס געוואָרפען אין אַ ניי לאַנד: אין אונגאַרן. דאָרט האָט די געסטאַפּאָ באַקומען אין איהר רשות אַ פרישען מיליאָן אידען. די דאָרטיגע „פּופּעט"־רעגירונג האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס גוטער תלמיד פון הימלער׳ן, פראַנק׳ן און די אַנדערע רוצחים. אויך זי ווייזט „גבורות" לגבי וועהרלאָזע הונדערטער טויזענטער אידען.

לויט לעצטענס דערהאַלטענע ידיעות האָט די כוואַליע פון רדיפות געגען אונגאַרישע אידען אָנגענומען אַ מורא׳דיגען פאַרנעם. מען האָט באַרויבט די אידען פון זייער פאַרמעגען. כדי דאָס לייכטער צו מאַכען, האָט מען אָנגעהויבען צו טרייבען אידען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער און נישט ערלויבט מיטצונעמען וואָס עס איז; אַזוי איז געשעהען אין גאלאנטא, פון וואַנען אַלע אידען זיינען פאַרטריבען געוואָרען קיין סטעפּאניקאָוו. אין מאַנכע שטעדט, ווי צ. ב. אין נאגיוואראד (גראָס־וואַרדיין), האָט מען די אידישע באַפעלקערונג קאָנצענטרירט אויפ׳ן שטח פון עטליכע גאַסען; עס פאַרשטעהט זיך, אַז די 30.000 אידען פון נאגי־וואראד האָבען אין זייערע אַלטע היימען איבערגעלאָזט אַלץ, וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט. נאָך ערגער איז אין קאשוי, וואו 15.000 אידען זיינען אַריינגעטריבען געוואָרען אין אַ ציגעליי; מעהר ווי אַ בינדעל זאַכען האָט קיינער נישט געטאָרט מיטנעמען מיט זיך. קאַטאַסטראָפאַל זעהט אויך אויס די סיטואַציע אין מונקאַטש און אונגוואַר.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווערען די אידען בייניאַכט געוועקט און געשלאָגען מערדערליך. בלוט רינט ווי וואַסער. עס איז קלאָר, אַז די מאַכט וויל ברעכען די מענשען נאָך איידער זיי וועלען אויסגעליפערט ווערען צום טויט.

ווייל דער אייגענטליכער צוועק פון די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין וועלכע די אידען ווערען איינגעשלאָסען, איז: — מעגליך צו מאַכען אַ שנעלען מאַסען־מאָרד. דאָס פאַרמעגען ווערט נאַטירליך צוגענומען,

אָבער דער בלוטיגער וואַמפּיר ווייסט, אַז פאַרמעגען קען ערזעצט ווערען. ער איז דורשטיג נאָך מענשען־לעבענס.

און ווייל די מאַסען־מאָרדען אין אונגאַרן זיינען טעכניש שווער אויס־צופיהרען, האָט מען אָנגעהויבען צו דעפּאָרטירען די וועהרלאָזע אידען אין פּול־געפּאַקטע פראַכט־וואַגאָנען קיין פּוילען. עס קאָן זיין, אַז מען האָט מורא, אָדער מען שעהמט זיך, צו מאָרדען די אונגאַרישע אידען אין דער געגענוואָרט פון דער אָרטיגער באַפעלקערונג, וועלכע האָט דאָך אַזאַ לאַנגע צייט געלעבט צוזאַמען מיט די אידען. טראַנספּאָרטען פון 10.000 ־ 15.000 מענשען ווערען טעגליך געשיקט קיין פּוילען, מייסטענס קיין אָשוויענצים, וואו די לופט שטיקט נאָך פון די געשרייען און פון בלוט פון די הונדערטער טויזענטער אידען פון פּוילען גופא און פון מערב־אייראָפּעאישע לענדער, וועלכע זיינען דאָרט בעסטיאַליש אומגעבראַכט געוואָרען. דער פּרעצעדענסלאָזער מאַסען־מאָרד פון אומשולדיגע מענשען געהט אָן ווייטער.

זיינען נישטאָ קיין מיטלען אָפּצושטעלען די שחיטה פון דער ציווילער אידישער באַפעלקערונג אין אייראָפּע? אָט די שאלה איז פאַר אונז היינט צו טאָג די וויכטיגסטע. און נאָך איינס מוזען מיר פרעגען: ווערט עפּעס געטאָן כדי צו ראַטעווען וואָס מעהר אידען אין אייראָפּע פון אונטערגאַנג?

בנוגע צו דער ערשטער שאלה מוז מען דערמאָנען די וואָרנונגען פון די העכסטע מלוכה־מענער פון די פאַראייניגטע פעלקער, לעצטענס פון סעק־רעטערי אָוו סטעיט קאָרדעל האָל, צו די נאַציס און בעיקר צו זייערע סאַ־טעליטען, אַז די מאַסען־מאָרדען וועלען שטרענג באַשטראָפט ווערען, אָבער עס דאַרף געזאָגט ווערען, אַז די דאָזיגע וואָרנונגען זיינען נישט גענוג. זיי האָבען נאַטירליך אַ גרויסען מאָראַלישען ווערט און, לויט געוויסע ידיעות, האָבען זיי געווירקט אויף דער באַפעלקערונג אין אונגאַרן און אַנדערע לענ־דער, אַז זי זאָל מיט מעהר שטאַנדהאַפטיגקייט אויסדריקען איהר עמפּערונג געגען די פאַברעכערישע הריגות. אָבער די רוצחים גופא, די רעגירונגען און זייערע אָרגאַנען, האָבען זיך ווייניג דערשראָקען און נישט אָפּגעשטעלט די מערדערייען. כדי ריכטיג צו באַאיינפלוסען די נאַציס און די פּופּעט־רע־גירונגען האָט באַדאַרפט באַנוצט ווערען אַן אַנדערע שפּראַך. עס האָט גע־דאַרפט, דורך פאַרמיטלונג פון אַ נייטראַלער מלוכה, אַוועקגעשיקט ווערען אַן אָפיציעלע נאָטע מיט׳ן שאַרפסטען פּראָטעסט געגען דעם אונערהערטען מאַסען־מאָרד פון מיליאָנען ציווילע מענשען; די דאָזיגע נאָטע האָט גע־דאַרפט אַנטהאַלטען קלאָרע אָנזאָגונגען פון אַ „רעטאַליעישאָן" — איצט אָדער נאָך דער מלחמה, אָדער סאַי איצט סאַי נאָך דער מלחמה — מיט אַ קאַטעגאָ־רישער פאָדערונג אָפּצושטעלען זאָפאָרט דעם מאָרד אונטער דער דראָהונג פון אנערקענען די נאַציס מיט די באַטרעפענדע פּופּעט־רעגירונגען אַלס

ברעכער פון די פּרימיטיוויסטע כללים, וועלכע זיינען אָנגענומען ביי אַ מלחמה־פיהרונג. ווען די וואָרנונגען וואָלטען געהאַט דעם כאַראַקטער, וואָלטען זיי געצוואונגען די אייגענטליכע מערדער זיך אָביסעל צו באַזינען.

עס מוז דאָ אויך דערמאָנט ווערען אונזער אַלטער פאָרשלאַג, וועלכען מיר האָבען אַרויסגערוקט נאָך מיט יאָהרען צוריק, אַז מצד די „יונייטעד ניישאָנס" זאָלען די אידען אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן אנער־קענט ווערען אַלס ציווילע מלחמה־געפאַנגענע. לויט'ן אינטערנאַציאָנאַלען רעכט איז אַזאַ סטאַטוס פאַר זיי פולשטענדיג באַרעכטיגט. און הגם עס איז קלאָר, אַז די דייטשען וואָלטען אויף דעם נישט געהאַט קיין חשק איינצוגעהען, איז אָבער פונדעסטוועגען וואַרשיינליך, אַז אַן אָפיציעלער פאָרשלאַג מצד די „יונייטעד ניישאָנס" — דורך אַ נייטראַלע פאַרמיטלונגס־מלוכה אָדער דורכ'ן רויטען קרייץ — וואָלט די דייטשען געשטעלט אין אַ אומבאַקוועמער פאָזיציע. עס איז דאָך נישט אַזוי לייכט צו מאָרדען הונדערטער טויזענטער מענשען, וועלכע ווערען דורכ'ן אַנדערען צד אָנערקענט אַלס ציווילע קריגס־געפאַנגענע.

דאַביי וואָלט געדאַרפט אויסגעדריקט ווערען די גרייטקייט צו שפּייזען די אידען אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן דורך דער פאַרמיטלונג פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ. אויב זיי וואָלטען באַקומען דעם סטאַ־טוס פון ציווילע קריגס־געפאַנגענע, דאַן איז דאָס אייגענטליך אַ זעלבסט־פאַרשטענדליכע קאָנסעקווענץ. אָבער דאָס אונטערשטרייכען פון דער גרייט־קייט צו שיקען שפּייז פאַר די איינגעשלאָסענע אידען, וואָלט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. די באַטרעפענדע באַפעלקערונג און רעגירונג וואָלטען געזעהן, אַז מען מיינט ערנסט עפּעס צו טאָן, כדי צו העלפען די אומגליקליכע אידען.

אָבער לײדער זעהט די שוואַרצע ווירקליכקייט אַזוי אויס, אַז די פאַר־בליבענע אידען אין נאַצי־אייראָפּע זיינען הפקר. זיי זיינען אָהן וועלכען עס איז פּרימיטיווען שוץ. די נאַצי־בעסטיע טוט מיט זיי וואָס עס געלוסט איהר. נישטאָ קיין אָפּהאַלט.

זיינען פאַרבליבען נאָר וועגען פון רעטונג, וועלכע קענען נישט אָנגע־ווענדעט ווערען צו דער פאָלקס־מאַסע, נאָר צו יחידים. איינצעלנע מענשען, איינצעלנע משפחות ווערען אַרויסגעריסען פון מלאך־המות'ס האַנד.

דער „אונטערגרונד" אין פאַרשידענע לענדער האָט פאַר זיך גרויסע מעגליכקייטען צו צושטערען דעם טייוולישען פּלאַן פון היטלער'ן, אַז די אידען אין אייראָפּע זאָלען פולשטענדיג פאַרניכטעט ווערען. באַזונדערס דער „אונטערגרונד" אין פּוילען האָט שוין צו פאַרצייכענען שיינע לייסטונגען אין דער דאָזיגער ריכטונג. אין פּוילען איז טעטיג אַ באַזונדערע „אונטער־גרונד"־אָפּטיילונג פאַר'ן שוץ פון די אידען. די צוקונפט וועט האָפענטליך

אויפדעקען דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל פון פּויליש־אידישען צוזאַמענלעבען אין דער שעה פון גרעסטער געמיינזאַמער נויט. יעדער איד, יעדע אידישע פרוי, יעדעס אידישע קינד, וואָס וועט זיין באַהאַלטען דורכ׳ן פּוילישען „אונטער־גרונד" און אַזוי אַרום האָבען אַנטרינען פון די רוצחישע הענד, וועט זיין דער גרעסטער צושטייער צום אייזערנעם קאַפּיטאַל פון דער וועלט׳ס אנערקענונג פאַר די העראָאישע לייסטונגען פון „אונטערגרונד". די אידען באַזונדער האָבען אַ גוטען זכרון; זיי געדענקען זעהר גוט און זעהר לאַנג אַלעמען, וואָס האָט זיי געטאָן טובות אין דער נויט.

פאַרשידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס זיינען טעטיג אויפ׳ן פעלד פון הצלה. מען קען, פאַרשטעהט זיך, וועגען די פּרטים עפענטליך נישט רעדען. אָבער עס איז גענוג אָנצואווייזען אויף די שיפען, וועלכע קומען אָן אין טער־קיי מיט אידישע מענער, פרויען און קינדער, כדי צו פאַרשטעהן, אַז עס זיינען דאָ מעגליכקייטען פון ראַטעווען אידען. עס׳ איז נאָר נויטיג, אַז געוויסע לענ־דער, בעיקר די טערקיי, זאָלען עפענען זייערע טויערען פאַר די אומגליקליכע, וואָס קלאַפּען אין זיי. ליידער זיינען זעהר פיעלע אידען צוגרונד געגאַנגען, ווייל די טערקיי האָט נישט געוואָלט אַדורכלאָזען די פּליטים. ממש אַ לע־כערליך קליינע צאָהל מענשען האָט באַקומען טראַנזיט־וויזעס פון דער טערקיי, כדי צו קענען קומען קיין ארץ־ישראל אויפ׳ן יסוד פון די סערטיפיקאַטען, וועלכע זיי האָבען שוין געהאַט. ווען מיר שטעלען זיך פאָר, וויפיל אידען וואָלטען געווען זיך געראַטעוועט, ווען די טערקיי וואָלט געווען וויליג אַדורכ־צולאָזען אָהן באַשרענקונגען יעדען איינעם, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ געזי־כערטען פּלאַץ וואו אַריינצוקומען — ווערט אונזער צער נאָך גרעסער. וואָס וואָלט די טערקיי געווען פאַרלאָרען אָדער דערלייגט דערצו, ווען די מענשען וואָלטען געווען פאַרבייגעפאָהרען דאָס לאַנד?

דער „וואָר רעפּיודזשי באָארד", וועלכען פּרעזידענט רוזוועלט האָט מיט עטליכע חדשים צוריק געשאַפען, האָט גרויסע פאַרדינסטען אויף דעם געביט פון זיכערען מעגליכקייטען צו אַנטרינען פאַר די אידען פון נאַצי־אָקו־פּירטען אייראָפּע. זיינע פאַרטרעטער אין די נייטראַלע לענדער זיינען שטאַרק טעטיג. זיי זוכען נייע געלעגענהייטען און נוצען אויס די אַלטע, כדי צו דער־לאַנגען אַ האַנד די יעניגע, וואָס ראַנגלען זיך צווישען טויט און לעבען און וואָס קענען ערגעץ־וואו דערגרייכט ווערען.

אָבער אויך דער „וואָר רעפּיודזשי באָארד", וועלכער האָט צו זיין פאַר־פיגונג דעם גאַנצען אומגעהייערען כח פון דער אַמעריקאַנער אַדמיניסטראַ־ציע, שטויסט זיך אָן אין שוועריגקייטען, ווען ער דאַרף זאָגען וואוהין די אַנטרינענע פון נאַצי־גיהנום וועלען דורך איהם געבראַכט ווערען. צוליב דעם איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק פון „פרייע פּאָרטען", וואו די פּליטים האָ־

בען געזאָלט באַקומען די ערשטע מעגליכקייטען צו איבערנעכטיגען. אָמע־ריקע האָט געזאָלט זיין די ערשטע, וואו אַ „פרייער פּאָרט" האָט געדאַרפט איינגעשטעלט ווערען. דאַן האָבען מיר געהערט פון אַ „פרי פּאָרט" אין ליביע. אָבער דערווייל זיינען עס נאָך אַלץ נישט רעאַליזירטע פּלענער. מען רעדט נאָך אַלץ מעהר פון הילף, ווי מען טוט.

און יעדער טאָג ברענגט נייע אָפּפער. יעדער טאָג קאָסט נייע אומ־שולדיגע מענשען־לעבענס.

.2

(ז׳ אב תש״ד — 27 יולי 1944)

איינער פון די פּראָבלעמען, וועלכע אינטערעסירען היינט אם שטאַרקסטען אַלע אידען אין אַמעריקע און אין אַנדערע פרייע לענדער, איז: וואו אין אייראָפּע און ווי גרויס איז צאָהל זיינען היינט פאַרהאַן אידען אונטער דער נאַצי־הערשאַפט?

די כסדר׳דיגע ידיעות וועגען די שרעקליכע מאַסען־מאָרדען פון די אי־דען דורך די נאַציס האָבען געשאַפען אַ יאוש־שטימונג ביים אַמעריקאַנער אידענטום, וואָס איז זעהר שעדליך. מען גלויבט, אַז עס זיינען שוין קיין אי־דען אין נאַצי־אייראָפּע נישטאָ. אָבער מיר טאָרען אַבסאָלוט נישט דערלאָזען, אַז עס זאָל זיך אָט די שטימונג ווייטער פאַרוואָרצלען. ווייל הגם עס איז זיכער, אַז די נאַצי־בעסטיעס האָבען אויסגעמאָרדעט זעהר פיל אידען, אַז אין די מאָרד־הייזער פון אָשוויענצים, טרעבלינקא, מאַידאַנעק, פּאָניאַטאָוו און אַנדערע זיינען פון די נאַצי־מערדער אומגעקומען צעהנדלינגער טויזענטער אומשולדיגע אידישע מענער, פרויען און קינדער — איז אָבער, פון דער אַנדערער זייט, פולשטענדיג קלאָר, אַז עס זיינען נאָך דאָ אידען אין פוילען און אַנדערע לענדער, וואו די נאַציס האַלטען נאָך אָן זייער הערשאַפט. אויף דעם האָבען מיר גאַנץ בולט׳ע סימנים.

און מיר מיינען נישט די אידען אין די אַרבייטס־לאַגערען אין שלעזיע אָדער אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערען, ווי צ. ב. אין טערעזיען־שטאָדט. מיר מיינען אויך נישט די אידען, וואָס זיינען באַהאַלטען צווישען דער קריסטליכער באַפעלקערונג. זייער צאָהל איז זיכער גרויס, אָבער קיינער קען זי נישט גענוי און וועט זי אויך נישט קענען אַזוי־לאַנג ווי עס וועט נאָך זיין אונמעגליך פאַר אַ פרייען מענשען אַריבערצופאָהרען קיין אייראָפּע, ד. ה. אַזוי־לאַנג ווי עס וועט אָנהאַלטען דער נאַצי־רעזשים. האָפענטליך איז די שעה פון דער באַפרייאונג פאַר גאַנץ אייראָפּע נישט מעהר ווייט און באַלד וועלען מיר זיך דערוויסען גענויע פּרטים וועגען אָט דער, פאַר אונז אַזוי העכסט־וויכטיגער פראַגע.

אָבער, מערקווירדיג, עס רייסען זיך אַריבער פון צייט צו צייט געוויסע ידיעות, וועלכע ווייזען בולט, אַז עס זיינען נאָך פאַרהאַן אידען אין פאַרשיידענע אייראָפעאישע לענדער אָפען, נישט באַהאַלטען. עס קומען אָן צ. ב. בריוו פון בעלגישע אידען דורכן אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ. אַלזאָ אין בעלגיע זיינען נאָך דאָ אידען. עס איז אַ פאַקט, אַז פון פאָרטוגאַל ווערען געשיקט שפּייז־פּעקלעך צו אידען אין פאַרשידענע שטעדט אין פוילען, מייסטענס אין די געביטען, וועלכע זיינען אינקאָרפּאָרירט געוואָרען אין אָנהויב פון דער מלחמה צו דייטשלאַנד (נאַטירליך פולשטענדיג אונגעזעצליך און ביי אַ אָפענעם ברוך פון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ, וואָס האָט פאַר די נאַציס קיין שום ווערט נישט) — און עס קומען אָן באַשטעטיגונגען אויף די פּעקלעך פון די אַדרעסאַטען, אָדער על־כל־פּנים פון דאָרטיגע „יודען־ראַטען“. דאָס איז, דאַכט זיך, אַ קלאָרער באַווייז, אַז אידען לעבען אין געוויסע ערטער נאָך אונטער דער נאַצי־הערשאַפט. און עס וואָלט געווען דורכאויס פאַלש זיך מיאש צו זיין פון אַלע אידען אין אייראָפּע און אָנצונעמען, אַז זיי זיינען אַלע אויסגעמאָרדעט געוואָרען.

אויף אַ גאָר אינטערעסאַנטער ידיעה אין דער שטאָקהאָלמער צייטונג „דאַגנעס ניהעטער“ פון דער צווייטער העלפט יוני, איז כדאי אָנצעווייזען אין דעם צוזאַמענהאַנג. די צייטונג פאַרעפענטליכט אַ באַריכט פון איהר קאָרעספּאָנדענט פון וויען, דער אַמאָליגער עסטרייכישער הויפּט־שטאָדט, אין וועלכען ער ווערט דערצעהלט, אַז אַן ערך 7,000 בערלינער אידען זיינען צוליב די באָמבאַרדירונגען פון דער נאַצי־רעזידענץ דורך די עלאַיס אַנטלאָפען קיין וויען און האַלטען זיך דאָרט אויף! די דאָזיגע ידיעה איז, זעלבסטפאַרשטעדליך, פּשוט פאַנטאַסטיש און מיר קענען זיך דאָס איבערהויפּט נישט פאָרשטעלען, אָבער דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „דאגנעס ניהעטער“ דערצעהלט דאָך אַזוי, און ער זאָגט אפילו, אַז די געסטאַפּאָ ווייסט דאַפון. אויב דאָס זאָל זיין אמת, דאַן וואָלטען מיר געקענט ערוואַרטען, אַז נאָך אין אַנדערע שטעדט געפינען זיך אידען, פון וועלכע מיר הערען גאָר נישט.

דער באַריכט אין דער שטאָקהאָלמער צייטונג ענטהאַלט אויך עטליכע ציפערען וועגען אַנדערע אידען פון וויען, וואָס מיר האַלטען פאַר וויכטיג צו איבערגעבען.

אַן ערך 1,000 אידען זאָלען זיך געפינען אין וויען אַלס רעשטלעך פון דער אַמאָליגער קהילה, מייסטענס זקנים און קינדער אונטער 14 יאָהר. אויף דער זייטענשטעטען־גאַס געפינט זיך די קהילה אונטער׳ן נאָמען „עמיגראַנטען־ביוראָ“; דער באַאַמטען־קערפּער זאָל צעהלען 25 מענשען, צווישען זיי עטליכע דאָקטוירים. חוץ די טויזענט אידען, שרייבט ווייטער די „דאגנעס ניהעטער“, געפינען זיך אין וויען 1,500 מישלינגע, ד. ה. האַלבע אידען, וועלכע זיי־

נען לעצטענס — טראָץ די נירענבערגער געזעצן — צוליב׳ן מענשען־מאַנ־געל שוין גענומען געוואָרען אין דער אַרמיי.

אָט אַזעלכע ידיעות דאַרפען מיר האָבען פאַר די אויגען, ווען מען הערט רעדען וועגען דעם, אַז אין איראָפּע זאָלען זיך שוין כמעט קיין אידען נישט געפינען. מיר מוזען וואָרענען געגען איבערטריבענעם פעסימיזם. די לאַגע איז גענוג שלעכט, אָבער עס טאָר נישט דערלאָזט ווערען זיך אינגאַנצען מיאש צו זיין פון איראָפּעאישען אידענטום. מיט דעם ברענגט מען נאָר שאָדען דער רעטונגס־אַקציע פאַר די פאַרבליבענע.

דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערען בנוגע דער סיטואַציע פון אונגאַרישע אידען. אַ רייה סתירה׳דיגע ידיעות זיינען אין די לעצטע טעג פאַרשפּרייט געוואָרען איבער דער לאַגע אין אונגאַרן בנוגע צו אידען. איין ידיעה האָט דערצעהלט וועגען 400,000 אונגאַרישע אידען, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין אָשוויענצים, אין פוילען, און זיינען דאָרט פאַרברענט געוואָרען. אַ ווייטערע ידיעה האָט דערצעהלט, אַז פון מיטען מאַי 1944 זיינען ט ע ג ל י ך אָנגע־קומען קיין אָשוויענטשים 13 צוגען מיט אידען פון אונגאַרן; יעדער צוג האָט געהאַט 40 וואַגאָנען; צוזאַמען זיינען אַלזאָ יעדען טאָג אָנגעקומען 520 וואַגאָנען מיט דעפּאָרטירטע מענשען, וועלכע זיינען געוואָרען אומגעבראַכט אין צוויי גאַז־קאַמערען צו 1,000 מאַן מיט איין מאָל. אַ דריטע ידיעה האָט דערצעהלט וועגען דעם, אַז די אונגאַרישע רעגירונג האָט צוגעזאָגט אָפּצו־שטעלען די דעפּאָרטאַציעס און אַרויסלאָזען אידישע קינדער ביז 10 יאָר אַלט, פאַר וועלכע מען וועט פאַרשאַפען איינרייזע־מעגליכקייטען וואו־עס־איז. אַ פערטע ידיעה האָט גערעדט וועגען פּרוּווען פאַרקויפען די אידען פאַר „בלעק־מעיל״ — פאַר פאַרשידענע לעבענס־מיטלען און מאַטעריאַלען.

מיר גלויבען, אַז אַלע ידעות זיינען נישט גענוי. עס איז אונמעגליך צו אָפּערירען מיט ציפערען איז אַזאַ צושטאַנד און אויב מען דאַרף דאָס באַ־ווייזען, דאַן ווערט עס קלאָר ביי דער ידיעה מיט די 520 וואַגאָנען, וועלכע זאָלען האָבען אָנגעקומען יעדען טאָג קיין אָשוויענצים. אין איין וואַגאָן פלעג־גען די דייטשען אָנשטופען ביי די פריהערע דעפּאָרטאַציעס ביז 100 מענשען, וואָלט אויסגעקומען, אַז יעדען טאָג זיינען אָנגעקומען פון אונגאַרן קיין אָש־וויענצים העכער 50,000 מענשע, וואָס איז, דאַכט זיך, נישט מעגליך. מיר נעמען אָן, אַז צעהנדליגער טויזענטער אידען זיינען פון די אונגאַרישע קוויז־לינגס דעפּאָרטירט געוואָרען קיין פוילען און דער פאַרברעך איז גענוג שרעק־ליך, אַז קיין ציוויליזירטע רעגירונג זאָל מיט די מענשען, אויף וועמענס הענד דאָס אומשולדיגע בלוט איז שטעקען געבליבען, נישט מעהר קענען אָנהאַלטען קיין באַציהונגען. אָבער מיר טאָרען נישט שאַפען קיין בילד, אַז מעהר ווי אַ העלפט פון אונגאַרישען אידענטום איז שוין אונטערגעגאַנגען. ניין, מיר גלוי־

בען, אַז מען קען נאָך ראַטעווען פיל מעהר. עס פאָדערט זיך נאָר אַן ענערגישע און פלאַנמעסיגע אַקציע.

דוקא ביי די אונגאַרישע אידען האָבען מיר געזעהען, אַז אַן אַקציע קען האָבען ערפאָלג. דאָס געוויסען פון דער וועלט האָט דאָך נאָך עפּעס צו זאָגען. ווען די גאַנצע וועלט האָט אויפגעציטערט צוליב׳ן אָנגעפּאַנגענעם מאַסען־מאָרד פון די אידען אין אונגאַרן, האָט זיך געשפּירט, אַז אַזאַ אויפברויז פון דער עפענטלעכער מיינונג מוז ווירקען. עס קען, סוף כל סוף, קיינער נישט אַנט־קעגענשטעלען זיך דער איינהייטליכער שטעלונג פון דער גאַנצער קולטור־וועלט. אויב עס האָט זיך אָפּגערופען דער פּויפּסט, אויב עס האָט גענומען אַ וואָרט דער שוועדישער קעניג, אויב עס האָט אויפגעשווידערט די גייסטיגע עליטע פון אַמעריקע און ענגלאַנד — דאַן האָט זיך געפּיהלט, אַז אַ געוויסע תשובה וועט קומען. און הגם מיר האָבען נישט קיין גענויע ידיעות וועגען דער ערקלערונג פון האָרטי׳ן צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ און מיר באַציהען זיך מיט אַ פאַרשטענדליכער רעזערוו צו אַלע אָפיציעלע ידיעות וועגען פאַרגרינגערען די לאַגע פון די אידען אונטער דער נאַצי־הערשאַפט — האָבען מיר אָבער גרונד צו קלערען, אַז אָהן אַ יסוד איז די נייע ווענדונג נישט. געוויסע רעטונגס־מעגליכקייטען ווייזען זיך. אָבער מען מוז שנעל האַנדלען. און זיי אויסנוצען ווייל עס איז קלאָר, אַז אפילו אויב די דעפּאָרטאַציעס זאָ־לען זיין אָפּגעשטעלט, קען די געסטאַפּאָ אויך נאָך גענוג צרות אָנטאָן... און, חוץ דעם, וואָס וועט זיין מיט די אידען, וועלכע זיינען שוין דעפּאָרטירט אָדער וואָס זיינען אויפ׳ן וועג?

דער פועל יוצא פון אונזערע אויספיהרונגען איז, אַז דאָס וואָס ווערט געטאָן פאַר׳ן אונגאַרישען אידענטום — דאַרף זיך פאַר קיין פאַל נישט באַ־שרענקען בלויז אויף אונגאַרישע אידען. מיר זיינען מחויב אָנצונעמען, אַז סאַי פּוילישע, סאַי טשעכישע, סאַי בעלגישע, סאַי האָלענדישע און אַנדערע אידען זיינען נאָך פאַרהאַן, און דאָס געוויסען פון דער וועלט דאַרף זיך לאָזען פאַר זיי פּונקט אַזוי שטאַרק הערען, ווי פאַר די אונגאַרישע אידען. אויב אפילו אין וויען זיינען נאָך דאָ אידען — טאָ איז עס נישט דערלאָזבאַר אָפּצופּטר׳ן דאָס גאַנצע אייראָפּעאישע אידענטום און רעזיגנירען פון איהם, ערקלערענדיג עס פאַר פאַרלאָרען. אויב די וועלט וועט נישט שטורמען וועגען די אייראָ־פּעאישע אידען — דאַן וועט דער נאַצי־מערדער נאָך וואַגען צו פאַרניכטען די פאַרבליבענע. דער פּויבסט און דער שוועדישער קעניג און אַלע אַנדערע גייסטיגע און פּאָליטישע פיהרער פון דער פרייער און נייטראַלער וועלט דאַר־פען אַריינגעמען אין זייערע ווענדונגען אַלע פאַרבליבענע אידען, דערמאָנענדיג אויסדריקליך סאַי פּוילען, סאַי אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער.

דערצו איז נויטיג די איבערצייגונג ביי אידען גופא, אַז נאָך זיינען אידען אין אייראָפּע פאַרהאַן. מיר דאַרפען גלויבען אין דעם נישט נאָר ווייל אַזוי זאָגט אונז אונזער האַרץ, נאָר ווייל מיר האָבען אויף דעם קאָנקרעטע און בולט׳ע סימנים.

.3

(י״ד אב תש״ד — 3 אויגוסט 1944)

ווען איך האָב פאַרגאַנגענע וואָך גערעדט וועגען דער פראַגע, וויפיעל אידען עס זיינען נאָך פאַרהאַן אין נאַצי־אייראָפּע, האָב איך אויסגעדריקט די איבערצייגונג, אַז נאָך אַ גרויסע צאָהל אידען געפינט זיך דאָרט און עס דאַרפען געמאַכט ווערען אַלע אָנשטרענגונגען, כדי זיי צו ראַטעווען. היינט וויל איך אָט דעם העכסט וויכטיגען ענין אַביסעל אויספיהרליכער באַהאַנדלען.

דער פּראָבלעם פון הצלה טאָר נישט באַשריינקט ווערען בלויז צו די אונ־גאַרישע אידען, ווייל עס זיינען נאָך דאָ אידען אין אַנדערע לענדער. עס זיינען די לעצטע שטונדען, ווען מען קען פאַר זיי עפּעס טאָן, און — ליידער — פאַר־געסען מיר אין זיי, אָדער בעסער געזאָגט: מיר האָבען שוין זיך פון זיי מייאש געווען. מיר אַליין, די אידען אין די פרייע לענדער, האָבען זיך שוין צוגע־וואוינט צום געדאַנק, אַז היטלער האָט אויסגע׳הרג׳עט אַלע אידען אין זיין רשות, און „עס איז מעהר גאָר נישטאָ וואָס צו טאָן״. דאָס איז אַ געוואַלטיגער פעהלער און צוגלייך אַ ריזיגע סכנה פאַר די פיעלע אידען, וואָס לעבען נאָך אונטער׳ן נאַצי־רעזשים און קענען דורכאויס נאָך געראַטעוועט ווערען, אויב מען זאָל זיך צו דעם ענערגיש נעמען.

די גרויסע פאַרזאַמלונג אין מעדיסאָן סקווער פּאַרק דעם 31־טען יולי האָט אויך כסדר געהערט רעדען נאָר וועגען אונגאַרישע אידען. מען האָט פאַר דער ברייטער עפענטליכקייט אָוועקגעשטעלט די פראַגע פון מציל זיין די פאַרבלי־בענע אונגאַרישע אידען, און בנוגע די אַנדערע — אין פּוילען, ליטע, לעט־לאַנד א. אַ. וו. — האָט מען בלויז געהערט פון נקמה. עס האָט זיך געשאַפען דער איינדרוק, אַז נקמה איז דאָס איינציגע, וואָס פעהלט אונז, ווען מען רעדט פון די אידען אין נאַצי־אייראָפּע.

און דערווייל האָט זיך באַוויזען אַ קורצע ידיעה פון מאָסקווע אין דער פּרעסע — און מערקווירדיג: זי איז געווען געדרוקט דעם זעלבען 31־טען יולי, ווען עס איז פאָרגעקומען די מעדיסאָן סקווער פּאַרק פאַרזאַמלונג — אַז אין אַ קליין שטעטעל נעבען ווילנע, אין גלובאָקיע, האָבען זיך פּלוצים צוריק באַוויזען 1000 אידען, וועלכע זיינען געווען אויסבאַהאַלטען אין די אַרומיגע וועלדער אָדער ביי די נישט־אידישע שכנים. מען קען רוהיג אָננעמען, אַז די טויזענט

אידען זיינען אַ גאָר גרויסער טייל פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין גלובאָקיע. און עס איז זיכער, אַז נישט בלויז אידען פון דעם שטעטעל גלובאָקיע האָבען זיך פאַרשטאַנען צו ראַטעווען; עס איז זיכער דאָס זעלבע געשעהען מיט די אידען פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. טאָ ווי קען מען רעדען פון אַ פולשטענדיגער פאַרניכטונג פון פוילישען אָדער ליטווישען אידענטום? ווער האָט אונז געגעבען דאָס רעכט צו מאַכען אַ שטריך איבער דעם פוילישען און ליטווישען אידענטום? (וואָס מיינט נאַטירליך נישט, אַז מיר זאָלען זיך נישט אָפּגעבען קיין דין־וחשבון פון דעם ים פון בלוט, אין וועלכען אונזערע ברידער פון מזרח־אייראָפּע זיינען אָפּגעגאַנגען) — איז עס נישט דער גרעסטער פאַר־ברעך, וועלכען מען באַגעהט לגבי די נאָך לעבענדע פוילישע און אַנדערע אידען?

מיר האָבען איין אויפגאַבע: צו אַלאַרמירען די וועלט, אַז עס זיינען נאָך דאָ אידען אין פוילען און ליטע און אַנדערע לענדער — און וואָס עס געשעהט מיט זיי.

אָט איז לעצטענס אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אַ פּאָליאַק, וועלכער איז אַנט־לאָפען פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין אָשוויענצים, אין וועלכען ער האָט זיך אויפגעהאַלטען גאַנצע דריי יאָהר. דער פּאָלאַק הייסט יאַן וואָלני און ער איז אַן עדות פון סצענעס, וועלכע זיינען אַזוי שוידערליך, אַז מען קען זיי גאָר נישט איבערגעבען. אָט איז אַ קורצער אינהאַלט פון זיינס אַ באַריכט:

„יעדען טאָג זינט סוף יאָהר 1941" — דערצעהלט וואָלני — „האָב איך געפלעגט צו זעהן דורך מיין פענסטער אין דער קיך, וואו איך האָב געאַרבייט, גאַנצע גרופּעס אידען, וואָס זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען דורכ'ן טויער און זיינען אויפגעלאָדען געוואָרען אויף גרויסע וואָגענס. טיילמאָל האָב איך אָפּ־געציילט פינף אָדער זעקס הונדערט אויף אַמאָל, און טיילמאָל מעהר. די אידען, וועלכע האָבען מיט מיר געאַרבייט אין קיך, האָבען אויך געהאָלפען ציילען. איך געדענק איין טאָג, ווען מיר האָבען אָפּגעציילט 5.600 נפשות, דעם נעכ־סטען טאָג איז די צאָהל געווען 4.500, דעם דריטען טאָג 5.800. אַזוי איז גע־גאַנגען טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך, חודש נאָך חודש. טויזענטער אידען זיינען איבער דער צייט אַוועקגענומען געוואָרען קיין בירקענוי, כדי דאָרט צו ווערען דערשטיקט מיט גאַז. די אידען זיינען געווען נישט נאָר פון פוילען, נאָר אויך פון בעלגיע, דייטשלאַנד, האָלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיי און פראַנקרייך".

„בירקענוי" — דערציילט וויטער וואָלני — „איז אַ קליין שטעטעל, עט־ליכע מייל פון אָשוויענצים. אויף פויליש הייסט עס בזשעזינקא. ווען איך בין אַנטלאָפען, זיינען דאָרט געווען 17 קרעמאַטאָריומס, וועלכע האָבען אָהן אויפהער געאַרבייט. דערנאָך האָט מען נאָך צוגעבויט".

„אין 1942 איז די צאָהל עקזעקוציעס נאָך שטאַרק געוואקסען. נייע פאַר־

טיפס אידען זיינען יעדען טאָג אָנגעקומען פון אַלע טיילען פון אייראָפּע. אַ צוג נאָך אַ צוג איז אָנגעקומען אין לאַגער אַריין. קינדער זיינען זעלטען גע־בראַכט געוואָרען אין לאגער, ווייל שוין ביי דער באַהן־סטאַציע זיינען זיי אָפּ־גענומען געוואָרען פון די עלטערען און גלייך געשיקט קיין בירקענוי. אין טייל פאַלען זיינען אויך די מוטערס צוזאַמען מיט זיי געשיקט געוואָרען״.

„אַרבייטס־פעהיגע אידען פון מענלעכען און טיילמאָל אויך פון ווייבליכען געשלעכט זיינען געשיקט געוואָרען צו אַרבייטען אין לאַגער און אין די אַרו־מיגע שטעטלעך. היות די שפייז איז געווען אַ שלעכטע און די אַרבייט זעהר שווער, זיינען די אידען מייסטענס קראַנק געוואָרען. אַלע קראַנקע זיינען גע־שיקט געוואָרען אין די גאַז־קאַמערען״.

„צו שיסען אויף די הילפלאָזע אידען — איז געווען אַ פריילעכער צייט־פאַרטרייב פאַר די נאַצישע וועכטער. איך האָב אַליין געזעהען, ווי דייטשען האָבען געשאָסען אויף אידישע קינדער, איך האָב עס געזעהען פיעל, פיעל מאָל״.

„אין דייטשער וועכטער אין אָשוויענצים פלעגט זיך באַריהמען, אַז ער אַליין האָט דערשאָסען 15.000 אידען. ווען ער איז געווען שיכור, פלעגט ער צונויפטרייבען גרופּעס פון אידישע געפאַנגענע, טיילמאָל הונדערט אין צאָהל, אין איין פּלאַץ. דאָרט פלעגט ער שיסען אויף זיי פון זיין רעוואָלווער. ער האָט זיך געריהמט, אַז ער איז דער גרעסטער אידען־מערדער אין גאַנץ דייטש־לאַנד״.

„אין טאָג ווען איך בין אַנטלאָפען פון אָשוויענצים״ — זאָגט וויטער וואָלני — „האָב איך דאָרט איבערגעלאָזט אַן ערך 30.000 אידען. דאַן זיינען צוגעקומען פרישע, ווי איך האָב געהערט, בעיקר פון פראַנקרייך״.

דאָס זיינען עטליכע פּרטים פון באַריכט פון עד־ראיה פון אָשוויענצים.

און איך פרעג: פאַרוואָס נעמט מען נישט דעם באַריכט פון יאַן וואָלני און רעפראָדוצירט איהם נישט אין טויזענטער עקזעמפּלאַרען, כדי צו ווייזען דער וועלט, אַז נאָך איצט ווערען כסדר די אידען אויסגעמאָרדעט אין די גאַז־קאַמערען? פאַרוואָס ווערט נישט אָט דער יאַן וואָלני געוויזען פאַר׳ן ערצבישאָף פון קענטערבערי — און אפילו פאַר׳ן פּויבסט פון רוים — כדי צו דעמאָנ־סטרירען דורך אַן אויגען־עדות, וואָס געשעהט מיט הונדערטער טויזענטער אומשולדיגע אידען?

מען וועט אפשר זאָגען: די וועלט ווייסט שוין גענוג פון די באַרבאַרישע פּייניגונגען, וועלכע די אידען אין פּוילען האָבען אויסצושטעהן מצד די דייטשען. אָבער עס איז לגמרי פאַלש. די וועלט ווייס נישט, אַז נאָך היינט זיינען דאָ מאַסען אידען, וועלכע ווערען אַזוי געפּייניגט. די וועלט זעהט פאַר זיך אָדער די מאַסע פון טויטע אידען, וועלכע זיינען פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרען אין פּוילען און וועלכע מען קען ליידער שוין נישט העלפען — אָדער דעם

פרישען מאַרטירער־קיבוץ פון אונגאַרישע אידען, פאַר וועלכען מען נעמט זיך אָן. דאָס בילד איז ענטשידען אונריכטיג.

און כדי אָנצורופען בלויז איין ביישפּיל: וואָס וועט געשעהן מיט די צעהנדלינגער טויזענטער אידען פון לאָדז? די רוסישע אַרמיי איז שוין גאָר נישט ווייט פון לאָדז, און די סכנה איז געוואַלטיג גרויס, אַז לאָדזער אידען זאָלען אין לעצטען מאָמענט, פאַר זייער באַפרייאונג, נישט אַריינפאַלען אין די אָשוויענצימער אָדער בירקענויער טויט־קאַמערען. עס פאָדערט זיך וועגען לאָדזער אידען נישט קיין קלענערער שטורם ווי וועגען אונגאַרישען אידענטום. מען דאַרף דאָך נעמען אין באַטראַכט, אַז אין לאָדז אַליין, חוץ די אַרומיגע שטעט און שטעטלעך, האָבען פאַר דער מלחמה געוואוינט אָן ערך 220.000 אידען, דאָס הייסט אַזוי פיעל ווי אַ פיערטער טייל פון אַלע אידען אין אונגאַרן. נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק האָבען מיר געהערט פון העכער 100.000 אידען, וואָס האָבען זיך געפינען אין באַלוט, אין לאָדזער אידען־געטאָ; זיי זיינען גע־בליבען דערהאַלטען, ווייל אַלס קוואַליפיצירטע אַרבייטער זיינען זיי געווען דרינגענד נויטיג פאַר די לאָדזער טעקסטיל פאַבריקען. וועלען מיר מיט אונ־זער פאַסיוויטעט דערלאָזען, אַז די דייטשע בעסטיעס זאָלען רוהיג אויסהרג׳ע־נען די פאַרבליבענע 100.000 לאָדזער אידען (צווישען וועלכע עס געפינען זיך לויט אונזערע באַריכטען, פילע אידען פון דייטשלאַנד, וואָס זיינען אויך אַהין געשיקט געוואָרען אין יאָהר 1940)?

פאַרוואָס האָט מען אין דער רעזאָלוציע, וואָס איז פאַרגעלייגט געוואָרען דעם 31־טען יולי ביי דער פאַרזאַמלונג אויף מעדיסאָן סקווער פאַרק, נישט דערמאָנט, אַז עס געפינט זיך היינט נאָך אַ געשלאָסענער קיבוץ פון 100,000 אידען אין לאָדז, וועלכער איז אין דער זעלבער געפאַהר ווי די אונגאַרישע אידען?

פאַרוואָס באַמיהט מען זיך נישט, אַז די אידען זאָלען אָנערקענט ווערען אַלס ציווילע קריגס־געפאַנגענע? דער פויפּסט וואָלט געדאַרפט זאָגען אַ שטאַרק וואָרט וועגען דעם. און מעגליך, אַז עס וואָלט היינט מעהר גענוצט, ווי פריהער.

אין שייכות מיט דעם שטעהט אַ פראַגע, וועלכע פאַרדינט, אַז מען זאָל זי אפילו ברייטער אַרומרעדען, אָבער לאָמיר איהר ווידמען כאָטש עטליכע זאצען. דאָס איז דער פּראָבלעם פון אַן איינהייטליכער אַקציע פאַר אידישער רעטונג.

ווען עס וואָלט עקזיסטירט אַן איינהייטליכער קאָמיטעט, וואָס זאָל זיין גע־ווידמעט אויסשליסליך די ענינים פון הצלה פון אייראָפּעאישען אידענטום, וואָלט זעהר פיעל געקענט דערגרייכט ווערען. ליידער איז אַזאַ קאָמיטעט נישטאָ. עס זיינען דאָ אפשר זעקס אָדער זיבען אָרגאַניזאַציעס, וואָס טוען הצלה־אַרבייט, צום טייל גוטע אַרבייט, אָבער זיי קאָאָרדינירען נישט זייערע פּלענער און וועגען. איינער וויים נישט פון צווייטענס האַנדלונגען. אָפט ווערט

די אַרבייט דופּליצירט. טיילמאָל וואָלט דאָס, וואָס איין אָרגאַניזאַציע טוט, געקענט בעסער געטאָן ווערען דורך אַן אַנדערער, וועלכע האָט גראָד בעסערע באַציהונגען צום באַטרעפענדען אָמט אָדער קערפּערשאַפט. טיילמאָל קומט פאָר אַ פאַרדראָסיגע ריוואַליזאַציע צווישען די רעטונגס־אָרגאַניזאַציעס. און דער סך־הכל איז זעהר אַ טרויעריגער. דער סך־הכל איז, אַז זעהר אַ סך וויכ־טיגע פּראָבלעמען זיינען נישט פאַרענטפערט. דער ביישפּיל פון די פאַרגעסענע 100.000 לאָדזער אידען, וועגען וועלכע קיין מענש קלערט און קיין מענש טוט עפּעס, איז — דאַכט זיך — גענוג.

אַן איינהייטליכער קאָמיטעט אונטער'ן נאָמען „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע פאָר יוראָפּיען דזשואיש אפעירס" האָט עקזיסטירט ביז כמעט מיט אַ יאָהר צוריק. ער איז געווען צוזאַמענגעזעצט פון פאַרטרעטער פון פאָלגענדע אָרגאַניזאַציעס: אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע, אַמעריקען דזשואיש קאָנגרעס, אגודת הרבנים, אגודת ישראל, בני ברית, ציוניסטישע עמוירדזשענסי קאָמיטע, דזשואיש לייבאָר קאָמיטע, סינאַגאָג קאונסיל אָוו אַמעריקע און הדסה. ליידער איז מיט דער מערהייט פון איין שטימע אָט דער קאָמיטעט פאַר־אַ־יאָהרען אין חודש סעפּטעמבער אויפגעלייזט געוואָרען, און זינט דאַן איז די רעטונגס־אַר־בייט געוואָרען פשוט הפקר.

עס שלאָגט די לעצטע שעה, ווען מען קען אפשר נאָך עפּעס טאָן פאַר אונזערע אומגליקליכע ברידער. אַזוי קען עס ווייטער נישט געהן. מיר ווע־לען קיינמאָל נישט פאַרענטפערען פאַר אונזער געוויסען, פאַרוואָס מיר האָבען עס דערלאָזט.

דער נצחון אויפ'ן פראָנט געגען די דייטשען איז שוין קלאָר קענטיג. עס פאָדערט זיך אַ קאָנסאָלידאַציע פון אונזער אינערליכען אידישען פראָנט, כדי מיר זאָלען קענען האָבען אויך אונזער וואויל־פאַרדינטען חלק אין אַלגעמיינעם נצחון פון יושר און גערעכטיגקייט. עס פאָדערט זיך אַן איינהייטליכע, פּלאַנ־מעסיגע אַקציע פאַר דער רעטונג פון גאַנצען פאַרבליבענעם אייראָפּעאישען אידענטום.

---

# די פאַרגעסענע אידען פון לאָדזער געטאָ...

(„מאָרגען זשורנאַל" ב' אלול תש"ד — 21 אויגוסט 1944)

ווער עס קוקט זיך צו צו דער אַקציע פאַר דער רעטונג פון אייראָ־פּעאישען אידענטום אין איהר איצטיגען פאַרנעם, קריגט דעם איינדרוק, אַז פון אַלע אידען אין אייראָפּע זיינען פאַרבליבען בלויז עטליכע הונדערט טוי־

זענט אונגאַרישע אידען. ווען מען פּראָטעסטירט געגען דער שרעקליכער רציחה, וואָס ווערט באַגאַנגען לגבי די אומשולדיגע אידען, באַשריינקט מען זיך צום אונגאַרישען אידענטום. ווען מען דערמאָנט פּוילישע אידען, דאַן רעדט מען פון נקמה, ווי וועגען רעטען זיי וואָלט מעהר קיין רייד ניט געקענט זיין, נאָר מען דאַרף, לפּחות, געדענקען, ווער עס זיינען די רוצחים, כדי זיי צו באַשטראָפען. דאָס האָט זיך אויך געפיהלט אויף דער מעדיסאָן סקווער פּאַרק פאַרזאַמלונג.

דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. דאָס איז לגמרי פאַלש און שעדליך. אידען זיינען נאָך דאָ אין נאַצי־אייראָפּע אַ חוץ אונגאַרן און מיר טאָרען אָן זיי ניט פאַרגעסען אויף קיין רגע. עס איז אויך ניט אין אינטערעס פון דעם אונגאַרישען אידענטום, אַז מען זאָל די פראַגע באַשריינקען בלויז צו איהם.

ווער האָט אונז ערלויבט צו מאַכען אַ שטריך אויף דעם געשלאָסענעם קיבוץ פון לאָדזער אידען? אין לאָדז האָבען זיך, לויט די לעצטע באַריכטען, נאָך אַלץ געפונען העכער הונדערט טויזענט אידען אין דער דאָרטיגער געטאָ. מען האָט זיי נישט גע'הרג'עט, ווייל זיי זיינען נויטיג פאַר די דאָרטיגע טעקסטיל־פאַבריקען. ווער עס קען לאָדז, דער ווייס, וואָס הייסט אָוועקנעמען די אידען פון די דאָרטיגע פאַבריקען. דעריבער האָט מען זיי איבערגעלאָזט. אָבער דער פראָנט דערנעענטערט זיך צו לאָדז און עס איז אַ געוואַלטיגע סכנה, אַז די נאַציס וועלען די לאָדזער אידען ניט וועלען איבערלאָזען פאַר די זיגרייכע רויטע אַרמייען. איז ניט די פליכט פון דער וועלט, אַז זי זאָל פונקט אַזוי שאַרף זיך אָננעהמען פאַר אָט דעם קיבוץ, וואָס איז כמעט אַזוי שטאַרק ווי אַ פינפטער טייל פון גאַנצען אונגאַרישען אידענטום היינט־צו־טאָג, ווי פאַר די אונגאַרישע אידען? פאַרוואָס זאָגט דער פּויפּסט אָדער דער שוועדישער קעניג ניט זיין וואָרט אויך דאָ?

וועט מען אפשר זאָגען: ליידער זיינען די לאָדזער אידען, גלייך ווי אַנדערע אין נאַצי־אָקופּירטען אייראָפּע, אונטער דער דירעקטער הערשאַפט פון די נאַציס, איז ניטאָ קיין שום אויסזיכט, אַז זיי זאָלען פאָלגען. אָבער דאָס איז ניט ריכטיג. ווען דער פּויפּסט אָדער דער שוועדישער קעניג זאָל זאָגען אַ שאַרף וואָרט, וואָלט עס היינט געקענט דוקא נוצען. אפשר וואָלט היינט זייערס אַ וואָרט געהערט געוואָרען אפילו אין דייטשלאַנד! און פאַרוואָס זעהט מען ניט פּועל'ן, אַז פון שפּאַניע זאָל קומען אַ שטאַרק וואָרט, אַז מען זאָל שוין אָפּשטעלען די שרעקליכע מאָרדען פון דער ציווילער אידישער באַפעלקערונג? וואָס שטאַרקער עס ווערט די אייזערנע צוואַנג אַרום דייטשלאַנד, אַלס מעהר השפעה קען האָבען דער פּויפּסט אָדער אַן אַנדערער נייטראַלער מלוכה־פיהרער אויף די נאַצי־בעסטיעס.

אויב מען רעדט בלויז פון אונגאַרישע אידען, שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז די וועלט האָט שוין שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק, אַז אין נאַצי איראָפּע זיינען אַלע אידען הפקר, נאָר אין איין ווינקעלע קען מען זיי נאָך ראַטעווען. דער פּועל־יוצא איז, אַז טראָץ אַלע צוזאָגען, טראָץ אַלע ערקלערונגען מצד האָרטי׳ן, קומען אָן ידיעות, אַז די דעפּאָרטאַציעס געהען ווייטער אָן. אָט באַריכטעט וועגען דעם דער שליח פון פּוילישען אונטערגרונט, וואָס האָט פאַרלאָזט פּוילען שוין נאָך דער ערקלערונג פון דער אונגאַרישער רעגירונג, אַז זי האַלט אויף די דעפּאָרטאַציעס „צייטווייליג". דער דאָזיגער שליח האָט געזעהן די טראַנספּאָרטען, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין אָשוויענצים און פּלאַשאוו.

מען באַריכטעט אויך פון דער שווייץ, אַז דאָרט זיינען דאָ ידיעות פון פאַרלעסליכע קוואַלען, אַז די דעפּאָרטאַציעס זיינען ניט אָפּגעשטעלט געוואָרען, נאָר זיי ווערען געמאַכט „שטיל", ביי נאַכט. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז די אונגאַרישע רעגירונג טרייבט דאָ אַ טייפלישען שפּיל. זי וויל זיך אויספיינען פאַר דער וועלט און גיט כל מיני פאַרזיכערונגען דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ און דער שווייצאַרישער רעגירונג. דאַביי וויל זי ניט פאַרלירען איהר שווער פאַרהאָרעוועטען „גוטען נאָמען" ביי היטלער׳ן און זיינע משרתים, דאַריבער ווייזט זי זיי, אַז זי שטעלט ווייטער צו די טויט־קאָנטינגענטען קיין פּוילען.

וואָלט די וועלט געשריען, אַז די אידען מוזען בלייבען לעבען און געזאָגט די דייטשען קלאָר און שאַרף, אַז אויב דאָס וועט ניט אָפּגעשטעלט ווערען, דאַן ווערען זיי אויסגעשלאָסען פון דער ציוויליזירטער וועלט — וואָלט עס אפשר געבראַכט נוצען. ווען מען וואָלט געקענט צופיהרען דערצו, אַז אַלע נייטראַלע מלוכות, אונטער דער אָנפיהרונג פון פּויפּסט, זאָלען אַזאַ וואָרנונג געבען צו דייטשלאַנד, דאַן וואָלט עס היטלער׳ן געצוואונגען זיך צו פאַרטראַכטען. אויב די דייטשען האָבען אַרויסגעלאָזט 280 אידען פון בעלזען־בערגען קיין ארץ ישראל, אפשר וועלען זיי היינט אַרויסלאָזען מעהר אידען פון לאָדז און אַנדערע שטעדט, אויב מען וועט זיי אויפפאָדערען דאָס צו טאָן? און פאַרוואָס ווערט ניט רעאַליזירט דער געדאַנק וועגען ערקלערען די אידען אַלס ציווילע קריגס־געפאַנגענע (וועלכען מיר האָבען נאָך מיט עטליכע יאָהר צוריק אויפגעהויבען אין „מאָרגען זשורנאַל") על כל פּנים דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ? עס איז ווייניג, וואָס מען האָט וועגען דעם געפּאַסט אַ רעזאָלוציע אויף׳ן מעדיסאָן סקוועער פּאַרק מיטינג, וועגען דעם וואָלט געדאַרפט אויך אַרויסטרעטען אָדער דער פּויפּסט אָדער דער שוועדישער קעניג אָדער אַן אַנדערער מלוכה־פיהרער. דאָס וואָלט די דייטשען צוגעדריקט צו דער וואַנד. אַלענפאַלס טאָר מען ניט שאַפען דעם איינדרוק, אַז

דאָס איינציגע, וואָס פעהלט אונז אין איצטיגען מאָמענט איז נקמה. מיר ווילען נאָך ראַטעווען די אידען אין פוילען, ליטע, טשעכאָסלאָוואַקיי, וואָס לעבען איצט. דאָס איז וויכטיגער ווי נקמה.

און אויב מיר ראַטעווען — טאָרען מיר ניט מאַכען קיין חילוק ווער דער גערעטעטער איד איז. עס איז אַן אומדערלאָזבאַרע זאַך דאָס וואָס קומט איצט פאָר ביי דער רעטונגס־אַקציע אין טערקיי, אַז די אידען וואָס שטעהען אין טויט־אַנגסט און ווילען — און קענען — אַנטלויפען פאַר׳ן טויט קיין ארץ ישראל, זאָלען ווערען איינגעטיילט אויף פאַרטייען און לויט די פאַרטיי־קאַטעגאָריעס ניצול ווערען! דאָס איז פשוט אַ חילול השם.

שוין עטליכע חדשים, ווי עס קומען צו אונז די דאָזיגע פשוט אומגלויבליכע ידיעות, אַז דער פאָרטרעטער פון דער „אידישער אַגענטור" האָט צוגעטיילט פאַר אידען, וואָס געהערען צו „אגודת ישראל", זעקס פראָצענט פון די פלעצער אויף די שיפען, וואָס פיהרען פון טויט צום לעבען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז איידער מען לאָזט אַרויף אַ אידען אויף אַזאַ שיף, איז מען חוקר ודורש צו וועלכער פאַרטיי ער געהערט אָדער האָט געהערט אין די אַלטע צייטען. אין דער צווישענצייט קען מען איהם מיט זיינע קינדער, פאַרשטעהט זיך, כאַפּען, ווייל דער שמועס קומט פאָר דאָרט, וואו עס האָט נאָך די מאַכט דער נאַצי־ווערכטער.

עס ליגען פאַר מיר, ווען איך שרייב די ווערטער, אַ רייהע טעלעגראַמעס פון איסטאַנבול, וועלכע קלאָגען אויף אָט דעם צושטאַנד. די טעלעגראַמעס דערצעהלען, אַז אפילו זעקס פראָצענט ווערען אויך ניט נאָכגעקומען. אַזוי שטעהט בפירוש אין קייבל פון 31טען יולי.

ווען מען וואָלט אַזאַ זאַך דערצעהלט אָהן באַווייזען, וואָלט עס געקענט באַטראַכט ווערען אַלס פאַנטאַזיע. די דעפּעשען ריידען אָבער אַ קלאָרע שפּראַך. נאָך דעם 1טען יוני איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז „בנוגע שיף־פלעצער פאַר אגודיסטען האָבען די פאָרטרעטער פון דער אידישער אַגענטור צוגעזאָגט צו געבען 6 פראָצענט, אָבער ביז איצט האָבען די שיפען ניט געבראַכט קיין אגודיסטען..."

דעם 22טען יולי זיינען אָנגעקומען די ערשטע מיטגלידער פון אגודת ישראל, וואָס האָבען זוכה געווען דורכצוגעהן דעם פאַרטיי־עקזאַמען (נאַטירליך ניט איבער די 6 פראָצענט). אין טעלעגראַם איז אָנגעגעבען דער נאָמען פון שיף. אָבער שוין דעם 31טען יולי, מוז מען ווייטער טעלעגראַפירען פון אינסטאַנבול קיין ניו יאָרק, אַז אפילו 6 פראָצענט ווערען ניט איינגעהאַלטען.

דאַביי דאַרף מען צוגעבען, אַז דעם 18טען יולי האָט מען דעם דאָזיגען צושטאַנד מודיע געווען דעם מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער אַגענטור משה שערטאָק אין לאָנדאָן. עס קען זיין, אַז צוליב דעם איז דעם 22־טען יולי

איינגעטראָטען אַ פֿאַרבעסערונג. אָבער דאַן איז ווייטער ערגער געוואָרען. דאָס איז פּשוט אַ פֿאַרברעכען. עס זיינען דאָ אידען, וואָס אַנטלויפֿען פֿון טויט. עס זיינען ניטאָ קיין „מיינע" אידען און „דיינע" אידען! עס איז דאָ איין געפּלאָגט און פֿאַרפּלאָגט אידיש פֿאָלק!

---

# ווי האַלט עס מיט דער אידישער רעטונג?

(„מאָרגען זשורנאַל" ב׳ חשון תש״ה — 19 אָקטאָבער 1944)

די וואָרנונג צו דייטשלאַנד, וועלכע דער סטייט־דעפּאַרטמענט האָט לעצטענס אַרויסגעלאָזט בנוגע דער געפּלאַנטער עקסטערמינאַציע פֿון די אומשולדיגע מענשען אין פֿאַרשיידענע קאָנצענטראַציע לאַגערען, איז זיכער אַ וויכטיגער שריט אין דער רעטונגס־אַקציע פֿאַר׳ן אייראָפּעאישען אידענ־טום. מען קען, נאַטירליך, ניט וויסען וועלכען איינדרוק זי האָט אַרויסגערופֿען ביי די נאַציס. אָבער קלאָר איז, אַז אפילו ביי דער גיפֿטיגער שנאה צו אַמע־ריקע אין די דייטשע אָפֿיציעלע קרייזען, האָט דאָך די וואָרנונג געמוזט מאַ־כען אַ רושם, אַז די צעהנדליגער טויזענטער מענשען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערען האָבען אַ „פֿאָטער", אַז הינטער זיי שטעהט די מאַכט פֿון די פֿאַר־איינגטע שטאַאַטען. נאַצי־דייטשלאַנד האָט באמת פֿיינט אַמעריקע, אָבער זי רעכענט זיך מיט אַמעריקע׳ס מאַכט. דעריבער איז די וואָרנונג געוועזען שטאַרק אויפֿ׳ן אָרט. זי האָט נאָר געדאַרפֿט קומען פֿריהער.

עס זיינען דאָ אַ רייהע שריט, וועלכע ווערען פֿאַרהאַנדעלט פֿאַר דער הצלה פֿון אייראָפּעאישען אידענטום. און ביי כמעט אַלע שריט זעהען מיר די זעלבע ערשיינונג, וואָס חזר׳ט זיך איבער: אַלץ קומט אַזוי שרעקליך שפּעט!

אָט איז דער ענין מיט׳ן אַנערקענען די מענשען אין די קאָנצענטראַ־ציע לאַגערען פֿאַר קריגס־געפֿאַנגענע. ניטאָ קיין פּשוט׳ערע זאַך, דוכט זיך. אויב מען נעהמט מענשען פֿון אָקופּירטע געביטען און מען פֿאַרשליסט זיי אין לאַגערען, וואו זיי ווערען באַהאַנדעלט ווי די ערגסטע פֿאַרברעכער, הגם מען קען זיי קיין שום עבירות ניט נאָכווייזען, אויסער זייער פּאָליטישע טעטיגקייט, אָדער צוגעהעריגקייט צו אַ באַשטימטער ראַסע, אָדער רעליגיע, — דאַן זיינען זיי דאָך מלחמה־געפֿאַנגענע. אָהן מלחמה וואָלט מען זיי דאָך גאָרנישט געטאָן. און קיין ספק, אַז אַ טייל פֿון די מענשען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערען האָ־בען געקעמפֿט מיט וואָפֿען אין דער האַנט געגען די אָקופּאַנטען, אַזוי, אַז דער כאַראַקטער פֿון קריגס־געפֿאַנגענע שטעהט זיי צו, לויט אַלע עדות. (דאָס איז

נוגע צ. ב. אַ טייל פּאָליאַקען, אָדער אַנדערע פּאַרטיזאַנען אין די לאַגערען).
וואָלט דאָך שוין לאַנג געדאַרפט זיך באַווייזען אַן אָפיציעלע ערקלערונג פון די
„יונייטעד ניישאַנס״, אָדער פון דער אַליאירטער מיליטערישער הויך־קאָ־
מאַנדע, אז זיי באַטראַכטען די מענשען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערען אַלס
קריגס־געפאַנגענע. עס איז געוויס ניט זיכער וואָס די דייטשען וואָלטען אויף
דעם געענטפערט. אָבער קען דאָס זיין אַן אָפּהאַלט פאַר׳ן אַרויסגעבען אַזאַ מין
ערקלערונג? בשום אופן נישט. די ערקלערונג וואָלט געדאַרפט אויף יעדען
פאַל ווערען פאָרמעל נאָטיפיצירט דעם דייטשען גענעראַל־שטאַב. אויב ער
זאָל זיך מיט דעם ניט רעכענען, וואָלט די אַמעריקאַנער אַרמיי אין דער
געהעריגער צייט געוואוסט ווי צו ענטפערען דערויף. און עס איז אַ שטאַרקע
סברה, אַז גראַד איצט וואָלטען די דייטשען ניט געזוכט קיין נייע „זאַטשעפּקעס״.

מיט יאָהרען צוריק האָבען מיר געפאָדערט צו ערקלערען די אידען
אין די געטאָס אַלס ציווילע קריגס־געפאַנגענע. מען האָט לכתחלה דעם גע־
דאַנק געהאַלטען פאַר אַ פאַנטאַזיע. אָבער ווער ווייס וויפיל מענשען עס וואָל־
טען געבליבען לעבען, ווען אָט די פאַנטאַזיע וואָלט געווען רעאַליזירט גע־
וואָרען. היינט איז דער ענין, פון רעכטליכען שטאַנדפונקט, נאָך פיל לייכטער.
ווייל קאָנצענטראַציע־לאַגערען זיינען פאַקטיש ערגערע תפיסות ווי געטאָס.
ווער עס איז אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער, דער איז אַ מלחמה געפאַנגענער.
קיין שום חכמות ווע‏לען אָט דעם פאַקטישען צושטאַנד ניט ענדערען. און דערי־
בער איז די פאָדערונג הונדערט־פּראָצענטיג גערעכט.

עס וואָלט געדאַרפט אַזאַ דערקלערונג אַרויסגעבען ניט נאָר די אַמע־
ריקאַנער רעגירונג, נאָר אויך דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ. אָט
די אינסטאַנץ איז מאָדנע צוריקגעהאַלטען, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען זאָ־
גען אַ וואָרט פאַר די אומגליקליכע פאַרפאָלגטע אין נאַצי־דייטשלאַנד, הגם
עס איז איהר פליכט דאָס צו טאָן. און אפשר האָט מען אַמאָל מורא געהאַט
אין גענף פאַר בערלין און דעריבער זיך אַנטזאַגט דאָס צו טאָן ווייל עס האָט דאָך
געקענט אַרויסרופען אַ גרימצאָרן ביים געוועלטיגער, טאָ איז שוין די מורא,
דוכט זיך, ניטאָ. פאַרוואָס שווייגט דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ
היינט? פאַרוואָס פאָדערט ער ניט, אַז מען זאָל איהם צולאָזען צו די לאַגערען?
פאַרוואָס זאָגט ער עס ניט עפענטליך, אַזוי אַז מען זאָל דאָס הערען איבעראַל?

די דעקלאַראַציע וועגען אנערקענען די איינגעשלאָסענע אין די קעמפּס
אַלס קריגס־געפאַנגענע, טאָר ניט קומען צו שפּעט, ד. ה. דאַן, ווען עס וועט
שוין קיינער אין די לאַגערען זיך נישט געפינען. אויף וואָס וואַרט מען?

ליידער זעהט עס ביי אונז אַליין אויך ניט בעסער אויס. ווען מיר דאַרפען
אַליין טאָן אַן אַנטשיידענעם שריט פאַר הצלה, דאַן איבערלעגט מען זיך הונ־
דערט מאָל און על־פּי־רוב קומט מען אויך צו שפּעט.

איך האָב פאַר זיך אַ באַריכט פון איסטאַנבול, וואו עס ווערט איבער־געבען אַ מורא׳דיגער פאַקט. מען האָט מיט אַ צייט צוריק געקענט ראַטעווען 400 אידישע משפחות פון באָכניע (גאַליציע), וואו עס איז געווען איינער פון די גרויסע אידישע זאַמעל־פונקטען. אַ טעלעגראַמע פון דער שווייץ האָט אַנגעגעבען דעם וועג. מען האָט צו דעם געדאַרפט האָבען די הסכמה פון דער „אידישער אַגענטור״ אין איסטאַנבול. זי האָט זיך ערקלערט באַרייט צו טאָן וואָס מען האָט פון איר פאַרלאַנגט, אָבער בתנאי, אַז דער פאַרטרעטער פון דער „אידישער אַגענטור״ אין גענף זאָל איר דירעקט וועגען דעם טעלעגראַ־פירען. האָט מען תיכף טעלעגראַפירט פון איסטאַנבול קיין גענף און, פאַר־שטעהט זיך, געקראָגען דעם ענטפער, אַז דער פאַרטרעטער פון דער אַגענטור אין גענף איז מסכים. אָבער די דירעקטע טעלעגראַמע פון איין פאַרטרעטער צום אַנדערען איז ניט אָנגעקומען. מען האָט געשטורעמט און אורגירט און — קיין ענטפער. דערווייל איז געקומען די קאַטאַסטראָפע. עס איז שוין ניט געווען וועמען צו ראַטעווען. די 400 משפחות האָבען מעהר נישט באַ־דאַרפט קיין הילף פון בשר־ודם׳ס, ווען די דירעקטע טעלעגראַמע איז סוף כל סוף אָנגעקומען.

וואָס איז דער מוסר־השכל דערפון? דוכט זיך גאַנץ פשוט: מיר מוזען אַביסעל פאַרציכטען אויף דער געמיטליכקייט און זיך צואיילען מיט די לעצטע שריט. עס איז באמת שוין ניטאָ קיין צייט צו פאַרלירען. די נאָר־מאַלע פּראָצעדור פון איין אינסטאַנץ צו דער צווייטער איז גוט ווען עס איז „שנים כתקונן״, אָבער ניט היינט. היינט צעהלט זיך יעדע שעה, יעדע מינוט.

עס זיינען דאָ אידישע קיבוצים אין איראָפּע, וועלכע געפינען זיך אין דער גרעסטער געפאַהר. אַזוי איז דער פאַל מיט דער סלאָוואַקיי, וואו דער רעשט פון די אידען האָט זיך געהאַט געפונען אין אַ געוויסער זיכערקייט. אָבער צוליב דעם פאַרטיזאַנען־אויפשטאַנד, איז דאָרט די לאַגע פון די אידען געוואָרען גאָר קריטיש און אַ שנעלע אַקציע איז דרינגענד נויטיג. וועלען מיר דאָ אויך אָנווענדען דאָס לאַנגזאַמע טעמפּאָ פון די ביז־איציגע רעטונגס־אַקציעס?

די פּלאָג פון לאַנגזאַמקייט לאָזט זיך דייטליך דערקענען ניט נאָר ביי דער רעטונג־אַרבייט, נאָר אויך ביים שיקען הילף צו די אידען אין די גע־ביטען, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרען סאַי דורך אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע, סאַי דורך די רוסישע אַרמייען. חדשים זיינען שוין פאַריבער זינט עס זיינען אָנ־געקומען די ריהרענדע אַפּילס וועגען הילף פון די אידען אין די באַפרייטע געביטען. מען רעדט אַביסעל וועגען דעם, מען דערמאָנט זיך פון צייט צו צייט, אַז מען איז מחויב צו דערהאַלטען די לעבען־געבליבענע אידען אין

לובלין אָדער לעמבערג. מען קען נאָר סתם אַוועקשיקען הילף, אָהן אַ באַשטי־מונג, ניט אַמאָל מיט דער באַצייכענונג, אַז עס מוז פאַרטיילט ווערען צווישען אידען. ניטאָ אפילו קיין מעגליכקייט זיך צו דערוויסען ווער עס לעבט דאָרט. מענשען, וואָס האָבען דאָרט זייערע נאָהענסטע איבערגעלאָזט, גערען אַרום ווי משוגע. דאָס ניט־וויסען פלאָגט און איז מקצר ימים. און ווען עס וואָלט אויפגעהויבען געוואָרען אַ שטורם, אַז אַזוי קען עס ניט געהן, אַז דער קאָנ־טאַקט מוז זאָפאָרט איינגעשטעלט ווערען און די הילף מוז צוקומען אָהן אַן אָפּהאַלט, וואָלט מען עס דורכגעבראָכען. אָבער קיינער קימערט זיך ניט ווע־גען דעם, און אויב עס טראַכט ווער עפּעס צו טאָן, דאַן געהט עס מיט אַזאַ לאַנגזאַמען טעמפּאָ, אַז די מענשען קענען פריהער אויסגעהן, איידער די הילף וועט זיי דערגרייכען!

די עפענטליכע מיינונג אין אַמעריקע דאַרף מאָנען שנעלע מעשים פאַר דער רעטונג און הילף פאַר׳ן אייראָפּעאישען אידענטום.

---

# אָסוויגאָ: אַ קאַפּיטעל הצלה־ארבייט אין אַמעריקע

.1

(„מאָרגען זשורנאַל״, ו׳ אלול תש״ד — 25 אויגוסט 1944)

צוויי מאָל האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו פאַרברענגען כמעט צו גאַנצע טעג צווישען די קרוב 1000 אידישע פליטים פון אייראָפּע, אין פאָרט אָנטעריאָ, אין אָסוויגאָ, און יעדעס מאָל, ווען איך בין געקומען אין באַריהרונג מיט זיי, סאַי באַלד ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין אַמעריקע, סאַי עטליכע טעג שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין אַביסעל געוואָרען אַקלימאַטיזירט צווישען אונז, האָב איך אין זיי געזעהן דעם סימבאָל פון דער שרעקליכער טראַגעדיע פון אונזער פאָלק. עס האָט זיך אַנטפּלעקט די קאַטאַסטראָפּע, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אידען. ווער עס האָט אָנגעקוקט די פליטים אין אָס־וויגאָ, קען שוין האָבען אַ שטיקעל פאָרשטעלונג, וואָס עס קומט פאָר אין איי־ראָפּע.

זייער אויסערליכער צושטאַנד איז אַ שרעקליכער. זיי געהן אָנגעטאָן אין שמאַטעס, אין געלעכערטע שיך, אין צוריסענע קליידער, כמעט אָהן העמדער. די מענשען באַזיצען לגמרי גאָרנישט. די קינדער לויפען אַרום באָרוויס און צעשטעכען זיך די פיסלעך. און ווי זעהען זיי אויס, אָט די אידישע קינדער, וואָס זיינען ניט דערשטאָכען געוואָרען פון די נאַצישע מערדער! איך וואָלט

קוים געשאַצט אויף 6 אָדער 7 יאָהר יענע קינדער, וועלכע זיינען באמת אַלט 14 אָדער 15 יאָהר. און קיין וואונדער: יאָהרען האָבען זיי זיך געוואלגערט איבער די באַהעלטענישען, יאָהרען האָבען זיי קיין געהעריגע שפּייז נישט באַקומען. ווי איז אויפגעקאָכט געוואָרען אונזער בלוט, ווען מיר האָבען דער־זעהן, וואָס היטלער האָט געמאַכט פון אונזערע קינדער!

און ווען מיר האָבען אָנגעהויבען צו רעדען מיט די ניי־אָנגעקומענע געסט, זיינען מיר נאָך מעהר דערשיטערט געוואָרען. כמעט יעדער האָט צו דערצעה־לען זאַכען, פון וועלכע די האָר שטלען זיך קאַפּויער. קען מען רוהיג בלייבען, ווען מען הערט, ווי זיי דערצעהלען פון די טויזענטער אומשולדיגע אידען, וואָס זיינען אין זייער געגענוואָרט געפאַלען טויט אונטער די קלעפּ פון די נאַצי־מערדער? כמעט אַלע, וואָס זיינען איצט אַריבערגעקומען אין אַמעריקע, זיינען שוין געווען אין די אָרעמס פון מלאך־המות און זיינען ניצול געוואָרען ממש מיט נסים. איינער איז אַרויסגעשפּרונגען פון אַ פענסטער ביי אַן אונ־טערזוכונג אין דער געסטאַפּאָ; איינער איז געוואָרען געראַטעוועט, ווייל ער האָט זיך פאַררופען אויף אַ פאַלשען דאָקומענט, וועלכען מען האָט נישט ריכ־טיג קאָנטראָלירט; ווידער אַן אַנדערער איז אַנטלאָפען אין מיטען וועג, ווע־רענדיג שוין טראַנספּאָרטירט קיין מזרח... ווער איז אימשטאַנד צו איבער־געבען די אַלע שוידערליכע מעשיות, וואָס די היינטיגע אָסוויגאָ־איינוואוינער האָבען צו דערצעהלען! פון איטליכען וואָרט, פון איטליכען בליק, שפּירט זיך בלוט. וואַרים אידיש בלוט. בלוט פון אייערע נאָהענטע. בלוט פון איי־ערע ברידער און שוועסטער. און עס שרייט צום הימעל אָט דאָס אומשולדיגע אידישע בלוט. עס וויל ניט שטיל ווערען אָט דאָס וואַרימע אידישע בלוט. איהר ווערט דערשיטערט. איהר באַקומט אין אָסוויגאָ אַ שטיקעל בילד, פון דעם וואָס עס וועט זיך פאַר אונז אַנטפּלעקען, ווען עס וועלען איינפאַלען די מויערען, וואָס די נאַצים האָבען אויפגעשטעלט אַרום דער „פעסטונג איי־ראָפּאַ" און מיר וועלען דערזעהן דעם גאַנצען אמת, וועלכען מיר קענען זיך נאָך אַלץ נישט פאָרשטעלען!

אָבער סימפּטאָמאַטיש איז, אַז די פּליטים האָבען אַ גרויסען טייל פון דער צייט, וועלכע מיר האָבען צוזאַמען פאַרבראַכט, באַנוצט דאַצו, כדי אונז אויפצופּאָדערען, אַז מיר זאָלען עפּעס טאָן פאַר די פאַרבליבענע אידען אין איטאַליע, פון וואַנען זיי זיינען לעצטענס געקומען. אַלע זיינען מסכים, אַז ווען עס וואָלט געווען מעהר געלט בשעת די נאַצי־בעסטיעס האָבען גע׳בעל־בית׳עוועט אין רוים און אַנדערע שטעדט און האָבען געכאַפּט אידען כדי זיי צו דעפּאָרטירען — וואָלטען טויזענטער אַנדערע מענשען געקענט גע־ראַטעוועט ווערען. געלט איז געווען רעטונג. שווערע הונדערטער לירעס האָט אַמאָל געקאָסט איין נאַכט זיך אויסצובאַהאַלטען. ווי אָפט האָט מען גע־

מוזט לויפען פון איין באַהעלטעניש צום אַנדערען — און אַלץ האָט געקאָסט געלט!

עטוואָס געלט איז צו זיי אָנגעקומען אין יענע שוואַרצע טעג און צוליב דעם האָבען מאַנכע זיך געראַטעוועט. אָבער ווי ווייניג איז דאָס געווען אין פּראָפּאָרציע צו די נויטען! מען האָט געקענט און געדאַרפט שיקען פיעל מעהר. מיט אַ שרעקליכער פאַרביטערונג פרעגען זיי? פאַרוואָס האָט מען אין אַמעריקע פאַרנאַכלעסיגט די אונטערערדישע אַרבייט? פאַרוואָס האָט מען זיך נישט באַמיהט צו שיקען מעהר געלט דורך אונטערערדישע קאַנאַלען?

דאָס, וואָס די אידען גופא אויפ׳ן אָרט האָבען געקענט טאָן, איז געמאַכט געוואָרען מיט׳ן גרעסטען מסירת־נפש. מיט טרעהרען אין אויגען דערצעה־לען זיי, ווי אַ פּוילישער איד פון פּאַריז (וועלכער האָט געשטאַמט פון וואַרשע, אַן אַמאָליגער גערער חסיד), האָט כסדר געקוקט דעם טויט אין די אויגען און געראַטעוועט אונצעהליגע מענשען, פאַרזאָרגט זיי מיט דאָקומענטען, אַרי־בערגעבראַכט זיי אין זיכערהייט — ביז מען האָט איהם געכאַפּט און דעפּאָר־טירט. אַזעלכע זיינען געווען פיעלע. דאָס זיינען די אונבאַקאַנטע העלדען פון אונזער פאָלק. ווער ווייסט, צי מען וועט זיי אַמאָל געפינען. זיכער וועט זיי קיינער נישט באַדאַנקען. זיי ליידען פאַר אַנדערע. זיי האָבען זיך געאָפּ־פערט, כדי נאָך אַ איד, כדי נאָך אַ אידיש קינד זאָל בלייבען לעבען. און מיט טיפסטער יראת־הכבוד פאַרבויגען מיר זיך פאַר זיי, כדי כאָטש אויף אַ רגע צו דערמאָנען, אַז פאַר פיעלע פון די, וואָס זיינען איצט אין אָסוויגאָ, ווערען געפּייניגט זייערע רעטער אין אָשוויענצים אָדער בירקענוי אָדער ווי זיי היי־סען דאָרט די נאַצישע גיהנום׳ס.

און נישט נאָר אידען האָבען זיך מוסר נפש געווען, צו העלפען אַנדערע. אויך נישט־אידען. באַזונדער האָט זיך אויסגעצייכענט אַ גלח אין רוים, וועמ־ענס נאָמען מיר קענען דערמאָנען, ווייל ער געפינט זיך שוין היינט אין זי־כערהייט און די נאַצי־באַנדיטען קענען איהם שוין, ברוך־השם, קיין שלעכטס נישט טאָן. דאָס איז פּאַטער בערנאַדעטי, וועלכער האָט צענדליגער און הונ־דערטער אידען באַהאַלטען און געהאָלפען. די אָסוויגאָ געסט האָבען נישט גענוג ווערטער כדי צו שילדערען זיין איידעלקייט. נישט איינער פון זיי האָט איהם פערזענליך צו פאַרדאַנקען זיין לעבען. מיט חכמה און אמת׳דיגער מענשען־ליעבע האָט פּאַטער בערנאַדעטי אינטערווענירט ביי דער געסטאַפּאָ. ווען די וואַמפּירען וואָלטען געוואוסט וואָס דער דאָזיגער „חסיד שבאומות העולם" טוט באמת, וואָלט זיין אייגען לעבען נישט ווערט געווען אפילו אַזוי־פיעל ווי אַ ווערטלאָזער מאַרק. אָבער צום גליק האָבען זיי נישט אַנטדעקט. און מיר וועלען דאַרפען אַמאָל פאַרשרייבען אין אונזער ספר־הזכרון די מעשים טובים פון דעם גלח.

ליידער וועלען מיר דאַרפען פאַרשרייבען אויך די שלעכטע מעשים פון געוויסע אידען. מיט פאַרביטערונג רעדען זיי וועגען אַ געוויסען סאַרראַני פון דער אידישער אָרגאַניזאַציע „דעלאַססעם". אַט דער רשע האָט זיי געצאַפּט זייער בלוט און, ליידער, טוט ער עס ווייטער לגבי די פאַרבליבענע אידען אין רוים. ער איז היינט ווייטער זייער אומגעבעטענער פאַרזאָרגער.

עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט עטליכע סטאַטיסטישע ציפערען וועגען דער גרופּע, וואָס איז אָקאָרשט אָנגעקומען. בסך־הכל זיינען זיי 983 מענשען, דאַפון 524 מענער און 450 פרויען. קינדער אונטער 14 יאָהר געפינען זיך צווישען זיי 163 (85 אינגלעך און 78 מיידלעך). די איינ־טיילונג לויט רעליגיע איז: 916 אידען, 47 קאַטאָליקען, 15 גריכיש־קאַטוי־לישע און 5 פּראָטעסטאַנטען. לויט מלוכה־צוגעהעריגקייט טיילען זיי זיך: 154 משפחות פון עסטרייך, 146 משפחות פון יוגאָסלאַוויע, 84 משפחות פון פוילען, 61 פון דייטשלאַנד, 21 פון טשעכאָסלאָוואַקיע, 14 פון רוסלאַנד און קלענערע גרופּען פון אַנדערע לענדער. דאָס זיינען גאַנצע משפחות. ס'זיינען דאָ פיעלע משפחות וואָס באַשטעהען פון איינצעלנע מענשען, אָבער 130 זיינען צו 2 מיטגלידער, 65 צו דריי, 42 צו פיער, 10 צו פינף, 4 צו זעקס, 2 צו זיבען, איינע פון ניין און איין משפחה צעהלט אפילו גאַנצע עלף מענשען! לויט דער באַשעפטיגונג זיינען דאָ: 192 סוחרים, 45 בוכהאַלטערס, 27 פאַב־ריקאַנטען, 26 שניידער, 25 אַנדערע האַנדווערקער, 9 לאָיערס, 9 זשורנאַ־ליסטען, 6 באַנקירען, 5 דאָקטוירים, 4 לעהרער, 3 מוזיקער, 2 דענטיסטען, 2 אינזשענירען, 2 פאָטאָגראַפערס, 2 אַקטיאָרען, 1 רב, א. אַ. וו.

ווער אינטערעסירט זיך מצד אידען, אַז די לאַגע פון דער גרופּע אין פאָרט־אָנטעריאָ זאָל וואָס שנעלער ווערען אַ נאָרמאַלע? פאַרשטעהט זיך אַז עס פעהלען נישט קיין נייגעריגע, וואָס ווילען רעדען מיט די פליטים און הערען פון זיי, וואָס עס טהוט זיך אויף יענער זייט ים אָדער וואָס האָט זיך מיט זיי אַליין אָפּגעטאָן. אָבער ווער טהוט פאַר זיי עפּעס ממשות'דיגעס?

מיט אַ באַזונדערער סאַטיספאַקציע וויל איך איבערגעבען, אַז עס האָט זיך אונז איינגעגעבען שוין צוויי טעג נאָכ'ן אָנקומען פון דער גרופּע אין אָס־וויגאָ צו אָרגאַניזירען אַ כשר'ע קיך פאַר 182 פליטים, וועלכע האָבען אויס־געדריקט דעם וואונש צו באַקומען כשר עסען. די לייטונג פון קעמפּ האָט פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט פון ענין און מיט דער גרעסטער באַרייטוויליג־קייט קאָאָפּערירט, אַזוי אַז שוין 2 טעג נאָך אונזער באַזוך אין אָסוויגאָ איז געוואָרען אויסגעטיילט דאָס ערשטע כשר'ע עסען.

דאָ וויל איך אונטערשטרייכען, אַז „אגודת הרבנים", „עזרת תורה", „יאָנג איזראַעל" און „אגודת ישראל" האָבען זיך תיכף אָפּגערופען מיט הילף פאַר די רעליגיעזע באַדערפענישען פון די פליטים. „עזרת תורה" האָט פאַר

פיעלע הונדערטער דאָלאַרען איינגעקויפט תפילין, טליתים, מזוזות און אַנ־דערע רעליגיעזע געגענשטאַנדען, וואָס די אָרטאָדאָקסישע פּליטים האָבען זעהר באַנויטיגט. עס קומט זיי אַן אויפריכטיגער דאַנק.

דער „בני ברית״ האָט איינגעריכטעט די שוהל פאַר די פּליטים, וואו מען דאַווענט שוין כסדר און וואו עס איז אויך פאָרגעקומען דער ערשטער ברית מילה פון אינגסטען פּליט אין אָסוויגאָ, דעם קליינעם מאורער, וועלכער איז אַלט 5 וואָכען.

אָבער די רעליגיעזע באַדערפעניש, הגם זיי זיינען זעהר וויכטיג, שע־פּען נישט אויס די גאַנצע הילפס־טעטיגקייט, וועלכע די אידישע אָרגאַני־זאַציעס אין אַמעריקע זאָלען און דאַרפען טאָן פאַר די נייע געסט. און כדי צו קאָאָרדינירען די דאָזיגע אַרבייט, כדי זי נישט צו דופּליצירען האָבען עט־ליכע פאַראינטערעסירטע גרויסע אָרגאַניזאַציעס אויף דער איינלאַדונג פון „נעשאָנעל רעפּיודזשי סוירוויס״, אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג און זיך באַראַטען איבער די שריט, וואָס דאַרפען אונטערגענומען ווערען. ביים מיטינג זיינען געווען רעפּרעזענטירט: „נעשאָנעל רעפּיודזשי סוירוויס״, „האַיאַס״, „קאונסיל אָוו דזשואיש ווימען״, „דזשואיש וועלפעיר באָארד״, „אָרט״, „אגודת ישראל״, „צעירי אגודת ישראל״ און „סינאַגאָג קאונסיל״. עס זיינען אויך אָנוועזענד געווען צוויי פאַרטרעטער פון דער אידישער „וועלפעיר פעדעריישאָן״ אין סיראקיוז, וואָס איז נאָהענט צו אָסוויגאָ.

נאָך לאַנגע דעבאַטען און באַראַטונגען, וועלכע האָבען זיך פאַרצויגען ביז צו אַ צווייטער זיצונג, איז באַשלאָסען געוואָרען צו שאַפען אַן איינהייט־ליכען קאָמיטעט אין שכנות פון קעמפּ. דער קאָמיטעט וועט באַשטעהן פון פאַרטרעטער פון די אידישע קהילות אין אָסוויגאָ, סיראַקיוז, ראָטשעסטער, באָפאַלאָ, יוטיקאָ און וואטערטאון (אַלע ניט ווייט פון קעמפּ) און פון די דע־סיגנירטע פאַרטרעטער פון די דערמאָנטע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. אַ באַ־זונדערער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר זאָל זיך ווידמען אויסשליסליך דער אַרבייט פאַר די פּליטים און ער זאָל זיין דער „ליעזאָן אָפיסער״ צווישען די אָרגאַני־זאַציעס און דער לייטונג פון קעמפּ. אַ באַזונדערער רבנ׳ישער משגיח זאָל זאָרגען פאַר דער כשרות, וואָס איז אַזוי וויכטיג פאַר אַ גרויסער צאָהל פּליטים. עס זיינען אָנגעצייכענט געוואָרען געוויסע שטריכען פאַר׳ן רעגיאָנאַלען קאָ־מיטעט און זיין לייטונג.

קיין ספק, אַז פאַר׳ן אַמעריקאַנער אידענטום שטעהט איצט פאַר אַ וויכ־טיגער און שווערער פּראָבלעם צו לייזען: ווי אַזוי די קרוב 1000 אידישע קרבנות פון היטלער׳ס באַנדיטיזם איינצוואָרדענען, אַז זיי זאָלען זיך ניט שפּי־רען ווי קעמפּ־איינוואוינער, נאָר זיי זאָלען שנעל צוגעגרייט ווערען צו זייער פרייע לעבען, וואָס שטעהט זיי בעפאָר. די פּליטים זיינען שוין זאַט פון כל

מיני קעמפּס. זיי מוזען, כל זמן זייער יורידישער מצב איז נישט גערעגעלט, פאַרבליבען אין פּאָרט־אָנטעריאָ, אָבער זיי מוזען האָבען דאָס געפיהל, אַז דאָס איז זייער קליין שטעדטעלע פון אַמאָל. זיי מוזען זיך דאָרט פיהלען אַזוי גוט און אַזוי נוצליך פאַר זיך און פאַר'ן כלל, ווי עס איז נאָר מעגליך.

אָט דאָס איז די אויפגאַבע פון נייעם קאָמיטעט. לאָמיר האָפען, אַז עס וועט איהם געלונגען זי אויסצופיהרען.

.2

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ט אדר תש״ה — 4 מערץ 1945)

עס איז געקומען די צייט, אַז מען זאָל ערנסט אויפהויבען די פראַגע וועגען די קרוב צו טויזענט אומגליקליכע מענשען, וואָס געפינען זיך אין פּאָרט אנטעריאָ אין אָסוויגאָ. די לאַגע ווי זי איז, איז פשוט ניט דערלאָזבאַר. עס מוז עפּעס געשעהן, כדי דעם פּראָבלעם פון די דאָזיגע פּליטים דעפיניטיוו צו לייזען. דאָס מוז געשעהן באַלד, ווייל אַ גרויסער טייל פון די פליטים זיינען פשוט אויפ'ן שוועל פון פאַרצווייפלונג.

די שטימונג צווישען די פּליטים אין אָסוויגאָ איז שוין פון לאַנג אַ גע־דריקטע. די פּליטים זיינען ביטער ענטוישט. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אַז קומענדיג קיין אַמעריקע וועלען זיי באַקומען די מעגליכקייט אָנצופאַנגען אַ נאָרמאַל לעבען, ווי עס האָט יעדער מענש, וואָס באַטרעט דעם גאַסטפריינד־ליכען אַמעריקאַנער באָדען. די האָפנונג איז באַלד צורונען געוואָרען. זיי זיינען נישט געקומען אַהער אַלס אימיגראַנטען און דעריבער האָט זיך קיינער פון זיי נישט געקענט איינאָרדענען.

די פליטים האָבען זיך געטרייסט, אַז דאָס איז אַ איבערגאַנגס־שטאַדיום. זיי זיינען אַריין אין קעמפּ אָסוויגאָ מיט דער איבערצייגונג, אַז במשך אַ פּאָר חדשים וועט געפינען ווערען אַן אויסוועג, ווי אַזוי צו נאָרמאַליזירען זייער צושטאַנד. עס איז דאָך פשוט אַן אַבסורד צו לאָזען 1000 מענשען בלייבען זיצען מיט פאַרלעגטע הענט. זיי זיינען קרבנות פון דער היטלעריסטישער טי־ראַניי און זיינען פולשטענדיג באַרעכטיגט צו דערוואַרטען, אַז מען וועט זיי העלפען בויען זייער נייעם לעבען.

די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט די פליטים צוגעזאָגט אַ מקום מקלט און זי האָט געהאַלטען וואָרט. ליידער אָבער קען מען דאָס ניט זאָגען וועגען די צוזאָגען וואָס עס האָבען געמאַכט פאַר די פּליטים די אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס. און אויף דעם מוז מען זיך אָפּשטעלען.

ווען עס איז אָנגעקומען דער טראַנספּאָרט פון איירָאפּע אין פּאָרט אָנטע־ריאָ, האָט מען פאַר אַ ווײַלע זיך אָפּגעגעבען מיט די אָסוויגאָ פּליטים. צעהנד־לעגער און אפשר הונדערטער דעלעגאַציעס האָבען זיך אַהין אַ לאָז געטאָן.

יעדער האָט געוואָלט וויסן, אַז ער פּיהלט מיט זיי מיט. די קעמפּ־לייטונג האָט אַזש געמוזט באַשריינקען די דערלויבענישען אויף אַריינצוקומען אין קעמפּ. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ קאָאָרדינירער־קאָמיטעט פון אידישע אָר־גאַניזאַציעס, וועלכער האָט דורך אַ ספּעציעלען עקזעקוטיוו־דירעקטאָר גע־דאַרפט זאָרגען פאַר אַלע באַדערפעניששען פון די פּליטים. די רעגירונג האָט אויסגעהאַלטען די באַדערפענישען אין דער מאָס, ווי עס איז אָנגענומען אין אַ קעמפּ; דעם עודף, די גייסטיגע און אַנדערע ענינים, האָבען געדארפט ערליידיגען די אידישע אָרגאַניזאַציעס.

אָבער דער אינטערעס איז אַזוי שנעל אָפּגעקיהלט געוואָרען ווי ער האָט געהאָט אויפגעפלאַמט. די אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָס דויערט „צו לאַנג" און מען האָט בכוונה פאַרגעסען אין די פּליטים. מען האָט זיי איבערגעלאָזט צו זייער אייגענעם גורל. מען הערט שוין לעצטענס גאָר־נישט פון די אימפּרעסיעס און פאַראַנשטאַלטונגען פאַר די אָסוויגא־פּליטים, מיט וועלכע די פּרעסע איז געווען פול אין די ערשטע צוויי חדשים נאָך זייער אָנקומען קיין אַמעריקע. עס איז געוואָרען שטיל. אַרויס פון דער מאָדע.

אָבער דאָס לעבען אין קעמפּ געהט ווייטער אָן. די מענשען האָבען דער־זעהן, אַז זיי זיינען עלענד און פאַרלאָזט, דאָס איז בולט געקומען צום אויס־דרוק ביי אַ טראַגישע געשעהעניש אין די לעצטע טעג.

איינער פון די פּליטים, אַ פיינער רעליגיעזער איד, ר' אהרן ביכלער, האָט געאַרבייט ביים צוזאַמענשאַרען קוילען און פּלוצים איז אויף איהם אַרויף אַ באַרג מיט קוילען. ביז מען האָט איהם געקענט ראַטעווען איז ער אומגע־קומען. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט פיער קינדער. די פאַרצווייפעלטע אלמנה האָט זיך געבעטען ביים פאַרטרעטער פון אידישען קאָאָרדינירער־קאָ־מיטעט, אַז מען זאָל דעם טראַגיש אומגעקומענעם מאַן ברענגען צו קבורה אין סיראקיוז, ווייל אין אָסוויגא איז נישטאָ קיין באַזונדערער אידישער בית־עולם. די קאָסטען האָבען אויסגעמאַכט הונדערט און פינף און צוואַנציג דאָ־לאַר. די קעמפּ־לייטונג האָט אונטערשטיצט דעם פאַרלאַנג. אָבער ווי מען גיט מיר איבער, אַלע באַמיהונגען פון די פּליטים און אפילו פון דער קעמפּ־לייטונג ביז אין דער שפּעטער נאַכט, זיינען געווען בחנם. דער פאַרטרעטער פון דעם קאָאָרדינירער־קאָמיטעט, וועלכער רעפּרעזענטירט צווישען אַנדערע דעם „נעשאָנעל רעפיודזשי סערוויס", וואָס נעמט צונויף געוואַלדיגע סכומים פאַר פּליטים הילף, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַצאָהלען די 125 דאָלאַר. דאַ־מאָלס האָט דער רב פון די פּליטים, הרב משה טשעכאָוואָל, ערקלעהרט, אַז די פּליטים אַליין וועלען פון זייערע אָרימע פענים באַצאָהלען די קאָסטען פון דער אידישער קבורה. דאָס האָט אויך נישט געריהרט דעם פאַרטרעטער פון קאָאָרדינירער־קאָמיטעט. דער סוף איז געווען, אַז דער צושטענדיגער אָפיס פון

דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן האָט, אויף אַ טעלעפאָנישער אָנפראַגע פון דער קעמפּ־לייטונג ערקלערט, אַז די רעגירונג וועט אַליין באַצאָהלען די קאָסטען.

וויפיל חילול־השם איז דאָ אין דעם! דאָס איז בכלל סימפּטאָמאַטיש פאַר דער באַציהונג פון די פּליטים פאַרזאָרגער. זיי האָבען אַ גרייטען ענטפער אויף אַלץ: די פּליטים זיינען „סאַי ווי סאַי" קיינמאָל נישט צופרידען און דאַ־ריבער מעג מען אַלץ טאָן. איך האָב דעם תירוץ אָפט געהערט ביי מיטינגען פון קאָאָרדינירקאָמיטעט און ביי פּריוואַטע געשפּרעכען מיט פאַרשידענע פּליטים פאַרזאָרגער.

עס דערנעהענטערט זיך פּסח. די איינציגע כשר׳ע קיך, וואָס עקזיסטירט אין קעמפּ, איז נאַטירליך, ניט געגנוג אויף פּסח. ווערען איינגעאָרדענט נייע קיכען. אָבער, ווי מען גיט מיר איבער, דראָהט, אַז מצד דעם קאָאָרדינירקאָמיטעט וועט ניט צוגעשטעלט ווערען די נויטיגע שפּייז. די פּליטים גופא, מיט׳ן טיכטיגען און באמת ערנסטען רב, ר׳ משה טשעכאָוואָל אין דער שפּיץ — וואָס איז אַ זעלטענער איד, דורכגעדרונגען מיט אהבת ישראל און מסירת נפש פאַר אידישקייט — האָבען באַרעכענט וויפיל שפּייז עס איז פאַר זיי נויטיג. זיי ווייסען דאָס אַמבעסטען. האָט מען עס „געשניטען" כמעט אויף דער העלפט. זיי האָבען צ. ב. פאַרלאַנגט 5250 פונט מצות פאַר די איבער 600 פּליטים, וואָס וועלען באַקומען כשר׳ע שפּייז במשך פּסח, האָט מען זיי „באַשטעטיגט" בלויז 3000. פּונקט אַזוי האָט „מען געשניטען" די פאַרלאַנגען פאַר מעהל, פלייש, אייער און מילך פאַר די קינדער. דאָס איז פשוט אומ־דערהערט. עס זעהט אויס ווי מען וואָלט דאָ ניט געוואָלט אויסהאַלטען אַן אויסגאַבע פון אַ פּאָר טויזענט דאָלאַר מעהר, כדי די פּליטים זאָלען קענען געהעריג זאַט ווערען פּסח.

דאביי דאַרף מען וויסען, אַז די „אגודת הרבנים" האָט אויסגעווירקט ביי אַ מצה פירמע צוצושטעלען די מצות פאַר׳ן קעמפּ פאַר אַ ספּעציעל ביליגען פּרייז, טאָ קען מען דאָך אוודאי און אוודאי פאַרגינען די פּליטים נאָך אַ פּע־קעל מצה אויף פּסח!

אָבער אפילו ווען די מצות־פראַגע אויף פּסח וועט זיין דערליידיגט, איז דאָס נישט קיין לייזונג פון פּראָבלעם בכלל. איך האַלט, אַז מען מוז פאָדערען אַ שטאַרקע אַקציע, כדי די אָסוויגא פּליטים זאָלען קענען פאַרלאָזען דעם קעמפּ און זיך וואו עס איז איינאָרדנען. אויב מיר זאָלען דענקען, אַז צוליב די אַנטי־אימיגראַציע שטימונג אין וואַשינגטאָן קען מען נישט ענדערען דעם סטאַטוס פון די אָסוויגאָ פּליטים אין אַמעריקע גופא (הגם איך דערלויב זיך צו באַהויפּטען, אַז דאָס איז נישט ריכטיג, ווייל כל־זמן די קוואָטעס פון פאַר־שידענע לענדער זיינען פריי איז נישטאָ קיין שום גרונד, אַז מען זאָל די גרופּע פון אָסוויגא פּסל׳ען פאַר אימיגראַציע) — זיינען דאָ אַנדערע וועגען זיי צו

העלפען. עס איז זיכער, אַז ביי אַ געוויסער אָנשטרענגונג וואָלט מען געקענט פועל׳ן ביי דער קאַנאַדער רעגירונג, אַז זי זאָל די 1000 מענשען, אָדער על־כל־פנים אַ טייל פון זיי, אַריינלאָזען אַלס אימיגראַנטען קיין קאַנאַדע. ווען דער איינפלוסרייכער און תמיד הילפס־באַרייטער „קאַנאַדער אידישער קאָנגרעס״ זאָל זיך צו דעם נעמען, וואָלט דער ערפאָלג געווען זיכער. טאָ פאַרוואָס גע־שעהט גאָר נישט וועגען דעם ?

מען זאָגט, אַז די פליטים פון אָסוויגאָ זיינען אַהער געקומען אויף „איבער דער מלחמה״ און דאַן וועלען זיי צוריקגעשיקט ווערען קיין אייראָפּע. אָבער זיי האָבען דאָך דורך דעם נישט פאַרלאָרען זייערע מענשען־רעכט. יעדער מענש מעג זיך באַמיהען וועגען אַריינקומען קיין קאַנאַדע, קיובאַ, א. אַ. וו., נאָר זיי טאָרען נישט ? פאַרוואָס ? וואו איז דער יושר ?

מען גיט מיר איבער, אַז די דעפּרעסיע ביי די פליטים איז אַזוי שטאַרק נאָך דעם שרעקליכען אויבענדערמאָנטען פאַל, אַז מען האָט פשוט מורא פאַר אַ זעלבסטמאָרד־עפּידעמיע. דערביי מוז באַטאָנט ווערען, אַז די קעמפּ־לייטונג מיט מר. סמארט אין דער שפּיץ, שטעהט אויף דער געהעריגער הויך און זי טוט אַלץ, וואָס איז אין איהר מאַכט פאַר די פליטים, אָבער זי קען דאָך נישט ענ־דערען די לאַגע. די פליטים ווילען וויסען נאָר איין זאַך : ווען וועלען זיי קענען אָנפאַנגען צו לעבען נאָרמאַל ? פינף יאָהר איבערלעבענישע אין היט־לער־אייראָפּא איז נישט גענוג ? ווי לאַנג וועט מען זיי האַלטען אין קעמפּ ?

די אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, קאַנאַדע און אין לאַטיין־אַמע־ריקאַנישע לענדער קענען נישט באַלאַסטען זייער געוויסען מיט די 1000 נפשות. מיר זיינען אַזוי אָרים געוואָרען אין מענשען אין די לעצטע יאהרען, אַז צו ראַטעווען פאַר אונזער צוקונפט 1000 אידען הייסט אַ גרויסער נאַציאָ־נאַלער געווינס. די מענשען פון אָסויגא וואַרטען אויף מעשים.

.3

(„מאָרגען זשורנאַל״, ד׳ סיון תש״ה — 16 מאַי 1945)

אין די לעצטע טעג האָבען זיך באַוויזען ידיעות אין דער פּרעסע, אַז דעם 30־טען יוני זאָל דער פליטים־קעמפּ אין אָסוויגאָ ווערען ליקווידירט און די פליטים צוריקגעשיקט קיין אייראָפּע. די ידיעות האָבען אַרויסגערופען אַ גרויסע באַאומרוהיגונג צווישען די פליטים אין קעמפּ און „ס. אָ. ס.״־רופען זיינען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, וועלכע האָבען גורם געווען אַ פאַרשטענדליכע אויפרעגונג ביי די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען ביז איצט זיך אינטערע־סירט מיט׳ן קעמפּ.

אויפ׳ן יסוד פון אויטאָריטאַטיווע אינפאָרמאַציעס פון קאָמפּעטענטע אינ־סטאַנצען אין וואַשינגטאָן קענען מיר פעסטשטעלען, אַז די דאַטע פון 30־טען

יוני אַלס כלומר׳שטער טערמין פון ליקווידירען דעם קעמפּ, איז דורכאויס נישט ריכטיג. עס איז קיינעם אין וואַשינגטאָן נישט באַוואוסט, אַז אַ ליקווי־דאַציע־טערמין פון קעמפּ זאָל בכלל שוין זיין פעסטגעזעצט.

דאַגעגען איז קלאָר, אַז דער פּראָבלעם פון דער ווייטערער עקזיסטענץ פון קעמפּ באַשעפטיגט זעהר ערנסט די מאסגעבענדע פאַקטאָרען און, אויב עס וועלען נישט באַצייטענס אָנגענומען ווערען געהעריגע שריט, וועט מען סוף־כל־סוף די פּליטים צוריקשיקען קיין אייראָפּע, וואָס וואָלט באַדייט פאַר זיי אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפע.

דער לעגאַלער סטאַטוס פון די אָסוויגאָ־פּליטים איז אַ מערקווירדיגער. זיי זיינען פאַקטיש אין אַמעריקע. אָבער רעכטליך זיינען זיי „אין דער לופט"; זיי זיינען נישט קיין אימיגראַנטען, נישט קיין וויזיטאָרס און — וואָס איז שוין פּשוט טראַגיש — נישט אַמאָל אין דער לאַגע צו ווערען באַטראַכט אַלס אויס־לענדער, וואָס געפינען זיך ערגיץ־וואו, כדי מען זאָל פאַר זיי קענען פאַרלאַנגען נאָרמאַלע וויזעס. די וויזא־אָפּטיילונג פון סטעיט דעפּאַרטמענט נעמט נישט אָן צו באַטראַכטען אַפּליקאַציעס פאַר וויזעס פאַר די פּליטים פון אָסוויגאָ. לויט׳ן נוסח פון דער פאַראָרדנונג פון פּרעזידענט רוזוועלט, וועלכער האָט געשאַפען דעם קעמפּ, קומען זיי צייטווייליג קיין אַמעריקע, כדי נאָך דער מלחמה צו ווערען צוריקגעשיקט אין זייערע פריהערדיגע היימען.

אָט דער לעגאַלער סטאַטוס האָט געשאַפען אַ ביז־היינט נישט נאָטירטע דיסקרימינאַציע געגען אַ גרופּע פון טויזענט מענשען, וועלכע הענגען „אין דער לופט" און עס פאַרשטעהט זיך, אַז דער נישט־נאָרמאַלער צושטאַנד מוז וואָס פריהער אָפּגעשאַפט ווערען. עס פרעגט זיך נאָר ווי אַזוי?

זייט חדשים ברעכען זיך פאַרשידענע מענשען דעם קאָפּ צו געפינען אַן אויסוועג פון דער פאַרפּלאָנטערטער רעכטליכער סיטואַציע. מען האָט גע־קלעהרט צו געבען אַ געוויסען טייל פון די פּליטים אַ „ליוו אָוו אבסענס", ד. ה. ערלויבען זיי צייטווייליג צו פאַרלאָזען דעם קעמפּ, אָבער עס פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס וואָלט צו גאָרנישט געפיהרט. די מענשען מוזען אָנפאַנגען וואָס גיכער אַ נאָרמאַל לעבען. געבען זיי אַן אורלויב אויף אַ קורצער צייט — הייסט זיי נאָך מעהר צו פאַרטומלען. און וואָס זאָלען זיי טאָן אין דער צייט? אָנגעהן מיט אַ נאָרמאַלע באַשעפטיגונג קען מען נישט, וואָלט דעריבער אויס־געקומען ווייטער צו וועגעטירען.

ווען די קאָמפּליצירטע סיטואַציע און די לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָבען נישט געפיהרט צו אַ לייזונג, וואָס זאָל זיין הומאַניטאַר, ד. ה. צום עפענען פאַר די פּליטים די טויערען פון אַמעריקע — האָט דער דירעקטאָר פון קעמפּ, דזשאָזעף ה. סמארט, זיך אָנגעגעבען אין דימיסיע. אָט דער שריט האָט אויפ־געטרייסעלט די קאָמפּעטענטע פאַקטאָרען און אפשר אויף אַ ווייל אויפגעהאַל־

טען די סכנה פון אַ לייזונג פון אָסוויגאָ־פּראָבלעם אין דער ריכטונג, וואָס איז לעגאַל אַם לייכטעסטען, אָבער פּאַקטיש איז זי די שרעקליכסטע — פון צו־ריקשיקען די פּליטים קיין איראָפּע.

די סכנה איז פונדעסטוועגען ווייטער פאַראַן. ביים היינטיגען טאָג איז דער אייגענטליכער בעל־דעה איבער׳ן קעמפּ דער „וואָר רעפּיודזשי באָארד״, וועלכער ווערט אין קורצען אַליין ליקווידירט. און הגם דער „וואָר רעפּיודזשי באָארד״ האָט נישט די אבזיכט, ווי מיר הערען, צו ליקווידירען דעם קעמפּ דורכ׳ן צוריקשיקען די פּליטים קיין איראָפּא, איז אָבער אַ גרויסע שאלה, וואָס וועט געשעהן נאָכ׳ן ליקווידירען דעם „וואָר רעפּיודזשי באָארד״. עס איז ליידער ניט תמיד גובר די הומאַניטאַרע ריכטונג, ווען עס איז דאָ אַ טרו־קענע געזעצליכע פאָרם.

אָבער פאַר קיין פאַל טאָר נישט דערלאָזט ווערען, אַז טויזענט מענשען, וועלכע שלעפּען אויף זייערע שולטערען די גאַנצע טראַגעדיע פון דער מלחמה, וועלכע זיינען קוים מיט נסים אַנטרינען פון טויט, זאָלען ווערען צוריקגעוואָר־פען אין תהום פון דער פאַרניכטונג. טויזענט מענשען־לעבענס זיינען אַ צו גרויסער אוצר, אַז מען זאָל וואַגען מיט זיי צו טרייבען אַ לייכטזיניג שפּיעל.

„הפה שאסר הוא הפה שהתיר״. די אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט אַרויס־געגעבען די פאַראָרדנונג וועגען איינאָרדנען דעם קעמפּ, קען און דאַרף זי ענדערען, על־כל־פּנים אויף אַזוי ווייט, אַז מען זאָל קענען אָנגעבען בקשות צו דער וויזאָ־אָפּטיילונג וועגען נאָרמאַלע אימיגראַנטען־וויזעס פאַר די פּלי־טים. אויב דער אַטאָרני דזשענעראַל זאָל אַמאָל פאַר אַ קאָנגרעס־קאָמיטע האָבען דערקלעהרט, אַז די פּליטים פון אָסוויגאָ וועלען קיין אַמעריקע ניט אַריינגעלאָזט ווערען, איז עס נאָר צו פאַרשטעהן אויף דעם אופן, אַז מען וועט זיי ניט אַריינלאָזען סתם, ד. ה. אָהן דער נאָרמאַלער וויזא־פּראָצעדור. אָבער פאַר קיין פאַל קען מען נישט דערקלעהרען, אַז דער רעפּיודזשי, וואָס געפינט זיך אין אָסוויגאָ, האָט פאַרלאָרען זיינע פּרימיטיווע מענשען־רעכט. אפילו די פאַרביסענסטע אַנטי־אימיגראַציאָניסטען וועלען פאַרשטעהן, אַז דער מענש אין אָסוויגאָ איז נישט ערגער ווי עמיצער וואָס געפינט זיך צ. ב. אין אַלזשיר אָדער ערגיץ אין איראָפּע. מען מוז דורכזעצען דעם פּרינציפּ, אַז בקשות ווע־גען וויזעס פאַר די אָסוויגאָ פּליטים זאָלען ווערען אָנגענומען און באַהאַנדעלט. אָט דאָס קען פיהרען דערצו, אַז דער קעמפּ זאָל אויף אַ הומאַניטאַרען אופן ווערען שטופּענווייז ליקווידירט.

מיר גלויבען, אַז די דעצידירענדע פאַקטאָרען דאַרפען ווערען וואָס גי־כער אינפאָרמירט, אַז די אידישע געזעלשאַפט אין אַמעריקע וואָלט עס באַ־טראַכט אַלס אַ גרויסען אַקט פון אונרעכט ווען מען זאָל די טויזענט מענשען, וואָס זיינען אַהער געקומען אַלס „געסט״ פּשוט אַרויסוואַרפען דורך דער טיר.

דאָ איז נישט עטיש, נישט מענשליך, און אוודאי און אוודאי ניט אַמעריקאַניש. אַ רעפּרעזענטאַטיווע דעלעגאַציע פון גרויסע אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס דאַרף וואָס גיכער איבערגעבן אַ מעמאָראַנדום, וועלכער זאָל פאָרשטעלן פאָלגענדע פּאָסטולאַטען :

1) דער אָסוויגאָ־קעמפּ מוז דערווייל בלייבן, אַזוי־לאַנג ווי די פּליטים האָבען נישט קיין מעגליכקייט לעגאַל אַריינצוקומען קיין אַמעריקע ;

2) פאַר קיין פאַל טאָר מען קיינעם אין אָסוויגאָ נישט צווינגען צוריקצוגעהן קיין אייראָפּע אָדער שיקען אין אַן אַנדערען קעמפּ מחוץ אַמעריקע (וואָס שליסט נאַטירליך נישט אויס, אַז אויב עס וויל ווער פון זיין אייגענעם ווילען פאָהרען קיין אייראָפּע, זאָל מען איהם ערלויבען) ;

3) מען זאָל זאָפאָרט אָנפאַנגען צו באַהאַנדלען אינדיווידועלע בקשות פאַר די אָסוויגא־פּליטים וועגען אַ נאָרמאַלע וויזע.

מיר זיינען איבערצייגט, אַז אַ שטאַרק וואָרט וועט האָבען אַ געהעריגען אָפּקלאַנג. מיר האָבען געליטען מעהר פון דער נאַצי־בעסטיע, ווי אַלע אַנדערע פעלקער און היינט, ווען ענדליך איז די בעסטיע שוין טויט, טאָר מען פון אונז נישט פאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלען נאָך ווייטערע קרבנות בריינגען. די אסוויגא־פּליטים מוזען געראַטעוועט ווערען. דאָס פאָדערט דער כבוד און ברידערליכקייט־געפיהל פון גאַנצען פינף־מיליאָניגען אידישען ציבור אין אַמעריקע.

# קען אידען־האַס אָפּגעשטעלט ווערען אין באַפרייטער אייראָפּע?

(„מאָרגען זשורנאַל", א' תמוז תש"ה — 12 יוני 1945)

מיר ווערען אויפגעטרייסעלט פון די לעצטע ידיעות, אַז אין דער באַפרייטער אייראָפּע הויבט דער אַנטיסעמיטיזם אויף דעם קאָפּ. די פאַרבליבענע אידען — „אחד בעיר ושנים במשפחה" — געפינען זיך אין אַ מורא'דיגער לאַגע : ניט האָבענדיג קיין צייט אפילו אָפּצואָטעמען פרייער פון די נאַצישע פאַרפאָלגונגען, זעהען זיי פאַר זיך ווידער אַ פאַרניכטענדע שווערד, נאָר דאָס מאָל שוין פון די „היימישע" שונאים. די באַריכטען פון פאַרשידענע לענדער זיינען מאָדנע עהנליך : איבעראַל וואו אַ איד מאָהנט צוריק דאָס, וואָס מען האָט ביי איהם צוגערויבט, רופט עס אַרויס ווידערשטאַנד מצד די, וואָס זיינען רייכער געוואָרען דורך די אידישע צרות. און אפילו סתם אָהן אַזאַ אָדער אַנדערער סיבה, איז די אַנטיסעמיטישע כוואַליע גאָר שטאַרק. סאַי אין פראַנק־

רייך, סאַי אין אַנדערע לענדער, וואָס זיינען בעפרייט געוואָרען פון די אַמערי־קאַנער און ענגלישע אַרמייען, זעהען מיר עס קלאָהר און דייטליך. און אין די לענדער, וואו די נאַצי־פעסט איז פאַרטריבען געוואָרען דורך דער סאָ־וועטישער אַרמיי, איז אויך ניט אַנדערש; הגם מיר האָבען פון דאָרט ניט קיין דירעקטע באַריכטען, אָבער אַלץ, וואָס הערט זיך פון דאָרט, ווייזט אַז די פאַרבליבענע אידען לעבען אין אַ כסדר'דיגער טויט־שרעק.

קיינער האָט זיך דאָס ניט געקענט פאָרשטעלען פריהער: אַלע האָבען געגלויבט, אַז דאָס פאַלען פון היטלער'ן, וועלכער איז געוואָרען פשוט אַ סימ־באָל פון אַנטיסעמיטיזם, וועט כאָטש אויף אַ קורצער צייט ברענגען מיט זיך אַן אויפטרייסלונג ביי די פעלקער בנוגע זייער איינשטעלונג צו אידען. מען האָט גע־גלויבט, אַז מען וועט מוזען ראַדיקאַל אויסוואָרצלען דעם אַנטיסעמיטיזם, צ. ב. דורך ערקלעהרען דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס פאַרברעכען, אָבער דאָס האָט געזאָלט גיכער זיין אַ „פרעווענטיווער" מיטעל, וואָס זאָל אונמעגליך מאַכען דאָס צוריקקומען פון דעם אַנטיסעמיטיזם מיט אַ צייט שפּעטער. אָבער קיין פעסימיסט האָט ניט געקענט זיך פאָרשטעלען, אַז ממש אויף מאָרגען נאָכ'ן אַוועקטרייבען דעם געסטאַפּאָ'־ניק פון פאַריז וועט אַ „היימישע" חברה איבער־חזר'ן זיינע ווילדע שטיק בנוגע צו אידען.

עס זעהט אויס, אַז די פעלקער האָבען אַבסאָלוט ניט באַטראַכט דאָס פאַלען פון היטלער'ן אַלס אונטערגאַנג פון זיין פּראָגראַם, פון זיין שיטה. מען האָט גיכער געזעהן אין דעם אַ סימן, אַז אַ שטאַרקערער כוח האָט איהם באַ־זיגט, אָבער ניט מעהר. דער חילוק צווישען פאַשיזם און נאַציזם פון איין זייט, און דעמאָקראַטיע פון דער אַנדערער, אַלס וועלט־אנשויאונג, איז ניט געקו־מען געווּנג בולט אויף דער אויבערפלאַך. דאַריבער איז מעגליך געוועזן, אַז מען זאָל איצט הערען אין פאַריז אויסגעשרייען: „בנוגע צו אידען איז היטלער גערעכט געוועזן!" „די אידען דאַרפען פאַרניכטעט ווערען!"

די לאָקאַלע רעגירונגען וואָלטען, נאַטירליך, געקענט אויפקלעהרען די באַפעלקערונג, אַז די מלחמה האָט זיך ניט געפיהרט סתם, צווישען צוויי גלייכע פאַרטייען, נאָר פון איין זייט איז געשטאַנען אַ מערדער, וואָס האָט דעם מענש באַטראַכט אַלס שקלאַף, און אָט דער מערדער האָט קודם־כל געוואָלט פאַרטיליגען די אידען, און פון דער אַנדערער זייט איז געשטאַנען די ציווי־ליזירטע וועלט, וועלכע באַטראַכט דעם מענש אַלס מקור פון רעכט, און די דאָזיגע וועלט ווייסט ניט פון קיין חילוק צווישען מענש און מענש, נאָר אַלע זיינען גלייך. אַזאַ אויפקלעהרונג מצד די רעגירונגען פון די לענדער וואָלט, ווען זי ווערט געמאַכט מיט דער נויטיגער וואָגיגקייט און גענוג אָפט, געקענט האָבען אַ גרויסען איינפלוס. דאָס האָט אייגענטליך געדאַרפט זיין די ערשטע פּראָקלאַמאַציע פון יעדער נייער רעגירונג אין אַ באַפרייטען לאַנד.

אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז די רעגירונגען האָבען דאָס ניט געזאָגט, און וואו זיי האָבען עס יאָ געזאָגט, איז עס געווען „בדרך רמז״, באַהאַלטענערהייט, כדי „יוצא צו זיין״, און אָהן וועלכע סאַנקציעס. עס האָט זיך אַלזאָ געשאַפען די געפעהרליכע און חרפּה׳דיגע סיטואַציע, אַז אידען זיינען ניט זיכער מיט׳ן לעבען אין דער באַפרייטער אייראָפּע.

עס פרעגט זיך: וואָס זאָל מען טאָן? זאָל מען דאָס טאָלערירען? זאָל מען זיך באַנוגענען מיט פּראָטעסטען און מיט וייטער פּאַרלאַנגען, אַז די לאָקאַלע רעגירונג זאָל אַזוי גוט זיין און „באַשיצען״ די אידען? (וואָס מיינט נאַטירליך גאָר נישט, אפילו ווען זי זאָל שוין גנעדיג עס צוזאָגען!).

איך גלויב אַז עס זיינען אין איצטיגען מאָמענט נאָך פאַראַן בעסערע וועגען, כדי די באַפעלקערונג פון געווויסע לענדער — און אפשר אפילו געוויסע רעגירונגען אויך — זאָלען פאַרשטעהן, אַז אַזוי קען עס ניט אָנגעהן. עס איז שוין שפּעט, גאָר שפּעט, אָבער נאָך נישט צו שפּעט, פאַר אָט דעם פאָרשלאָג.

נאָר איידער איך וויל איהם ערקלעהרען, לאָמיר אויף אַ ווייל זיך פאָרשטעלען פאָלגענדע סיטואַציע: אין אַ באַפרייטען לאַנד הויבט פּלוצים אָן אָפען צו ווירקען אַ פאַשיסטישע אָדער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. עס דערהערען זיך „הייל היטלער״ רופען. מען זאָגט אָפען, אַז מען געהט „גלייכשאַלטען״ אַלע מענשען, וואָס זאָגען אַנדערש. וואָס וואָלט, אין דעם פאַל, געטאָן די הויפּט לייטונג פון די אַליאירטע אַרמייען? זעלבסטפאַרשטענדליך וואָלט זי תיכף זיך אַריינגעמישט און געזאָגט אַ קלאָהר און שאַרף וואָרט. קיינמאָל אין דער וועלט וואָלט מען דאָס ניט געדולדעט. אַ לאָקאַלע רעגירונג, וואָס זעהט דאָס צו און רעאַגירט נישט געהעריג, וואָלט זיך געמוזט אָפּטראָגען. די פאַשיסטישע אָדער נאַציסטישע בעסטיע וואָלט אין אַ רגע געוואָרען דערדריקט. דאָס איז אַזוי פּשוט, אַז מען דאַרף עס ווייטער נישט ערקלעהרען.

און דער זעלבער פאַל איז מיט דעם אַנטיסעמיטיזם. אויב עס שרייט היינט עמיצער, אַז „די אידען דאַרפען געהן אין קרעמאַטאָריע״ (אַזוי ווי מיר האָבען עס לעצטענס געהערט פון פּאַריז), דאַן איז עס, אין תוך גענומען, פּונקט דאָס זעלבע, ווי ווען ער שרייט „הייל היטלער״ און וויל אָרגאַניזירען אַ נאַצי־גרופּע. אַנטיסעמיטיזם און היטלעריזם דאָס איז היינו־הך. ביידע דערגענצען זיך און ביידע אונטערשטיצען זיך.

מיר דאַרפען דעריבער זיך באַמיהען, אַז די הויפּט לייטונג פון די אַליאירטע אַרמייען זאָל אַרויסגעבען אַזאַ שטרענגע וואָרנונג, אַז יעדע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע וועט איצט באַטראַכט ווערען אַלס נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע און וועט ענטשפּרעכענד באַשטראָפט ווערען.

די וואָרנונג זאָל אַנטהאַלטען קלאָר און דייטליך אַ פּונקט, אַז דער וואָס וועט באַפאַלען אַ איד, וועט באַטראַכט ווערען אַלס אַקטיוועד נאַצי און געמש־פּט ווערען צוזאמען מיט די נאצי־פאַרברעכער, און עס דאַרף אויסדריקליך באַטאָנט ווערען, אַז עס איז קיין חילוק נישט צי ער איז אַ דייטש אָדער אַ פראַנצויז, אַ טשעך אָדער אַ פּאָליאַק, אָדער פון וועלכער אַנדערער נאַציע עס זאָל נישט זיין. אלע זיינען גלייך פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם אונטערגראָבען אין איצטיגען מאָמענט די יסודות פון דער פרייער וועלט, וואָס ווערט געשאַפען.

אַזאַ ערקלעהרונג פון דער מיליטערישער הויפּט קאָמאַנדע וואָלט געקענט דאַן ווערען פאַנאנדערגעקלעפּט אין גאַנץ אייראָפּא, צוזאַמען מיט אַן ענטשפּרעכענדער וואָרנונג מצד די רעגירונגען, און זי וואָלט זיכער „באַרוהיגט" די אַנטיסעמיטען און זיי געצוואונגען זיך אַביסעל מיישב צו זיין איידער זיי וואָלטען זיך אַרויסלאָזען צו דער אַרבייט. און אויב דאָס זאָל נישט נוצען, דאַן וואָלט די מיליטער מאַכט געדאַרפט זיך אקטיוו אַריינמישען, כדי צו שאפען אָרדנונג. (הגם עס איז קלאָר, אַז אַ שטרענגע וואָרנונג מיט אַ געהעריגען משפט אויף די ווידערשפעניגע יחידים וואָלט געוואָרפען אַזאַ פּחד אויף די אַנטיסעמיטישע „העלדען", אַז זיי וואָלטען שוין ווייטער נישט געגאַנגען !).

איך שלאָג דעריבער פאָר, אַז די אידישע אָרגאַניזאַציעס זאָלען תיכף נעמען שריט, כדי אַזאַ ערקלעהרונג פון די אַליאירטע אַרמיי־לייטונגען זאָל זיך וואָס גיכער באַווייזען. מיר האָבען שוין אַ סך פאַרשפּעטיגט, ווייל איי־גענטליך האָט עס געדאַרפט קומען באַלד נאָך דער באַפרייאונג פון יעדען לאַנד, און על כל פנים באַלד נאָך דעם „ווי אי דעי". אָבער ליידער פאַרשפּע־טיגען מיר תמיד. מיר מאַכען גרויסע פּלענער אויף דער צוקונפט, און פאַר־זעהען דאָס, וואָס איז דרינגענד נויטיג שוין היינט.

מיר מוזען אויפקלעהרען די מאסגעבענדע פאַקטאָרען, אַז די אַנטיסע־מיטישע אַגיטאַציע אין אייראָפּא איז פאַקטיש דער אָנהויב פון אַ נאַציסטישען ווידערשטאַנד אין אייראָפּא. די נאַציס האָבען גאַנץ גוט געלערענט פון דער פאַרגאַנגעהייט און זיי האָבען געזעהן, אַז דורך דעם אַנטיסעמיטיזם האָבען זיי פון אינעווייניג צעשטערט די שכנות׳דיגע מלוכות. עס איז פאַר זיי נישטאָ קיין בעסערס ווי ווייטער צו רייטען אויף אָט דעם פערד.

און דוכט זיך, אַז יעדער וועט צוגעבען, אַז די פאַרבליבענע אידען האָ־בען נאָך, אָהן אַלעם, דאָס רעכט אויף שוץ פון זייער לעבען. די מאָסגעבענדע פאַקטאָרען וועלען זיכער, אויף דעם יסוד פון באַריכטען וואָס זיי פאַרמאָגען, איינזעהן, אַז אָהן אַזאַ וואָרנונג פון דער מיליטער־מאַכט איז דאָס לעבען פון די אידען שוין איצט כמעט הפקר, ווייל די רעגירונגען פאַרמאַכען זיך די

אויגען און ווילען נישט זעהן די סכנה. און עס קען און וועט ווערען אין דער צוקונפט נישט בעסער נאָר ערגער, אויב מען וועט נישט זאָגען תיכף: אַזוי קען עס נישט ווייטער געהן.

די רעגירונגען וועלען אפשר ווייטער דערצעהלען זייערע חלומות וועגען סואווערעניטעט און אַזוי ווייטער. אָבער עס איז דאָך פשוט לעכערליך: ווי קען מען רעדען פון סואווערעניטעט, אויב מען באַהערשט נישט די לאַגע אין לאַנד אויף אַזוי ווייט, אַז די פרימיטיווע רעכט פון יעדען מענש זאָלען זיין געשיצט?

היינט האָט נאָך דאָס וואָרט די אַרמיי וואָס האָט באַפרייט אייראָפּאַ. יעדע רעגירונג זיצט אין איהר לאַנד נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס די אַרמיי האָט פאַרגאָסען איהר בלוט און אויסגעקעמפט דעם נצחון. די אַרמיי לייטונג דאַרף זאָגען, אַז זי האָט נישט צוליב דעם זיך געשלאָגען מיט דער נאַציבעסטיע, כדי די דאָזיגע בעסטיע זאָל אויפוואַקסען אויפסנייע אין דער אַנטיסעמיטישער געשטאַלט. ניין, דאָס וועט נישט דערלאָזט ווערען!

---

# ווער האָט אָפּגעהאַלטען די רעטונגס־ארבייט פאַר אייראָפּעאישע אידען?

(„מאָרגען זשורנאַל", י' כסלו תש"ח — 23 נאָוועמבער 1947)

אין „קאָליער'ס" מאַגאַזין פון 1־טען נאָוועמבער, איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקעל פון דעם לאַנג־יאָריגען אַמעריקאַנער פינאַנץ־מיניסטער און איינעם פון די נאָהענטסטע מיטאַרבייטער פון פרעזידענט רוזוועלט, הענרי מאָרגענטוי, וועגען אַ זעהר אָנגעוועהטאָגטער פראַגע, וואָס עגבערט פיל מחות, וועלכע קענען נישט געפינען קיין מנוחה נאָך דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעאישען אידענטום: ווער איז שולדיג אין דעם, וואָס דורך אַ לאַנגער צייט איז מצד די דעמאָקראַטישע לענדער גאָר נישט געטאָן געוואָרען, כדי צו ראַטעווען די אייראָפּעאישע אידען פון די נאַצי־מערדער?

מר. מאָרגענטוי וואַרפט די שולד אויפן סטייט־דעפּאַרטמענט און דער אָפּקלאַנג פון זיין באַשולדיגונג איז זעהר אַ שטאַרקער. קיין וואונדער נישט, ווייל מר. מאָרגענטוי איז אַ צו וויכטיגע פערזענליכקייט, אַז מען זאָל נעמען לייכט זיין באַשולדיגונג, און דאָס וואָס איז געשעהן אין די יאָהרען 1942 ביז 1945, איז אַזוי גרויזאַם, אַז דאָס מענשליכע געוויסען שרייט נאָך אַ

שטרענגער באַשטראָפונג פון יעדען, וואָס איז אפילו אין דער קלענסטער מאָס מיט־שולדיג.

אַלס איינער וואָס איז אין יענע יאָהרען געשטאַנען טאָג־טעגליך ביי דער אַרבייט פון הצלה און וואָס האָט דורך דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה אָנגעהאַלטען דעם „אונטערערדישען קאָנטאַקט" מיט׳ן עמק הבכא דורך אַ נייטראַלער מלוכה, האָב איך מיט אַ דאָפעלטען אינטערעס געלייענט מר. מאָרגענטויס אויספירונגען. איך האָב געהאָפט צו געפינען דאָרט כאָטש אַן אָנווייז אויף געוויסע שאלות, וואָס שטעהען אין שייכות דוקא מיט דער פערזאָן פון מר. מאָרגענטוי אַליין.

איך וויל אין דעם מאָמענט זיך נישט אָפּשטעלען אויף געוויסע אונפּינקט־ליכקייטען אין מר. מאָרגענטוי׳ס אַרטיקעל, אין וועלכע ער איז, אגב, נישט שולדיג, ווייל זיי שטאַמען פון אונריכטיגע ידיעות, וואָס ער האָט באַקומען. ער שרייבט צ. ב.: אַז די ערשטע נאַכריכט וועגען די דייטשע מאַסען־מאָרדען איבער אידען איז געקומען „פון אַ מאַן מיטן נאָמען גערהאַרד ריגנער, וואָס איז געווען אין דער שווייץ דער רעפּרעזענטאַנט פון אידישען וועלט־קאָנגרעס"; אַזאַ אינפאָרמאַציע איז איהם געגעבען געוואָרען פון דר. סטיפען ווייז, וועלכער איז געקומען צו סאָמנער וועלס, דעם דאַמאָלסדיגען אָנדער־סעקרעטערי אָוו סטעיט. דער היסטאָרישער אמת איז, אַז דר. ווייז האָט די דאָזיגע ידיעה צו ערשט באַקומען נישט פון רינגער׳ן, נאָר פון די פאַרטרעטער פונ׳ם וועלט־קאָנגרעס, וועלכע האָבען זיך באַטייליגט אין אַ דרינגענדע באַראַטונג וואָס איז גערופען געוואָרען פון דער לייטונג פון „אגודת הרבנים" אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1942, נאָכדעם ווי דער שרייבער פון די שורות האָט איבערגעגעבען דער „אגודת הרבנים" דעם טעקסט פון אַ שיפרירטער דעפּעשע פון מר. יצחק שטערנבוך, פון דער שווייץ, וועלכע איז אָנגעקומען צום פּוילישען קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק, אויסמיי־דענדיג די צענזור. די אָריגינעלע טעלעגראַמע געפינט זיך ביי מיר און זי שטעלט מיט זיך פאָר די ע ר ש ט ע ידיעה וועגען די שרעקליכע געשעהע־נישען אין פּוילען. דער פּוילישער גענעראַל־קאָנסול, מיניסטער סילווין סטראקאטש, האָט מיר די טעלעגראַמע איבערגעגעבען צוערשט טעלעפאָניש און דאַן בריפליך. אַזוי שנעל ווי איך האָב באַוויזען וועגען דעם מודיע צו זיין עטליכע פון די לייטענדע אידישע פערזענליכקייטען אין ניו יאָרק, האָט די „אגודת הרבנים" גערופען אַ דרינגענדע באַראַטונג, אין וועלכער עס האָט זיך אויך באַטייליגט דר. אריה טאַרטאַקאָווער פון אידישען וועלט־קאָנגרעס. צוויי טעג שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ ווייטערע באַראַטונג, שוין אין לאָקאַל פון וועלט־קאָנגרעס, וואו דר. ווייז איז געווען אָנוועזענד און, דוכט זיך, אפילו געפירט דעם פאָרזיץ. אויף דער צווייטער באַראַטונג איז באַשלאָסען געוואָרען,

אַז דר. וויַיז זאָל וועגען דער דערהאַלטענער ידיעה פון שטערנבוך'ן (א צווייטע פון ריגנער'ן איז נאָך דאַן נישט געווען) מודיע זיין דעם סטייט דעפּאַרטמענט. ביז ער איז געפאָרען קיין וואשינגטאָן איז, ווייזט אויס, אָנגעקומען רינגער'ס טעלעגראַמע און דר. וויַיז האָט פאָרגעצויגען איהם אָנצוגעבען אַלס מקור. וועגען דעם קען נאַטירליך מר. מאָרגענטוי נישט וויסען און דעריבער בויט ער זיין גאַנצען סיפור־המעשה אויף ריגנער'ן.

איך וויל דערביי באַמערקען, אַז דער גענויער טעקסט פון דער טעלעגראַמע וועלכע איז אונז איבערגעגעבען געוואָרן דורכן פוילישן גענעראַל קאָנסול, איז תיכף איבערגעשיקט געוואָרען דורך ר' יעקב ראָזענהיים, דעם פּרעזידענט פון דער אַלוועלטליכער „אגודת ישראל", צו פּרעזידענט רוזוועלט. ר' יעקב ראָזענהיים איז געווען דער ערשטער אָנגעגעבען אויף שטערנבוך'ס טעלעגראַמע, ווען מען האָט געדאַרפט אַלאַרמירען. און ער האָט זאָפאָרט אַוועקגעשיקט אַ לאַנגע טעלעגראַמע צו פּרעזידענט רוזוועלט, אין וועלכער ער האָט איבערגעגעבען די גאַנצע זאַך און פאָרגעשלאָגען, אַז אַ חוץ אַנדערע שריט, זאָל אַמעריקע געבען די איניציאַטיוו צו אַ קאָלעקטיווען צוגאַנג פון אַלע נייטראַלע מלוכות לגבי דייטשלאַנד. איך האָב אַ קאָפּיע פון דער דאָזיגער טעלעגראַמע וועלכע געפינט זיך, בלי ספק, אָדער אין ווייסען־הויז אָדער אין סטייט דעפּאַרטמענט, און וועלכע איז געווען דער ערשטער אַלאַרם־רוף צום אָפּיציעלען אַמעריקע וועגען דער אָנגעפאַנגענער עקסטערמינאַציע פון איירָאפּעאישען אידענטום דורך די נאַצי־בעסטיעס.

דאָס אַלץ איז דרך אגב, ווייל עס פאַרשטאַרקט אונזער טענה צו געוויסע אָפּיציעלע פּערזענליכקייטען אין יענער צייט אין אַמעריקע. און אין ליכט פון מר. מאָרגענטוי'ס אַרטיקעל איז די דאָזיגע טענה צו איינזייטיג פאָרמולירט. מיר האָבען אַ שטאַרקע טענה נישט נאָר צום סטייט דעפּאַרטמענט, נאָר טאַקע צו דער טרעזשורי אויך און צו איהר דעמאָלסדיגען שעף. זעלטען ווען איז אויף אַ מענש און אַ געשעהעניש געווען אזוי צוגעפּאַסט דאָס אַלטע וואָרט פון דער מגילה: „ומי יודע אם לעת כזאת הגעת למלכות". קיינער האָט נישט געהאַט אַזאַ צוטריט צום פּרעזידענט רוזוועלט, ווי זיין אידישער פינאַנץ־מיניסטער. און במשך דעם גאַנצען יאָהר, זינט די שרעקליכע ידיעה פון דער שווייץ איז אָנגעקומען קיין ניו יאָרק, איז אידיש בלוט געראָנען ווי וואַסער, און גאָר ניט, ממש גאָר נישט, איז אָפּיציעל געטאָן געוואָרען, כדי צו געבען די אידען אין דער שווייץ די מעגליכקייט אַרויסצוראַטעווען די טויזענטער נפשות, וועלכע מען האָט נאָך דאַן לייכט געקענט ראַטעווען.

מר. מאָרגענטוי ריהרט אָן דעם ענין און דאָ קומען אויף זעהר שטאַרקע ספקות. ער דערצעהלט, אַז אין מערץ 1943, האָט דער אידישער וועלט־קאָנגרעס טעלעגראַפירט קיין וואשינגטאָן, אַז מען קען ראַטעווען 70,000 אידען

פון פראַנקרייך און רומעניע, אויב מען וועט דערצו האָבען געלד אין דער שווייץ. דאָס געלד אין אַמעריקע איז דאַן געווען גרייט, מען האָט עס נאָר געדאַרפט ברענגען אין דער שווייץ. די באַוויליגונג איז געווען אָפּהענגיג פון סטייט דעפּאַרטמענט און פון דער טרעזשורי. דער סטייט דעפּאַרטמענט האָט לכתחילה נישט געוואָלט הערען דערפון, דאַן אָנגעפרעגט דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין בערן, און שליסליך איבערגעשיקט אַן אָנפראַגע צו דער טרעזשורי דעם 15טען יולי 1943. מר. מאָרגענטוי זאָגט, אַז ער האָט מסכים געווען אַ טאָג שפּעטער. אָבער דער ענין האָט זיך ווייטער געשלעפּט. נאָך 17 טעג האָט דער סטייט דעפּאַרטמענט טעלעגראַפירט צו מיניסטער העריסאָן, אין בערן, אַז „ער זאָל אַרויסגעבען די לייסענס". דאַן האָבען זיך אַריינגעמישט די ענגלענדער. ס'האָט גענומען עטליכע חדשים, ביז דעם 17טען דעצעמבער 1943, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון לאָנדאָן צום סטייט דעפּאַרטמענט, אַז אַזוי ווי דאָס ענגלישע מיניסטעריום פאַר עקאָנאָמישער מלחמה־פירונג ווייסט ניש וואו מען וועט אַהינטאָן די געראַטעוועטע אידען, קען מען נישט מסכים זיין צו דער פינאַנציעלער טראַנזאַקציע. מר. מאָרגענטוי איז דאַן אַוועק צו סעקרעטערי האָל און געוואוויר געוואָרען, אַז דעם 18טען דעצעמבער האָט דער סטייט דעפּאַרטמענט באַאויפטראַגט העריסאָנ'ען אין בערן „אַרויסצוגעבען ריגנער'ן די לאַנג־ערוואַרטעטע לייסענס אויפ'ן געלד, וואָס די טרעזשורי און סעקרעטערי האָל האָבען מיט פינף חדשים צוריק געהאַט אויף איהר מסכים געווען".

דאַן מוז מען פרעגען: פאַרוואָס האָט מר. מאָרגענטוי געשוויגען ביז צום 20־טען דעצעמבער? אויב מיט פינף חדשים צוריק, לויט זיינע אייגענע ווער־טער, איז געווען די הסכמה פון סטייט און טרעזשורי דעפּאַרטמענט, פאַרוואָס האָט ער נישט געזעהן דאַן די זאַך צוצואיילען?

נאָך מעהר: וואָס פאַר אַ לייסענס האָט בכלל דער אַמעריקאַנער אַמבאַ־סאַדאָר אין בערן געדאַרפט אַרויסגעבען צו ריגנער'ן? אין דער שווייץ איז דער אַמעריקאַנער מיניסטער גאָר ניט געווען באַרעכטיגט אַרויסצוגעבען אַ לייסענס. דאָס אַרויסגעבען פון דעם לייסענס האָט געהערט נישט צו קיין אַנדערען ווי צו מר. מאָרגענטוי גופא! מיט'ן מאָמענט, ווען ער האָט געהאַט די הסכמה פון סטייט דעפּאַרטמענט (און ער שרייבט אויסדריקליך, אַז סעק־רעטערי האָל האָט איהם געשיקט אַ נאָטע וועגען דעם, נאָך אין יולי 1943) האָט די „פאָרעין פאָנדס קאָנטראָל דיוויזשאָן" פון דער טרעזשורי, געקענט אַרויסגעבען די לייסענס אין אַמעריקע! מיניסטער העריסאָן האָט געדאַרפט שפּעטער קאָנטראָלירען דעם אופן פון פאַרווענדען די געלדער, אָבער נישט אַרויסגעבען קיין לייסענס. דאָס איז אַ מיספאַרשטענדניש.

עס ליגט פאַר מיר די אָפיציעלע לייסענס, וואָס די „אגודת הרבנים"

און ועד ההצלה האָבען באקומען דעם 22טען יאַנואַר 1944, אויף צו שיקען 100.000 דאָלאַר צו מר. יצחק שטערנבוך אין דער שווייץ „כדי מעגליך צו מאַכען דאָס אַריבערפיהרען אין זיכערע פלעצער פון שונא׳ס לאַנד אַזעלכע מענשען, וואָס זייער לעבען איז אין סכנה״. דאָס איז גענוי די זעלבע לייסענס, וועלכע אויך דער איד. וועלט־קאָנגרעס האָט באַקומען. עס ווערט דאָרט ערלויבט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט מענשען אין שונא׳ס לאַנד, און צו באַנוצען זיך מיט די פאַרשידענסטע מיטלען, כדי אַרויסצובאַקומען די באַדראָהטע מענשען. אין דער לייסענס שטעהט אויסדריקליך, אַז דער פאַרטרעטער פון „אגודת הרבנים״ אין דער שווייץ, דאַרף אינפאָרמירען וועגען זיין טעטיגקייט דעם אַמעריקאַנער מיניסטער אין בערן. דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדליך, אָבער די לייסענס איז אַרויסגעגעבען אין אַמעריקע און אונטערגעשריבען פון מר. דזשאָהן פּעהלי, אַסיסטענט סעקרעטערי אָוו דהי טרעזשורי. טאָ פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט די זעלבע לייסענס נישט געקאָנט ווערען אַרויסגעגעבען פריהער, אויב עס איז אויף דעם געווען די הסכמה פון סעקרעטערי האַל? ווער האָט געשטערט מר. מאָרגענטוי דאָס צו טאָן? די ענגלענדער האָבען דאָך נישט געהאַט קיין „וועטאָ״־רעכט אין אַמעריקאַנער טרעזשורי דעפּאַרטמענט.

עס מאַכט בכלל עפּעס אַ מאָדנעם איינדרוק, ווען מיר הערען, אַז מר. מאָרגענטוי, האָט אין חודש יאַנואַר, 1944, אויפגעשטורעמט פּרעזידענט רוזוועלט, אַז דורך העכער אַ יאָהר צייט איז דער ענין פון ראַטעווען די אומשולדיגע קרבנות פון היטלער׳ן געוואָרען פאַרנאַכלעסיגט אָדער גאָר סאַבאָטירט פון סטייט דעפּאַרטמענט. פאַרוואָס האָט דאָס געדאַרפט דויערן ביז יאַנואַר 1944? פאַרוואָס האָט מר. מאָרגענטוי נישט פריהער אויפגעקלערט פּרעזידענט רוזוועלט וועגען דעם וואָס געהט פאָר? ווער נאָך, ווי ער, איז געווען באַרופען אויפצורייסען דעם בלאָטער, וואָס וועגען זיין עקזיסטענץ האָט ער געוואוסט נאָך אין פריהלינג, 1943? (ער שרייבט, אַז ער האָט דאַן פאַרלאַנגט אַ קאָפּיע פון דער מיסטעריעזער טעלעגראַמע נומער 354, אויף וועלכער מיניסטער העריסאָן פון בערן זיך האָט פאַררופען, און זי נישט באַקומען, טאָ האָט ער דאָך דאָס געקענט פונקט אַזוי אויסקעמפען, ווי ער האָט עס געטאָן אין יאַנואַר 1944).

מיר ווילען דאָ נישט אויפרייסען אונזערע וואונדען. דער משפט פון דער געשיכטע איבער אונזער דור איז נאָך נישט פאַרענדיגט. אָבער אויב מר. מאָרגענטוי האָט איצט מיט דער גאַנצער וואָגיקייט פון זיין נאָמען און פּרעסטיזש אויפגעהויבען די פראַגע פון פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם אויפהאַלטען די רעטונגס־אַקציע דורכן אָפיציעלען וואשינגטאָן אין די שוואַרצסטע יאָרען פון אונזער געשיכטע, דאַן איז נויטיג צו פרעגען על־כל־פנים די שאלות, וועלכע מיר האָבען דאָ פאָרמולירט.

# פאָטאָסטאַט פון דער ערשטער ידיעה, וואָס איז אָנגעקומען אין אַמעריקע, וועגן דער פאַרניכטונג פון וואַרשאווער געטאָ.

KONSULAT GENERALNY
RZECZYPOSPOLITEJ POLSKIEJ
W NEW-JORKU

CONSULATE GENERAL
OF THE REPUBLIC OF POLAND
NEW-YORK

Nr. ............

W odpowiedzi uprasza się powołać na powyższy numer.
When answering please refer to the above number.

W sprawie ..............................

W odpowiedzi na Nr ..............................

z dn. ..............................

Załączników ..............................

NEW YORK, N. Y. 3. września, 1942.
[illegible] EAST 67TH STREET
Tel. [illegible]

WPan Dr. I. Lewin
Research Institute
Room 501, 1452 Broadway
New York, N.Y.

Szanowny Panie Doktorze:

Powołując się na naszą telefoniczną rozmowę, przesyłam uprzejmie w załączeniu odpis otrzymanego telegramu.

Łączę wyrazy wysokiego szacunku i poważania.

Za Konsula Generalnego:

S. Duda
S. Duda
Sekretarz

---

Treść depeszy otrzymanej z Berna, Szwajcarji:

"Od Sternbuch'a dla Jakóba Rosenheim'a, 817 West End Avenue, New York City.

"Według otrzymanych ostatnio licznych autentycznych informacji, władze niemieckie opróżniły ostatnio Ghetto w Warszawie, mordując bestjalsko około 100,000 Żydów. Masowe mordy nadal trwają. Z ciał zamordowanych wyrabia się mydło i sztuczne nawozy. Deportowani z innych krajów okupowanych znajdą ten sam los. Należy przypuszczać, że tylko energiczne represalja ze strony amerykańskiej mogą powstrzymać te prześladowania. Róbcie zaraz co możliwe, by szbyko wywołać taką reakcję, poruszając mężów Stanu, prasę i społeczeństwo.

Zawiadomcie o tem: Wise'a, Silver'a, Lubawicznera, Einsteina, Klatskina, Goldmana, Tomasza Mann'a i innych.

Nie wymieniajcie mojego nazwiska. Proszę o potwierdzenie odbioru niniejszej depeszy".

(זעה זייטען 129 און 287)

# בריוו פון פוילען און סלאָוואַקיי שילדערען די אידישע טראַגעדיע

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ט תשרי תש״ג — 30 סעפּטעמבער 1942)

אין די לעצטע טעג איז אָנגעקומען קיין ניו יאָרק אַ בריוו פון דער שווייץ, וועלכער איז אַרויס פון דאָרט דעם 16־טען אויגוסט. אין ענוועלאָפּ זיינען געלעגען עטליכע בריוו, פאַרשמירטע און באַפּלעקטע, פון וועלכע עס איז אָפּגעשניטען געוועזן די שורה מיט׳ן אָרט און דאַטום. אָבער דער עמפּפאַנגער פון דאָזיגען ענוועלאָפּ האָט תיכף פאַרשטאַנען וועגען וואָס דאָ געהט: דריי בריוו האָבען געשטאַמט פון זיינע קרובים אין דער סלאָוואַקיי, וועמען עס האָט זיך ביז איצט איינגעגעבען צו פאַרבלייבען דאָרט און וועלכע שילדערען אין זייערע בריוו די מורא׳דיגע מענשען־יאָגד פון די סלאָוואַקישע נאַצי־משרתים אויף די דאָרטיגע אידען. איין בריוו שטאַמט פון פוילען און איז געשריבען געוואָרען פון אַ דעפּאָרטירטען צו זיינע פאַרבליבענע נאָהענטע קרובים אין דער סלאָוואַקיי; זיי האָבען דעם דאָזיגען בריוו איבערגעשיקט צוזאַמען מיט זייערע אייגענע ידיעות אין דער שווייץ.

ביים לייענען פון די דאָזיגע שוידער־דאָקומענטען באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז די נאַצי־צענזור האָט זיי ניט געזעהן. אַזוי אָפען ווערט דאָרט געשילדערט די לאַגע.

מיר גיבען דאָ איבער די בריוו אין אַ ווערטליכער איבערזעצונג. (אין אָריגינאַל זיינען זיי געשריבען אין דייטש). עס דוכט זיך, אַז די בריוו פון דער סלאָוואַקיי שטאַמען פון אָנהויב חודש אויגוסט, דער בריוו פון פוילען פון סוף חודש יולי. די אין אַלע בריוו ביים נאָמען־אָנגערופענע מענשען וועלען מיר זעלבסטפאַרשטענדליך ניט איבערגעבען און אויך אויסלאָזען די אונטערשריפט. פאַרוואָס מיר טהוען עס — איז איבעריג צו באַמערקען.

דער ערשטער בריוו פון דער סלאָוואַקיי לעזט זיך אַזוי:

„קודם־כל האָט מען צוגענומען ביי די אידען אין אונזער לאַנד זייערע הייזער, פעלדער, זייער באַוועגליך און אומבאַוועגליך פאַרמעגען, זייער געלט און — מיט ווייניגע אויסנאַהמען — זייערע זאַכען, זייער וועש און מעבעל און אַלע שטוב־זאַכען און ביכער. פון פרנסה, באַשעפטיגונג, אַ באַרוף אָדער פאַרדינסט־מעגלעכקייטען איז לגמרי אָפּגערעדט. מען האָט זיי דערנידעריגט, געשלאָגען, פאַרטריבען פון די וואוינונגען, צוזאַמענגעקוועטשט אין מאַסען־

קוואַרטירען. מען האָט זיי באַגליקט מיט׳ן מגן־דוד, 12 סענטימעטער די גרויס, מען האָט זיי פּאַראורטיילט אויף צוואַנגס־אַרבייט. נאָך דעם אַלעם האָט זיך אין סוף פון חודש מערץ אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון דעפּאָרטאַציע קיין פּוילען.

פון די 90,000 אידען זיינען שוין פאַרשיקט געוואָרען קיין פּוילען אַן ערך 75,000. די אַקציע געהט ווייטער אָן און יעדע וואָך ווערט אָפּגעשיקט אַ נייער טראַנספּאָרט פון 1,000—1,500 אידען. ס׳זיינען אָבער געווען וואָכען, באַזונדערס אין די חדשים מאַי־יוני, ווען עס זיינען טעגליך אַוועקגעגאַנגען עטליכע טראַנספּאָרטען.

„ס׳ווערען טראַנספּאָרטירט ניט נאָר יונגע מענשען, ניט נאָר אַרבייטס־פעהיגע אידען, נאָר אַלטע און יונגע אָהן אונטערשיד פון געשלעכט. די על־טער, קראַנקהייט, אַ בעפאָרשטעהענדע געבורט פון אַ קינד, די טרענונג פון עלטערען מיט קינדער אָדער קינדער פון עלטערען אָדער מענער פון פרויען און אומגעקערט — דאָס אַלץ איז ניט קיין שטערונג, הגם דאָס געזעץ זעהט פאָראויס פאַרשידענע גרענעצען.

„די מענשען, וועלכע דאַרפען גענומען ווערען, האָבען דערפון פריהער קיין שום ידיעה ניט, אַזוי אַז יעדער ציטערט פון פחד כסדר, בייטאָג און ביי־נאַכט.

„עס קומען פּאָליציסטען, ס־ס־מענער אָדער אַנדערע פאָרמאַציעס (4־8 מאַן שטאַרק), מיט ליסטעס פון מענשען, אויף וועלכע עס איז געקומען די רייהע, און לעגיטימירען. אויב די באַטרעפענדע געפינען זיך אויף דער ליסטע, דאַן באַקומען זיי דעם באַפעהל: „פּאַקען זיך!” מען מעג מיטנעמען ביז 50 קג. אויף אַ מענשען, וועש, קליידער, קלייניגקייטען און לעבענסמיטעל, אויך אַ דעק.

„די קאָמיסיע שטעהט ביים פּאַקען און נעהמט דעם מענשען באַלד מיט: מאַן און פרוי, קינדער, אויך עלטערען און געשוויסטער, ווען זיי געפינען זיך אין דער זעלביגער וואוינונג, אָפט אפילו ווען זיי וואוינען אַנדערשוואו.

„רוב מענשען נעמען גאָרניט מיט די 50 קג. זאַכען, ווייל זיי האָבען ניט קיין צייט דאָס צו טאָן און זיינען דאַרויף ניט צוגעגרייט, און אויך ווייל זיי קענען ניט אַזוי פיעל שלעפּען און ווייל זיי ווייסען, אַז מען וועט זיי דאָס סאַי ווי צורויבען ביי דער גרענעץ, אָדער נאָך פריהער.

„געלט, ביכער, זילבער, מעדיקאַמענטען דאַרפען זיי איבערהויפּט ניט מיטנעמען, אויך ניט קיין פעלצען, טריקאָט אָדער געשטריקטע זאַכען. מיט׳ן מאָמענט ווי זיי פאַרלאָזען די וואוינונג, ווערט זי פאַרשלאָסען און פאַר׳חתמ׳עט און אַלץ וואָס געפינט זיך דאָרט ווערט אייגענטום פון דער מלוכה און דאַן ווערט עס פאַרקויפט אויף אַ ליציטאַציע.

„אויב עס געפינען זיך צווישען די מענשען, וואָס ווערען אָוועקגעפיהרט, קראַנקע, וועלכע קענען ניט געהן, דאַן נעהמט מען זיי אויף טראָג־באהרען אָדער בענקלעך. דאָס דאָזיגע אויספּאַנגען פון די אידען קומט פאָר ביינאַכט. פון די וואוינונגען נעמט מען זיי צו אַ זאַמעל־שטעלע; דאָס זיינען באַראַקען, אין וועלכע עס געפינען זיך האָלץ־פּריטשען, אָהן שטרוי אָדער וועלכע עס איז באַקוועמלעכקייט. פון דאָרט ווערען זיי אַריינגעפּאַקט אין לאַסט־וואַגאָנען, אָהן בענק, אָהן שטרוי. מענער, פרויען, קינדער, געזונטע און קראַנקע צו־זאַמען. אין יעדען וואַגאָן קומען 40 מענשען, 2 עמער וואַסער און 1 עמער פאַר׳ן פאַרריכטען די מענשליכע נויט־געברויכען. די וואַגאָנען זיינען גע־שלאָסען. פון געשטאַנק, געדיכטע לופט, היץ אָדער קעלט איז כמעט ניט מעגליך אויסצוהאַלטען. דאָס געפּעק געפינט זיך אין אַ באַזונדערען וואַגאָן, וועלכער ווערט על פי רוב אויפ׳ן וועג אָפּגעשטעלט.

„עס זיינען פאַראַן צוויי מינים טראַנספּאָרטען: „איי״ און „בי״ טראַנס־פּאָרטען. די „איי״ טראַנספּאָרטען זיינען פאַר מענשען אָהן קינדער, ביז 50 יאָהר די עלטער, וועלכע זיינען געזונד און אַרבייטס־פעהיג, זיי האָבען עס אפשר אַביסעל בעסער, ווייל הגם זיי שטעהען אונטער אַ שטרענגער מיליטע־רישער אויפזיכט און קענען ניט שרייבען און אויך ניט באַקומען קיין בריוו, האָבען זיי לפּחות די מעגליכקייט צו אַרבייטען און עפּעס צו עסען. די „בי״ טראַנספּאָרטען באַשטעהען פון עלטערען און קינדער, אַלטע און קראַנקע מענ־שען, וועלכע ווערען צוזאַמענגעדריקט אין קליינע, האַלב אָפּגעברענטע דער־פער, די מענער אָפּגעזונדערט פון די פרויען, און אַזוי מוזען זיי פטר׳ן זייער לעבען. קראַנקהייט, הונגער און טויט און אַ כסדר׳דיגע פּייניגונג — דאָס איז זייער גורל. צוויי מאָל באַקומען זיי צו עסען פון יודען־ראַט; דאָס עסען באַשטעהט פון אַ זופּ אָהן פעטען און 10 דעקאָ (אַן ערך 6 אונצעס) ברויט. עס איז נאָר דאָ איין שוץ פון הונגער — אויב מען קען פאַרקויפען אַלטע קליידער אָדער מען האָט דאָלאַרס. פאַר הונדערט דאָלאַר קען מען לעבען דריי חדשים, אָבער פון וואַנען נעמט מען דאָלאַרס?״.

אַלס ערגענצונג פון דעם ערשטען בריוו קען פאַרשטאַנען ווערען דער פאָלגענדער בריוו, וועלכער איז געשריבען געוואָרען פון אַ פרוי:

„ווי איך זעה האָט... שוין אויספיהרליך באַשריבען די לאַגע, אָבער דאָך זיינען דאָס בלויז שלאָג־ווערטער פון די קוועלערייען און דעם זעעלישען פּייניגען אונז במשך די לעצטע חדשים.

„... און זיינע עלטערען זיינען שוין געווען אַריינגעשטעלט אין טראַנס־פּאָרט, זיי זיינען אַרויס מיט פיעל מיה און כחות. היינטיגע נאַכט האָט מען זיי ווידער ביי מיר געזוכט. עס איז אומהיימליך צו געהן אין גאַס. אַ אידען קען מען ניט זעהן.

„אויב עס גליקט עמיצען זיך אַריבערצוכאַפּען קיין אונגאַרן, דאַן הויבט זיך ערשט אָן די קוועלעריי פון די געיאָגטע און געהעצטע מענשען. דאָרט דראָהט יעדען איינעם, וואָס לאָזט נאָר אַריין אַזאַ אימיגראַנט אין זיין הויז, אַ שטראָף פון צוויי יאָהר קאָנצענטראַציע לאַגער. מען שרייבט דעריבער ניט פון דאַנען קיין בריוו קיין אונגאַרן, כדי ניט צו וועקען אַ חשד, אַז אימי־צער דאָרט וויל וועמען עס איז העלפען.

„ג. נ. און פּ. א. ווערען דאָ באַניידעט, ווייל עס איז געלונגען זייער לאָיער (אין אונגאַרן) אויסצו׳פּועל׳ן, אַז מען זאָל זיי אַריינזעצען דאָרט אין תפיסה אויף 2 יאָהר, בשעת אנדערע זיינען צוריקגעשטעלט און געשיקט געוואָרען קיין פּוילען.

„אַ געהעצטע און געיאָגטע חיה איז ניט אַזוי באַרויבט פון רוה און אַזוי באַגאָסען מיט אַנגסט, ווי מיר. עס איז אַן אייביג ציטערען און שרעקען מיט׳ן ערגסטען פאַר די אויגען. דאָס זיינען ממש שקלאַווען־יאַגדען אין פּולסטען זין פון וואָרט. און מען איז שוין רוהיגער, ווען מען ווייס, אַז מען וועט גענומען ווערען צו דער אַרבייט, ווייל די אַנדערע... השם זאָל זיך מרחם זיין.

„איצט האַנדעלט זיך וועגען גאָרניט, נאָר וועגען דער זיכערקייט, נאָר וועגען פּשוט׳ן לעבען. איהר דאַרפט אייך דעריבער ניט פאַרגינען קיין רוה און ניט צוריקשרעקען פאַר קיין ריזיקע, כדי לפּחות די קינדער צו העלפען, אַז זיי זאָלען האָבען אַ רוהיגען אָרט. אַנדערש איז מיין גאַנץ לעבען געווען זינלאָז".

(די כוונה פון לעצטען אָפּזאַץ פון דאָזיגען בריוו איז, ווייזט אויס, אַז דער אַדרעסאַט אין אויסלאַנד זאָל זיך באַמיהען אַרויסצובאַקומען לפּחות די קינדער פון דער בריוו־שרייבערין און זיי אַזוי אַרום צו ראַטעווען פון דער שרעקליכער סכנה פון דער דעפּאָרטאַציע).

ווי אַזוי עס לעבען, אָדער — בעסער געזאָגט — עס הונגערען די דע־פּאָרטירטע אידען אין פּוילען גופא, אויף דעם וואַרפט אַ ליכט דער פאָלגענ־דער בריוו, וועלכער איז אויך געלעגען אין דעם שווייצער ענוועלאָפּ. עס זיינען אין איהם אַנטהאַלטען צום ערשטען מאָל גענויע ידיעות וועגען די פּרייזען פון לעבענס־מיטעל אין היינטיגען פּוילען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. מיר קענען איצט פאַרשטעהן, וועלכע גוואַלדיגע געלט־סכומים עס דאַרף היינט האָבען דאָרט אַ אידישע משפּחה, אויב זי וויל שטילען ווי עס איז איהר הונגער.

דער בריוו לויטעט:

„איך וויל אייך קודם־כל מודיע זיין, אַז מיר זיינען געזונט, וואָס דאָס

איז דאָ אַ גרויס וואָרט און לײדער קענען אַ סך מענשען דאָס פון זיך ניט באַהויפּטען.

„ביז איצט האָבען מיר געלעבט פון פאַרקויף פון אונזערע זאַכען. איצט האָט זיך עס געענדיגט, שוין ניטאָ וואָס צו פאַרקויפען, וואָס וועט זיין ווייטער ווייס גאָט.

„די טייערונג איז שרעקליך. איין קילאָ קאַרטאָפּעל קאָסט 3 זלאָטי 20 גראָשען. איין קילאָ ברויט 12 זל., הירש 18 זל., צוקער 40 זל., מעהל 20 זל., פּאַפּריקע 150 זל., קאָפע 400 זל., קאַקאַאָ 200 זל., גריעס 50 זל. אַלץ שטייגט ווייטער און מיר האָבען ניט קיין געלט.

„אַ סך קלײדער זיינען אָנגעבאָטען געוואָרען לעצטענס, ווייל אַן ערך 5,000 אידען פון טירנא, האַלאַהאָוועץ, פּיסטיאַן און באַרדיאָוו זיינען געקומען אַהער, צוליב דעם זיינען די פּרייזען פון קלײדער געפאַלען און די לעבענס־מיטעל זיינען געשטיגען. עס פאָדערט זיך דרינגענד הילף.

„איך ברויך וועכענטליך 500 זלאָטי אויף ברויט און קאַרטאָפּעל, אָהן מילך. די קינדער זיינען דערביי כסדר הונגעריג. וואָס דאָס הייסט, אַז מען האָט דעם גאַנצען טאָג הונגער און מען קען גאָרניט געבען — דאָס דאַרף איך ניט זאָגען.

„איך אַרבייט דעם גאַנצען טאָג אין אַ טישלערײ און בין צוליב דעם, גאָט־צו־דאַנקען, אויפ׳ן אָרט. אַנדערע מענער אַרבייטען 40 ביז 60 קילאָמע־טער ווייט אין קאָנצענטראַציע אַרבייטס־לאַגערען. זיי אַרבייטען זעהר שווער און זיינען נאָך קיינמאָל ניט געוועזען ביי זייערע פאַמיליעס:

„איך בעט דיך, שיק וואָס דו קענסט און אין וועלכער פאָרם דו קענסט. דאָס איינפאַכסטע איז געלט, אָבער דאָס איז אויך דאָס טייערסטע. פאַר 500 סלאָוואַקישע קראָנען באַקומען מיר 86 זלאָטעס, דאָס הייסט 4 ברויטען. אם בעסטען קען מען פאַרקויפען הערען־זאַכען. פאַר אַן אַנצוג באַקומט מען 500־800 זל., פאַר אַ העמד 70־40 זל., פאַר אַ פּאָר זאָקען 30־20 זל. — נאָר ווי באַקומט מען עס אַהער? זעהר גוט זיינען דאַמען־זאָקען און פאַרביגע קאָפּ־טיכער, דאָס קען מען לייכט פאַרקויפען. טו אַלץ וואָס ס׳איז נאָר מעגליך, אַז דו זאָלסט קענען שיקען.

„דער פעטער... הונגערט ממש מיט זיינע 8 קינדערלעך. לאַנגע טעג ווערט ביי איהם גאָרניט געקאָכט און עס מוז פריהער אָדער שפּעטער קומען ביי איהם צו אַ קאַטאַסטראָפע.

„עס קומען טעגליך פאַר אַ סך לויות פון אַזעלכע, וואָס שטאַרבען פון הונגער אָדער טיפוס, אָדער וואָס ווערען פאַר גאָרניט דערשאָסען.

„איך בין גליקליך, אַז איהר זייט על כל פנים באַהיט געוואָרען פון די דאָזיגע צרות און האָפענטליך וועט איהר ווייטער בלייבען.

„בייגעשלאָסען זיינען בריוו פאַר די אויסגערעכענטע מענשען (די אַדרעסען זיינען אָנגעגעבען געוואָרען) און גיב זיי תיכף איבער, ווייל די שרייבער ברויכען דרינגענד הילף“.

(דער דאָזיגער שלוס פון בריוו פון פוילען ווייזט קלאָר, אַז דער בריוו איז געוואָרען אַרויסגעשמוגעלט און צוליב דעם האָט מען צוגעגעבען ידיעות פון אַ רייה דעפּאָרטירטע צו זייערע פאַרבליבענע קרובים).

דער לעצטער בריוו, וועלכען מיר געבען דאָ איבער, איז אַ הילף־רוף, וועלכען עס האָט געשריבען אַ סלאָוואַקישע אידישע פרוי צו איהרע קרובים אין דער שווייץ. עס דערקענט זיך אין איהרע ווערטער די טראַגישקייט פון דער לאַגע פון די איבערגעבליבענע, וועלכע קלעהרען אָבער, ווייזט אויס, וויניגער וועגען זיך, ווי וועגען דעם, ווי אַזוי צו העלפען די אומגליקליכע דעפּאָרטירטע.

דער בריוו לויטעט:

„טראָץ דעם וואָס איך האָב אייך שוין געשריבען אַ פּאָסט־קאַרטעל, וויל איך אָבער באַנוצען די געלעגענהייט, כדי אייך איבערצוגעבען דעם אַדרעס פון מיין ליעבען ברודער אין פוילען.

„איך בעט אייך, אַז איהר זאָלט פאַראַנלאַסען, אַז באַקאַנטע זאָלען איהם תיכף שיקען לעבענס־מיטעל און אַלטע קליידער און וועש. אַלץ איז וויכטיג. איך האָב געהערט, אַז עס איז געקומען פון אייך אַ 10 ק״ג.־פּאַקעט במשך עטליכע טעג.

„אויך ר. ש. פון .. געפינט זיך אין זעלביגען אָרט ווי מיין ברודער, און נאָך אַ סך באַקאַנטע און קרובים. וואָס פאַר אַ יאָמער עס טהוט זיך דאָרט אָפּ, פון דעם האָט איהר ניט קיין מינדעסטע פאָרשטעלונג, אָבער אויך די גאַנצע וועלט ווייסט עס ניט.

„אפשר וועל איך אייך קענען שיקען עטליכע בריוו פון פאַרשידענע מענשען, כדי איהר זאָלט אייך מאַכען אַליין אַ בילד און אויך כדי איהר זאָלט עס קענען מפרסם זיין. עס וועט זיין אַ גרויסע מצוה. ערשטענס, אפשר וועט זיך דאָך אָפּרופען וועלכע מענשליכע הילף, אַזוי ווי פאַר די פראַנצויזישע, בעלגישע אָדער גריכישע קינדער — די אידישעליידן זיינען דאָך טויזענט מאָל מעהר!

„און, צווייטענס, זאָל די וועלט וויסען, מיט וועלכער גרויזאַמקייט און בעסטיאַליטעט מען געהט פאַר לגבי די אידען!

„אַכציג פּראָצענט פון די היגע אידען זיינען שוין דעפּאָרטירט אָדער, בעסער געזאָגט, געשיקט אין טויט אַריין. צעהן פּראָצענט, ד. ה. אַן ערך 8־9 טויזענט זיינען אַנטלאָפען. דאָס איז אַ קאַפּיטעל פאַר זיך. ווייל אויך

דאָרט אונטער די דאָזיגע הונען־בעסטיעס איז אַ אמת׳דיג מאַרטירערטום פאַר די עמיגראַנטען״.

(דער לעצטער זאַץ באַציהט זיך, ווייזט אויס, אויף די סלאָוואַקישע אי־דען, וועלכע זיינען אַנטלאָפען אין אונגאַרן. דאָס וואָרט „הונען־בעסטיעס״ איז צום בריוו צוגעשריבען אויף אידיש און עס איז קוים לעזבאַר. די אונגאַרען זיינען, ווי באַקאַנט, גרויסע מיוחסים, ווייל זיי זיינען נאָהענטע קרובים פון די הונען. ווייזט אויס, אַז די יידעס ברויכען זיך מיט זייערע אייניקלעך ניט צו שעהמען).

# שטימען פון פוילישע געטאָס

(„אידישע שטימע״, שבט תש״ג — יאַנואַר 1943)

די פוילישע באַפעלקערונג קוקט זיך צו צום אויסמאָרדען פון די אי־דען, צו די בעסטיאַליטעטען און גרויזאַמקייטען וועלכע ווערען פאַראיבט לגבי זיי, און טיילמאָל ווערט זי דערציטערט. אַן ערשיטערנדען אָפּקלאַנג געפינען מיר אין דער אונטערערדישער פּרעסע, וועלכע געהט אַרויס אין פוילען. אייניגע ציטאַטען רעדען מיט אַזאַ מורא׳דיג לשון, אַז עס שוידערט זיי איבערצוגעבען, הגם עס איז נויטיג, כדי מען זאָל וויסען, וואו מען האַלט אין דער וועלט. עס איז: „כלו כל הקצין״.

איין באַריכט אין אַ פוילישער אונטערגרונד־אויסגאַבע לייענט זיך אַזוי:

„איך בין די פאַרגאַנגענע וואָך געפאָהרען מיט דער ראַדזימינער שאָסיי קיין ווישקאָוו. עטליכע קילאָמעטער הינטער ראַדזימין האָב איך דערהערט שיסען אויף דעם וועג און דערזעהן אַ צוזאַמענגעדריקטע קאַראַוואַנע, וועלכע איז מיר אַנטקעגען געקומען. אַ מינוט שפּעטער האָב איך שוין געקענט געגוי זעהן, וואָס דאָס איז. עס זיינען דאָס געווען עטליכע צעהנדליג פּויערישע פּוה־רען, אויף וועלכע עס זיינען געזעסען פרויען מיט זויג־קינדערלעך און קליינע עופה׳לעך. הינטער די פוהרען איז נאָכגעגאַנגען אַ הויפען מענשען, וועלכער האָט געמאַכט אַן אומהיימליכען איינדרוק. ווי אַ סטאַדע שאָף אין די בערג, וועל־כע ווערען געיאָגט דורך הינט אין פאַרשידענע ריכטונגען, אַזוי האָבען זיך דאָ מענשען צוזאַמענגעקנוילט, זיי זיינען אויף זיך אַרויפגעפאַלען, האָבען זיך געוואָרפען אויף פאַרשידענע זייטען אָהן אַ סדר, ווי משוגע, מיט פאַרשטאַרטע אויגען, מיט שוים פאַרגליווערט אויף זייערע ליפּען. ווי הינט האָבען זיי נאָכגעיאָגט די דייטשען מיט נאַהייקעס אין זייערע הענט און אַ זעלנער אין אַ מונדיר אויף אַ מאָטאָציקל און איינער אַ ציווילער מיט אַ רעוואָלווער.

איך האָב דערקענט, אַז דאָס יאָגט מען מענשען פון די שכנות׳דיגע שטעטלעך. פּלוצים הער איך שאָסען. עפּעס א משונה׳דיג קול רייסט זיך אַרויס פון דעם הויפען, אַ שאַרפער אויסגעשריי פון יסורים, אַ קרעכץ, וואָס קומט פאַר׳ן טויט, און אַ ברוטאַלע קללה פון די הענקער. איך יאָג אונטער דעם פוהרמאַן מיינעם, כדי וואָס גיכער אויסצומיידען די דאָזיגע טויט־קאַראַוואַנע. איך שעהם זיך, אַז איך מוז זיין אַן עדות פון די דאָזיגע אונמענשליכע סצענעס.

איך קום צום סוף פון דער קאַראַוואַנע.

— „אָ, דאָ ליגט ער" — זאָגט דער פוהרמאַן.

פון דער זייט זעהט זיך אַ רויטער צוקראַצטער מענשליכער פוס, נאָך אים דערזעה איך אַ קאָפּ פון אַ גוף, וואָס איז אַוועקגעוואָרפען געוואָרען. אויף דער שאָסיי אַ טייך מיט בלוט. מיר פאָהרען שנעל ווייטער.

— „אָ, ווידער אַ מת" — זאָגט דער פוהרמאַן מיט אַ ציטערדיגער שטי־מע.

באַלד ווידער אַ גאַנצער הויפען גופים. אַ מאַקאַבריש בילד — מען קען ניט דאַרויף קוקען. דער פוהרמאַן רופט:

— „עס וועלען זיין אַ צוואַנציג. וואָס טוען זיי?... וואָס טוען זיי...?"

און אַזוי געפינען מיר כסדר טויטע גופים, ביז דער וועג האָט זיך אויס־געדרעהט אויף רעכטס. ביים אַריינבייגען פון וועג ליגט אַ שטויס פאַרפּעצטע קליידער און דאַנעבען ווידער צוויי מתים.

דאָס זיינען געווען אידען, וועלכע זיינען געטריבען געוואָרען פון געטאָ אין טלושטשע. איידער מען האָט זיי אַרויסגעיאָגט פון שטעטל, זיינען עטליכע געשאָסען געוואָרען. אין וועג האָבען זיך געלאָזט קרוב זעקס הונדערט. קיין ראַדזימין זיינען דערגאַנגען — ווי מען זאָגט — אַרום צוויי הונדערט.

דער ווייטערדיגער גורל פון דער טויט־קאַראַוואַנע איז מיר אונבאַקאַנט".

* * *

טיף ערשיטערנד איז דער פאָלגענדער דאָקומענט, וועלכער איז אָפּגע־דרוקט געוואָרען אין אַן אַנדערער אונטערערדישער אויסגאַבע פון פוילען. ער איז אונטערגעשריבען מיט די ווערטער: „דער פראָנט פאַר פוילענס ווי־דער־געבורט" און לייענט זיך אַזוי:

„אין וואַרשאווער געטאָ, הינטער די מויערען, וואָס שיידען זי אָפּ פון דער וועלט, וואַרטען הונדערטער־טויזענטער מענשען אויפ׳ן טויט. זיי האָבען נישט קיין שום האָפענונג אויף רעטונג, פון ערגיץ קענען זיי ניט באַקומען קיין הילף. אויף די גאַסען פון געטאָ שיסען די פּאַטרולען פון די הענקער אויף יעדען איינעם וואָס וואַגט אַרויסצוגעהן פון הויז. זיי שיסען אויך צו די מענשען, וועלכע שטעהען ביים פענסטער. אויף די גאַסען ליגען ניט־באַגראָבענע מתים.

די טעגליכע צאָהל פון קרבנות באַטרעפט 8 ביז 10 טויזענט. די אידישע פּאָ־ליציי מוז זיי אַרויסגעבען די דייטשע הענקער. אויב די געליפערטע קרבנות זיינען צו ווייניג, שיסט די געסטאַפּאָ די אידישע פּאָליציי־לייט, די צום טויט פאַראורטיילטע קינדער, וועלכע קענען אַליין ניט געהן, ווערען אויפגעלאָדען אויף פראַכט־אויטאָבוסען אַזוי ברוטאַל אַז נאָר אַ קליינע צאָהל בלייבט לע־בען, ביז זיי קומען אין די פאָרשטעט. די מוטערס, וועלכע זעהען דאָס, געהען אַראָפּ פון זינען. די צאָהל מענשען, וועלכע זיינען פון פאַרצווייפלונג משוגע געוואָרען, איז גלייך צו דער צאָהל פון די גע׳הרג׳עטע. אין די צוגעגרייטע באַהנען פאַקען די הענקער אַריין צו 150 פאַראורטיילטע אין איין וואַגאָן. אויף דעם באָדען פון יעדען וואַגאָן געפינט זיך אַ דיקע שיכט פון קאַלך מיט כלאָר, באַשפּריצט מיט וואַסער. טיילמאָל ריהרען די צוגען נאָך דעם אָנ־פילען, טיילמאָל וואַרטען זיי אַ טאָג אָדער צוויי. אין די וואַגאָנען איז אַזוי ענג, אַז די פאַרשטאָרבענע גופים בלייבען אין אַ שטעהענדער פּאָזיציע צוזאַ־מען מיט די, וואָס לעבען נאָך און שטאַרבען לאַנגזאַם אַוועק פון די גאַזען פון קאַלך און כלאָר. וואו און ווען די דאָזיגע באַהנען זאָלען ניט אָנקומען, געפינט מען אין זיי נאָר מתים.

ביי די דאָזיגע קוועלערייען ברענגט דער טויט נאָר אַ ערלייכטערונג. די מערדער האָבען דאָס פאָראויסגעזעהן. אַלע אַפּטייקען אין געטאָ זיינען גע־וואָרען געשלאָסען, כדי מען זאָל ניט קענען באַקומען קיין סם. עס בלייבט נאָר דאָס וואַרפען זיך פון פענסטער. אַ סך פון די פאַראורטיילטע מיידען אַזוי אַרום אויס די טאָרטורען.

דאָס, וואָס עס קומט איצט פאָר אין וואַרשאווער געטאָ, האָט בשעת די לעצטע זעקס חדשים זיך אָפּגעשפּילט אין הונדערטער קלענערע און גרע־סערע פּוילישע שטעדט.

די אַלגעמיינע צאָהל פון דערמאָרדעטע אידען איז שוין אַריבער אַ מיליאָן. די דאָזיגע צאָהל שטייגט פון טאָג צו טאָג. עס געהען אויס רייכע און אָרימע, זקנים, פרויען, מענער, יוגענד, קאַטאָליקען (ד. ה. משומדים אָדער ניט־אַריער, וועלכע זיינען אַריין אין געטאָ לויט די נירענבערגער געזעצען — י. ל.) און אידישע אָרטאָדאָקסען, ווייל זיי זיינען געבוירען געוואָרען אַלס אידען און היטלער האָט באַשלאָסען זיי צו פאַרניכטען.

לגבי אַזעלכע פאַרברעכען טאָר קיינער אין פּוילען ניט בלייבען גלייכ־גילטיג. דער וואָס שווייגט, ווערט אַ שותף צום פאַרברעכען, און דער, וואָס פאַראורטיילט עס נישט, איז מסכים. זאָלען די פּוילישע קאַטאָליקען נעהמען אַ וואָרט! מיר ווילען ניט זיין קיין פּילאַטס (ד. ה. אַזעלכע, וועלכע זיינען באַהילפיג דער מאַכט): מיר האָבען ניט קיין מעגליכקייט זיך מיט מעשים אַקעגענצושטעלען די דייטשע מערדער, מיר קענען ניט העלפען — אָבער

מיר פּראָטעסטירען פון די טיפענישען פון אונזערע נשמות, פול מיט מיטלייד פאַר די קרבנות און אָפּשיי פאַר די פאַרברעכער. גאָט פאַרלאַנגט פון אונז אַזאַ פּראָטעסט, גאָט, וואָס לאָזט נישט הרג׳ענען. אַזוי פאַרלאַנגט פון אונז אונזער געוויסען. יעדעס באַשעפעניש, וועלכעס רופט זיך מענש, האָט דאָס רעכט אַז זיינע מיטמענשען זאָלען אויף איהם רחמנות האָבען. דאָס בלוט פון די אומשולדיגע רופט צום הימעל נאָך נקמה!״

# הרב טוביה הורוויטץ

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ״ה חשון תש״ג — 5 נאָוועמבער 1942)

אַ טעלעגראַם פון דער שווייץ מעלדעט: „די געסטאַפּאָ האָט דערמאָרדעט הרב טוביה הורוויץ פון סאַנאָק, פּוילען, צוזאַמען מיט אַלע מיטגלידער פון זיין פאַמיליע. צווישען די דערמאָרדעטע געפינט זיך אויך זיין שוואָגער, דער בלאזאָווער רבי, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער. די שחיטה איז פאָרגעקומען אין רימאַנאָוו, וואו די צוויי רבנישע משפחות זיינען געלאָפען זוכען שוץ״.

מיר רייבען זיך די אויגען, לייענענדיג די ידיעה: איז דאָס מעגליך? איז דאָס טאַקע אמת? דער יוגענדליכער, לעבענס־שפּרודעלנדיגער, ענערגישער ר׳ טוביה הורוויטץ איז געפאַלען אַ קרבן פון די בעסטיאַלישע רוצחים און — לעבט ניט מעהר?

אַ שטיק פון דער אייגענער נשמה ווערט אויסגעבלאָזען. אַ פריינד, נאָהענט ווי אַ ברודער, איז געפאַלען אויפ׳ן שלאַכט־פעלד, אַוועקגעריסען געוואָרען, נישט אַלט־ווערענדיג אפילו 50 יאָהר. עס ווילט זיך נישט גלויבען, אַזוי שוידערהאַפט איז עס, אַזוי גרויזאַם איז עס. און דאָך: ווי זאָל מען עס נישט גלויבען, אַז מען הערט וואָס עס טהוט זיך אין פּוילען בכלל, און מען האָט פאַר זיך די באַשטעטיגטע באַריכטען איבער די מאַסען־שחיטות, אַז מען מוז שוין צווייפלען, צי עס עקזיסטירען דאָרט נאָך איבערהויפּט אידישע קהילות? עס ווערט פּשוט פינסטער אין די אויגען. מיר פאַרלירען די שפּראַך, כדי צו קענען אויסדריקען אונזער צער און וועהטאָג איבער׳ן חורבן, וואָס האָט נישט זיינס־גלייכען אין דער אידישער געשיכטע.

* * *

ר׳ טוביה הורוויטץ איז געווען דער, וואָס האָט מיטגעהאָלפען און אפשר גורם געווען צו ברענגען אין דער רעליגיעזער מחנה ד״ר נתן בירנבוים. זיי־

ענדיג נאָך אַ גאָר יונגער מאַן במשך דעם ערשטען וועלט־קריג, האָט ער זיך באַקאַנט אין וויען מיט ד״ר בירנבוים׳ען, וועלכער האָט גראָד דאַן דורכגע־מאַכט זיין גייסטיגען און פסיכישען איבערברוך. איך האָב ביי ר׳ טוביה הורוויטץ געזעהן בריוו פון נתן בירנבוים פון יענער צייט, וועלכע האָבען עדות געזאָגט, אַז דער חסידיש׳ער יונגערמאַן פון גאַליציע האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויפ׳ן גרויסען דענקער, ווען ער האָט געזוכט דעם וועג צו אידישקייט און צו גאָט. צוזאַמען זיינען זיי כמעט אַריין אין דער אגודת־ישראל.

און זייט דעם יאָהר 1918 פעהלט שוין ר׳ טוביה הורוויטץ נישט אויף קיין צוזאַמענפאָהר פון דער אגודה. ער ווערט איינער פון די אַקטיווסטע כחות אין דער באַוועגונג. ער פאַהרט אַלס פאַרקינדער פון איהרע אידעאַלען איבער דער וועלט. ער ווערט מיט עטליכע יאָהר שפּעטער געוועהלט אַלס וויצע־פּרעזידענט פון דער פּוילישער אגודת ישראל. ער איז איינער פון די, וואָס האָבען אויפגעבויט די „בית־יעקב״־באַוועגונג אין פּוילען און אויף דער וועלט. ער איז צוויי מאָל געקומען קיין אַמעריקע, כדי דאָ צו פאַרפלאַנצען דעם געדאַנק פון רעליגיעזען רענעסאַנס ביי אידען און צו לעגען דעם פונדאַמענט פאַר דער אָרטאָדאָקסישער טעכטער־ערציהונג. ער ווערט דער סעקרעטאַר פון דער אַלוועלטליכער „מועצת גדולי התורה״. ער האָט אין זיין האַנט אַ מייסטערהאַפטע העברעאישע און אידישע פעדער. זיינע אַרטיקלען אין „הדרך״, „דרכנו״, „יוד״, „טאָגבלאַט״ א. א. זיינען משפיע אויף דער יוגענד. ער ווייס ווי אַזוי צו איהר צו רעדען. ער געפינט דעם טאָן, ווי אַזוי צו שפּילען אויף דער יוגענדליכער האַרץ־סטרונע. אַ מושלם און פולסטען זין פון וואָרט. אַ אידישער אינטעלעקטואַליסט, וועלכער ווייס ווי נושא־חן צו זיין ביי אַלע, וואָס קומען מיט איהם אין קאָנטאַקט.

* * *

במשך אַ רייה יאָהרען האָבען מיר זיך כמעט טעגליך געזעהן און וועלטען דורכגעשמועסט. עס איז אפשר נישט געווען קיין פּראָבלעם פון אידישען לעבען אין יענער צייט, אַז מיר זאָלען איהם נישט האָבען צוזאַמען דורכדיסקו־טירט. תמיד האָב איך באַוואונדערט דעם שכל, די אָריענטאַציע, די פיינע אַנאַליטישע דענקונגס־אַרט פון דאָזיגען אידישען אַריסטאָקראַט, דעם שפּראָס פון שעהנסטען חסידיש׳ען אַדעל, וועלכער האָט אין זיך פאַראייניגט די קלוג־הייט פון זיין דזיקאָווער יחוס (ער איז געווען אַן אייניקעל פון בעל „אמרי נועם״ זצ״ל) מיט דער טיפקייט פון דער דינאָווער גזע (ער איז געווען אַן איידעם פון ריבאָטיטשער רב, ר׳ יהושע שפּירא, וועלכער איז געווען אַן אייניקעל פון ר׳ דוד׳ל דינאָווער, זצ״ל). דער דאָזיגער יונגער רב — ער האָט זיך דאַן

גערופען „מיידאנער רב״ און געוואוינט שטענדיג אין רישא — איז געווען פילאָזאָפיש געשולט. ער האָט געוואוסט ווי אַזוי סיסטעמאַטיש צוצוגעהן צו דער לייזונג פון די קאָמפּליצירטעסטע שאלות. אַ שמועס מיט איהם איז געווען אַ גייסטיגער נחת־רוח.

ער איז געווען אַ פּערעלדיגער דערצעהלער. ער האָט געקענט די וועלט. ער האָט נישט נאָר געוואוסט, ווי אַזוי צו רעדען מיט מענשען, נאָר ער האָט אויך באַזעסען די קונסט צו רעדען וועגען מענשען. נישטאָ כמעט אַ אידישע פּערזענליכקייט פון דער לעצטער תקופה מיט וועלכער ער זאָל זיך ניט האָבען געטראָפען, און אַלע האָבען איהם גערן געהאַט. פאַר יעדען האָט ער געהאַט עפּעס נייעס. יעדען האָט ער אינטערעסירט.

* * *

ער איז געוואָרען רב אין סאנאָק, דער גרויסער קהילה אין מיטעל־גאַליציע, וואו עס איז קיין רב נישט געווען זינט ר׳ מאיר שאַפּיראָ איז פון דאָרט אַוועק קיין פּיעטרקאָוו. און ווען ער איז געפאָהרען איבערנעמען זיין כסא־הרבנות, האָבען מיר, זיינע נאָהענטסטע פריינד, זיך אַביסעל געשראָקען: ווי וועט עס דאָרט אויסזעהן? עס איז דאָך נישט לייכט געווען אויסצונעמען אין א סביבה, וועלכע האָט געדענקט דעם לובלינער רב, דעם וואונדערבאַרען מענש און גייסטיגען ריעז. אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָבען מיר געזעהן, אַז ר׳ טוביה הורוויטץ האָט פאַרדינט צוטרוי. ער איז געוואָרען באַליבט אין שטאָדט, פונקט ווי ער איז געווען באַליבט ביי אַלע זיינע פריהערע באַקאַנטע. ער האָט אָנגעהויבען צו וואַקסען אַלס רב, אַזוי ווי ער האָט זיך פריהער שנעל אַנטוויקעלט אַלס דענקער און שרייבער.

מיר האָבען זייט דאַן נאַטירליך שוין נישט מעהר געהאַט דעם טעגליכען קאָנטאַקט. בריוו האָבען אָנגעהויבען צו פאַרטרעטען די געשפרעכען. אָבער פונדעסטוועגען פלעגען מיר זיך מעהרערע מאָל אין יאָהר טרעפען אויף קאָנפערענצען. עטליכע מאָל האָב איך איהם אויך געהאַט ביי זיך אַלס גאַסט אין לאָדז. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרלוירען דעם כאַראַקטער פון אונמיטעלבאַרען, נישט־געקינסטעלטען גוטען מענש און פריינד. תמיד האָט מען צו איהם גערעדט אינטים. אַ בריק איז באַלד געוואָרפען געוואָרען צווישען זיין האַרץ און דעמיעניגען, וואָס האָט צו איהם אָנגעקניפּט אַ באַציהונג.

* * *

דאָס לעצטע מאָל האָב איך איהם געטראָפען אין לעמבערג אין נאָוועמבער 1939. ער איז געהאַט אַנטלאָפען פון סאַנאָק, ווען די דייטשע כמאַרע האָט זיך אַ לאָז געגעבען אויף דער שטאָדט. ער איז געקומען קיין סאַמבאָר, אין מזרח־גאַליציע, וועלכעס איז פאַרנומען געוואָרען פון סאָוועט־רוסלאַנד, גלייך

ווי לעמבערג. מיר האָבען ווידער אינטים גערעדט, אָבער דאָס מאָל וועניגער פון טיפע פּראָבלעמען. מיר האָבען געמיינזאַם געזוכט וועגען, ווי אַזוי צו קומען אין פרייהייט. מיר האָבען געקלערט, ווי אַזוי צו לויפען אין ערטער, וואו מען זאָל ווייטער קענען אַרבייטען פאַר׳ן רעליגיעזען רענעסאַנס פון אונזער פאָלק: עס איז דאַן געווען נאָר איין וועג — פאַרבונדען זיך מיט אַ גרויסער פיזישער אָנשטרענגונג, מיט אַ וואַנדערונג דורך וועלדער און וואַסערען, ביי אַ סכנה געשאָסען צו ווערען אָדער אויסגעהן אין אַ מורא׳דיגען ווינטער־פראָסט. הרב הורוויטץ האָט זיך נישט געפיהלט בכח. זיין באָרד איז אין דער צווישענצייט געוואָרען פאַרזילבערט, זיין האַרץ האָט נישט געפיהלט גוט. איך בין געגאַנגען אַליין.

דאַן האָב איך פון איהם באַקומען שריפטליכע גרוסען. ער האָט זיך געבעטען, מען זאָל איהם ווי עס איז ראַטעווען. און אַ חוץ דעם האָט ער געבעטען וואַרימע קליידער פאַר זיינע קינדער. ער האָט געליטען נויט.

* * *

מיט עטליכע חדשים צוריק בין איך געוואָהר געוואָרען דורך אַ בריוו פון דער שווייץ, אַז ער געפינט זיך צוריק אין סאַנאָק. ער האָט זיך, ווייזט אויס, אויסבאַהאַלטען אין זיין קהילה, צווישען פריינד.

אָבער לאַנג איז עס נישט מעגליך געווען. ער האָט ווידער גענומען לויפען, ווען ער האָט געשפירט, אַז דער באָדען ברענט אונטער די פיס. ביז ער איז געקומען קיין רימאַנאָוו, דעם גאַליצישען קור־אָרט, וואו זיין קרוב איז געווען רב און רבי. אָבער אויך דאָרט האָט ער זיך נישט געקענט אויסבאַהאַלטען פאַר׳ן הענקערס האַנט. און דאָס אומשולדיגע בלוט פון די קדושים האָט גענומען רינען. ער איז געפאַלען, מיט זיין פרוי, מיט זיינע קינדער, מיט זיין שוואָגער, ר׳ מאיר, דער בלאָזאָווער רב, און ווער ווייס מיט וויפיל אַנדערע קרבנות נאָך...

זיינען זיי געקומען לקבר ישראל? אַ גרויסער ספק. ווייל אויך דעם חסד לאָזט נישט צו די קדושים דער טייוועל אין נאַצי־געשטאַלט.

טאָ זאָלען די דאָזיגע ווערטער פון עראינערונג באַגלייטען ר׳ טוביה הורוויטץ אויף זיין לעצטען וועג. מיר געהן אין גייסט נאָך זיין מיטה און וויינען אויף זיין פריהצייטיגען שרעקליכען טויט.

„טוביה למרום עלה“... זאָל ער דאָרט אויפוויקלען די אידישע טראַגעדיע און מאַכען פאַר׳ן בית־דין של מעלה אַ געוואַלד, וואָס איז דאָרט נאָך נישט דערהערט געוואָרען. עס קען אַזוי ווייטער נישט געהן. דאָס אידישע פאָלק טאָר נישט אונטערגעהן. שוין צייט, אַז — ד׳ ינקום את דמו ודם עבדיו השפוך!

# הרב לייבוש באַבאַד

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ׳ כסלו תש״ג — 19 נאָוועמבער 1942)

ווידער קומט אַ שרעקליכע ידיעה פון דער שווייץ: אין פּאַדוואָלאָ־ציסק, די גרעניץ־שטאָט צווישען פּוילען און רוסלאַנד, אין מזרח־גאַליציע, איז פון די נאַצי־בעסטיעס פאַרפייניגט געוואָרען צום טויט דער דאָרטיגער רב, ר׳ לייבוש באַבאַד, מיט זיין פרוי און זיין זוהן. די ידיעה זאָגט, אַז זיי זיינען פאַרברענט געוואָרען. מיר ווייסען נישט, צי נאָכ׳ן טויט, צי לעבעדיגערהייט. איינס ווייסען מיר נאָר, אַז די ידיעה איז זיכער. ווייל דער בריוו פון שווייץ דערצעהלט אויך, פון וועמען זי איז אין דער שווייץ געקומען: פון דער נאָ־הענטסטער משפּחה פון די קדושים. און אין זעלביגען באַריכט איז אויך אָנגעגעבען, אַז מעהר קיין אידען זיינען אין טאַרנאָפּאָל, דער דערבייאיגער גרויסער שטאָט, נישט פאַרהאַן.

ווען, נאָכ׳ן ערשטען אויפציטערען פון דער מורא׳דיגער ידיעה, מיר פּרובירען צוזאַמענצונעמען די געדאַנקען און דערמאָהנען זיך אין דער גע־שטאַלט פון קדוש, טויכט אויף פאַר אונזערע אויגען אַ שטיק געשיכטע פון די אידען אין גאַליציע. דער נאָמען און די משפּחה „באַבאַד״ זיינען פאַר זיך אַליין אַ קאַפּיטעל געשיכטע.

ביים סוף פון 17־טען יאָהרהונדערט איז געווען רב אין בראָד, דער שעהנער און מיוחס׳דיגער שטאָט, ר׳ יצחק בן ר׳ ישכר בעריש פון קראָקע, אַן איינִיקעל פון באַריהמטען קראָקאָווער רב, רבי ר׳ העשיל. ער האָט געהאַט עטליכע זיהן, פון וועלכע איינער איז געווען אַ פּרנס פון „ועד ארבע ארצות״, ר׳ יעקל, דער גרינדער פון אַ בית־המדרש אין בראָד. אַלע זיהן פון בראָדער רב, ר׳ יצחק, זיינען געווען גרויסע תלמידי־חכמים און נאַטירליך שטאָלצירט מיט זייער גרויסען פאָטער. זיי האָבען זיך אונטערגעשריבען מיט דער באַ־צייכענונג „באב״ד״ נאָך זייער נאָמען, וואָס האָט געמיינט: „בן אב־בית־דין״, אָדער: „בהרב אב־בית־דין״ (דעם רב׳ס זוהן). שפּעטער איז פון דעם גע־וואָרען דער פאַמיליע־נאָמען „באבד״; די משפּחה האָט געגעבען דעם אידי־שען פאָלק גרויסע מענשען דורך אַ רייה פון דורות.

דער אָנדענק פון ערשטען „באבד״, ר׳ יעקל פון בראָד, האָט געהאַט אַ קלאַנג אין גאַליציע לאַנגע, לאַנגע יאָהרען. ר׳ יחזקאל לאנדא, דער באַ־ריהמטער „נודע ביהודה״, דערמאָהנט אין זיינס אַ תשובה די „חברת היושבים בבית־המדרש של המנוח המפורסם ר׳ יעקב באב״ד ז״ל״. זיינס אַן איינִיקעל איז געווען ר׳ יהושע העשל באַבד, וועלכער איז געווען רב אין בודזאַנאָוו און דאַן (פון יאָהר 1801) אין טאַרנאָפּאָל. ער איז דער מחבר פון באַריהמטען „ספר יהושע״. זייט דאַן איז טאַרנאָפּאָל געוואָרען די רעזידענץ פון דער

באבאד־משפחה, וואָס איז נאָך מעהר פאַרוואָרצעלט געוואָרען דורך דעם גרוי־סען גאון און צדיק, ר׳ יוסף באבד, דעם מחבר פון „מנחת חינוך״, איינעם פון די שעהנסטע און געלונגענסטע ספרים פון דער רבנישער ליטעראַטור פון אַלע צייטען. הגם ר׳ יוסף באבד איז נפטר געוואָרען אין יאָהר 1875, האָט אין די לעצטע פופציג יאָהר גאַליציע פאַרשטאַנען סתם אונטער דער באַצייכענונג „טאַרנאָפּאָלער רב״ נישט קיין אַנדערען ווי איהם, דעם מחבר פון „מנחת חינוך״, אַזוי באַריהמט און אַלגעמיין פאַרעהרט איז ער געווען.

צוויי ברידער פון דער דאָזיגער משפחה זיינען זיי געווען אין לעצטען דור, וואָס האָבען בן־אחר־בן אָפּגעשטאַמט פון בעל „ספר יהושע״, און וואָס האָבען דעם רוהם פון דער איידעלער משפחה ווייטער געשפינען מיט גאָלדענע פעדים: ר׳ מאָניש און ר׳ לייבוש באַבאַד, דער ערשטער אין טאַרנאָפּאָל און דער צווייטער אין דערבייאיגען פאָדוואָלאָציסק, וואָס איז אויך פאַרבונדען געוואָרען מיט זיי פון אָ פריהערדיגען דור. זייער פאָטער, ר׳ יהושע העשל באבד, איז דאָרט אויך געווען רב.

* * *

ביידע זיינען זיי געווען בעלזער חסידים. און בעלז האָט שטאָלצירט מיט די דאָזיגע צוויי ברידער, וועלכע האָבען גע׳שמ׳ט ווייט און ברייט מיט זייער לומדות. דער עלטערער, ר׳ מאָניש באבד, איז אַלס יונגער מאַן גע־וואָרען רב אין יאַברוב, פאַרנעהמענדיג דעם פּלאַץ פון זיין שווער, ר׳ יואל משה לאנדא, און אין יאָהר 1911 האָט ער איבערגענומען דאָס טאַרנאָפּאָלער רבנות, די חזקה פון „מנחת חינוך״ (ר׳ מאָניש באבד׳ס זיידע, דער מיקולי־ניצער רב, ר׳ חיים, איז געווען אַ ברודער פון „מנחת חינוך״). אין טאַרנאָ־פּאָל איז ר׳ מאָניש באַבאַד געווען רב ביז צו זיין טויט, אַ דריי יאָהר פאַר דער איצטיגער מלחמה. ער האָט אַרויסגעגעבען אַ ספר תשובות „חבצלת השרון״. די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען איז ער געווען אַן איידעם פון זיין יונגערען ברודער, ר׳ לייבוש, דעם פּאָדוואָלאָציסקער רב .

ר׳ לייבוש איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר תרל״ח. ער איז איצט, ווען ער איז פאַרברענט געוואָרען על קידוש השם, אַלט געווען 64 יאָהר. ער איז אפשר נישט געווען אַזאַ גאון ווי זיין עלטערער ברודער, ר׳ מאניש, וועל־כער האָט זיך גערעכענט צווישען די גרויסע תורה־אויטאָריטעטען אין פּוילען אין לעצטען דור, אָבער האָט געהאַט אַן אויסערגעוועהנליך גוטען שם. ער איז געווען באַליבט צווישען אַלע, וואָס האָבען איהם געקענט. ער איז געווען געאַכטעט און פאַרעהרט אין די ברייטע קרייזען פון גאַליצישען אידענטום. פון זיין שטאָט, וואָס איז געווען אין אייסערסטען מזרח׳דיגען ווינקעל פון פּוי־לען, האַרט ביי דער רוסישער גרעניץ, האָט ער משפיע געווען אויף אַ ווייטען שטח.

* * *

אין יאָהר 1931 האָט דאָס פּוילישע בילדונגס־מיניסטעריום איינגע־פיהרט אַ נייעס אין רבנות־וועזען פון דער מדינה: ווען עס איז געוועהלט גע־וואָרען אַ רב אָדער אַ דיין אין אַ שטאָט און ער האָט געדאַרפט באַשטעטיגט ווערען פון דער רעגירונג אויף זיין אַמט (אַזוי האָט פאַרלאַנגט דאָס קהלה־געזעץ אין פּוילען), האָט ער געמוזט פאַרלייגען זיינע סמיכות אין אָריגינאַל פאַר אַ קאָלעגיום פון דריי רבנים, וועלכע זיינען צו דעם צוועק באַשטימט געוואָרען פון בילדונגס־מיניסטער. דאָס קָאלעגיום האָט געהאַט דאָס לעצטע און אַנטשיידענדע וואָרט וועגען דעם, צי דער געוועהלטער קאַנדידאַט האָט די נויטיגע קוואַליפיקאַציעס.

ווען די דאָזיגע פאַראָרדנונג איז אַרויס און עס זיינען נאָמינירט גע־וואָרען די מיטגלידער פון קאָלעגיום (די רבנים פון רישא, לובלין און לוצק), האָבען בעלזער חסידים און זייער אָרגאַניזאַציע „מחזיקי הדת״ זיך געפּיהלט געטראָפען, וואָס זיי זיינען נישט באַריקזיכטיגט געוואָרען אין דער דאָזיגער וויכטיגער קאָמיסיע. זיי האָבען גענומען פאַרלאַנגען, אַז זייער פאַרטרעטער זאָל אויך אַריין אין קאָלעגיום. און אַלס קאַנדידאַט האָט פיגורירט ר׳ לייבוש באַבאַד, דער פּאָדוואָלאָציסקער רב.

די קאַדענץ פון קאָלעגיום איז געווען באַשטימט אויף דריי יאָהר. ווען עס האָט געדאַרפט באַשטימט ווערען זיין נייער צוזאַמענשטעל, האָט איין מיט־גליד שוין געפעהלט: ר׳ מאיר שפּירא איז נפטר געוואָרען. די רעגירונג האָט דאַן באַריקזיכטיגט דעם פאַרלאַנג פון די בעלזער חסידים און באַשטימט ר׳ לייבוש באַבאַד אַלס מיטגליד פון דער דאָזיגער אינסטאַנץ, דורך וועלכער אַלע רבנים און דיינים האָבען געמוזט דורכגעהן, פאַר זייער באַשטעטיגונג דורך דער מאַכט. און דער פּאָדוואָלאָציסקער רב האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס ווירדיג פאַר דעם גרויסען כבוד, וועלכען מען האָט איהם אָנגעטאָן. 24 שעה לאַנג פלעגט ער פאָהרען פון זיין שטאָט ביז וואַרשע, כדי אָנטייל צו נעהמען אין די זיצונגען פון קאָלעגיום, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין געביידע פון בילדונגס־מיניסטעריום. ער איז דאַן געוואָרען איינער פון די צענטראַל־פיגורען פון פּוילישען רבנות. ער האָט געאַרבייט אין דער פולסטער האַר־מאָניע מיט די אַנדערע מיטגלידער פון קאָלעגיום; צוזאַמען זיינען זיי גע־שטאַנען אויף דער וואַך, אַז אומבאַרופענע עלעמענטען זאָלען זיך נישט אַריינ־רייסען אין דער רעליגיעזער פיהרונג פון פּוילישען אידענטום.

* * *

ווען די איצטיגע מלחמה איז אויסגעבראָכען, איז ר׳ לייבוש באַבאַד פאַרבליבען אין פּאָדוואָלאָציסק, וואָס איז דעם 17־טען סעפּטעמבער 1939, אין ערשטען טאָג פון אַריינמאַרש פון די סאָוועטישע חיילות אויף פּוילישער טע־ריטאָריע, פאַרנומען געוואָרען דורך אַן אָפּטיילונג פון דער רויטער אַרמיי.

ער האָט, פאַרהעלטניס־מעסיג, ווייניגער געליטען פון די אַנדערע, ווייל אין דער קליינער שטאָט זיינען פאַר אַ רב אונטער דער סאָוועטען־מאַכט געווען בעסערע לעבענס־באַדינגונגען, ווי אין די גרויסע צענטרען. דער אָפּצאָהל פון דער שחיטה האָט ווייטער געטראָגען אויף פּרנסה פאַר די רעליגיעזע פונקציאָנערען און דער רב האָט ווי עס איז ווייטער געלעבט מיט זיין משפּחה. עס האָט, אמת, אַ היבש ביסעל צוגעפּעהלט, כדי צו זיין זאַט, אָבער עס איז דאָך געווען מלחמה אויף דער וועלט און אַלץ האָט מען גענומען פאַר ליב.

ביז די האָרדען פון היטלער׳ן האָבען זיך אַריינגעריסען אין מזרח־גאַליציע און אַריין אויך אין פּאָדוואָלאָציסק. האָט זיך דאַן אָנגעהויבען אַ סדרה פאַרפאָלגונגען, וועגען וועלכע מען וועט אַמאָל דערצעהלען אין אַ נייעם ספר „יון מצולה“. פון דער וואָיעוואָדען־שטאָט טאַרנאָפּאָל האָט מען פאַרטריבען אַלע אידען, דערונטער די טאָכטער פון ר׳ לייבוש באַבאַד, די אלמנה נאָך זיין ברודער, ר׳ מאָניש, דעם טאַרנאָפּאָלער רב. און איהר פאָטער מיט זיין ענגסטער משפּחה, וועלכע האָט זיך מיט איהם צוזאַמען געפונען, איז געווען באַשטימט נאָך אַן ערגערער גורל.

זיי זיינען פאַרברענט געוואָרען על קידוש־השם. „שאלו שרופה באש...“ דאָס אידישע פאָלק פון אַזויפיל מאַרטירער און קדושים באַוויינט דעם טויט פון פּאָדוואָלאָציסקער רב און זיין משפּחה און פרעגט: עד מתי? ווי לאַנג וועט נאָך רינען דאָס אומשולדיקע בלוט? ווען וועט שוין נעהמען אַן עק צו די ליידען און פּייניגונגען פון אונזערע ברידער?...

# פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן

(„מאָרגען זשורנאַל“, כ״א אייר תש״ג — 26 מאַי 1943)

דורך נייטראַלע לענדער איז לעצטענס אָנגעקומען די ידיעה, אַז צוזאַמען מיט הונדערטער טויזענטער אידען פון וואַרשע איז אומגעקומען ד״ר מאיר באַלאַבאַן.

אַלס איינער פון די נאָהענטע פריינד און מיטאַרבייטער פון טראַגיש־אומגעקומענעם פּראָפעסאָר וויל איך געבען אויסדרוק מיין טיעפען צער און שמערץ איבער דעם גרויסען פאַרלוסט. מען דאַרף דערצעהלען וועגען די געוואַלדיגע פאַרדינסטען פון דאָזיגען גרויסען געלערנטען, וועלכער האָט דורך פופציג יאָהר געבויט דעם בנין פון אידישער געשיכטע־שרייבונג, וועלכער האָט באַשאָנקען די וועלט מיט צעהנדליגער גאָר באַדייטענדע חיבורים אויפ׳ן געביט פון דער היסטאָריע פון די אידען אין פּוילען און וועלכער

האָט מיט זיינע לערנען־ביכער ערצויגען אַ גאַנצע גענעראַציע פון דער אידי־שער יוגענט אינ'ם גרעסטען צענטער פון אידישען פאָלק אין גלות.

אָבער קודם כל, ווילט זיך אָפּגעבען כבוד דעם אָנדענק פון מאיר באַלאַ־באַן, דעם איידעלען מענש, דעם קרישטאָל־ריינעם כאַראַקטער, וועלכער האָט מיט זיין לויטערקייט, מיט זיינע מידות, מיט זיין פקחות, צוגעבונדען און צוגעצויגען צו זיך יעדען איינעם, וועלכער האָט נאָר געהאַט וועלכען עס איז קאָנטאַקט מיט איהם. פּראָפעסאָר באַלאַבאַן האָט ניט געקענט קיין אומעט. תמיד האָט ער געשפּרודעלט מיט הומאָר, מיט וויץ, מיט פרייד. ער האָט אַריינגעגאָסען האָפנונג אין דער נשמה פון די מענשען מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגענט. אָט דער פאָרשער, וועלכער האָט אַזוי גרינדליך דורכשטו־דירט די פאַרגאַנגענהייט פון פוילישען אידענטום, וועלכער האָט געקענט אַלע געהיימנישען פון דער געשיכטע פון זיין פאָלק אויף דער פוילישער ערד, האָט זיך קיין מאָל ניט אַוועקגעריסען פון דער געגענוואַרט, נאָר געהאַט דאָס פולסטע פאַרשטענדניס פאַר אַלע אַקטועלע פּראָבלעמען. די רייכע ערפאַהרונג, וועלכע ער האָט זיך קונה געווען ביים שטודירען דעם עבר, האָט ער פאַר־ווערטעט ביים אורטיילען די געגענוואַרט. ער האָט מעורר געווען יעדען איי־נעם ניט נאָר צו דער וויסענשאַפט, נאָר גלייכצייטיג צו אַן אַפירמאַציע פון לעבען, ניט אָפּהענגיג פון אַלע שוועריגקייטען און שטערונגען, וועלכע מען האָט באַגעגענט.

מאיר באַלאַבאַן איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1877. ער האָט געהאַט אַ סך פעריאָדען אין זיין לעבען, ווען ער האָט געמוזט קעמפען פאַר פּרנסה. פון באַרוף איז ער געווען אַ לעהרער. און זאָל עס געזאָגט ווערען, אַז אפילו אין די לעצטע יאָהרען פאַר דער איצטיגער מלחמה, ווען באַלאַבאַנ'ס נאָמען האָט געהאַט אַ גרויסען פּירסום ניט נאָר אין פוילען נאָר אין דער גאַנצער אידישער וועלט, איז איהם מאַטעריעל ניט געגאַנגען איבעריג גוט. אויפ'ן וואַרשעווער אוניווערזיטעט איז ער געווען בלויז אַ דאָצענט, און דאָס האָט קיין הכנסות ניט געבראַכט. ער איז געווען פּראָפעסאָר, אַ צייט לאַנג רעקטאָר, פון יודאַאיסטישען אינסטיטוט, אָבער דאָס איז אויך ניט געווען קיין סגולה צו ווערען אַ גביר. פון דעסטוועגען האָט באַלאַבאַן ניט מתרעם געווען. ער האָט די שוועריגקייטען פון טעגליכען לעבען מקבל באהבה געווען, זיין הומאָר האָט איהם קיינמאָל ניט פאַרלאָזט. און כדי צו פאַרבעסערען זיך די מאַטע־ריעלע לאַגע איז ער געווען געצוואונגען, ווי ער האָט מיר עטליכע מאָל ער־קלערט, צו שרייבען אַרטיקלען אין די צייטונגען.

דעריבער, אויב דאָס פעהלען פון גרויסע הכנסות פון אַנדערע מקורים איז באמת געווען דער מאָטיוו פון באַלאַבאַן'ס שרייבען זיינע מאמרים, מוז מען זיין צופרידען, אַז ער איז ניט געווען קיין גביר. ווייל די הונדערטער,

אפשר גאָר טויזענטער, פּעליעטאָנען זיינע, מיט וועלכע ער האָט באַשאָנקען די אידישע, העברעאישע און אידיש־פּוילישע פּרעסע (זינט דעם יאָהר 1897, ווען ער האָט אָנגעהויבען צו שרייבען אין דער לעמבערגער „פּשישלאָשטש״) — דאָס זיינען אמת׳ע פּערל, דאָס זיינען ריכטיגע מייסטער־ווערק, וועלכע מען לייענט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, תמיד מיט דער זעלבער באַוואונדערונג, תמיד מיט דעם זעלבען גייסטיגען תענוג. מאיר באלאַבאַן איז געווען אַ שריי־בער־טאַלאַנט פון העכסטען קאַליבער. ער האָט אַזוי קאַלירפול דערצעהלט די מעשיות פון פאַרגאַנגענע צייטען, אַז מען האָט זיי געלייענט מיט א פאַר־כאַפּטען אָטעם, ווי עס וואָלט נוגע געווען די אַקטועלסטע געשעהענישען. די פיגורען, וועגען וועלכע ער האָט געשריבען, האָבען ממש געלעבט. די ביל־דער, וועלכע זיין מייסטער־פעדער האָט געמאָלען, זיינען געווען אונגעהויער עפעקטפול; זיי זיינען געווען „שע־ד׳עוורס״ פון סינטעז און אַרבייטזאַמקייט.

אַלס לעמבערגער האָט ער זיין ערשט גרויס ווערק מקדיש געווען דער געשיכטע פון זיין היים־שטאָדט. „די אידען אין לעמבערג אין 16־טען און 17־טען יאָהרהונדערט״ הייסט דאָס ווערק, וועלכעס איז אַרויס אין יאָהר 1906 (פּרייז־געקרוינט אויפ׳ן א. ג. וואַוועלבערג קאָנקורס). באַלאַבאַן האָט אין דעם גרויסען חיבור צוזאַמענגענומען אַלץ, וואָס איז ביז דאַן געווען באַ־קאַנט, אויפ׳ן יסוד פון דער גאַנצער ליטעראַטור און אַ סך כתבי יד, וועגען דעם אידישען לעבען אין דער לעמבערגער קהילה. אַ צווייט ווערק פון דעם פאַרנעהם האָט ער געווידמעט דער קראקאָווער קהילה. דער ערשטער באַנד פון זיין „געשיכטע פון די אידען אין קראקא און קאַזמיר״, וועלכער הויבט זיך אָן פון דעם עלטסטען טערמין, זינט אידען האָבען זיך באַוויזען אין קראַ־קאָ אָפּיציעל (1304), איז אַרויס פון דרוק אין יאָהר 1913, דער צווייטער באַנד פון דעם מאָנומענטאַלען ווערק איז אַרויס 25 יאָהר שפּעטער, אין יאָהר 1938. אַ דריטע מאָנאָגראַפיע וועגען אַ ספּעציעלער קהילה האָט באַלאַבאַן אָנגעשריבען וועגען לובלין (1919).

עס איז כמעט ניטאָ קיין היסטאָרישער פּראָבלעם, וועלכער איז נוגע פּוי־לישע אידען, אַז מאיר באַלאַבאַן זאָל איהם וועהרענד זיין פופציג־יעהריגער וויסענשאַפטליכער טעטיגקייט ניט האָבען באַהאַנדעלט. גאַליציע, זיין געבורטס־לאַנד, האָט ער געגעבען עטליכע פּראַכטפולע מתנות. אין יאָהר 1906 האָט ער פאַרעפענטליכט אַן אָפּהאַנדלונג וועגען הערץ האָמבערג. אין יאָהר 1916 איז אַרויס זיין „געשיכטע פון די אידען אין גאַליציע און אין דער קראַ־קאָווער רעפּובליק״. דער פּערזאָן פון פראַנק און די פראַנקיסטען האָט ער געווידמעט עטליכע גרינדליכע פאָרשונגען. ער האָט אין אַ רייה אָפּהאַנד־לונגען באַלויכטען די אָרגאַניזאַציע פון אידישע קהלות אין דעם „ועד ארבע ארצות״. אין יאָהר 1929 האָט ער פאַרעפענטליכט אַ גרויסע אַרבייט וועגען

די „אידישע אַלטערטימליכקייטען אין פּוילען״. וועגען בערעק יאָסעלעוויטש האָט ער אין יאָהר 1934 אַרויסגעגעבען אַ געדענק־אַלבום. ווער קען דען אויפצעהלען אַלע זיינע חיבורים און אָפּהאַנדלונגען.

איך דערמאָן זיך, ווי ער האָט צו מיר געזאָגט, ווען ער האָט מיר איין מאָל געשאָנקען זיינס אַ חיבור, וואָס אויף דעם „קאָווער״ זיינען געווען אָפּ־געדרוקט אַלע זיינע סעפּאַראַט געדרוקטע ווערק: „אָט איז מיין מצבה...״ דריי זייטען פון דעם חיבור׳ס „קאָווער״ זיינען געווען געדיכט באַדרוקט מיט די בלויזע נעמען פון זיינע חיבורים.

און ווען עס רעדט זיך שוין וועגען „מצבות״, טאָ זאָל דערמאָנט ווערען, אַז באַלאַבאַן האָט דורך לאַנגע יאָהרען געפּאַרשט די נוסחאות פון די מצבות אויף די אַלטע אידישע בית־החיים׳ס אין פּוילען און זיי זאָרגפעלטיג קאָפּירט און געזאַמעלט, כדי זיי דאַן צו פאַרווערטען ביים שטודירען די אידישע גע־שיכטע אין פּוילען. ער האָט בכלל, דוכט זיך, געהאַט דעם גרעסטען פּריוואַטען היסטאָרישען אַרכיוו אין פּוילען. ער איז אַרומגעפאָהרען איבער פאַרשידענע שטעדט און שטעדטלעך, אויסגעפינען אַלטע פּנקסאות, קאָפּירט דאָקומענטען אין די מלוכה־אַרכיוון, א. אַ. וו., און דאָס אַלץ פאַרנוצט אין זיין וויסענ־שאַפטליכער אַרבייט. און ניט נאָר ער אַליין. ער האָט ערלויבט אויך אַנדערע צו געניסען פון זיינע אוצרות. מיט דאַנקבאַרקייט וויל איך דערמאַנען, ווי ער האָט מיר אַמאָל צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון אַ דעקרעט פון מלך זיגמונט דעם ערשטען פון יאָהר 1540; דעם דאָזיגען דעקרעט האָט ער אַליין קאָפּירט אין דער קרוין מעטריק אין וואַרשע און איך האָב איהם געדאַרפט האָבען בשעת איך האָב געשריבען מיין בוך איבער׳ן חרם. באַלאַבאַן האָט מיר איהם תיכף געשיקט, ווען איך האָב איהם וועגען דעם געבעטען. אַ גאַנצע רייה פון דאָקומענטען האָט ער פאַרעפענטליכט אין זיינע ווערק און אַזוי אַרום זיי געראַטעוועט פון אונטערגאַנג לעולם ועד.

זיין דריי־בענדיגע „געשיכטע און ליטעראַטור פון די אידען״, וועלכע איז אַרויס אין די יאָהרען 25־1916, איז געווען די פּרי פון זיין ערפאהרונג אַלס פעדאַגאָג. ער האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו געבען דער אידישער שול־יוגענד אַ תמצית פון דער אידישער היסטאָריע און ליטעראַטור. דאָס דאָזיגע בוך איז געווען אינטערעסאַנט ניט נאָר פאַר דער יוגענד, נאָר יעדער דורכ־שניטליכער איד אין פּוילען, וועלכער האָט געלייענט דווקא פּויליש, און גע־וואָלט זיך דערוויסען וועגען דער פאַרגאַנגענהייט פון זיין פאָלק, האָט דאָ געהאַט אַן אוצר מיט ידיעות, מסודר מיט טעם און געשריבען אויף אַ צוגענג־ליכען און וואונדער־שעהנעם אופן. באַלאַבאַן האָט דערמיט געשאַפען אַן אמת׳דיגען פאָלקס־בוך.

געשריבען האָט ער על פּי רוב פּויליש, אָבער אויך אידיש, העברעאיש

און אין אַנדערע וועלט שפּראַכען. אינטערעסאַנט איז, אַז ער האָט אַמאָל (1912) איבערזעצט און אין דרוק אַרויסגעגעבען די באַריהמטע קראָניק פון אידישע צרות פון כמעלניצקי׳ס צייטען, „יוון מצולה" פון נטע האַנאָווער. זאָל באַלאַבאַן האָבען אַמאָל געקלעהרט, אַז די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען וועט איהם אויסקומען צו פאַרברענגען אין באַדינגונגען, וועלכע וועלען זיין ווייט, ווייט גרויזאַמער ווי אין די צייטען פון גזירת ת״ח? זאָל איהם אַמאָל האָבען געקומען אויפ׳ן געדאַנק, ווען ער האָט איבערזעצט די באַשרייבונגען פון די שחיטות פון אידען אין 17־טען יאָהרהונדערט, אַז ביים סוף פון זיין אייגענעם לעבען וועט ער מיטמאַכען סצענעס פון טויט און אונטערגאַנג פון הונדערטער־טויזענטער פּוילישע אידען, וועלכע לאָזען זיך גאָר ניט פאַר־גלייכען מיט קיין שום פריהערע ליידען און פּייניגונגען?

איך האָב פּראָפעסאָר באַלאַבאַן דאָס לעצטע מאָל געזעהן אין וואַרשע אין די ערשטע טעג פון דער איצטיגער מלחמה. נאָך אַ סירענע־קלאַנג, וועלכע האָט מודיע געווען, אַז די דייטשע באָמבער זיינען אַוועק, בין איך פון שעלטער אַרויס אין גאַס און פּלוצים האָב איך דערזעהן באַלאַבאַנ׳ען. ער האָט מיך פאַרהאַלטען און מיר זיינען דאַן צוזאַמען געגאַנגען איבער די וואַרשעווער גאַסען. איך האָב דאַן געוואָלט פאָהרען צוריק קיין לאָדז, וואו וויכטיגע כלל־ענינים האָבען געפאָדערט מיין אָנוועזענהייט, אָבער עס איז שוין געווען איבערגעריסען די באַהן פאַרבינדונג וואַרשע־לאָדז, און דאַריבער האָב איך זיך אויפגעהאַלטען אין וואַרשע, ביז איך בין אַוועק, באין ברירה, אין דער פאַרקערטער ריכטונג, צו מזרח.

באַלאַבאַן איז געבליבען אין וואַרשע ביי דער גאַנצער ווייטערדיגער באָמבאַרדירונג און דאַן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. ווען די נאַצי־בעסטיעס האָבען פאַרנומען די פּוילישע הויפּט־שטאָדט, האָט באַלאַבאַן, נאַ־טירליך, פאַרלוירען זיין שטעלע אויף דער אוניווערזיטעט. ער איז אַריין אין „יודענראַט" (מיט אַ רייה יאָהרען צוריק איז ער אויך געווען אויסגעקליבען אַלס פרנס). דאָרט, אין „יודענראַט", איז אַמאָל פאָרגעקומען, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַ סצענע פון אַ דראַמאַטישען כאַראַקטער. עס איז אַריין אין צימער אַ פאַרטרעטער פון דער „געסטאַפּאָ" און אַלע מיטגלידער פון קהילה־ראַט האָבען געהאַט די פליכט אויפצושטעהן. באַלאַבאַן איז געבליבען זיצען. דער זקן, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די מאַיעסטעט פון דער אי־דישער געשיכטע, האָט זיך נישט אויפגעשטעלט פאַר דעם רוצח. יענער איז אין אַ בלינדען כעס, צוגעלאָפען צו באַלאַבאַנ׳ען און איהם גענומען שלאָ־גען. דער גרייז־גראָהער היסטאָריקער האָט זיך באַגאָסען מיט בלוט, אָבער דער באַנדיט האָט ניט אויסגעפירט. באַלאַבאַן איז אַנידערגעפאַלען אַלס מאַרטירער, אָבער זיין אידישען שטאָלץ האָט ער ניט אויפגעגעבען.

אין דער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ״, דעם איינציגען אידישען אָרגאַן, וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע פון פוילען, האָב איך איינמאָל אויך אָנגעטראָפען אויף באַלאַבאַנ׳ס נאָמען, און דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש. אין נומער 81 פון דער דאָזיגער צייטונג, פון 5־טען סעפּטעמבער, 1941, איז פאַראַן אַ קורצע ידיעה, אַז שבת, דעם 6־טען סעפּטעמבער, 1941, וועט מען צוריק עפענען די שוהל „מוריה״ אין וואַרשע, דזיעלנאַ גאַס 7, „צוליב די באַמיהונגען פון פרעזעס אינזשעניר טשערניאַקאָוו און פּראָפעסאָר ד״ר באַלאַבאַן״.

אָט איז אַ שטראַהל פון ליכט אויף דער אין שאָטען באַהאַלטענער פּערזענליכקייט פון מאיר באַלאַבאַן אין געטאָ. נאָך אַ שוהל פאַר אידען (חוץ די צוויי, וועלכע זיינען דאַן געווען שוין געעפענט), כדי זיי זאָלען האָבען וואו אויסצוגיסען זייער האַרץ אין דער ביטערסטער נויט. די השתדלות איז געווען ווירדיג פאַר׳ן גרויסען היסטאָריקער פון פּוילישע אידען, זי האָט זיך געפּאַסט צו זיינע פאָרשונגען, צו זיין לעבען, געווידמעט דער וויסענשאַפט.

באַלאַבאַן איז שוין מעהר ניטאָ צווישען די לעבעדיגע. געבליבען זיינען אָבער זיינע ווערק, וועלכע וועלען לאַנגע יאָהרען נאָך שטודירט און געלעזען ווערען, ווען קיין נאַצי־בעסטיע וועט מעהר ניט קענען פּייניגען די אומשולדיגע אידען. עס בלייבט דער אָנדענק נאָך אַ גרויסען מענשען, אין וועלכען עס האָט געשלאָגען אַן איידעל האַרץ. עס וועט אפשר בלייבען די לעגענדע נאָך דעם געטאָ־איינוואוינער, וועלכער האָט געטיילט דעם גורל פון הונדערטער־טויזענטער ברידער און שוועסטער זיינע, און איז אויף אייביג אַוועק, ערגעץ ביים סוף פון יאָהר 1942, פון דער שוהל „מוריה״, געטריבען דורך דייטשע חיות אין מענשליכער געשטאַלט — אין דער אונשטערבליכקייט...

---

# אַדאַם טשערניאַקאָוו

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ׳ תמוז תש״ג — 23 יוני 1943)

דער בירגעמייסטער פון דער וואַרשאווער געטאָ, אינז. אַדאַם טשערניאַקאָוו, איז געווען אַ מענש מיט אַ הויכער נשמה. עס האָט אין איהם געשלומערט אַ דיכטערישער טאַלאַנט. ווען מען וועט אַמאָל שרייבען די געשיכטע פון חורבן וואַרשע, און מען וועט דערצעהלען ווי עס איז אויסגעלאָשען געוואָרען דער פונק פון לעבען אין דער וואַרשעווער געטאָ, וועלען זיכער אַלע פּרטים וועגען כאַראַקטער פון איהר פיהרער, אין די שוואַרצע טעג פון נויט

און אונטערגאַנג, שפּילען אַ ראָל. זאָל אָט דער אַרטיקעל זיין אַ קליינער ביי־טראָג פון יראת־הכבוד פאַר יענעם העלדישען איד, וועמען די השגחה האָט געשטעלט אין שפּיץ פון וואַרשעווער אידענטום אין דער פינסטערסטער תקופה פון אונזער געשיכטע!

* * *

זומער 1938, אַ יאָהר פאַר דעם אָנפאַל פון די היטלער חיות אויף פוילען, האָט די וואַרשעווער אידישע קהילה באַשלאָסען אויסצוטיילען אויף דעם בית־עולם אַ באַזונדערען קוואַרטיר פאַר אידען, וועלכע האָבען געקעמפט פאַר דער פוילישער אומאפּהענגיגקייט. עס האָט געזאָלט זיין אַן עהרען אָפּטיילונג, וואו עס האָבען געדאַרפט געפינען זייער אייביגע רוה די אידישע לעגיאָניסטען. אַלס ערשטען האָט מען אויף דעם דאָזיגען פּלאַץ באַגראָבען דעם אַמאָליגען לעגיאָנען־אָפיצער יעקב קאַנאַרעק.

אינזשעניר אַדאַם טשערניאַקאָוו, וועלכער איז דאַן געווען אַ מיטגליד פון דער צייטווייליגער קהילה־פאַרוואַלטונג האָט זיך אַלס אַרכיטעקט, שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם איינאָרדנען פון דער העלדען־אָפּטיילונג אויף דעם בית־החיים. ער האָט אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן פון דעם איינגאַנגס מאָנו־מענט און אַ פּלאַן פון דער פאַנאַנדערטיילונג פון דער אָפּטיילונג. דעם פּלאַן האָט ער אָפּגעדרוקט אין דעם אָרגאַן פון דער קהילה „גלאָס גמיני זשידאָוו־סקיעי" (די שטימע פון דער אידישער קהילה), נומער 9 (סעפּטעמבער 1938).

אין זיין אַרטיקעל האָט טשערניאַקאָוו געשריבען: „זייערע נעמען (ד. ה. פון די העלדען) אַליין זיינען שוין זייערע מאָנומענטען. זיי האָבען אין די בלוטיגע קאַמפען געגען די דריי אָנפאַלער (ד. ה. פּרייסען, רוסלאַנד און עסט־רייך) וועגען דער פרייהייט פון איבער אַלץ געליעבטען פאָטערלאַנד, זיך אויס־געפאָכטען די אונשטערבליכקייט. דעריבער נישט זיי דאַרפען עס האָבען (ד. ה. דעם כבוד פון אַ באַזונדערער אָפּטיילונג אויף דעם בית־עולם). גיכער איז עס צוליעב שטאַרקען די הערצער און דערטראָגען די שווערע מאָמענטען, ווען די נידריגע מגפה פון שנאה, דאָס מאָל פון מערב־זייט, קומט אין אונזער גבול. מיר מוזען זיך פאַרטיפען אין דער פאַרגאַנגענהייט און טרינקען פון זכרונות־ברונעם, שעפּען פון דער חכמה פון אונזערע גרויסע אבות, וועלכע האָבען פון אייגענעם ווילען, צוליעב אַן אינערליכען דראַנג, געגען די שטימע פון נידריגען אינטערעס, אונטערגענומען אַ שווערען און, ווי עס האָט אויס־געוויזען, אַ האָפנונגסלאָזען קאַמף מיט אַ פילפאַך שטאַרקערען שונא".

און מיט אַ וואונדערבאַרער גענויקייט האָט טשערניאַקאָוו דאַן געשפּונען זיין פּלאַן. ער האָט געזעהן אָנקומען „שווערע מאָמענטען" צוליעב דער „מגפה פון שנאה", וועלכע האָט זיך געלאָזט אויף פוילען פון מערב זייט. דאָס האַרץ האָט געשפּירט די ביטערקייט, וועלכע איז געהאָנגען אין דער לופט. אין

בית־החיים האָט דער קומענדער בירגערמייסטער פון געטאָ געזוכט דערמו־טיגונג. וואָס פאַר אַ מערקווירדיגער פאַרגעפיהל!

און ער האָט אין אַ פוילישען שיר דאַן זיין נשמה אַנטפּלעקט.

דער שיר הייסט: „אויפ׳ן בית עולם״ („נאַ צמענטארזשו״). דער שיר האָלט פיער סטראָפען. ער שילדערט די אָוועגט־דעמערונג אויף דעם בית־החיים, ווען די זון פאַרשווינדט פון האָריזאָנט, און פרעגט: „וועלכע סודות ליגען צווישען די ביימער פון בית־עלמין, ווען די נאַכט גנב׳עט זיך אַריין הינטערווײַלעכץ צווישען די מצבות? צי אין דער ערד, וועלכע איז פייכט געמאַכט דורך דעם צער פון מענשליכע טרעהרען, ווערט אפשר פון די גייס־טער — וואָס זיינען באַפרייט פון יאָך פון דער אַלטעגליכער זאָרג — אָוועק־גענומען לויט אַ געטליכען פסק, דער שלאָף פון די אויגען? אָדער אפשר אַ שוואַרצער הפקר׳דיגער פויגעל? אָדער אַ פאַרוואָגעלטער הונט?״

און דאַן זאָגט טשערניאַקאָוו, דער משורר: „עס זיינען זיך צונויפגעקומען אויף אַ קאָשמאַר־פאַרזאַמלונג די אונטערערדישע גייסטער, וועלכע זיינען אַרויס פון די ענגע קברים. מיט אַ ווערדע פיהרען אָן דעם גייסטער־צוג: וואָהל, דער מיניסטער פון אויפשטאַנד, דער פאַרוואַלטער פון די פינאַנצען, דער חבר פון טראוגוט׳ען; דער אין סיביר פאַרשיקטער היילפערן; און די, וועלכע זיינען אָפּגעהאַקט געוואָרען אין דער מיט ווי אַ טאָן, ברוך שולמאַן און מאנספּערל״.

ער האָט זיי כסדר געזעהן פאַר זיך, דער קומענדער נאַציאָנאַל־העלד, וועמען עס איז באַשערט געווען צו ווערען דער פיהרער פון די געפּלאָגטעסטע, די אָממייסטען פאַרפּלאָגטע אידען אין דער וועלט. וואָס איז דען דער קרבן פון זיי אַלע צוזאַמען, וואָהל און היילפערן, שולמאַן און מאַנספּערל, לגבי דעם מאַרטירערטום פון אַדאַם טשערניאַקאָוו׳ן? זיי זיינען געשטאָרבען פאַר פוי־לען, אָבער טשערניאַקאָוו האָט דריי לאַנגע יאָהרען געטראָגען אויף זיינע פּלייצעס אַ האַלבען מיליאָן אידען און זיי פאַרטיידיגט פאַר דעם שונא; דאָס האָט קיינער ביז איצט נישט באַוויזען.

און לסוף האָט ער זיך פאַראייניגט מיט זיי, וועלכע ער האָט געהאַלטען פאַר העלדען. צי ליגט ער באַגראָבען צווישען זיי, אין העלדען־אָפּטיילונג? שווער איצט צו זאָגען, אָבער איינס איז זיכער: וואו ער ליגט — דאָרט איז די העלדען־אָפּטיילונג.

* * *

אין זעלבען יאָהר 1938 האָט טשערניאַקאָוו פאַרעפענטליכט נאָך אַ גע־דיכט „דער לויב פון זאַמלער״.

אין יענעם שיר זינגט ער אַ לויב־געזאַנג פאַר דעם זאַמלער, וועלכער האָט מיט מיה צוזאַמענגעשלעפּט בילדער, וואָס זיינען אויסגעקריצט אין שטיין,

קופּער אָדער שטאָהל; ווערטער, וועלכע זיינען „געפּאַנגען גענומען״ אין אַ פאַרגעלט פּאַפּירען קלייד (ד. ה. אַלטע ביכער אָדער מאַנוסקריפּטען); זיל־בערנע כלי־קודש און גאָלדענע גארטלען.

נאָכ׳ן שילדערען דעם חילוק צווישען די נישט־געזאַמעלטע אַלטערטימ־ליכקייטען, וועלכע ווערען דורכגעפּרעסען פון שמוץ, און די פאַרבאַהאַלטענע, וועלכע דער זאַמלער האָט אין זיין שעפּפערישער אַרבייט קאָנסערווירט — שרייבט ער: „דיין גייסט געפינט זיך אין די עולמות העליונים, דיין געביין צעשאָטען אין דער ערד; דעם פאַרמעג פון אַנדערע באַצירט און שפּייזט דיין צירונג; עס איז אַראָפּ פון פאַרוועלקטען קאָפּ די ווייסע האָר — מיר לויבען דיך, אַ זאַמלער, ווייל פאַר דיין מיה וועט אונז נישט דערגרייכען דער ביטע־רער גורל פון פאַרגעסענהייט!״.

די נשמה פון טשערניאַקאָוו׳ען האָט, ווייזט אויס, געשטרעבט צום פאַר־אייביגט ווערען. זי האָט געוואַרט אויף איהר תיקון, כדי צו זיכערען אונ־שטערבליכקייט דעם נאָמען פון איהר טרעגער.

און דעם 23־טען יולי 1942, ווען זי האָט פאַרלאָזען דעם שטערבליכען טייל פון אַדאַם טשערניאַקאָוו׳ס פּערזענליכקייט, איז דער תיקון געקומען.

די נאַצי־חיות האָבען אין זייער רשות באַהאַלטען דעם גוף פון ערשטען בירגערמייסטער פון דער וואַרשאווער געטאָ. ער איז פאַראויסגעגאַנגען אין גרעסטען טויטען־מאַרש, וועלכען עס קען די געשיכטע פון ציוויליזירטע מענ־שען. אָבער זיין העלדישקייט האָט אויפגעטאָן דאָס איהריגע. ער בלייבט אויף אייביג אין קאָסטבאַרען אוצר פון זכרונות פון אידישען פאָלק, מעהר נאָך: פון דער גאַנצער פרייער וועלט.

אָפּטויטען דעם זכרון — קען נישט קיין היטלער־מאַכט. די געשיכטע געהט איהר וועג ווייטער. און זי האָט אין איהר מאַרש אויפגענומען אַדאַם טשערניאַקאָוו׳ען.

---

# דער ראַדאָמסקער רבי און זיין איידעם

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ג אלול תש״ד — 13 סעפּטעמבער 1943)

**ווידער** קומט אויס צו ווידמען עטליכע געדענק־ווערטער צו אַ קדוש פון פּוילען, איינעם פון די גדולים פון אונזער פאָלק, וועלכער איז געפאַלען אַ קרבן פון די נאַצישע מערדער. אַ ידיעה פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל דערצעהלט וועגען שרעקליכען מאַרטירער־טויט פון ראַדאָמסקער רבי׳ן, ר׳ שלמה חנוך

הכהן ראַבינאָוויטש, צוזאַמען מיט זיין פרוי, איינציגער טאָכטער און איידעם, הרב ר׳ דוד משה ראַבינאָוויטש. עס ציטערט די האַנט ביים שרייבען די דאָזיגע ווערטער. ווער וויים, ווער נאָך איז צו פאַרעכענען צו די „הרוגי מלכות״ פון אונזער שרעקליכער צייט. מיר האָבען דאָך אין פוילען, אין ליטע, אין גאַנץ איירָאפּע, דאָס שעהנסטע און בעסטע פון אונזער פאָלק. אונזער גייסטיגע „עליטע״ געפינט זיך אין עמק־הבכא.

איצט הויבען אונז אָן צו דערגרייכען די איוב־בשורות וועגען די „ארזי הלבנון״, וואָס זיינען געפאַלען איינער נאָך דעם צווייטען. „כלה אתה עושה את שארית ישראל?״ — ווילט זיך פרעגען, מיט די ווערטער פון נביא יחזקאל, מיט אַ פאַרוועהטאָגט האַרץ, זאָל באמת שוין קיין הילף ניט זיין פאַר׳ן לעצטען ביסעל אידען אין איירָאפּעאישען גיהנום? זאָל דאָרט באמת אויסגעלאָשען ווערען דאָס אַלטע ליכט, וואָס האָט דורך יאָהרטויזענטער געשטראַהלט אויפ׳ן אידישען האָריזאָנט?

* * *

דער ראַדאָמסקער רבי, ר׳ שלמה חנוך הכהן ראַבינאָוויטש, וועלכער איז געפאַלען אין וואַרשע על קידוש השם, האָט אין פוילען אויפגעבויט אַ פירשטליך הויז. זיין נאָמען האָט געהאַט אַ קלאַנג, סאַי אַלס אָנערקענטער פיהרער פון גרויסע מאַסען חסידים, סאַי אַלס גרויסער „מרביץ תורה״, וועלכער האָט מיט אייגענע מיטלען געשאַפען אַ גרויסען נעץ פון ישיבות פאַר טויזענטער תורה־דורשטיגע בחורים.

זייענדיג רבי פון יאָהר 1910 (ווען עס איז נפטר געוואָרען זיין פאָטער הרב ר׳ יחזקאל, דער מחבר פון ספר „כנסת יחזקאל״ אויף תורה און מועדים) און שטאַמענדיג פון דורות גרויסע רביים, האָט דער איצט אומגעקומענער ראַדאָמסקער רבי געהאַט דורך העכער דרייסיג יאָהר אַ שטאַרקע השפעה אויף די אָרטאָדאָקסישע מאַסען אין מערב׳דיגען טייל פון פוילען, הויפּטזעכליך אינם אַזוי־גערופענעם „זאַגלעמביע״ (דאָס פּוילישע קוילען־געביט). זיין וואָרט האָט אין אַזעלכע באַדייטענדע אידישע קהלות ווי סאָסנאָוויץ, בענדין, דאָמבראָווע, טשענסטאָכאָוו, קיעלץ און אפילו קאַטאָוויץ אָדער קראקאָ, געהאַט פיל וואָגיגקייט.

די ישיבות זיינע, אונטער׳ן נאָמען „כתר תורה״, זיינען געווען אין העכער 20 שטעדט און עס האָבען אין זיי געלערענט לעצטענס אָן ערך פון 1500 תלמידים. זיי האָבען געהאַט באַדייטענדע ראשי־ישיבות און אָן אייגענעם תורה־אָרגאַן. עס איז געווען אָן אייגענע קליינע ראַדאָמסקער תורה־וועלט.

און דאָס מערקווירדיגסטע: אַלע הוצאות פון די דאָזיגע ישיבות, וואָס זיינען איבערגעשטיגען די נאָרמאַלע קליינע הכנסות, האָט פון אייגענע געלטער געדעקט דער גייסטיגער פאָטער זייערער, דער ראַדאָמסקער רבי. צעהנד־

ליגער טויזענטער זלאָטעס האָט דער וואונדערבאַרער איד געגעבען כדי אויפצוהאַלטען און צו שטאַרקען דעם לימוד התורה צווישען זיינע חסידים. אַזוי האָט ער פאַרנוצט די איינקונפטען פון זיין גרויסען און כסדר וואַקסענדיגען פאַרמעגען אויף הרבצת התורה.

ער איז געווען אַ געבוירענער סוחר. ער האָט פאַרשטאַנען אויסצונוצען יעדע סוחר׳ישע קאָניונקטור און האָט מיט זיינע געשעפטען אויסערגעוועהנליך מצליח געווען. ער איז געווען דער באַזיצער פון גאַנצע גאַסען מיט הייזער אין בערלין, פון וועלכע ער האָט אַ צייט לאַנג געשעפּט ריזיגע איינקונפטען. ער איז געווען אַ שותף צו אַ רייה הצלחה׳דיגע אונטערנעהמונגען. זייענדיג אַ מיליאָנער, איז ער אָבער ניט אַוועק קיינמאָל פון זיין אַלטען אויסגעטראָטענעם רבי׳שען דרך, נאָר האָט וואָס־מעהר געבויט תורה־אינסטיטוציעס, וואָס מעהר ישיבות. פאַרשטעהט זיך, אַז זיין רייכטום האָט נאָך געשטאַרקט זיין איינפלוס.

פאַר זיין איינציגער טאָכטער האָט ער געזוכט אַן איידעם, דעם גרעסטען למדן. און ער האָט איהם געפונען. משה׳לע, דער יונגער זוהן פון קרימילאָווער רבי׳ן (אַ קרוב פון ראַדאָמסקער רבי׳ן). וועלכער איז אין יאָהר תרפ״ז געוואָרען זיין איידעם, האָט געקענט כמעט אויסוועניג גאַנץ ש״ס ופוסקים. איך געדענק דעם זומער 1926, וועלכען מיר האָבען צוזאַמען פאַרבראַכט אין דעם גאַליצישען קור־אָרט טרוסקאַוויעץ. איניגע פון די גרעסטע תורה אויטאָריטעטען פון פוילען זיינען דאָן געווען צוזאַמען, און טאָג־איין טאָג־אויס האָט מען „גערעדט אין לערנען״. דער יונגיטשקער משה׳לע ראַבינאָוויטש, דער „חתן פון ראַדאָמסקער רבי׳ן״, האָט אַלעמען איבעראַשט. ניט געווען קיין תוספות, אַז ער זאָל איהם ניט געדענקען, ניט געווען קיין סברא פון אַ „ראשון״, אַז ער זאָל זי ניט קענען. זיין יונג פנים האָט געפלאַמט, ווען דער פלפול האָט זיך פאַרטיעפט, און איז געוואָרען קאָמפּליצירטער. און די תורה־אויטאָריטעטען האָבען זיך געקוויקט מיט דער פּראַכטפולער פּרוכט פון אַלטען אידישען שטאָם־בוים. ״לא אלמן ישראל״, האָבען זיי געזאָגט. עס קומט צו אַ נייער ריז, וועלכער וועט אַמאָל פאַרשפּרייטען זיין ליכט איבער אידען.

און מיט יעדען יאָהר איז דער רוהם פון ר׳ משה ראַבינאָוויטש געוואָרען גרעסער. ער האָט געוואוינט צוזאַמען מיט זיין שווער, דעם ראַדאָמסקער רבי׳ן, אין סאָסנאָוויץ, און געזאָגט צוויי מאָל אַ וואָך אַ שיעור אין „קיבוץ גבוה״, אין זיין ישיבה, פול מיט אויסערגעוועהנליכער בקיאות אין בבלי און ירושלמי. ער איז געוואַקסען אַ גדול בישראל. ביז דעם ערשטען סעפּטעמבער 1939, ווען דער נאַצי־טייוועל איז באַפאַלען פוילען און דעם ערשטען אָדער צווייטען טאָג פון דער מלחמה איז ער אַריין אין סאָסנאָוויץ. די מלוכה פון ראַדאָמסקער האָט אָנגעהויבען איינצופאַלען.

דער ראַדאָמסקער רבי מיט זיין איידעם און די איבעריגע פון דער מש־פּחה זיינען אַוועק פון סאָסנאָוויץ, וואָס איז „אינקאָרפּאָרירט" געוואָרען אין דריטען רייך. זיי האָבען זיך באַזעצט אין סקיערניעוויץ.

נאָך אַ קורצער צייט איז געוואָרען קלאָר, אַז זיי קענען דאָרטען אויך ניט בלייבען. מען האָט געמוזט ווייטער נעמען דעם וואַנדער־שטעקען אין דער האַנט און זוכען ערגעץ־וואו אַ מקום מנוחה.

זיינען זיי געקומען קיין וואַרשע און זיך באַזעצט אין געטאָ. צווישען די הונדערטער טויזענטער אידען, אין דעם גרעסטען אידישען קיבוץ אונטער׳ן נאַצי־רעזשים, האָט עס אויסגעוויזען אַביסעל היימישער. די גרויסע חסידישע רביים, וועלכע זיינען פאַרבליבען אין פּוילען, האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין וואַרשע: דער אַלעקסאַנדערער רבי, דער סאָכאַטשאָווער רבי, דער סטריקאָ־ווער רבי, אויך אַ רייהע באַדייטענדע רביים, וועלכע האָבען פון לאַנג געוואוינט אין וואַרשע, ווי דער גראָדזיסקער רבי און אַנדערע. שטיל, אָהן וועלכען גערודער, האָבען די מאַסען חסידישע אידען אין וואַרשעווער געטאָ געזאָרגט פאַר זייערע פיהרער; פאַרשטעהט זיך, אַז די ביטערע נויט האָט ניט איין מאָל אַריינגעקוקט אין די אָרימע דירות זייערע אויף דער נאָוואָליפּקי גאַס. עס האָבען געליטען הונגער די אַמאָל רייכע חסידים, האָט ניט געקענט זיין אַנדערש ביי די רביים.

פון ראַדאָמסקער רבי׳ס רייכטום איז נאַטירליך אויך ווייניג וואָס גע־בליבען. די קאַטאַסטראָפע האָט אַלץ פאַרשלונגען. מען איז געבליבען ביים נאַקעטען לעבען.

ביז עס האָט זיך אָנגעהויבען דער גירוש, דער שרעקליכסטער גירוש אין דער אידישער געשיכטע, דער גירוש פון חודש יולי 1942.

טויזענטער אידען זיינען געוואָרען דעפּאָרטירט צום טויט. פון אָנהויב האָבען נאָך די פאַרבליבענע, ווי עס האָט אונז דערצעהלט דער שליח פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכער איז ניט לאַנג אָנגעקומען קיין אַמעריקע, זיך געטרייסט: אפשר מיינט דעפּאָרטאַציע נאָך ניט דעם טויט, אפשר ווערט מען ווירקליך געשיקט אין אַן אַנדערען מקום... אָבער מאַנכע האָבען באַלד קלאָר געזעהן, און דער רעשט האָט זיך שפּעטער אויפגעכאַפּט.

די רייהע איז געקומען אויפ׳ן ראַדאָמסקער רבי׳ן מיט זיין הויז־געזינד. עס איז אַריין די פּאָליציי און באַפוילען זיך צו שטעלען צום זאַמעלפּונקט. און דער באַריכט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל דערצעהלט, אַז דער רבי האָט געהאַט מוט זיך אַנטקעגענצושטעלען. „איך וויל ליבער שטאַרבען אין שטוב" — האָט ער געשריגען — „ווי צו פאַלען ערגעץ אין דרויסען!"

מאָמענטאַל האָט אַ האָגעל געטאָן מיט קוילען. דער 58־יאָהריגער צדיק

איז אַנידערגעפאַלען אין אַ טייך בלוט. זיין פרוי, טאָכטער און איידעם, ר׳ משה ראַבינאָוויטש, דער יונגער גאון, זיינען צוזאַמען מיט איהם דערשאָסען געוואָרען. „בחייהם ובמותם לא נפרדו״...

זאָל דער אויבערשטער נוקם זיין דאָס דאָזיגע אומשולדיגע בלוט.

---

# ר׳ חיים ישראל אייז

(„מאָרגען־זשורנאַל״, כ״ב שבט תש״ד — 18 יאַנואַר 1944)

פון דער שווייץ איז לעצטענס אָנגעקומען די טרויעריגע ידיעה, אַז ר׳ חיים ישראל אייז איז נפטר געוואָרען אין ציריך. פאַר די וואָס האָבען איהם געקענט, איז עס געווען אַ שווערער קלאַפּ, ווייל אָט דער מענש איז געווען די צענטראַלע פיגור אין דעם קליינעם הייפעל פון די אידישע עסקנים אין שווייץ, וועלכע האָבען זיך געווידמעט דער הייליגער אַרבייט פון ראַטעווען דעם שארית הפליטה פון נאַצי־גיהנום. זאָלען די עטליכע ווערטער זיין אַן אויס־דרוק פון טיפען צער איבער דער גרויסער אבידה.

* * *

ר׳ חיים ישראל אייז איז עטליכע צענדליג יאָהר געשטאַנען אין דער ערשטער רייה פון די אָרטאָדאָקסישע עסקנים אין אייראָפּע. ער האָט געהאַט אַ שם אַלס קעמפּער פאַר אונזערע רעליגיעזע אידעאַלען. די נשמה זיינע איז געווען פלאַם־פייער פאַר אידישקייט. ער האָט נישט געוואוסט פון קיין קאָמ־פּראָמיסען בנוגע דת און תורה.

איינער פון די אַקטיוווסטע אגודיסטען, וועלכער האָט אָנטייל גענומען אין אַלע „כנסיות גדולות״ פון דער „אגודת ישראל״, איז ר׳ חיים ישראל אייז געווען דער שטורמענדער כוח ביי אַלע צוזאַמענפאָהרען. ער האָט געזוכט דעם אמת און איהם אַרויסגעזאָגט, לויט ווי ער האָט איהם געפיהלט און גע־זעהן, אָהן וועלכע פאַרשלייערונגען, אָהן ריקזיכט אויף דעם, וועלכע קאָנ־סעקווענצען דאָס האָט געקענט האָבען. זיין טעמפּעראַמענטפולע אידישע און העברעאישע פעדער האָט זיינע געדאַנקען אַרויסגעטראָגען איבער דער וועלט; ער האָט רעאַגירט אויף אַלע ערשיינונגען פון אידישען לעבען אין צאָהלרייכע

אַרטיקלען אין די פאַרשידענסטע אויסגאַבען פון רעליגיעזען אידענטום. תמיד אָהן פחד, אָהן משא־פנים. תמיד געטראָפען דעם נאָגעל אין קאָפּ.

געשטאַמט האָט ער פון גאַליציע (פון איסטריק ביי פשעמישל) און פון באַרוף געווען אַ סוחר. קיינמאָל ניט נהנה געווען פון זיין עסקנות; אדרבא, מיט אַ ברייטער האַנד זיך באַטייליגט בצרכי הכלל. ער האָט מיט זיך פאַר־געשטעלט דעם שעהנסטען טיפּ פון אידישען בעל־הבית, בן־תורה, דענקער און שרייבער. ער האָט דערגרייכט אַן עלטער פון קרוב זיבעציג יאָהר און איז געווען געקרוינט מיט׳ן „כתר שם טוב״, וועלכען ער האָט אָנגעהויבען צו פלעכטען מיט צענדליגער יאָהרען צוריק, ביז ער האָט איהם באַפּוצט מיט די שעהנסטע עדעלשטיינער אין די לעצטע יאָהרען, בשעת דער איצ־טיגער וועלט־מלחמה.

* * *

ווען איראָפּע איז געוואָרען באַהערשט פון די נאַציס, איז די קליינע שווייץ געוואָרען דער מיטעל־פּונקט פון דער הילפס־טעטיגקייט. און פון אַלע זייטען האָבען אָנגעהויבען אָנצוקומען פאַרצווייפלונגס־רופען; ביז צו דער העלפט פון יאָהר 1942 האָבען די עקזיסטירענדע „יודענראַטען״ אַלאַרמירט וועגען ראַטעווען פון הונגער־טויט די מאַסען פאַראָרימטע אידען אין די גע־טאָס; יחידים האָבען פון סעפּטעמבער 1939 ביז צום היינטיגען טאָג אומ־אויפהערליך זיך געווענדעט אין שווייץ נאָך הילף. און, אָהן וועלכען ספק, דער פּאָפּולערסטער אַדרעס צווישען די פאַרפאָלגטע און געפייניגטע אידען איז געווען: ר׳ חיים ישראל אייז אין ציריך.

עס ליגט פאַר מיר אין דעם מאָמענט אַ בריוו פון וואַרשע, געשריבען דעם 2־טען אַפּריל 1943, אַלזאָ שוין נאָך די מורא׳דיגע געשעהענישען אין דער דאָזיגער שטאָדט. דער בריוו, וועלכער איז דורך אַ נס אַרויס פון גיהנום, איז נאַטירליך אַ רוף נאָך הילף. געשריבען פון אַ פּרוי מחוץ דער געטאָ צו אַ מענשען אין שווייץ, ענטהאַלט ער בסך־הכל עטליכע שורות פון אָט דעם אינ־האַלט: „שיקט פאַר... אַזאַ פּעקעל, ווי עס האָט געשיקט אייז פון ציריך פאַר זיינע פריינד!״... „אייז פון ציריך״ — דאָס איז געוואָרען אַ סימבאָל. מען האָט שוין פאַרשטאַנען דעם מיין פון די דאָזיגע ווערטער און דעם באַדייט פון דעם דאָזיגען נאָמען. מען האָט ניט אין וואַרשע און ניט אין דער שווייץ באַדאַרפט קיין פּירושים אויף דעם. עס איז געווען קלאָר.

וואָס האָט דער איד מיט זיינע באַשיידענע, סוף־כל־סוף, פּריוואַטע מיט־לען געטאָן במשך פון די פיער יאָהרען, איז באמת שווער איבערצוגעבען אין די ראַהמען פון אַן אַרטיקעל. צעהנדליגער טויזענטער פראַנקען האָט עס איהם אָפּגעקאָסט. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיין אייגענעם געשעפט, נאָר

ממש בייטאָג און ביינאַכט געזוכט וועגען ווי צו העלפען די אידען אין נאַצי־גיהנום.

זאָל איין פאַקט פון זומער 1942 רעדען פאַר זיך. די שוועיץ האָט, ווי באַוואוסט נישט דערלאָזט אַרויסצושיקען שפּייז־אַרטיקלען מחוץ איהרע גרעניצען. האָט זיך איז ע״ה מיט אַ גרופּע פריינד פאַרבונדען מיט אַ פירמע אין פּאָרטוגאַל, איינגעקויפט פאַר 10,000 פראַנק 2500 קילאָ סאַרדינען און זיי געלאָזט אַוועקשיקען צו דער „אידישער זעלבסטהילף״ אין קראָקע. די סחורה איז אָנגעקומען און די „אידישע זעלבסטהילף״ אין קראָקע האָט זי איינגעטוישט ביי דער נאַצי מאַכט פאַר 6000 קילאָ מעהל און פאַרשידענע אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען פון ערשטען געברויך. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען וויפיל מענשליכע לעבענס זיינען דאַן געראַטעוועט געוואָרען פון הונגער־טויט דורך אייז׳ן. און דאָס איז אַבסאָלוט ניט קיין פאַראיינצעלטער פאַל: פון דעם ווייסען מיר געענוי און דעריבער קען מען דאָס דערצעהלען.

אַ סך טויזענטער יחידים האָבען פון ר׳ חיים ישראל אייז באַקומען הילף, אַ גרויסע צאָהל איז דורך איהם געראַטעוועט געוואָרען. אין איין בריוו (פון 4־טען אויגוסט 1942) שרייבט ער מיר, אַז איינעם פון די גרויסע גאונים אין וואַרשע האָט ער ביז דאַן געשיקט פאַר זיין אייגען געלט זיבעציג שפּייז־פּעקלעך! די משפחה פון דאָזיגען גאון האָט פּשוט געלעבט דערפון. און אַזוי האָט ער געטאָן מיט צענדליגער און הונדערטער משפחות! וויפיל מעשים טובים ווערט פון דעם, אויב מען פּרובירט דאָס צו סומירען!

* * *

מיט פייער אָטעמען זיינע בריוו קיין אַמעריקע פון די יאָרען 1941 און 1942. דעם 28־טען מאַי 1942 שרייבט ער, אַז מיט צוויי טעג צוריק האָט ער באַקומען אַ ידיעה פון וואַרשע פון אַ פריינד, אין וועלכער עס איז געשטאַנען: „מיר זיינען הונגעריג. ווי קענט איהר עסען, ווען אַזויפיל פריינד הונגערען?״

ווייטער איז געשטאַנען אין דער ידיעה פון וואַרשע: „חוץ ר׳ חיים ישראל אייז קימערט זיך קיינער ניט וועגען אונז״.

און מיט זיין שפּיציגער פעדער, וועלכע האָט ניט געקענט קיין רחמים בדין, האָט ער זיך געווענדעט קיין אַמעריקע: „וועט איהר קענען אַמאָל ברענגען אַן עגלה ערופה? וועט איהר אַמאָל קענען זאָגען: ידינו לא שפכו את הדם הזה?״

ר׳ חיים ישראל אייז האָט נישט געוואָלט וויסען פון קיין תירוצים. ניין, אויב מען וויל באמת, זיינען דאָ וועגען און מעגליכקייטען. אַלץ אין דער

וועלט מוז געטאָן ווערען, כדי די הילף זאָל אָנקומען. און ער איז געווען גע־רעכט. חדשים, לאַנגע חדשים, האָט מען זיך פאַרדרעהט דעם קאָפּ, ביז עס איז סוף־כל־סוף עטוואָס געטאָן געוואָרען. אָבער די חדשים האָבען מיר פאַרלאָרען. און צוזאַמען מיט זיי טויזענטער פון אונזערע בעסטע.

ווי שווידערליך לייענען זיך די ווערטער אין זיין בריוו פון חול־המועד סוכות תש״ג (30־טען סעפּטעמבער 1942): „לו לא היו מתעצלים באַמריקא כל כך בהבאת עזרה אחרי שקבלו את רשיון הממשלה מאמריקא עוד לפני ששה חדשים כי אז אולי הצילו איזה אנשים מרדת שחת״...

עס האָט געדאַרפט שטעהן צו דינסט פון אַזאַ מענש ווי ר׳ חיים ישראל איז יעדער נויטיגער סכום געלט, און טויזענטער מענשען וואָלטען געווען געראַטעוועט. ניט אַלץ קען נאָך איצט דערצעהלט ווערען, ניט אַלע פּרטים קען מען איבערגעבען, נאָר דער פאַקט איז קלאָר, אַז מען האָט זעהר אַ סך פאַרשפּילט דורך נאַכלעסיגקייט אין אַמעריקע.

מיר זיינען זיך משער, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער הייסער נשמה פון ר׳ חיים ישראל אייז אין די לעצטע חדשים, ווען ער איז געווען דער איינ־ציגער „קרוב אל החלל״, ווען יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע איוב־ידיעות. ווען זיין האַרץ וואָלט געווען פון אייזען, וואָלט עס אויך געפּלאַצט. דער פריי־שער ריח פון אידישען אומשולדיגען בלוט, וואָס איז דערגאַנגען ביז די שוויי־צער בערג, האָט געקענט ברענגען צו שגעון.

* * *

פון חודש יולי 1943 איז דאַטירט זיין לעצטער בריוו, וואָס איז אָנגעקו־מען קיין אַמעריקע, פול מיט שרעקליכע בשורות. דער גאון איז ניטאַ, דער גרויסער מענש איז דערמאָרדעט, דעם האָט מען פּרובירט צו ראַטעווען און מען ווייס ניט, וואָס ס׳איז געשעהן. עטליכע קורצע ידיעות זיינען פון איהם דערגאַנגען ערשט ניט לאַנג צוריק. זיי האָבען געוויזען, אַז ער שטעהט אין מיטען דער אַרבייט. ער קעמפט. ער גיט ניט אויף די האָפנונג.

און פּלוצים איז ער געפאַלען.

אפשר איז צו איהם דערגאַנגען אַ נייע ידיעה, וואָס האָט איהם אַזוי דער־שיטערט. און אפשר איז זיין האַרץ, נאָך די פיער יאָהר אונמענשליכע פּיי־ניגונגען, אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרען, אַז ער איז צוזאַמענגעפאַלען. מיר ווייי־סען נישט די פּרטים.

די פאָסט ברענגט נאָך זיכער צעהנדליגער רופען פון עמק־הבכא קיין ציריך אויף ר׳ חיים ישראל אייז׳עס אַדרעס. ווייל די אומגליקליכע אין פוילען, ליטע, האָלאַנד אָדער בעלגיע, ווייסען נאָך ניט, אַז דער איד איז שוין ניטאָ

אויף דעם עולם. אַוועק דער שטילער פאַרטיידיגער צום בית־דין של מעלה, כדי צו זוכען דאָרט הילף פאַר זיינע ברידער.

כבוד זיין אָנדענקען.

---

# פּראָפעסאָר מ. אַלערהאַנד

(„מאָרגען זשורנאַל", י"ט אב תש"ד — 8 אויגוסט 1944)

אין אַ קורצער רשימה פון העכער צוואַנציג פּראָפעסאָרען פון לעמ־בערגער אוניווערזיטעט, וועמען די נאַצי־בעסטיעס האָבען דערשאָסען, האָב איך דערזעהן דעם נאָמען פון מאָריץ אַלערהאַנד, איינעם פון די גרעסטע און בעסטע זיהן פון פּוילישען אידענטום.

און עס שווימט פאַר מיר אויף די הויכע געשטאַלט פון פּראָפעסאָר אַלער־האַנד, זיין ליבליכער שמייכעל, זיין שפּרודעלדיגער גייסט, שטעהען מיר איצט פריש אין זכרון. דער מענש, וועלכער האָט דערגרייכט די העכסטע שטאַפּלען פון אַ וויסענשאַפטליכער און געזעלשאַפטליכער קאַריערע, וועמענס נאָמען האָט געהאַט אַ וואונדערבאַרען קלאַנג צווישען די דריי מיליאָן פּוילישע אידען, איז ברוטאַל דערמאָרדעט געוואָרען פון די חיות, וואָס זיינען באַפאַלען אייראָפּע. עס איז אַוועק אַ „זקן שקנה חכמה" אין פולסטען זין פון וואָרט, דער באַזיצער פון פענאָמענאַלסטען זכרון, אַ לעבעדיגע ענציקלאָפּעדיע. דעם סכום פון ידיעות פון דאָזיגען אידישען פּראָפעסאָר איז קיינמאָל ניט געווען מעגליך געהעריג אָפּצושאַצען. מען האָט אויף איהם געזאָגט אין די אוניווער־זיטעט־קרייזען, אַז ער געדענקט אַלץ, וואָס ער האָט במשך פופציג יאָהר געזעהן אָדער געלעזען.

אַ אידישער אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר אין פּוילען איז ניט געווען קיין אַלטעגליכע ערשיינונג. ווער עס האָט דערגרייכט אָט דעם ראַנג, איז געווען אַ „גאון" פון דער וויסענשאַפט. דאָ זיינען קיין אָפּנאַרעכצער נישט אָנגעגאַנגען. געווען צעהנדליגער אַזעלכע, וואָס האָבען פאַרדינט צו זיין פּראָפעסאָרען אין אַן אוניווערזיטעט, אָבער צוליב זייער אידישקייט האָבען זיי ניט באַקומען די מעגליכקייט דערצו. געווען אַ רייהע פאַלען, ווי אידישע געלעהרטע, זעהענדיג אַז זייער אידישקייט שטערט זיי אין דער קאַריערע, האָבען פאַר־לאָזט זייער פאָלק. און די געצעהלטע פון די געצעהלטע, מען קען רוהיג

זאָגען: די גרעסטע פון די גרעסטע, האָבען זיך שטאָלץ געהאַלטען ביי זייער אידישקייט און אַרויפגעצוואונגען מיט זייער געניוס די אָנערקענונג. מאַריץ אלערהאַנד איז געווען איינער פון די, וואָס האָט מיט אימפעט מנצח געווען אַלע שראַנקען פון דער וויסענשאַפטליכער לויפבאַהן. זיינע אומצעהליגע ווערק האָבען איהם פאַרשאַפט אַזאַ נאָמען אין דער וועלט, אַז פאַר איהם זיי־נען ברייט געעפענט געוואָרען אַלע טויערען פון די אוניווערזיטעטען, פון די אַקאַדעמיעס, פון העכסטען מלוכה טריבונאַל אין פוילען (וואו ער איז אַלס ערשטער איד געוועהלט געוואָרען דורכ׳ן פוילישען סעים אין יאָהר 1922). און קיינמאָל האָט ער נישט פאַרלייקענט זיין אידישקייט. ער האָט ניט נאָר זיך געקלאַמערט צום אידענטום, נאָר ער האָט ליעב געהאַט דאָס אידישע וויסען. ער איז מיט אַלע פעדים געווען פאַרבונדען מיט׳ן אידישען שטאַם און שטאָלץ געווען אויף זיין שעהנעם יחוס. אַ אידישער גייסטיגער פיהרער אין שעהנסטען פאַרנעהם.

געבוירען אין ריישא דעם 28־טען יוני 1866, האָט ער זיך אַלס יונגער, קוים דרייסיג־יאָהריגער אַדוואָקאַט קונה שם געווען מיט זיין חריפות׳דיגע איינפאַלען און באַקומען אַן ערשטקלאַסיגע קליענטעל. זיין בוך „ציוויל פּראָצעסואַלע דיסקוסיעס״, וואָס איז אַרויס אין יאָהר 1896, האָט איהם געשטעלט אין דער רייהע פון די בעסטע קענער פון ציווילען פּראָצעס־רעכט. באַלד דערנאָך ערשיינט זיין אָפּהאַנדלונג איבער׳ן „רעכט פון די נעמען״, וואו ער האָט אַלס ערשטער צוזאַמענגענומען אַלץ, וואָס איז נוגע דעם מענש־ליכען זכות אויף אַ נאָמען, דעם שוץ פון אַ נאָמען, די ענדערונג פון אַ נאָמען א. אַ. וו. פון זיין שנעלער פעדער און שאַרפען מוח הויבען זיך אָן צו שיטען איין בוך נאָכ׳ן צווייטען איבער די קאָמפּליצירטעסטע רעכטליכע פּראָבלע־מען: איבער׳ן קאָנקורס־רעכט, איבער דער עקזעקוציע, איבער׳ן חתונה־רעכט. מאַריץ אַלערהאַנד באַקומט אַזאַ אויטאָריטעט אַלס יוריסט, אַז דער לעמבערגער אוניווערזיטעט לאַדעט איהם איין צו האַלטען לעקציעס. ער ווערט אַ דאָצענט און דאַן פּראָפעסאָר. ער ווערט באַריהמט.

אין זיין אָפיס אין לעמבערג, אויף דער יאַגעלאָנסקא גאַס נומער 20, באַ־ווייזען זיך די גרעסטע פוילישע פּערזענליכקייטען, וועלכע גיבען איבער דעם אידישען לאָיער זייערע פּראָצעסען. ער ווערט באַקאַנט ניט נאָר אין פוילען נאָר אויך אין די אינטערנאַציאָנאַלע יוריסטישע קרייזען. ער ווערט אנערקענט אין לויף פון דער צייט אַלס איינער פון די בעסטע קענער פון אינטערנאַציאָנאַלען פּריוואַט־רעכט.

ווען עסטרייך איז צוזאַמענגעבראָכען און די פוילישע רעגירונג האָט קאָנפיסקירט דעם אומבאַוועגליכען באַזיץ פון קייזערליכען הויז, איז אויס־געקומען, אַז איינער פון ערצהערצאָגען איז פאַרבליבען אין פוילען (אין

זיבוש). דער ערצהערצאָג (מיט׳ן נאָמען קאַרל סטעפאַן פאַן האַבסבורג) האָט געהאַלטען, אַז די פאַרמעגענס געהערען צו איהם פּריוואַט און ער האָט פאַר־קלאָגט די פוילישע רעגירונג וועגען דעם. פאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט גע־זוכט דעם בעסטען יוריסט, כדי ער זאָל איהם פאַרטרעטען אין פּראָצעס מיט אַ מיליאַרדען־ווערט; האָט ער ניט געפונען קיין אַנדערען, ווי דעם איד אַלער־האַנד.

ווען די נייע פוילישע מלוכה איז אַנטשטאַנען, האָט מען אין וואַרשע געגרינדעט אַ קאָמיסיע פון די גרעסטע יוריסטען, כדי צוצוגרייטען די יוני־פיקאַציע פון די פאַרשידענע געזעץ־סיסטעמען, וועלכע האָבען פאַרפּליכטעט אויף דער פוילישער טעריטאָריע (דאָס רוסישע, עסטרייכישע און דייטשע) און אויסצואַרבייטען די מאָדערנע פוילישע געזעצען. אָט צו דער קאָמיסיע איז תיכף, אין אָנהויב, איינגעלאַדען געוואָרען פּראָפעסאָר אַלערהאַנד, וועלכער האָט דאָרט גענומען דורך יאָהרען אַן אַקטיווען אָנטייל און פיעל בייגעטראָגען צום פוילישען ציוויל־געזעץ, צום האַנדעלס־קאָדעקס און אַ רייהע אַנדערע געזעצען, וועלכע ער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבען מיט זיין קאָמענטאַר. אין די פוילישע געריכטען האָט דער קאָמענטאַר פון אַלערהאַנד׳ן ביי יעדען פאַל פון אַ ספק געשפּילט די גרעסטע ראָל, כמעט געווען אַ „הלכה פסוקה״.

אין יאָהר 1922 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען דורכ׳ן פוילישען סעים אַלס מיטגליד פון מלוכה טריבונאַל, וועלכער האָט געהאַט די קאָמפּעטענץ צו משפּט׳ן מיניסטאָרען, אויב זיי זאָלען ווערען אָנגעקלאָגט דורכ׳ן סעים אָדער סענאַט פאַר ברעכען אַ געזעץ.

זייענדיג אָנערקענט אַלס איינער פון די גרעסטע יוריסטען אין אייראָפּע, אַרבייט ער מיט אין די וויכטיגסטע יורידישע צייטשריפטען, וואו יעדער אַרטיקעל פון אַלערהאַנד׳ען רופט אַרויס דעם גרעסטען אינטערעס.

אָבער ער באַשרענקט זיך ניט בלויז אויף זיינע ספּעציאַל־געביטען, ווי האַנדעלס־רעכט, ציוויל־רעכט, קאָנקורס־רעכט און פּראָצעס־רעכט, נאָר ער באַהאַנדעלט אויך, אויף אַ שטרענג וויסענשאַפטליכען אופן, פראַגען פון אי־דישען רעכט. עטליכע אַרבייטען האָט ער געווידמעט דעם אידישען חתונה־רעכט, צ. ב. די אָפּהאַנדלונג וועגען כהנים און זייער חתונה שטאַנד, אַן אָפּהאַנדלונג וועגען יבום (געדרוקט אויך אויף העברעאיש), וועגען אידישען גט׳ן־רעכט. ער באַהאַנדעלט אויך רעכט־פּראָבלעמען פון די קראים. ער האָט אַן אינטערעס פאַר אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט׳ן אידישען פאָלק.

פּראַקטיש הויבט זיך דאָס אָן צו פאַרווירקליכען אין לעבען, ווען אין לעמבערג זיינען אין יאָהר 1926 דורכגעפיהרט געוואָרען קהילה־וואַהלען, וועלכע זיינען אָבער פון דער וואָיעוואָדישער מאַכט ניט באַשטעטיגט געוואָ־רען. דאַן האָט די רעגירונג זיך געווענדעט צו פּראָפעסאָר אַלערהאַנד מיט

דער בקשה, אַז ער זאָל ווערען דער קאָמיסאַר איבער דער קהילה. ער האָט לכתחילה ניט געוואָלט, אָבער ווען אַלע אידישע פּאַרטייען האָבען זיך געאייניגט, אַז ער איז דער איינציגער, וועלכער קען האָבען דעם צוטרוי פון אַלע, האָט ער אָנגענומען און אָנגעהויבען צו נעמען אַן אַקטיווען אָנטייל אין עפענטליכען אידישען לעבען. בשעת ער איז געווען רעגירונגס קאָמיסאַר, איז אַרויס דער דעקרעט פון דער רעגירונג וועגען דעמאָקראַטיזירען דאָס וואַהל־רעכט צו די קהילות און איינפיהרען דאָס פּראָפּאָרציאָנעלע ליסטען־סיסטעם (פריהער האָבען אין גאַליציע געהאַט וואַהל־רעכט צו די קהילות בלויז די צאָהלער פון קהילה־שטייער און מען האָט געוועהלט ניט קיין ליסטעס נאָר איינצעלנע נעמען; כדי געוועהלט צו ווערען, האָט מען געמוזט האָבען אַ רוב פון די שטימען, אַזוי אַז די מינדערהייט איז תמיד געבליבען באַ׳עוולה׳ט). פּראָפעסאָר אַלערהאַנד האָט קוים איינגעוויליגט צו קאַנדידירען און איז דאַן געוואָרען געוועהלט אַלס ערשטער דעמאָקראַטישער קהילה־פּרעזעס פון לעמבערג.

זייענדיג דער אָפיציעלער אידישער פאָרשטעהער פון לעמבערג, האָט ער פיל פון זיין טייערער צייט אָפּגעגעבען פאַר דער קהילה, אָפט, ווען איך פלעג אַריינקומען צו איהם, האָב איך דאָרט געטראָפען רבנים, שוחטים, פרנסים. אַלערהאַנד האָט יעדען אויפגענומען מיט זיין פריינדליכען שמייכעל, יעדען דערצעהלט אַ קליינעם עפּיזאָד פון אַלט־לעמבערג צי אַלט־רישא; קיינמאָל האָט דער באַטרעפענדער מענש ניט געהאַט דאָס געפיהל, אַז ער שטעהט פאַר איינעם פון די גרעסטע יוריסטען אין לאַנד, אַ וועלט־אויטאָריטעט, נאָר פאַר אַ ליבליכען פריינד, אַ האַרציגען ראַט־געבער. סתם „פּראָפעסאָר״ אין לעמבערג איז געוואָרען אַ קלאַנגפולע באַצייכנונג; מען איז געגאַנגען „צום פּראָפעסאָר״ נאָך הילף, נאָך אַ קלוגע עצה. אַלערהאַנד איז געוואָרען דער פּאָפּולערסטער מענש ניט נאָר אין לעמבערג, נאָר אין גאַליציע, איינער פון די אמת׳דיגע אידישע פיהרער אין פוילען.

ביז עס איז איהם געוואָרען צופיעל. די קאַמפען אין דער קהילה האָבען אָנגעהויבען צו דענערווירען דעם פּראָפעסאָר. מען האָט זיך אין דער דעמאָקראַטישער לעמבערגער קהילה צייטענווייז ניט פיין אויפגעפיהרט, מען האָט זיך אריינגעזאָגט איינער דעם צווייטען, ווי עס האָט ניט געקענט פאַרטראָגען דער אַריסטאָקראַטישער פּאָרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. ער האָט געוואָרנט, אַז ער וועט אַוועקגעהן, און שליסליך מקיים דיבור געווען. ביי איין שטורמישער זיצונג האָט ער זיך אויפגערעגט און ערקלערט, אַז ער גיט אויף זיין אַמט. מען האָט געפּרואווט איהם צו באַאיינפלוסען, אַז ער זאָל פאַרבלייבען, אָבער בחנם.

ער האָט אפילו קיין געוועהנליכער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג ניט געוואָלט מעהר זיין, ער איז נאָר אַ צייט לאַנג נאָך פאַרבליבען אַ מיטגליד פון דער מלוכה׳שער קאָמיסיע צו עקזאַמינירען די לעהרער פון דער אידישער רעליגיע אין די עפענטליכע שולען, וואו ער איז באַרופען געוואָרען אַלס קהילה־פּרעזעס. ער האָט דעם אַמט באַהאַלטען, ווייל ער האָט געהאַט אַ פרייד צו קענען זיך דורכרעדען מיט די קאַנדידאַטען וועגען היסטאָרישע שאלות. די קהילה מיט איהרע שטורמען איז איהם ניט מעהר געווען צום האַרצען.

אין נאָוועמבער 1939, נאָכ׳ן חורבן פון פוילען, האָב איך איהם באַזוכט אין לעמבערג צום לעצטען מאָל. ער איז געווען ניט אין בעסטען געזונט. די סאָוועטישע מאַכט האָט דעם אוניווערזיטעט איבערגעלאָזען ניט באַריהרט, אַזוי אַז אַלערהאַנד האָט זיך ווייטער געהאַלטען זיינע לעקציעס. איך האָב ביי איהם פאַרבראַכט עטליכע שעה און, ווי פריהער, באַריהרט אידישע וויסענ־שאַפטליכע ענינים צוזאַמען מיט אַקטועלע פּראָבלעמען. ביי אַלערהאַנד׳ען איז עס ניט געווען מעגליך אַנדערש. ער האָט אַזוי פיעל געוואוסט און אַזוי פיעל געדענקט, אַז תמיד האָט ער געהאַט עפּעס צוצוגעבען אַקטועלעס ביי יעדען שטרענג וויסענשאַפטליכען ענין.

ער איז דאָן, אין נאָוועמבער 1939, ניט געווען ביי זיין געוועהנליכען הומאָר. ער האָט געזעהן די כמאַרעס אויפ׳ן האָריזאָנט. קיין שטראהל פון האָפנונג האָט זיך ניט געוויזען.

ווען די דייטשען האָבען באַזעצט לעמבערג, אין די לעצטע טעג יוני 1941, איז נאַטירליך דער וועלט־באַריהמטער אידישער פּראָפעסאָר געווען אויף זייער צעטעל פון די נאָטאַבלען, וועלכע מען דאַרף האָבען אויפ׳ן אויג. וואָס זיי האָבען מיט איהם געטאָן אין דער ערשטער צייט, איז אונז ניט באַ־וואוסט. אָבער איצט קומט די ידיעה, אַז ער איז געשאָסען געוואָרען פון די מערדער. אַ גרויסער מענש איז געפאַלען, פאַר וועמענס אָנדענק עס וועלען זיך אין יראת הכבוד בויגען די קעפּ פון די גרעסטע וועלט־יוריסטען. און דאָס אידישע פאָלק וועט איהם באַהאַלטען אין זיין קדושים־ליסטע ניט נאָר אַלס איינעם, וואָס האָט דעם נאָמען פון אידישען פאָלק דורך זיין וויסען פאַר־הערליכט אין דער ווייטער וועלט, נאָר אויך אַלס געטרייען אידישען עסקן און פיהרער דורך לאַנגע יאָהרען פון דער גאַליצישער מעטראָפּאָליע לעמבערג.



# די טראַגעדיע וויטעל

(„מאָרגען זשורנאַל", י"א תשרי תש"ה — 28 סעפּטעמבער 1944)

לעצטענס האָט זיך באַוויזען אין דער פּרעסע אַ ליסטע פון קרוב 200 אידען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין אַן אינטערנירונגס־לאַגער פאַר דרום־אַמעריקאַנער בירגער אין וויטעל (פראַנקרייך) און זיינען פון די דייטשען פאַרשיקט געוואָרען אין דעם שרעקליכען טויט־לאַגער, אין אָשוויענצים, פּוי־לען.

עס קען זיין, אַז די ליסטע האָט ניט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון ברייטערען אידישען עולם אין אַמעריקע, וואָס איז שוין געוואָרען געוואוינט צו פאַרשידענע מינים ליסטעס אין דער פּרעסע, פון געראַטעוועטע, געזוכטע אָדער — ליידער אומגעקומענע אידען אין אייראָפּע. אָבער די ליסטע פון די וויטעלער דעפּאָרטירטע דאַרף אויפשטורמען די עפענטליכע מיינונג.

געוועזען אַ צייט, ווען מיר האָבען געדאַכט, אַז דער ענין דאַרף בעסער איבערגעלאָזט ווערען פאַר אַ שטילער באַהאַנדלונג. אָבער, צו אונזער טיפען באַדויערען, איז די לאַגע פון די אידען, וועלכע מיר האָבען געהאַלטען פאַר'ן שארית הפליטה, ווייל זיי זיינען געשטאַנען אונטער'ן שוץ פון אינטערנאַציאָ־נאַלען רעכט, אַזוי שלעכט, אַז עס מוז אויפגעהויבען ווערען אַ געשריי איבער דער גאַנצער קולטורעלער וועלט. די נאַציס האָבן זיך לגמרי נישט גערעכענט מיט די אינטערנאַציאָנאַלע געזעצען און פאַרשיקט עטליכע הונדערט אידען, וואָס דרום־אַמעריקאַנער רעפּובליקען האָבען אָנערקענט פאַר זייערע בירגער!

די העכער 200 אידען אין וויטעל האָבען זיך דאָרט געפונען זינט אָנהויב יאָהר 1943. זיי זיינען אַהין געבראַכט געוואָרען אין עטליכע טראַנספּאָרטען. דאָס זיינען געווען מענשען, וועלכע האָבען געהאַט ביי זיך פּאַספּאָרטען פון פּאַראַגוואַי, ניקאַראַגואַ, קאָסטאַ־ריקאַ, א. אַ. וו. די דאָקומענטען זיינען געווען אויטענטישע, ד. ה. אויסגעשטעלטע דורך קאָנסולען פון די באַטרעפענדע לענדער אין פאַרשידענע מקומות. לויט'ן אינטערנאַציאָנאַלען רעכט האָבען די מענשען געדאַרפט בלייבען אינטערנירט און עווענטועל ווערען אויסגעטוישט געגען דייטשע בירגער אין די באַטרעפענדע לענדער. כל זמן זיי זיינען אינ־טערנירט דאַרפען זיי שטעהען אונטער'ן שוץ פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ. אַזוי איז דער ענין רעגולירט דורך אַן אָפּמאַך צווישען אַלע קריג־פיהרענדע לענדער.

אָבער ביים סוף פון יאָהר 1943, האָט מען פּלוצים אָפּגענומען די דאָקו־מענטען ביי די 200 אידען אין וויטעל, כלומרשט פאַר אַ רעוויזיע. די מענשען

זיינען געוואָרען אומרוהיג און אַזוי ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ האָט געהאַט אַ צוטריט צום לאַגער אין וויטעל, איז געלונגען צו געבען צו וויסען די אידען אין אַמעריקע פון דעם, אַז עס דראָהט אין וויטעל אַ סכנה. מיר האָבען זיך באַלד אָריענטירט וועגען דעם וואָס עס געהט אָן. די בלוטדורשטיגע נאַצי־בעסטיע האָט דערשפּירט, אַז די 200 אידען קענען נאָך אַנטרינען מיט זייער לעבען, האָט איהר עס פאַרדראָסען. עס איז געוואָרען שיטערער דער מאַטעריאַל פאַר די טויטען־קאַמערען אין אָשוויענצים אָדער טרעבלינקא, האָט מען זיך פאַרלייגט נאָך אַריינצוואַרפען די 200 אידען פון וויטעל אין די גאַז־אויוועגס.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און אַלע רעגירונגען פון לאַטיין־אַמעריקע, וועלכע האָבען געהאַט זייערע מענשען אין וויטעל, האָבען אָפיציעל צוגעשיקט צו די דייטשען מעלדונגען, אַז אַלע דאָקומענטען פון די מענשען ווערען פולשטענדיג אָנערקענט, אַז קיינער האָט נישט קיין רעכט אין זיי צו צווייפלען. ווען די מעלדונגען זיינען אָנגעקומען, האָבען נאָך די מענשען זיך געפונען אין וויטעל. די רעכטליכע זייט איז געווען אין גאַנצען קלאָר : די מענשען זיינען, לויט אַלע אינטערנאַציאָנאַל אָנגענומענע גרונדזאַצען, געווען אין אָרדנונג און זייער לעבען איז געשטאַנען אונטער דעם שוץ פון געזעץ און באַדאַרפט אַרבלייבען אונטער דעם קאָנטראָל פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ.

אָבער נישט רעכענענדיג זיך מיט גאָר נישט, איז די נאַצי־בעסטיע געוואָרען אַזוי דורשטיג נאָכ׳ן בלוט פון די 200 אידען, אַז מעהר ווי ביז צום חודש אַפּריל האָט זי שוין נישט אויסגעהאַלטען. אין מיטען אַפּריל האָט מען 163 פון די אידען אין וויטעל, אַרויסגעשיקט „ערגעץ־וואו". עס איז פאַרלאָרען געגאַנגען יעדע שפּור פון זיי. אין אָנפאַנג האָט עס געהייסען, אַז זיי געפינען זיך אין שרעקליכען קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דראַנסי ביי פּאַריז, פון וואַנען עס איז אויך נאָך קיינער ניט אַרויס לעבעדיג, אָבער אויך די ידיעה האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס נישט ריכטיג. די מענשען זיינען ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלען. אונמעגליך געווען צו דערגעהן, וואָס מיט זיי איז געשעהן און וואו זיי געפינען זיך. איינס האָט מען נאָר געוואוסט, אַז זיי האָבען אַליין געזעהן וואָס זיי דראָהט, ווייל עטליכע פון זיי זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד בשעת מען האָט זיי אָנגעפאַנגען צוצוגרייטען צום וועג.

ווען די רעגירונגען פון פּאַראַגוואַי, טשילי, האָנדוראַס און אַנדערע האָבען דערהערט פון דער ברוטאַלער האַנדלונג פון די נאַצים לגבי זייערע אָנערקענטע בירגער, האָבען זיי אַוועקגעשיקט שאַרפע פּראָטעסטען, דורך שפּאַניע און שווייץ, קיין בערלין. די רעגירונג אין וואַשינגטאָן, האָט דעם פּראָטעסט ענערגיש אונטערשטיצט און צוגעגעבען פון איהר זייט, אַז זי איז גרייט אויסצוטוישען די דרום־אַמעריקאָנער פון וויטעל געגען דייטשען אין

אַמעריקע. מעהר צו באַקרעפטיגען דעם רעכטליכען צושטאַנד פון די מענ־שען איז, לויט אַלע אינטערנאַציאָנאַלע מנהגים, נישט געווען מעגליך.

די דייטשען האָבען אָבער די קרבנות, וועלכע זיי האָבען דערשפּירט צווישען זייערע נעגעל, נישט אַרויסגעלאָזט. אין אַ צייט אַרום איז געקומען אַ תשובה, אַז די 163 מענשען געפינען זיך אין רשות פון דער געסטאַפּאָ — אַלזאָ, הייסט עס, קען די רעגירונג גאָרנישט טאָן, (ווייל די געסטאַפּאָ שטעהט אפשר איבער דער רעגירונג ?), — אָבער מעהר ווער מען פון וויטעל קיינעם נישט אַרויסשיקען.

דאָס איז אויך געווען אַ ליגען. ווייל באַלד דערנאָך האָט מען אַ ווייטערע גרופּע פון 47 מענשען אַרויסגעשיקט פון וויטעל אין אַן אומבאַקאַנטער גע־גענד. עס זיינען פאַרבליבען בלויז עטליכע קראַנקע מענשען. דער גאַנצער אידישער טייל פון לאַגער איז געוואָרען ליקווידירט, און עס זיינען דאָ אָנ־דייטונגען, אַז די איבער 200 אידען, דרום־אַמעריקאַנער בירגער, זיינען דע־פּאָרטירט געוואָרען קיין אָשוויענצים. וואָס דאָס באַדייט, איז קלאָר און עס איז, דוכט זיך, ניט נוטיג צו דערצעהלען אין דעם מאָמענט, וואָס מיט די אידען אין אָשוויענצים־לאַגער ווערט געטאָן.

אַזוי ווייט דער ספּור המעשה פון קעמפּ וויטעל. איצט קומט דער מוסר־השכל, וועלכן מיר דאַרפען פון דעם אַרויסנעמען.

אַלע לעגאַלע, און ביי קולטורעלע פעלקער באַנוצטע, דרכים פון דיפּלאָ־מאַטישער אינטערווענץ אין מלחמה־צייט — זיינען געוואָרען אויסגעשעפּט. סאַי די רעגירונגען פון די דרום־אַמעריקאַנער לענדער, סאַי דער סטעיט דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן, סאַי דער אַזוי־גערופענער „אינטערגאָווערנע־מענטאַל קאָמיטע פאָר רעפיודזשיס״ אין לאָנדאָן, האָבען אינטערווענירט, כדי צו ראַטעווען די מענשען אויפ׳ן יסוד פון זייער רעכט, אויפ׳ן יסוד פון געזעץ. אָבער די דייטשען האָבען זיך דערפון אויסגעלאַכט. זיי האָבען געטאָן, וואָס זיי האָט געגלוסט און אָדער אַ לאַנגע צייט נישט געגעבען קיין שום תשובה, אָדער געענטפערט מיט חוזק (ווייל ווי קען מען אַנדערש אָנרופען אַ תשובה, אַז „די מענשען זיינען אין רשות פון דער געסטאַפּאָ״ ? די געסטאַפּאָ איז דאָך אַן אָרגאַן פון דער מלוכה).

עס שטעלט זיך אַרויס, אַז די דייטשען פאַרשטעהען לגמרי נישט דאָס לשון פון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ, אויב מען וויל עס אָנווענדען אויף אי־דען. מעהר ברעכען דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט, ווי עס איז געשעהן אין פאַל פון די וויטעלער אידען, איז שוין ניט מעגליך. אויב די רעגירונגען באַשטעטיגען די דאָקומענטען פון די מענשען און שלאָגען פאָר זיי אויסצו־טוישען געגען דייטשען — איז דאָך נישט די זאַך פון די דייטשען אָפּצופרעגען

זייער בירגערשאַפט! צי פאַרשיקען אַזעלכע מענשען אין טויטען־קאַמערען — איז דער גרעסטער ברוך פון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ!

אויף דעם האָט געקענט און געמוזט זיין בלויז איין תשובה: צו נעמען אַ גלייכע אָדער גרעסערע צאָהל דייטשען אין אַמעריקאַנער קאָנטינענט און ערקלערען דער נאַצי־רעגירונג: אויב איהר וועט נישט באַלד צוריקשטעלען די פאַרשיקטע אידען פון וויטעל אין אַ לאַגער וואו דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל זיי קענען האָבען אונטער זיין קאָנטראָל — דאַן וועלען די דייטשען אין אַמעריקע האָבען דעם זעלבען גורל, וואָס יענע אידען, די דרום־אַמעריקאַנער בירגער! טויט פאַר טויט, מענשען־לעבען פאַר מענשען־לעבען!

ווען אַזאַ ערקלערונג וואָלט זיך באַוויזען עפענטליך, אַזוי אַז די דייטשען איבעראַל וואָלטען זי געהערט, — וואָלט מען די אידען אויסגעזוכט פון אונטער דער ערד און זיי וואָלטען שוין נישט געווען מעהר אין רשות פון דער געסטאַפּאָ.

עס קען לייכט זיין, אַז די אידען לעבען נאָך, אַז די בעסטיעס אין בערלין וואַרטען נאָר אויף דער רעאַקציע: אפשר וועט זיי געראָטען צו דער'הרג'ענען נאָך 200 אידען און אַמעריקע וועט עס אָננעמען בשתיקה... וואָלט אָבער זיך דערהערט אַ וואָרט, וואָס זיי פאַרשטעהען גוט, — עין תחת עין, שן תחת שן, — דאַן וואָלט זיי פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט אויף דעם אומשולדיגען בלוט פון די דאָזיגע אידען. די דייטשען אין דייטשלאַנד גופא וואָלטען נישט צו־געלאָזט, אַז מען זאָל שטעלען אין סכנה אַ פּאָר הונדערט דייטשען אין אַמע־ריקע. זיי וואָלטען געמוזט אָפּגעבען צוריק די אידען, אויף וועלכע עס וואַרט אַ זיכערער טויט, אויב זיי לעבען נאָך ערגעץ וואו.

און אויב די נאַצי־רעגירונג זאָל ענטפערען, אַז זי ווייסט נעביך נישט, וואו די וויטעלער אידען זיינען אַהינגעקומען, ווייל די געסטאַפּאָ האָט זיי אין איהר רשות, איז אויף דעם אויך דאָ אַן ענטפער, וועלכען זיי קענען גוט פאַר־שטעהן: צו ערקלערען זיי, אַז מהיום והלאה וועט מען אויך אין אַמעריקע נישט וויסען, וואו עס איז אַהינגעקומען דער געביין פון כך־וכך דייטשען. קיין שום ידיעות פון זיי און צו זיי וועלען נישט צוגעלאָזט ווערען... נאָך אַזאַ ער־קלערונג וואָלט זיך באַלד געפונען די שפור פון די 200 אומגליקליכע אידען!

די יונייטעד ניישאָנס האָבען שוין פּרובירט צו רעדען אַזאַ לשון, ווען עס האָבען זיך געהאַט מיט אַ צייט צוריק פאַרשפּרייט ידיעות, אַז די געפאַנ־גענע אַמעריקאַנער פליהער אין יאַפּאַן ווערען, געגען דעם אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ, געשאָסען.

היינט וואָלט עס ביי די דייטשען זיכער נאָך מעהר געווירקט, ווי דעמאָלט ביי די יאַפּאַנער. דאַכט זיך, אַז די מיליטערישע לאַגע זעהט היינט אַביסעל

אַנדערש אויס, ווי מיט אַ יאָהר צוריק אָדער נאָך מעהר. טאָ פאַר וואָס האָט מען ביי אונז פאַרגעסען אָט דאָס איינציגעווירקזאַמע לשון?

מיר קענען נישט גלויבען, אַז נאָך היינט, ביי דער גרויזאַמסטער טראַגעדיע פון אונזער פאָלק, זאָל מען נישט וועלען רעדען צו די דייטשען מיט'ן געהעריגען לשון, ווייל עס האַנדעלט זיך וועגען — אידען!

---

# די ליקווידאַציע פון געטאָ אין באָכניע

(„מאָרגען זשורנאַל", י"ט חשון תש"ה — 5 נאָוועמבער 1944)

לאַנגזאַם הויבט אָן זיך אַנטפּלעקען פאַר אונזערע אויגען דאָס בילד פון דער שרעקליכער קאַטאַסטראָפע פון פוילישען אידענטום. דאָ און דאָרט דערגרייכט איין פּליט די פרייע לענדער און ווען ער קומט צו זיך נאָך די גיהנום־איבערלעבענישען, גיט ער איבער די פּרטים, וועלכע ער האָט אַליין געזעהן און מיטגעלעבט. דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערען, ווען מען הערט עס. מען גיט זיך דאַן ערשט אָפּ דין־וחשבון פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען.

איינס פון די מקומות, אין וועלכע די אידען אין פוילען האָבען זיך געהאַלטען פאַרהעלטעניסמעסיג לאַנג, איז געוועזען דאָס שטעדטעל באָכניע. דאָס דאָזיגע שטעדטעל, וואָס ליגט אויף דער באַהן־ליניע צווישען רישא און קראקאָ (נישט ווייט פון טאַרנאָוו), אין מערב־גאַליציע, האָט געהאַט עפּעס „מזל" אין דער ערשטער צייט פון דער היטלער אָקופּאַציע. ביז צו דער צייט פון „פוירל האַרבאַר", דאָס הייסט ביז צום אַריינטרעטען פון אַמעריקע אין דער מלחמה, פלעגט די פּאָסט פון פוילען אָנקומען באַזונדערס רעגעלמעסיג פון און אין שטעדטעל באָכניע. די דייטשען האָבען דאָרט איינגעאָרדענט אַ לופט פּאָסט סטאַנציע, אַזוי אַז „עיר־מעיל" בריוו פלעגען דאָרט אָנקומען זעהר שנעל. דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות האָט פון באָכניע אין יאָהר 1941 באַקומען מעהרערע בריוו פון אַ גוטען פריינד, וועלכער האָט דערצעהלט, אַז ביי איהם אַרבייטען הונדערטער אידען און פאַרדינען אויף פּרנסה. עס האָט אויסגעזעהן גאָר מערקווירדיג, אָבער ביז עס איז מעגליך געוועזען אָנצופרעגען אויף אַ פאָרזיכטיגען אופן, וואָס דאָס זאָל באַדייטען, איז אַמעריקע אַריין אין דער מלחמה און דער קאָנטאַקט איז איבערגעריסען געוואָרען.

איצט איז אָנגעקומען קיין ארץ ישראל, נאָך לאַנגע מיה און מאַטערנישען, אַ פּליט פון באָכניע, וועלכער האָט בריפליך איבערגעשיקט קיין אַמעריקע אַ רעפּאָרט איבער דעם, וואָס עס איז פּאָרגעקומען אין באָכניע ביז צו דער צווייטער העלפט פון יאָהר 1943, ווען ער איז פון דאָרט אַוועק. אַ סך פּרטים ווערען איצט אויפגעקלערט און דער באַריכט לייענט זיך מיט דער גרעסטער שפּאַנונג.

עס שטעלט זיך אַרויס, אַז די ערשטע צייט נאָכדעם ווי די נאַציס האָבען באַזעצט דאָס שטעדטעל, איז באמת געווען אַ רוהיגע. די מלחמה גופא האָט באָכניע פאַרשוינט, ווייל די דייטשען האָבען דאָרט דערגרייכט זעהר שנעל און פאַרנומען דאָס שטעדטעל אָהן קאַמף. דער קאָמאַנדאַנט פון באָכניע איז נישט געווען אַזוי ווילד ווי די קאָמאַנדאַנטען פון דער געסטאַפּאָ אין אַנדערע שטעדט. די אידען האָבען ווייטער געהאַנדעלט. די יעניגע וואָס זיינען אַנטלאָפען אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, הערענדיג, אַז דאָס לעבען געהט ווייטער אָן, זיינען צוריקגעקומען. עס זיינען אפילו לאַנגזאַם צוריקגעקומען אַזעלכע, וואָס זיינען אַנטלאָפען קיין מזרח־גאַליציע, וואָס איז באַזעצט געוואָרען דורך די סאָוועטישע אַרמייען.

איינער פון די רייכע אידען אין באָכניע האָט געגרינדעט — ווי עס דערצעהלט איצט אין ארץ ישראל דער שוין דערמאָנטער פּליט, — אַ גאַנצע רייהע פון פאַבריקען, טישלערייען, קליידער און שיך־פאַבריקען, אין וועלכע דער רוב אידען פון באָכניע האָט געפונען באַשעפטיגונג. די דייטשען זיינען דערפון געווען צופרידען און דער איד האָט באַקומען אַ געוויסען אָנזעהן ביי די אָרטיגע מאַכט־אָרגאַנען.

אָבער מיט דער צייט האָט זיך די סיטואַציע פאַרערגערט. הגם די „קראַקאוער צייטונג“ און אַנדערע אָרגאַנען פון גענעראַל גובערנאַטאָר האָבען געלויבט די באָכניער אידען, אַז זיי זיינען פּראָדוקטיוו (נישט פאַרגעסענדיג דערביי צוצוגעבען, לויט דעם אַלטען שטייגער, „אין היפוך צו אַנדערע אידען, וועלכע באַשעפטיגען זיך מיט „שלייכ־האַנדעל“...), האָט מען זיי דאָך איינגעשלאָסען אין אַ געטאָ און אַרומגערינגעלט די געטאָ מיט שטעכעדיגע דראָהטען. מען האָט אָנגעפאַנגען צו דראָהען מיט טויט פאַר די קלענסטע פאַרלעצונגען. צו דער אַרבייט אין פאַרשידענע פאַבריקען האָט מען געפיהרט די אידען אונטער אַ מיליטערישער וואַך און נישט צוגעלאָזט קיין שום קאָמוניקאַציע מיט דער דרויסענדיגער וועלט.

איינמאָל האָט מען געפונען אין באָכניע צוויי דייטשע פּאָליציאַנטען געשאָסען. האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגעלאָזט אַ וואָרנונג צו די אידען, אַז זיי זאָלען אַרויסגעבען די מערדער, ווייל אַנדערש וועט מען אַלע אידען פאַרניכטען. אַ פּאַניק האָט אַרומגענומען אַלעמען, ווייל קיינער פון די אידען האָט נישט

געוואוסט וואָס דאָ איז געשעהן. אין לעצטען מאָמענט זיינען געפונען געוואָרען די, וואָס האָבען געשאָסען די פּאָליציאַנטען, צוויי „אונטערגרונד" זעלנער, נישט קיין אידען.

אַקטען פון איינצעל־טעראָר געגען אידען האָבען זיך מיט דער צייט גע־מעהרט. אָהן וועלכען גרונד נאָר אויס פּשוט׳ן סאַדיזם. איינמאָל איז אַ נאַצי באַפאַלען דעם באָכניער רב אין גאַס און איהם געשלאָגען, דער רב איז אַוועק אַ צעבלוטיגטער צו זיך אַהיים. אַ פּאָר שעה שפּעטער איז דער זעלבער נאַ־צי אַריין צום רב אין שטוב און געשאָסען אויף טויט איהם מיט דער רביצין. אַן אַנדער מאָל האָט אַ נאַצי געשאָסען דעם ווילאָפּאָלער רב אין באָכניע.

ביטער איז געווען דער גורל פון די מענשען, וועלכע מען האָט געכאַפּט ביים עובר זיין אויף די פאַראָרדנונגען פון דער מאַכט. די מענשען, וועלכע מען האָט געפיהרט מחוץ דער געטאָ צו דער אַרבייט, האָבען נישט געטאָרט אין דרויסען קויפען קיין שום שפּייז. איינמאָל האָט מען געכאַפּט ביי אַ פרוי אַ פּאָר אייער, וועלכע זי האָט פאַר אַ שטיק וועש אָדער טייער געלט איינגע־האַנדעלט אין דרויסען, ביי דער אַרבייט. דער נאַצי האָט די אייער געוואָרפען אויף דער ערד, זיי צעבראָכען און די פרוי האָט געמוזט מיט דער צונג אויס־לעקען די אייער. ביי אַן אַנדערער געלעגענהייט האָט מען פאַרהאַלטען אַ לאַסט־אויטאָ אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען 120 אידען, וועלכע זיינען צוריק־געפאָהרען פון דער אַרבייט. מען האָט זיי רעווידירט און געטראָפען ביי מאַנ־כע אַביסעל שפּייז. האָט מען אַלעמען געהייסען אויסטאָן זיך נאַקעט, גע־שטעלט ביי אַ טיש און זיי געשלאָגען מיט לעדערנע קאַנטשיקעס, וועלכע זיינען געווען אַרומגענומען מיט אייזערנע דראָטען. אַזאַ שפּיל האָט זיך אָפט איבערגע׳חזר׳ט.

אין איין פריהמאָרגען, אין חודש אויגוסט 1942, איז אָנגעקומען אין באָכניע אַ געסטאַפּאָניק און האָט געבראַכט אַ באַפעהל „פון אויבען", אַז מען וועט עטליכע הונדערט מענשען וואָס זיינען נישט אַרבייטס־פעהיג, דעפּאָר־טירען פון באָכניע. מען האָט אויסגעקליבען אַן ערך 300 מענשען, דערונטער אויך אַרבייטס־פעהיגע.

האָט דער פאַבריק באַזיצער, וועלכער האָט געהאַט אַ השפּעה ביי דער מאַכט, ווייל ער האָט דאָך צוגעשטעלט וויכטיגע סחורות, זיך טעלעפאָניש גע־ווענדעט קיין קראקאָ און ערקלערט, אַז היות מען געהט איהם צונעמען די אַרבייטער, וועט ער מעהר נישט קענען טראָגען קיין אחריות פאַר דעם צו־שטעלען די סחורות אין צייט.

אָבער קוים עטליכע שטונדען נאָך דעם דאָזיגען טעלעפאָנישען גע־שפּרעך האָט מען דעם פאַבריקאַנט אַרעסטירט און געשלאָגען כמעט צום

טויט. דער איד האָט, הייסט עס, געהאַט די „חוצפה" צו קלאָגען זיך אויף אַ פאַראָרדנונג פון דער געסטאַפּאָ!

דאַן האָט מען געגעבען אַ באַפעהל, אַז אַלע אידען פון באָכניע, חוץ 300 וועלען דעם 25־טען אויגוסט 1942, ווערען דעפּאָרטירט. אין דעם דאָזיגען טאָג האָט מען אַלע אידען צוזאַמענגעטריבען אויף דער באַהן סטאַנציע און אַריינגעוואָרפען אין פראַכט־וואַגאָנען. מען האָט געמעגט מיטנעמען בלויז קליין האַנד־געפּעק. מען האָט נישט ערלויבט אפילו אַ ביסעל וואַסער אַריינצוגע־בען אין די וואַגאָנען, וועלכע זיינען געוואָרען פאַרשלאָסען.

די עלטסטע און שוואַכסטע מענשען, ביי אַ 200 אין צאָהל, האָט מען פון באַהן אַוועקגעפיהרט נישט ווייט פון וואָקזאַל און דאָרט האָט מען זיי געשאָ־סען, באַגאָסען מיט נאַפט און פאַרברענט.

די מענשען, וועלכע זיינען געווען אין די געשלאָסענע וואַגאָנען, האָבען נישט געוואוסט, אַז מ'פיהרט זיי צום טויט. אַ רייהע פון די פאַרבליבענע קרובים האָבען באַוויזען זיך צו פאַרשטענדיגען מיט די אויפזעהער, דייטשען פון אויבער־שלעזיע און ביליץ, און זיי געבעטען, אַז זיי זאָלען ברענגען גרו־סען פון די דעפּאָרטירטע. דערפאַר האָט מען זיי צוגעזאָגט גאָלדענע חפצים און אַנדערען שוחד. נאָך עטליכע טעג זיינען די באַגלייטער פון טראַנספּאָרט צוריקגעקומען אין באָכניע און געזאָגט צו די קרובים, אַז זיי מוזען אויפגעבען יעדע האָפנונג זיך נאָך ווען עס איז צו זעהן מיט זייערע נאָהענטע. אַ טייל, וואָס האָט די מתנות באַקומען אין פאָראויס, האָט אפילו צוריקגעגעבען דאָס, וואָס זיי האָבען גענומען, ווייל, ווייזט אויס, דאָס געוויסען האָט זיי נישט גע־לאָזט נעמען די בלוט־באַפלעקטע חפצים. לכתחילה האָבען די אויפזעהער גופא געמיינט, אַז די אידען ווערען באמת דעפּאָרטירט נאָר אין אַן אַנדערע געגענד.

נאָך דעם 25־טען אויגוסט האָט די געטאָ אין באָכניע נישט אויפגעע־הערט צו עקזיסטירען. עס איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג פון גענעראַל גובערנאַ־טאָר, אַז אַלע אידען אין קרייז באָכניע מוזען זיך מעלדען, ווען מען זיי ער־לויבען צו וואוינען אין באָכניע. אין אַ קורצער צייט זיינען פרישע 5,000 אי־דען געווען אין שטעדטעל.

אין יאָהר 1943 איז פאָרגעקומען דער צווייטער גירוש באָכניע. אָבער דער פּליט, וואָס געפינט זיך היינט אין ארץ ישראל, האָט איהם שוין נישט מיטגעמאַכט, ווייל ער האָט באַוויזען צו אַנטלויפען מיט עטליכע חברים. זיי האָבען זיך באַהאַלטען אין אַ לאַסט־אויטאָ, וואו זיי זיינען שיער דערשטיקט געוואָרען, אָבער סוף כל סוף דאָך אַנטרינען איבער פאַרשידענע לענדער ביז קיין ארץ ישראל.

דער באַריכט־געבער דערצעהלט נאָך פּיעלע פּרטים איבער דער ברוטאַ־ליטעט פון די דעפּאָרטאַציעס. ווען איינער איז אַנטלאָפען פון טראַנספּאָרט אָדער זיך באַהאַלטען איידער מען האָט איהם באַוויזען צו ברענגען צו דער באַהן־סטאַנציע, האָט מען געדראָהט מיט שיסען די גאַנצע פאַרבליבענע משפחה. עס זיינען געווען פיעלע פאַלען, ווען מענשען האָבען זיך געקענט אויסבאַהאַלטען, אָבער נישט וועלענדיג שטעלען אין סכנה די משפחה זיך פרייוויליג צוגעשטעלט. וויפיעל העראָאיזם שטעקט אין דעם! אידישע מאַמעס זיינען מיטגעגאַנגען צום טויט מיט זייערע אומשולדיגע קינדער. די טאַטעס האָבען זיך נישט אויסבאַהאַלטען, נאָר געגאַנגען צוזאַמען מיט דעם כלל אויף קידוש השם.

טיף ערשיטערט לייענען מיר דעם באַריכט פון ארץ ישראל, ביי וועלכען מיר קענען פשוט לאַנגזאַם דורכבליקען די געשעהענישען, ווען די נשמה פון אַ אידישען קיבוץ האָט געצאַנקט דורך אַ גאַנץ יאָהר, פון איין גירוש ביז צום צווייטען, ביז זי איז אויסגעגאַנגען. וועגען די לעצטע 400 אידען פון באַכניע, וואָס זיינען געשטאַנען אַ צייט לאַנג צווישען טויט און לעבען און האָבען אפשר געקענט נאָך געראַטעוועט ווערען, האָבען מיר געהאַט אַ באַריכט פון אַן אַנ־דערען אָרט.

---

# וועסטערבאַרק: די טראַגעדיע פון האָלענדישען אידענטום

(„מאָרגען זשורנאַל״, ד׳, י״א, י״ז, ל׳ שבט, ז׳ אדר תש״ה — 18, 25, 31 יאנואר, 13, 20 פעברואר 1945)

עס ליגט פאַר מיר אַ דאָקומענט וואָס איך לייען איהם מיט אַ פאַר־כאַפּטען אָטעם: אַ באַשרייבונג פון נאַצי־לאַגער פאַר אידען אין וועסטערבאָרק (האָלאַנד). די שילדערונג גיט אַ געטרייע בילד פון דעם, וואָס ס׳איז געשעהען מיט׳ן האָלענדישען אידענטום, ווייל אַלע דעפּאָרטאַציעס פון האָלאַנד קיין פּוילען זיינען דורכגעגאַנגען דורכ׳ן וועסטערבאָרק לאַגער. דער באַריכט־גע־בער האָט געאַרבייט במשך דער גאַנצער צייט פון זיין אויפהאַלט אין וועסטער־באָרק אין דער „אנטראג־שטעלע״, וואָס מיר וועלען נאָך וועגען איהר אויס־פיהרליך איבערגעבען. ער האָט אַלץ געזעהן. ער האָט אַלע ציפערען און ער ווייסט וואָס ס׳איז פאָרגעקומען. און דעריבער איז דער דאָקומענט פון גרעס־

טער באַדייטונג. דאָס איז די ערשטע שילדערונג פון אַן עד־ראיה, וואָס האָט צוגעקוקט ווי עס איז אויסגעמאָרדעט געוואָרען, ריכטיגער: ווי עס איז געשיקט געוואָרען צום אויסמאָרדען, דער אידישער צבור פון האָלאַנד.

איך וועל פּרואוועז איבערגעבען דעם תמצית פון׳ם באַריכט: יעדער עפּיזאָד אין דאָקומענט וואָס האָלט 131 געדיכט־אָנגעפּיקעוועטע זייטען, רעדט צו אונז מיט אַ שפּראַך פון די אַלטע אידישע מאַרטירער־קראָניקען ווי „עמק הבכא" פון ר׳ יוסף הכהן, אָדער ווי „יון מצולה" פון ר׳ נטע האַנאָווער. און אויף ווי וויט עס קען געמאַכט ווערען נאָכ׳ן באַזייטיגען פון אַלע נעמען, וועט אַראָפּגעריסען ווערען דער פאָרהאַנג, וואָס האָט ביז איצט פאַרדעקט, דאָס וואָס ס׳איז געשעהן אין איינעם פון די גרעסטע קאָנצענטראַציע־לאַגערען פאַר אידען אין נאַצי־אייראָפּע.

**.1**

**וועסטערבאָרק** געפינט זיך אין דער פּראָווינץ דרענטע, אין צפון האָלאַנד, נישט ווייט פון דער דייטשער גרעניץ. די באַהן־סטאַנציע פון׳ם לאַגער הייסט האָכאַלען.

דער דאָזיגער לאַגער איז לכתחילה איינגעאָרדענט געוואָרען פון׳ם אידישען פּליטים־קאָמיטעט אין אַמסטערדאַם, ביים סוף פון 1938, פאַר די אידען וועלכע זיינען נישט לעגאַל אַריבערגעקומען קיין האָלאַנד. די פּליטים האָבען דאָן געוואַרט אין לאַגער אויף רייזע־דאָקומענטען קיין ענגלאַנד, אַמעריקע אָדער ארץ ישראל. אַ גרויסער טייל איז לײדער פאַרבליבען אין וועסטערבאָרק ביז צום מאָמענט, ווען די דייטשען האָבען אָקופּירט האָלאַנד, אין מאַי 1940.

לכתחילה איז אינ׳ם לאַגער נאָך געווען אַ פאַרוואַלטונג פון האָלענדער. ערשט אין יאָהר 1942 איז אָנגעקומען אַהין אַלס קאָמענדאַנט אָבערשטורמפיהרער דעפּנער, נאָך איהם (ביז׳ן חודש נאָוועמבער, 1942) דער אָבערשטורמפיהרער געמעקער.

אין חודש יולי 1942 האָבען זיך אינ׳ם לאַגער פון וועסטערבאָרק געפונען אַן ערך 1300 אידען. צווישען זיי זיינען געווען אַן ערך 150 דייטשע אידען פון הילווערסום (ניט ווייט פון אַמסטערדאַם), וועלכע מען האָט דאָרטען געבראַכט אין יאַנואַר 1942. די דאָזיגע ערשטע לאַגער־איינוואוינער, וועלכע זיינען אהין אָנגעקומען איידער דער שטראָם פון דעפּאָרטאַציעס האָט אָנגעהויבען דורכצולויפען דורך וועסטערבאָרק, האָבען גענאָסען געוויסע פּריווילעגיעס. זיי האָבען געוואוינט אין די באַראַקען־צימערלעך (און נישט ווי די אַנדערע, שפּעטער־אָנגעקומענע, אין די גרויסע קאַמערען) און זיינען געוואָרען באַנוצט צו פאַרשידענע פונקציעס ביים האַלטען די אָרדנונג אינ׳ם לאַגער. מען האָט זיי באַטראַכט אַלס דעם „לאַגער־שטאַם".

ווען עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען, אין יולי 1942, די דעפּאָרטאַציעס קיין פּוילען, האָט מען אויסגעקליבען אַ געוויסע צאָהל יונגע מענשען, כדי זיי אָוועקצושיקען „אויף אַרבייט". אָבער דער קאָמענדאַנט דעפּנער האָט איבערגעלאָזען אַלע יענע, וואָס האָבען געוויזען אַ צייגניש פון אַ דאָקטאָר, אַז זיי זיינען קראַנק. מען האָט אויך איבערגעלאָזט משומדים, און אויך אַזעלכע, וואָס האָבען געקענט באַווייזען, אַז זיי זיינען אין דער ערשטער מלחמה געווען ביים דייטשען אָדער עסטרייכישען מיליטער. מען האָט זיי צוריק אַרויסגענומען פון די טראַנספּאָרטען.

צוליב דעם האָט זיך געשאַפען אַ פּרעצעדענט, אַז מען האָט פון די באַשטימטע דעפּאָרטאַציע־טראַנספּאָרטען געקענט דורך געוויסע תירוצים נאָך ווערען ראַטעווען. די „אַלטע" לאַגער־איינוואוינער האָבען דעריבער, ווען עס האָבען אָנגעפאַנגען כסדר צו קומען נייע אידען און וועסטערבאָרק איז געווארען אַ „דורכגאַנגס־לאַגער", געשאַפען אַן אָרגאַן, וואָס האָט זיך גערופען „אַנטראַגס־שטעלע"; מען האָט דאָרט אויסגעפרעגט די ניי־אָנגעקומענע און, אויב עס האָט ווער געקענט פאַר זיך געפינען אַ זכות, האָט מען פאַר איהם געשטעלט אַן „אַנטראַג" (פאָרשלאַג) צום קאָמענדאַנט, אַז מען זאָל איהם נישט שיקען ווייטער נאָר איבערלאָזען אין וועסטערבאָרק. אַזוי ווי די „אַלטע" איינוואוינער האָבען סאַי־ווי געהאַט געוויסע אָרדנונגס־פונקציעס אין לאַגער, האָט דער קאָמענדאַנט פון זיי אָנגענומען די בקשות און זיי, נאַטירליך, ענטשיידען לויט זיין גוטען אָדער שלעכטען ווילען אין דעם מאָמענט. און אַזוי האָבען פיל מענשען זיך אויף אַ צייט מציל געווען, און די עטליכע אידען, וועלכע האָבען געפיהרט די „אַנטראַגס־שטעלע", האָבען געטאָן אַ גוטע און נוצליכע אַרבייט.

ביז יולי 1942 זיינען אין האָלאַנד קיין מאַסען־דעפּאָרטאַציעס פון אידען נישט פאָרגעקומען. פון צייט צו צייט זיינען פאָרגעקומען געיעגען אויף אידען, אָבער מען האָט זיי ניט געשיקט קיין וועסטערבאָרק, נאָר דירעקט אין לאַגער מאוטהאוזען (אין טיראָל), פון וואַנען עס פלעגט נאָך אַ צייט קומען אַ ידיעה צו קרובים פון אַ פאַרשיקטען, אַז ער איז געשטאָרבען, און אויב מען וועט איינצאָהלען דעם סכום פון איין רייכס־מאַרק און 70 פעניג, וועט מען באַקומען צוגעשיקט די אַש פון זיין קערפּער.

אין יולי, 1942, האָט מען אָנגעהויבען צו רופען פאַרשידענע אידען, אַז זיי זאָלען זיך מעלדען אין אַ באַשטימטען טאָג און אָרט, כדי צו ווערען געמיינזאַם געשיקט „צום אַרבייטס־איינזאַץ נאָך דייטשלאַנד". אין דער ווירקליכקייט האָט זיך הינטער דעם באַהאַלטען די דעפּאָרטאַציע קיין אָשוויענצים אָדער בירקענאו. אין דער ערשטער צייט האָט מען נאָך דאָס נישט געוואוסט און דעריבער איז דער פּראָצענט פון די־יעניגע, וואָס האָבען זיך געמאָלדען,

געוועז אַ גרויסער. די אויפפאָדערונגען זיינען געקומען פון „יודענראַט" אין אַמסטערדאַם אָדער אין אַנדערע שטעדט, וועלכע האָבען דאָס געטאָן לויט אַן אויפטראַג פון דער נאַצי־צענטראַלע פאַר אידישער אויסוואַנדערונג. ניט לאַנג האָט געדויערט און אַלץ ווייניגער מענשען האָבען געפאָלגט דעם באַפעהל, זיך צו שטעלען „צום אַרבייטס־איינזאַץ נאָך דייטשלאַנד". אין אויגוסט, 1942, האָט מען איינמאָל אין ראָטערדאַם צושיקט 1000 אויפפאָדערונגען און גע־מאָלדען האָבען זיך קוים 300. דאַן האָט די געסטאַפּאָ אָנגעפאַנגען שוין שלעפּען מענשען פון די וואוינונגען אָדער פון די פלעצער וואו זיי האָבען גע־אַרבייט.

אַלע, וואָס זיינען גוטוויליג אָדער געצוואונגענערהייט געגאַנגען „צום אַרבייטס־איינזאַץ נאָך דייטשלאַנד" האָט מען קודם־כל געבראַכט קיין וועס־טערבאָרק.

אינ'ם לאַגער האָט מען זיי רעגיסטרירט און איבערגעגעבען צו האָלענ־דישע נאַציס (אַזוי גערופענע „ען־עס־בע"־ערס, פון די ראשי תיבות: נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער באָנד) צום אויספרעגען. בעאַמטע פון דער געוועזענער אידישער באַנק „ליפּמאַן ראָזענטהאַל עט קאָמפּ."‚ וואָס איז געוואָרען איבערגעגעבען צו די נאַציס, און וואָס האָט געדאַרפט איבערנעמען פאַר די דייטשען דאָס גאַנצע אידישע פאַרמעגען אין האָלאַנד, האָבען געדאַרפט זאָרגען דערפאַר, אַז אַלץ, וואָס די ניי־אָנגעקומענע קיין וועסטערבאָרק האָבען פאַר־מאָגט, זאָל ווערען איבערגעגעבען „פאַרן דייטשען פאָלק". מען האָט ביי יעדען צוגענומען אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך: געלט (ביז צום לעצטען סענט), זייגערס, רינגען, פיל־פעדערס (פאונטען־פענס) א. א. וו. חוץ דעם האָט מען געמוזט ערקלערען וויפיל פאַרמעגען מען האָט איבערגעלאָזט, און, נאַטירליך, וואו און וואָס פאַר אַ לעבענס־פאַרזיכערונג מען באַזיצט און וואו עס געפינט זיך די פּאָליסי. דאַן האָט מען געדאַרפט באַרעכנען דעם ווערט פון דער וואהנונג, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט. אויב מען האָט אָנגעגעבען געלד אין אויסלאַנד, האָט מען געמוזט גלייך אונטערשרייבען, אַז מען טרעט אָפּ דעם חוב צו דער נאַצי־באַנק „ליפּמאַן ראָזענטהאַל עט קאָמפּאַני". אפילו אַ בריף־מאַרקע האָט נישט געטאָרט בלייבען ביי קיינעם. און מען האָט זיך נישט באַנוגענט בלויז מיט'ן אויספרעגען. די בעאַמטע פון דער באַנק האָבען באַ־טאַפּט יעדען, געשריגען, אויסגעטאָן נאַקעט — ווען זיי האָבען געהאַט א חשד, אַז מען האָט דאָך עפּעס פאַרבאַהאַלטען. מען האָט אויך געמוזט איבערגעבען דעם שליסעל פון דער צוריקגעלאָזענער וואהנונג. אַלץ האָט געמוזט זיין „אין אָרדנונג""; צו וואָס זאָל מען דאַרפען אויפרייסען די טיר פון דעם פאַר־שיקטענ'ס וואוינונג, אויב מען קען ביי איהם נעמען דעם שליסעל?

יעדער ניי־אָנגעקומענער האָט געדאַרפט אָפּגעבען זיין „לעבענסמיטעל־

קאַרטע״. די רעגיסטרירונג און דאָס פיהרען צו דער קאַראַנטין (דעזינפעקציע) האָט מען איבערגעגעבען צו די „אַלטע״ איינוואוינער. חוץ דעם האָט מען אין יולי, 1942, ווען טויזענטער מענשען זיינען מיט אַמאָל אָנגעקומען קיין וועסטער־באָרק, געשיקט אַהין עטליכע אָנגעשטעלטע פון „יודענראַט״ אין אַמסטערדאַם, אַז זיי זאָלען העלפען די בעאַמטע ביים ערלעדיגען די פאָרמאַליטעטען. יעדע 14 טעג האָבען זיך די דאָזיגע אידישע געהילפען געביטען.

דעם 16טען סעפּטעמבער, 1942, האָט מען צוזאַמענגעטריבען אין האָלאַנד די „פּרעמדע״ אידען און זיי אָפּגעשיקט קיין וועסטערבאָרק.

אין דעם טאָג האָבען זיך אין וועסטערבאָרק שוין געפונען אַן ערך פון 4000 אידען. מיט 2 וואָכען שפּעטער, אין אָנהויב אָקטאָבער, 1942, איז די צאָהל געשטיגען אויף 20 טויזענט. צווישען דעם ערשטען און דריטען אָקטאָבער, 1942, האָט מען געמאַכט אַ געיעג אויף אידען אין אַלע געגענטען פון האָלאַנד; מען האָט דאַן אויך אויפגעלייזט די ספּעציעלע אידישע אַרבייטס־לאַגערען, און אַלעמען געשיקט קיין וועסטערבאָרק. פאַרשטעהט זיך, אַז מען איז אין וועס־טערבאָרק נישט געווען צוגעגרייט אויף דעם. מען האָט געבראַכט די אידען אויף אַלע מעגליכע אופנים: אין געפּאַקטע לאַסט־אויטאָס, אין מאַרשירענדע קאָלאָנעס, געטריבען פון האָלענדישע נאַצי־פּאָליציסטען אָדער פון געסטאַפּאָ־ניקעס. די מענשען זיינען געווען טויט־מיד און האָבען געבעטען אַ טרונק וואַסער צו דערכאַפּען די נשמה. אַ געלעגער צום אויסרוהען איז געווען אַ חלום. מען האָט גענעכטיגט אין דרויסען, אויפ׳ן פּלאַץ, וואו מען פלעגט מאַכען דעם „אַפּעל״. קיין עסען איז נישט געווען צוגעגרייט פאַר אַזעלכע מענשען־מאַסעס און יעדער האָט באַקומען איינמאָל אַ טאָג אַביסעל זופּ אַלס איינציגע נאַהרונג.

די מידע און הונגעריגע מענשען זיינען געווען גלייכגילטיג און עס האָט זיי ווייניג וואָס געאַרט, וואָס מיט זיי וועט ווייטער געשעהן. וועסטערבאָרק איז נאָר געווען אַ דורכגאַנגס־סטאַנציע און נאָך אַ פּאָר שעה אויפהאַלט, נאָך דער רעגיסטראַציע און „בדיקה״ דורך די באַנק־בעאַמטע, האָט מען געדאַרפט געהן ווייטער, „צום אַרבייטס־איינזאַץ נאָך דייטשלאַנד״, ריכטיגער, קיין אָשוויענ־צים אָדער בירקענאָו. די „אַלטע״ איינוואוינער פון לאַגער האָבען געמוזט מונטערן די „נייע״ און זיי לערנען, אַז זיי זאָלען זוכען אורזאַכען ווי אַזוי צו מאָטיווירען די בקשה וועגען אויפהאַלטען זייער ווייטערדיגע דעפּאָרטאַציע.

.2

אין לאַגער פון וועסטערבאָרק האָט עקזיסטירט אַן אינערליכע אידישע אויטאָנאָמיע. די טייוועלשע פּינקטליכקייט פון די נאַצי־בעסטיעס האָט ווייזט אויס, זיי באַוואויגען צו לאָזען זיך שפּאָרען פיל צייט און ענערגיע ביים טרייבען די אידען צו דעפּאָרטאַציע. זיי האָבען עס איבערגעגעבען צו די אידען גופא.

יעדער איד אין עלטער פון 16 ביז 65 יאָהר האָט געדאַרפט אַרבייטען, כל זמן ער איז געווען אין לאַגער. מען איז אַרויס צו דער אַרבייט אין פעלד ביי די פויערים, אָדער מען האָט געבויט נייע באַראַקעס. מען האָט גערייניגט די געביידעס, מען האָט סאָרטירט פאַרשידענע מאַטעריאַלען, א.א. וו. ווער עס זאָל טאָן וועלכע אַרבייט — האָבען אָנגעוויזען די „אַלטע" לאַגעריסטען, וועלכע האָבען איינגעטיילט צו דעם צוועק די איינוואוינער אין פאַרשידענע קאַטעגאָריעס לויט די באַזונדערע געביטען („דינסט -בערייכע" אויף דייטש). איין איד איז געשטעלט געוואָרען אין שפּיץ פון יעדער קאַטעגאָריע.

אַ וויכטיגע פונקציע פון דער אידישער לאַגער־אויטאָנאָמיע איז געווען די רעגיסטראַציע פון די איינוואוינער. מען האָט איינגעאָרדענט אַ געוויע „קאַרטאָטעקע". יעדער מענש, וואָס איז אַריין אין לאַגער, האָט באַקומען אַ פּלאַץ אין דער „קאַרטאָטעקע" און איז געוואָרען רעגיסטרירט אַלס „איינגאַנג"; ביים פאַרשיקען קיין פּוילען איז ער געוואָרען „אויסגעבוכט". די לעבעדיגע סחורה איז געווען אונטער אַ כסדר־דיגער קאָנטראָל.

די „אנטראג־שטעלע" איז געווען אָנגעשלאָסען צו דער רעגיסטראַטור. אויב מען האָט פאַר וועמען געקענט געפינען אַ גרונד, וואָס האָט געראַטעוועט פון פאַרשיקען קיין פּוילען, האָט עס געהייסען, אַז דער מענש איז געוואָרען „געשפּערט", ד. ה. פאַרהאַלטען אין לאַגער.

אַלס מאָטיוועז אויף צו ווערען „געשפּערט" אין לאַגער האָבען לכתחילה געגאָלטען: 1) אויסלענדישע בירגערשאַפט, מיט אויסנאַהם פון די לענדער וועלכע זיינען באַזעצט געוואָרען דורך די דייטשען; 2) דאָס באַזיצען פון אויסצייכנונגען פאַר העלדישקייט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה; 3) שמד, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר'ן 1טען יאַנואַר 1940, אָבער נישט קאַטאָליש; 4) אויפווייזען פון לפּחות 2 אַרישע זיידעס; 5) דאָס באַווייזען, אַז מען באַמיהט זיך אויסצואוואַנדערען דורך דער פאַרמיטלונג פון געוויסע מענשען, וואָס זיינען געווען צו דעם אַנערקענט דורך די נאַציס; 6) קראַנקהייט וואָס האָט אונמעגליך געמאַכט דעם ווייטערען טראַנספּאָרט; 7) צוגעהעריגקייט צו אַ באַרוף, וואָס איז געווען נויטיג אין לאַגער גופא (קוואַליפיצירטע לאַנד־ארבייטער, מויערער, שוסטער, א. א. וו.).

פון די אַלע מאָטיוועז איז נאַטירליך אַז דער אינטערעסאַנטעסטער און פאַר די איינוואוינער פון לאַגער דער האָפנונגספולסטער איז געווען דער, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער אויסוואַנדערונג. דאָס האָט געגעבען אַ שטראַהל פון האָפנונג. אָבער דאָ איז אויך געווען באַהאַלטען די מעגליכקייט פון אַריינגעצויגען ווערען אין פאַרשידענע מאַכינאַציעס.

אין אָנפאַנג זיינען געווען צווי מענשען, אַ געוויסער פּ. אין אַמסטערדאַם און וו. אין האַאַג, וועלכע האָבען געקענט געבען באַשטעטיגונגען, אַז דער און

דער האָט דורך זיי אָנגעגעבן אַ בקשה צו דער פּאָליציי אין האַאַג וועגן אויסוואַנדערונג און דאַריבער דאַרף מען דעם באַטרעפענדען נישט שיקען „צום „אַרבייט־איינזאַץ נאָך דייטשלאַנד״. דער ערשטער האָט פאַר אַזאַ באַשטעטי־גונג גענומען אַ פּאָר הונדערט גולדען און טיילמאָל עס געמאַכט בחנם. דער צווייטער איז געווען אַ נאַצי־פּאָליציי־אַגענט און גענומען פאַר אַ באַשטע־טיגונג נישט ווינציגער ווי טויזענט גולדען.

חוץ דער פעסטשטעלונג, אַז די באַטרעפענדע פּערזאָן וויל אויסוואַנדערן, האָט אין דער באַשטעטיגונג געדאַרפט געזאָגט ווערען נאָך עפּעס: אַז עס איז געוואָרען באַוויזען אַז דער מענש האָט אין אויסלאַנד קרובים אָדער פריינד, וועלכע זיינען אימשטאַנד צו באַצאָהלען דעם סכום פון 100,000 שווייצער פראַנק, וועלכע מען מוז צושטעלען צו דער דייטשער רעגירונג פאַר יעדער פּערזאָן וואָס זאָל לעגאַל אויסוואַנדערן. אויפ׳ן אָרט פון אויסלענדישען געלד האָט מען געקענט זיך באַנוגענען מיט דימענטען אין דעם זעלבען הויכען ווערט.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ווען עס זיינען אין די ווינטער־חדשים 1942־1943 אָנגעקומען גרויסע טראַנספּאָרטען אידען קיין וועסטערבאָרק, האָט מען זיך באַמיהט צו באַקומען וואָס מעהר אַזעלכע באַשטעטיגונגען. אין חודש פעברואַר 1943 זיינען אָבער די באַשטעטיגונגען פון פּ. און וו. געוואָרען ווערטלאָז. די מענשען וואָס זיינען געווען דורך זיי „געשפּערט״, זיינען געשיקט געוואָרען קיין פּוילען.

אַן ענליכען גורל האָבען געהאַט יענע, וואָס זיינען געווען אויף אַן אַנ־דערער „שפּער״־ליסטע: קודם כל קיין פראַנקרייך (אין דעם נישט באַ־זעצטען טייל). אַ געוויסער אַמסטערדאַמער איד האָט דערציילט, אַז מען האָט אים צוגעזאָגט צו געבען די ערלויבניש צו פאָהרען אין פראַנקרייך און מיט־צונעמען מיט זיך 25 מענשען. בסוד סודות האָבען מענשען געצאָהלט צו 100 גולדען פאַר׳ן אַריינגעמען זיי אין דער רשימה פון די גליקליכע, ווען זיי זיינען נאָך געווען פריי. פון די 25 מענשען זיינען געוואָרען 25 משפחות; פון די 25 משפחות זיינען אויסגעוואַקסען 25 משפחות־גרופּען און אַזוי איז עס געגאַנ־גען ווייטער. דער באַטרעפענדער איד איז אויף איינמאָל געוואָרען אַרעסטירט, אָבער נאָך 2 טעג האָט מען איהם באַפרייט, וואָס האָט געמאַכט אין אַמסטערדאַם אַ אונגעהייערען רושם, ווייל עס האָט זיך ביז דאַן נאָך קיינמאָל נישט גע־טראָפען אַז מען זאָל אַן אַרעסטירטען באַפרייען. ער האָט דערצעהלט, אַז בשעת זיין פאַרהער איז פאָרגעקומען האָט מען געררופען הויכע נאַצי־ בעאַמטע, צווישען זיי דעם ממונה איבער די אידען־דעפּאָרטאַציעס, אַן אָבערשטורמ־פיהרער און אַנדערע. אַזוי ווי עס האָט זיך ביים פאַרהער אַרויסגעוויזען די ריכ־טיגקייט פון דער זאַך, — האָט דערצעהלט דער איד — איז ער באַלד געוואָרן

באַפרייט. די צאָהל אידען, וואָס האָבען זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיין ליסטע, איז נאַטירליך געוואָרען וואָס גרעסער.

אין וועסטערבאָרק זיינען אַן ערך 600 אידען געוואָרען „געשפּערט״ אויף אַט דעם אופן, ביז דער ענין האָט געפּלאַצט. דער מחבר פון פּלאַן מיט זיין פאַ־מיליע זיינען אַליין אויך געקומען קיין וועסטערבאָרק. דער איד איז לכתחילה געזעסען אין תפיסה, אָבער דערנאָך האָט מען איהם אַוועקגעפיהרט קיין האַאַג און ווידער באַפרייט. ביים סוף פון יאָהר 1943 האָט ער זיך ווידער באַוויזען. ער איז געקומען קיין וועסטערבאָרק צו קאָנפערירען מיט׳ן קאָמענדאַנט געמע־קער וועגען אויסזוכען 1000 האָלענדישע אידען, כדי זיי אריינצונעהמען אויף אַ ליסטע פון מענשען, וועלכע דאַרפען אויסגעטוישט ווערען קיין דרום־אַמערי־קאַ. דערביי האָט ער דערצעהלט, אַז מען פאַרהאַנדעלט וועגען אויסטוישען 10,000 אידען געגען דייטשען אין דרום־אַמעריקא, די העלפט פון זיי זאָל זיין פון „גענעראַל־גאָווערנמענט״, (ד. ה. פוילען), דער רעשט פון אַנדערע לענדער ; ער, דער דאָזיגער איד, דאַרף צוזאַמענשטעלען אַ ליסטע. דערביי האָט ער ערקלערט, אַז אפילו אַזעלכע, וואָס בעהאַלטען זיך אויס, קענען זיך מעל־דען, אויב זיי וועלען אויפגענומען ווערען אויף זיין ליסטע, ווייל מען וועט זיי גאָר נישט טאָן. אָבער גאָר ווייניגע זיינען געווען וואָס האָבען זיך געמאָלדען. דאגעגען זיינען פיל פון די לאַגער־איינוואוינער געווען באַגייסטערט פאַר׳ן געדאַנק צו פאָהרען קיין דרום־אַמעריקא און האָבען אויפגעגעבען אַנדערע גע־לעגענהייטען צו ווערען געשפּערט. כדי צו קומען אויף דער נייער ליסטע (אויף צוויי האָט מען נישט געטאָרט שטעהן). אין חודש יאַנואַר 1944 זיינען זיי אַלע דעפּאָרטירט געוואָרען. אָבער עפּעס האָט געמוזט אין דער זאַך דאָך זיין, אויב דורך עטליכע חדשים האָט מען די מענשען געהאַלטען אין וועסטערבאָרק צו־ליב דער דאָזיגער ליסטע.

די משומדים זיינען געווען געשיצט פון דעפּאָרטאַציע, ווייל די האָלענדישע „קירכען־סינאָדע״ האָט געהאַט אַן אָפּמאַך מיט די דייטשען, אַז ווער עס איז געווען גע׳שמד׳ט פאַר׳ן 1טען יאַנואַר 1940 דאַרף נישט דעפּאָרטירט ווערען. קודם־כל זיינען געווען גענוג באַשטעטיגונגען פון אַ קירכען־געמיינדע, אַז דער באַטרעפענדער מענש איז ביי איהר אַ מיטגליד. שפּעטער האָט מען געמוזט האָבען אַ טויף־שיין, כדי ניט צו ווערען דעפּאָרטירט. אויף צו אונטערזוכען יע־דען צווייפעלהאַפטען האָט די נאַצי־מאַכט באַשטימט איינעם דר. קאַלמייער אין אַמסטערדאַם. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ ליסטע פון מענשען, וואָס ווערען דורך איהם אונטערזוכט בנוגע זייער „ארישקייט״. ווער עס איז געווען אויף זיין ליסטע, איז אויך ביז׳ן חודש יאַנואַר 1944 געווען געזיכערט מיט׳ן פאַרבלייבען אין וועסטערבאָרק.

דער זעלבער דר. קאַלמייער האָט געזאָגט מבינות וועגען דעם צי די אַזוי גערופענע „פּאָרטוגעזישע אידען" אין האָלאַנד דעם דין פון אידען, צי ניט. די פּאָרטוגעזישע קהלות אין אַמסטערדאַם און האאַג האָבען זיך געהאַט געווענדעט צום נאַצי־קאָמיסאַר אין האָלאַנד מיט אַ בקשה, אַז מען זאָל זיי ניט באַטראַכטען פאַר קיין אידען, ווייל זיי שטאַמען אָפּ פון די אידען, וועלכע זיינען אין 16־טען יאָהרהונדערט געקומען קיין האָלאַנד פון שפּאַניע און פּאָר־טוגאַל און וועלכע זיינען גאָר קיין אידען ניט געווען. דער קאָמיסאַר האָט באַ־שטימט, נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעפרעגט די מיינונג פון דר. קאַלמייער, אַז יענע פּאָרטוגעזישע אידען, וואָס האָבען זיך ניט פאַרמישט מיט די דייטשע און מזרח'דיגע אידען, דאַרפען בעסער באַהאַנדעלט ווערען. מען האָט זיי ניט דעפּאָרטירט קיין פוילען, נאָר געשיקט קיין טערעזיענשטאַדט.

אַ געוויסע צאָהל מענשען, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין וועסטערבאָרק, האָבען זיך געפּרואווט ראַטעווען פון דעפּאָרטאַציע דורך דער באַהויפּטונג, אַז זיי שטאַמען אָפּ פון אַרישע עלטערען, ד. ה. אַז זיי זיינען „מישלינגע". מען האָט דערצעהלט, אַז דער פאָטער אָדער די מוטער האָט געהאַט אַ פאַרהעלטניס מיט ריכטיגע אַריער א. א. וו. אַזאַ טענה האָט דערווייל געשיצט פון דעפּאָרטאַ־ציע. אָבער אין איין שעהנעם טאָג איז אַראָפּגעקומען אַ גרופּע שטורם־טרופּען פון אַמסטערדאַם אין לאַגער. מען האָט פאַרזאַמעלט אַלע „מישלינגע" און זיי ערקלערט אָט וואָס: מען וועט זיי ערלויבען צו פאַרלאָזען וועסטערבאָרק און זיי שיקען אַהיים, אָבער בתנאי, אַז זיי זאָלען זיך לאָזען סטעריליזירען. אויב זיי וועלען אויף דעם מסכים זיין, וועלען זיי ניט דאַרפען אפילו טראָגען מעהר דעם „אידען־שטערן" און מען וועט פון זייערע לעגיטימאַציעס אַרויסנעהמען דאָס גרויסע שוואַרצע צייכען „יאָט" און עס פאַרבייטען אויף אַ קליינעם רויטען צייכען. מען האָט די מענשען געגעבען צוויי שעה צייט, זיי זאָלען זיך ענטשליסען.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז 95 פּראָצענט פון די „מישלינגע" האָבען מסכים געווען און אונטערגעשריבען פאָלגענדע ערקלערונג: איך... געבוירען דעם... שרייב אונטער, אַז איך האָב זיך פרייוויליג ערקלערט בערייט, אַז מען זאָל מיך אויף תמיד מאַכען אונפרוכטבאַר".

מען האָט די מענשען באַפרייט, אָבער ניט אויף לאַנג. אין עטליכע חדשים אַרום האָט מען אַלע סטעריליזירטע „מישלינגע" אוועקגענומען אין אַ באַזונ־דערען לאַגער אין האָלאַנד. זייער ווייטערדיגער גורל איז אומבעקאַנט.

3

אַ באַזונדער קאַפּיטעל פאַרדינען די פאַרשידענע אומשטענדען, וועלכע האָבען געפיהרט צו דער רעטונג אין האָלאַנד פון אידען, וואָס האָבען געהאַט ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטען.

אין דעצעמבער 1942 האָט דער „יודענראַט" אין אַמסטערדאַם אָנגע־פאַנגען צו רעגיסטרירען די מענשען, וועלכע האָבען געהאַט עלטערען אָדער קינדער אין ארץ־ישראל. דער „יודענראַט" האָט זיי אַרויסגעגעבען באַשטעטי־גונגען, אַז אויפ'ן יסוד פון געליפערטע באַווייזען האָט מען די באַטרעפענדע געשטעלט אויף אַ ליסטע, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרען צו דער שווייצאַרישער געזאַנדשאַפט אין בערלין וועגען אַן עווענטועלען אויסטויש קיין ארץ־ישראל. עטליכע מענשען אין דעם נאַצישען קאָנצענטראַציע לאַגער אין ווסטערבאָרק, וועלכע האָבען ביי זיך געהאַט אַזעלכע בריוו פון אַמסטערדאַמער „יודענראַט", זיינען דורך דעם אין די חדשים יאַנואַר און פעברואַר, 1943, ניצול געוואָרן פון דעפּאָרטאַציע.

אָבער סוף פעברואַר 1943 האָט מען אָנגעהויבען צו דעפּאָרטירען קיין פוילען אויך די דאָזיגע מענשען, צווישען זיי דעם האַאַגער רב וואַן כעלדערן, וועלכער האָט געהאַט איינציגע קינדער אין ארץ־ישראל. דער קאָמענדאַט פון ווסטערבאָרק האָט אָנערקענט, אַז די בריוו זיינען פאָרמעל ניט אין אָרדנונג, און נישט וואַרטענדיג ביז די פעהלער וועלען אויסגעבעסערט ווערען, האָט מען די מענשען דעפּאָרטירט. שפּעטער האָט דער בריוו פון „יודענראַט" געהאַט אַלץ וואָס האָט שוין געזאָלט באַפרידיגען די מאַכט אין ווסטערבאָרק. עס איז דאָרט אַריינגעשריבען געוואָרען דאָס פאָלגענדע: „מיר באַשטעטיגען אייך, אַז נאָכדעם ווי מיר האָבען נאָכגעפאָלגט אייערע דאָקומענטען, האָבען מיר אייך געשטעלט אויף דער פאָרשלאַג־ליסטע פאַר'ן פּאַלעסטינא־אויסטויש און מיר האָבען אייער נאָמען אויפגעגעבען צו דער שווייצאַרישער געזאַנד־שאַפט אין בערלין (אָפּטיילונג שוצמאַכט־אָנגעלעגענהייטען), וועלכע פיהרט די אונטערהאַנדלונגען וועגען פּאַלעסטינא־אויסטויש מיט די געהעריגע אינ־סטאַנצען".

די דאָזיגע בריוו האָבען אַרויסבאַקומען נישט בלויז אַזעלכע, וואָס האָבען געהאַט נאָהענטע קרובים אין ארץ־ישראל, נאָר אויך סתם אידען. דער קאָ־מענדאַנט פון לאַגער האָט געהאַט זיין אידישען בעל יועץ פאַר דעם ענין, וועלכער האָט ליידער זיך אַרויסגעוויזען פאַר זעהר ענגהערציג און פּאַרטיי־איש. פיעל מאָל האָט דער דאָזיגער בעל יועץ — אַ געוויסער איזאַק דע פריעז — גע'פסל'ט די דאָקומענטען פון די אומגליקליכע מענשען, וועלכע זיינען גע־ווען אָפּהענגיג אין זיין גוטען ווילען צו קענען בלייבען אין ווסטערבאָרק. ער איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געהאַט די מעגליכקייט צו פאַרבינדען זיך מיט'ן „יודענראַט". אָפט האָט ער ברוטאַל אָפּגעזאָגט זיך אָנצופרעגען ביים „יודענראַט" ווען מענשען האָבען דערקלערט, אַז זיי שטעהען אויף דער ליסטע. מיט חוזק האָט זיי געשיקט קיין פוילען. צווישען די מענשען, וואָס

דע פריעז האָט אויף זיין געוויסען, זיינען: דער אָרגאַניזאַטאָר פון הילפס־פאַראיין „מאָנטעפיאָרע" אין ראָטערדאַם, שטיין; דער אַרויסגעבער פון דער עלטסטער אידישער וואָכענצייטונג אין האָלאַנד, יאַאַכימסטאהל; דער מיט־גליד פון „פקידים און אמרכלים" אין אַמסטערדאַם, בוקדרוקער; דער שווער פון האאגער רב־הכולל, מארסען און פילע אַנדערע.

אין חודש יוני 1943 איז אָנגעקומען קיין וועסטערבאָרק, כדי ווייטער פאַרשיקט צו ווערען, דער רב משה דע האָנד, וועלכער איז געווען דער איניציאַטאָר פון באַריהמטען מושב־זקנים אין אַמסטערדאַם „דע יאָדסע אינ־וואַלידע", אַ פּראַכט־אינסטיטוציע, אויף וועלכע די אַמסטערדאַמער אידען זיינען מיט רעכט געווען שטאָלץ. הרב דע האָנד האָט געהייסען אין האָלאַנד, צוליב זיין נאָהענטקייט צום המון עם, „דער פּראָלעטאַריער־רב". ער איז אָנ־געקומען מיט זיין פרוי און קינדער און האָט נישט געהאַט קיין באַשטעטיגונג ביי זיך, אַז ער געפינט זיך אויף דער פּאַלעסטינא־ליסטע. דע פריעז האָט בשום אופן ניט געוואָלט אויפהאַלטען די דעפּאָרטאַציע פון רב, וועמען ער האָט פיינט געהאַט. קוים על פי נס איז געלונגען צו וויסען צו געבען דעם „יודענראַט" אין אַמסטערדאַם, אַז מען דאַרף האָבען אַ באַשטעטיגונג פאַר הרב דע האָנד, וואָס איז דורך אַ ספּעציעלען קוריער צוגעשיקט געוואָרען. קלאָר, אַז די מעשים פון איזאַק דע פריעז דאַרפען דאָ פאַרצייכענט ווערען.

ליידער איז ניט פיל אַרויסגעקומען פון דער צייטווייליגער רעטונג פון די מענשען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער פּאַלעסטינע־ליסטע פון אַמ־סטערדאַמער „יודענראַט". דעם 20טען יולי, 1943, וואָס איז געפאַלען שבעה־עשר בתמוז, זיינען אַן ערך 700 מענשען, וואָס זיינען ביז דאַן געווען „געשפּערט", אָדער געהאַט אַן עפעקטיווען סערטיפיקאַט פון „יודענראַט", אַוועקגעשיקט גע־וואָרען קיין פּוילען. אין יענעם מאָמענט האָבען זיך געפונען אין וועסטערבאָרק קרוב צו 1,200 מענשען פון דער קאַטעגאָריע. האָט עס אויסגעוויזען דער לאַ־גער־פאַרוואַלטונג צו פיל, ווייל מען האָט געדאַרפט האָבען מאַטעריאַל פאַר ווייטערע דעפּאָרטאַציעס קיין פּוילען. מען האָט דעריבער ערקלערט, אַז די בריוו פון „יודענראַט" זיינען נישט מעהר געניג. מען מוז האָבען, כדי צו בלייבען „געשפּערט", אָדער אַן עפעקטיווען סערטיפיקאַט אָדער אַ בריוו פון דער שווייצאַרישער געזאַנדשאַפט אין בערלין, אַז מען איז דאָרט פאַרשריבען פאַר אַן אויסטויש. הרב דע האָנד מיט זיין פאַמיליע זיינען געווען צווישען די 700 פאַרשיקטע. עס האָט גאָר נישט געהאָלפען, וואָס מען האָט ביי פילע גע׳טענה׳ט, אַז זייערע סערטיפיקאַטען געפינען זיך עפעקטיוו אין אַמסטער־דאַם. און באמת זיינען צוויי טעג נאָך יענעם שבעה־עשר בתמוז אָנגעקומען סערטיפיקאַטען פאַר אַ סך מענשען, אָבער זיי זיינען שוין געווען ווייט אַוועק. איינער פון זיי איז געווען דער אַמסטערדאַמער רב ווארדענבורג מיט זיין

משפחה פון זיבען קינדער (איינס איז געשטאָרבען אין לאַגער). מען האָט עדות געזאָגט אַז ער האָט אַ סערטיפיקאַט, אָבער בחנם. ער איז פאַרשיקט געוואָרען, און צוויי טעג שפּעטער איז זיין סערטיפיקאַט געווען אין לאַגער. קיינער האָט זיך נאַטירליך וועגען דעם קיין פאָרוואורפען נישט געמאַכט, פונקט ווי וועגען דעם, אַז פּשוט בטעות איז אויף דער ליסטע פון די דע־פּאָרטירטע אין יענעם שבעה־עשר בתמוז אַרויף דער 80־יאָריגער ירמיה הילעזום, דער ביבליאָטעקאַר פון דער גרויסער ראָזענטאַליאַנאַ־ביבליאָטעק אין אַמסטערדאַם. „כיון שניתן רשות למשחית", איז שוין אַלץ געווען הפקר. דער רב וורעדענבורג איז געווען אַ איד אַ צדיק. הילעזום אַ וואונדערבאַרער מענש. איך האָב זיי ביידע פּערזענליך געקענט און שרייב איצט וועגען זיי מיט טרערען אין די אויגען.

נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון 20טען יולי 1943 האָט זיך די לאַגע פון די פאַרבליבענע קאַנדידאַטען אויפ'ן ארץ־ישראל־אויסטויש אַביסעל פאַר־בעסערט. עס האָבען אָנגעפאַנגען אָנצוקומען צום „יודענראַט" טעלעגראַמעס פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ אין זשענעוואַ מיט פאָלגענדען אינ־האַלט: „אינפאָרמירט דעם ה׳... און זיין משפחה, אַז זיי געפינען זיך אויף דער ציוניסטישער ווערטראַנגען־ליסטע פאַר אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל. זייער נומער איז... דאָס אויסערן מיניסטעריום וועט זייער נאָמען מיט־טיילען דער באַטרעפענדער מלוכה". די טעלעגראַמעס האָבען, לויט דער מיינונג פון קאָמענדאַנט, מספּיק געווען כדי די מענשען אָפּצושטעלען. אַזעלכע ווערטראַנגען־ליסטעס („ותיקין") זיינען געווען מעהרערע. אין אָקטאָבער 1943 האָט דער קאָמענדאַנט געלאָזט נאָטירען אין דער רעגיסטראַטור אַן ערך 300 מענשען, וועלכע זיינען דורכ'ן „רייכס־זיכערונגס־הויפּט־אַמט" אין בערלין אָפּגעשטעלט געוואָרען פאַר אַן עווענטועלען פּאַלעסטינאַ־אויסטויש. די דאָ־זיגע 300 מענשען האָבען זיך געפונען אויף דער ערשטער און צווייטער ווערטראַנגען־ליסטע.

אין מיטען נאָוועמבער 1943 האָט „אויסגעפּעהלט" אין לאַגער מאַ־טעריאַל פאַר אַ טראַנספּאָרט אויף דעפּאָרטאַציע. געווען זיינען שוין דאַן פיר ווערטראַנגען־ליסטעס, אָבער אַזוי ווי די ערשטע צוויי זיינען געווען געשיצט פון בערלין, האָט מען פון דער דריטער און פערטער אַרויסגענומען אַן ערך הונדערט מענשען און זיי אַוועקגעשיקט קיין פּוילען. דערביי האָט מען אָנגענומען דעם פאָלגענדען שרעקליכען פּרינציפּ: קודם־כל דאַרפען דעפּאָר־טירט ווערען (1) אַלטע מענשען און (2) משפחות מיט אַ סך קינדער. אַלטע מענשען איז נישט „כדאי" צו האַלטען און משפחות מיט מעהרערע קינדער זיינען אַ „באַלאַסט" פאַר'ן לאַגער. אַ משפחה מיט דריי קינדער איז שוין גע־וואָרען באַטראַכט אַלס אַ „נישט געוואונשענער" עלעמענט. דעם 16טען נאָ־

וועמבער 1943 איז דעפּאָרטירט געוואָרען די משפּחה סאפּראן (דער לעצטער מוהל אין לאַגער), ווייל דאָרט זיינען געווען פיר קליינע קינדער.

עטלעכע טעג שפּעטער איז אָנגעקומען קיין וועסטערבאָרק פּריילין פלאָטקע, אַ באַאַמטין פון דער פּאָליציי אין האַאַג, און האָט געמאַכט אַ שווע־רען פאָרוואורף, פאַר וואָס מען האָט דעפּאָרטירט מענשען, וועלכע האָבען סערטיפיקאַטען. פון דאַן אָן איז דאָס געוואָרען אָפּגעשטעלט.

אָבער דער סך־הכל איז אַ זעהר טרויעריגער, טראָץ אַלע פּאַרזיכע־רונגען. בשעת פון דער ערשטער און צווייטער וועטעראַנען־ליסטע זיינען קיין פּוילען דעפּאָרטירט געוואָרען 31 מענשען (אָדער אייגענטליך משפּחות) און 60 זיינען געוואָרען גערעאַטעוועט (וועניגסטענס לפי־שעה), זיינען פון דער דריטער ליסטע פאַרבליבען 39 און דעפּאָרטירט זיינען געוואָרען 107. פון דער פערטער ליסטע זיינען 107 געבליבען און 135 דעפּאָרטירט. פון דער פינפטער ליסטע זיינען 123 גערעאַטעוועט און 174 דעפּאָרטירט געוואָרען. פון דער זעקסטער: 60 גערעאַטעוועטע און 121 דעפּאָרטירטע קיין פּוילען. דאָס גיט אַ פאָרשטעלונג פון פּראָצענט־זאַץ פון די דעפּאָרטירטע צווישען די „גליקליכע״, וואָס האָבען געהאַט סערטיפיקאַטען.

ביי די טראַנספּאָרטען קיין פּוילען אין יאָהר 1944 זיינען אויך מיט־געגאַנגען מענשען, וואָס האָבען געהאַט סערטיפיקאַטען. דעם 7טען פעברואַר 1944 איז אַוועק אַ טראַנספּאָרט, אין וועלכען עס זיינען געווען איינגעשלאָסען אַלע, וואָס זיינען געווען אַליין קראַנק אָדער געהאַט קראַנקע משפּחה־מיטגלידער אין לאַגער־שפּיטאָל. ביז דאַן איז געווען אָנגענומען אַז קראַנקהייט האָט געשטיצט לפי שעה פאַר דעפּאָרטאַציע. דעם 7־טען פעברואַר 1944 איז דער סדר געענדערט געוואָרען. מען האָט קיינעם מעהר נישט אַרויסגעלאָזט פון שפּיטאָל, נאָר דירעקט געשיקט קיין פּוילען. עס איז דאַן געקומען אַ באַ־פעהל פון בערלין, אַז די קראַנקען־באַראַקעס מוזען ווערען אויסגעליידיגט. האָט מען עס אַזוי אויסגעפיהרט. די משפּחה ב. וואָס האָט געהאַט איינגעצאָלט אַ גרויסען סכום געלד און געהאַט אַ געהעריגען סטעמפּעל אויף איהרע פּאַ־פּירען, איז אין דעם טאָג אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין פּוילען, ווייל אַ קינד פון דער משפּחה איז געלעגען דאַן אין שפּיטאָל קראַנק אויף דיפטעריא. אַ וויטערדיגער טראַנספּאָרט קיין פּוילען איז אַוועק דעם 3־טען מערץ 1944.

דעם 17טען מערץ איז קיין וועסטערבאָרק אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון אַן ערך 300 אידישע מענער פון אַרבייטס־לאַגער וויכט. די מענשען זיי־נען אָנגעקומען אין אַ שרעקליכען צושטאַנד. זייערע פרויען זיינען פאַרבליבען אין וויכט און זיי האָבען געדאַרפט באַלד אַוועק קיין פּוילען. דער קאָמענדאַנט האָט געגעבען אַ באַפעהל צו דער רעגיסטראַטור, אַז מען זאָל פאַר קיינעם פון די דאָזיגע מענשען ניט שטעלען קיין אָנטראָג אויף צו „שפּערען״ איהם

אין וועסטערבאָרק. נאָר פּאָר משומדים און האַלב־אַריער האָט מען דאַן געמאַכט אַן אויסנאַם. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז צוויי מענשען צווישן די 300 געפינען זיך אויף דער ערשטער וועטעראַנען־ליסטע. נאָר דאָס האָט ניט געהאָלפען, און זיי זיינען אַוועק קיין פּוילען אָדער, ווי דאָס האָט אָפיציעל געהייסען, „צום אַרבייטס־איינזאַץ נאָך דייטשלאַנד".

אַ האָלענדער האָט פון דער גרופּע אין לעצטען מאָמענט געראַטעוועט 89 מענשען. דאָס איז געווען פיליפּס, דער לייטער פון די פיליפּס־פאַבריקען אין דער שטאָדט עינדהאָפען. די 89 אידען פון טראַנספּאָרט פון וויכט האָבען געהאַט געאַרבייט אין דער פאַבריק. ער האָט זיי אַרויסגעפאָדערט, באַשטע־הענדיג אַז זיי זיינען איהם נויטיג כדי אָנצוגעהן מיט דער אַרבייט. און ממש אין דער לעצטער שעה איידער זיי האָבען געזאָלט דעפּאָרטירט ווערען קיין פּוילען, האָט מען זיי אַריינגעזעצט אין אַ וואַגאָן און צוריקגעשיקט קיין וויכט.

.4

די טראַנספּאָרטען מיט מענשען פלעגען אָנקומען קיין וועסט־ערבאָרק עטליכע מאָל אַ וואָך, געוועהנליך אַרום צוויי אַזייגער אין דער נאַכט. שפּעטער פלעגט אַזאַ טראַנספּאָרט קומען נישט מער ווי איינמאָל אין דער וואָך. אַ סירענע האָט מיט דריי קורצע טענער אָנגעזאָגט, אַז דער צוג מיט נייע קרבנות קומט אָן, כדי די מענשען, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיגט ביים איבערנעמען דעם טראַנספּאָרט, זאָלען וויסען זיך צוצוגרייטען.

אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע פלעגען די קרבנות פאַרלאָזען דעם צוג. אָפט פלעגען זיי קומען אין פאַדזאַמאַס מיט אַן אַריבערגעוואָרפענעם מאַנטעל, ווייל מ'האָט זיי גענומען אין מיטען דער נאַכט פון זייערע וואוי־נונגען און נישט געגעבען קיין צייט, אַז זיי זאָלען זיך צומאָל אָנטאָן.

אַ גרויסען טייל פון די טראַנספּאָרטען האָבען אויסגעמאַכט די אַלטע איינוואוינער פון די „בתי זקנים", וועלכע האָבען זיך ניט געקענט אויס־באַהאַלטען. אין האָלאַנד זיינען געווען פילע „בתי זקנים", וואו אַלטיטשקע מענער און פרויען האָבען זיך איינגעקויפט (באַצאָלענדיג אָפט גרויסע סכומים) כדי צו קענען רוהיג אויסלעבען זייערע יאָהרען. איצט זיינען זיי געגאַנגען „אויף אַרבייט־איינזאַץ נאָך דייטשלאַנד", דאָס הייסט אין די מאָרד־קאַמע־רען פון פּוילען.

קינדער פון „בתי יתומים" זיינען אויך אָנגעקומען. זיי האָבען אַריינ־מאַרשירט אין רייהען צו צוויי אין די באַראַקעס. די אומשולדיגע נפשות, נישט וויסענדיג וועגען וואָס עס געהט, האָבען זיך געשטופּט, כדי וואָס פריהער רעגיסטרירט צו ווערען. אָבער מען האָט עס נישט געטאָן אויפ'ן אָרט, ווייל מען האָט אַלץ דערליידיגט דורך די באַגלייטער, וועלכע האָבען אָנגע־

געבען די אַלגעמיינע ציפערען. עס זיינען אויך געווען קינדער פון עלטערען, וועלכע זיינען געווען אין אַמעריקע אָדער ארץ ישראל; זיי האָבען גע־האָט א תביעה אויף צו פאַרבלייבען אין לאַגער. אָבער זעלטען ווען האָט דער קאָמענדאנט מסכים געווען איבערצולאָזען אַ קינד. די אידישע קינ־דער זיינען פון די בעסטיעס אין מענשען געשטאַלט געווען קודם כל באַ־שטימט אויף פאַרניכטונג!

כל זמן די קינדער זיינען געווען אין לאַגער, האָט מען זיי פאַרזאָרגט מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. די אידישע אויטאָנאָמע פאַרוואַלטונג האָט גוט געוואוסט, אַז די קינדער זיינען דער גרעסטער אוצר פון געמאַטער־טען פאָלק. זיי זיינען געשלאָפען אין אַ באַזונדערען באַראַק און אויב עס האָט זיי עפּעס געפעהלט, האָט מען געמאָלדען דער „לאַגער־פאַרזאָרגונג״, אין ווע־מעס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער אַמאָליגער רב פון איכענהויזען דר. פראַנק. אָט די לאַגער־פאַרזאָרגונג האָט אַ סך געלייסטעט כדי כאָטש אַבי־סעל צו פאַרלייכטערען דעם גורל פון די, וואָס זיינען געגאַנגען קיין פוילען. מען האָט צוגעגרייט פּעקלעך מיט לעבענס־מיטעל און זיי אַריינגעגעבען אין די וואַגאָנען פון דעפּאָרטאַציע־צוג. די דייטשען האָבען זיך געכאַפּט, אַז מען טוט אַזאַ שרעקליכע זאַך, און דאָס פאַרבאָטען. האָט די „פאַרזאָרגונג״ צוגעשיקט צו די מענשען, פון וועלכע מען האָט אָנגענומען, אַז זיי וועלען צומאָרגענס דעפּאָרטירט ווערען, אַ נאַכט פריהער פּעקלעך אין זייערע באַראַקעס. מען האָט זיי אויך געגעבען זאַכען צום אָנטאָן, ווייל די „פאַרזאָר־גונג״ האָט געהאַט צו זאָגען וועגען די זאַכען פון די מענשען, וועלכע זיינען טראַנספּאָרטירט געוואָרען און וועלכע האָבען געהאַט מעהר ווי עס איז געווען ערלויבט מיטצונעמען קיין פוילען. אויך די זאַכען, וועלכע זיינען אָנ־געקומען „מיט פאַרשפּעטיגונג״ פאַר מענשען, וואָס זיינען שוין דעפּאָר־טירט געוואָרען, זיינען געווען אין רשות פון דער „פאַרזאָרגונג״.

מיטנעמען קיין פוילען האָט מען געמעגט נישט מעהר ווי 15 קילאָ און מען האָט געגעבען אַן „עצה טובה״ דאָס אַזוי איינצוטיילען: 1 קופער אָדער זאַק, 1 פּאָר שטיוועל, 1 פּאָר זאָקען, 1 פּאָר אונטערהויזען, 1אַרבייטס אנצוג 2 העמדער, 1טאָפּ צום קאָכען 1 טרינק גלאָז, 1 לעפעל, 1 סוועטער, 1 האַנדטוך. דאָס האָט געוועהנליך געהאַט אַ געוויכט פון 9 קילאָ. די איבערי־גע 6 קילאָ זיינען געווען באַשטימט פאַר אַ דעקע, פאַנטאָפעל, 1 פלאַש און עפּעס שפּייז.

ווען די מענשען פלעגען אָנקומען אין וועסטערבאָרק האָט מען זיי איינגעקוואַרטירט אין די באַראַקעס ביז זיי זיינען ווייטער דעפּאָרטירט גע־וואָרען. אַ באַראַק האָט געהאַט צוויי פליגעל: איינעם פאַר מענער און דעם צווייטען פאַר פרויען. אַ פולער באַראַק האָט געהאַלטען דריי ביז פיער הונ־

דערט מענשען. די מענשען זיינען געלעגען אויף אייזערנע בעטען מיט שטרוי־זעק, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין לאַנגע רייהען איינס נעבען צווייטען. אויף די בעט־זייטען זיינען געהאַנגען די קליידער און די טראָג־זעק. אין יעדען באַראַק, וואו מען איז געשלאָפען, זיינען געווען צוויי איווענס וואו מען האָט זיך געקאָכט דאָס עסען, וואָס מען האָט מיט זיך געבראַכט אָדער וואָס איז געווען אין די דערהאַלטענע פּעקלעך. אין ווינקעל פון יעדען באַראַק איז געווען אַ וואַש־פּלאַץ, וואו עס זיינען געווען 20 וואַסערלייטונג־קראַנען. דאָרט האָט מען זיך געוואַשען, דאָרט האָט מען גערייניגט די טעפּ, און דאָרט האָט מען אויפגעהאנגען די וועש. דערביי איז געווען אַ „טאָילעט", וואָס מען האָט געמעגט באַנוצען נאָר ביינאַכט ביז 7 אין דער פריה (אויסער קראַנקע און אַלטע, וועלכע האָבען עס געמעגט גע־ברויכען אויך בייטאָג). אַלץ איז געווען צוזאַמען אין איין לאַנגער רייהע.

די דעפּאָרטאַציע באַהנען פלעגען אָוועקגעהן דינסטאָג. פון פרייטאג האָט מען שוין געמאַכט צוגרייטונגען. מען האָט אין לאַגער, צווישען די נייע און אַלטע קרבנות, געלעבט אין א כסדר׳דיגער שפּאַנונג: וויפיל קראַנקע און וויפיל געזונטע וועלען די וואָך דעפּאָרטירט ווערען? געוועהנליך זיינען געווען 150 קראַנקע און 850 געזונטע. מען האָט יעדע וואָך געהאָפט, אַז אפשר וועט צוליב טראַנספּאָרט שוועריגקייטען דער צוג, וואָס האָט גע־זאָלט אָוועקפיהרען די קרבנות, דאָס מאָל נישט אָנקומען. אָבער בחנם. דער צוג פלעגט רעגעלמעסיג זיך צושטעלען. ער איז געוועהנליך באַשטאַנען פון 24 בהמות וואַגאָנען. 7 זיינען געווען פאַר די 150 קראַנקע און 17 פאַר די 850 געזונטע, חוץ איין וואַגאָן צווייטע קלאַס פאַר די „שטורם"־מענשען, וואָס האָבען באַגלייט דעם טראַנספּאָרט.

פון זונטאג פלעגט מען לויפען פיבערהאַפט צו דער „אַנטראַג־שטע־לע" און בעטען רחמים, אַז מען זאָל „דאָסמאָל" פאַרבלייבען. די „אנטראג־שטעלע" איז נאַטירליך נישט געווען אימשטאַנד עפּעס צו טאָן. מענשען זיינען געשטאַנען אין לאַנגע רייהען, כדי געוואוהר צו ווערען וועגען דעם, ווי זייערע בקשות זיינען ערליידיגט געוואָרען. דער קאָמענדאַנט האָט פאַראָרדענט, אַז מען טאָר קיינעם גאָר נישט זאָגען און ווער עס וועט דאָס טאָן פון רעגיס־טראַטור־פּערסאָנאַל, דער וועט אַליין דעפּאָרטירט ווערען.

ביז צו דער נאַכט פון מאָנטאג אויף דינסטאג קען זיך נאָך דער לעצטער גזר־דין ענדערען. די לעצטע נאַכט טאָר מען פון די באַראַקען נישט אַרויס־געהן פון 9 אַזייגער (אַנדערע נעכט פון 10 אַזייגער אָוונט). 9 אַזייגער ווערט קאָנטראָלירט אין אַלע באַראַקען צי איז נישט ווער אַנטלאָפען...

אין דער רעגיסטראַטור אַרבייט מעןביים אויספאַרטיגען די לעצטע ליסטעס פון די דעפּאָרטירטע. די ליסטע ווערט געמאַכט אין 7 קאָפּיעס.

מאָנטאג בייטאָג פלעגט קומען אַ שליח פון אַמסטערדאַם, וועלכער האָט געבראַכט פאַרשידענע דאָקומענטען פון „יודענראַט“, וואָס אויף זייער יסוד האָט מען פּרובירט אַרויסנעמען געוויסע יחידים פון טראַנספּאָרט, וועלכער האָט געהאַלטען ביים צוזאַמענגעשטעלט ווערען. דער לייטער פון „אַנטראג־שטעלע“ האָט מאָנטאג נאָכמיטאָג געהאַט אַ שמועס מיט דעם קאָמענדאַנט און איהם פאָרגעלייגט די לעצטע בקשות. עס איז שוין באַוואוסט, וועס עס בלייבט דערווייל לעבען. אָבער אין לעצטען מאָמענט קומט נאָך פון קראַנקען־הויז אַ ליסטע מיט נעמען פון די, וואָס קענען צוליב קראַנקהייט מאָרגען נישט פאָהרען (אַזוי איז געווען ביז, אין פעברואַר 1944, ווען מען האָט אויפגעהערט צו לאָזען קראַנקע אין לאַגער). פאַר יעדען קראַנקען מוזען געהן צוויי אָדער דריי געזונטע. נייע קרבנות ווערען געזוכט.

6 אַזייגער אין דערפריה האָט מען אין יעדען באַראַק פאָרגעלייענט די ליסטעס פון די, וואָס ווערען דעפּאָרטירט. 8 אַזייגער געהען שוין פון יעדען באַראַק די באַשטימטע מענשען צום צוג. אין לעצטען מאָמענט געזעגענט מען זיך מיט די פריינד אָדער קרובים. און מען געהט „אויף אַרבייטס־איינזאַץ“. הגם מען ווייסט, וואָס עס דערוואַרט, דאָך גיט מען זיך און די פאַרבליבענע דערמונטערונג.

אָפט איז אָבער פאָרגעקומען, אַז מענשען, וועלכע האָבען רעכט אויף צו פאַרבלייבען אין לאַגער, האָבען גאָר נישט געוואָלט בעטען פאַר דעם. איינמאָל, אין אַ מאָנטאג מיטאָג, איז אָנגעקומען אַ גאַנצער צוג בלויז פרויען און קינדער. דאָס איז געווען אַ טייל פון אַן אַנדערען לאַגער. מען האָט געזאָגט די מענער און די טאַטעס פון די קינדער, אַז מען שיקט די פרויען מיט די קליינע קינדער אין אַן אַנדערען אָרט אין האָלאַנד, וואו עס וועט זיי זיין בע־סער. און מען האָט זיי געבראַכט קיין וועסטערבאָרק, כדי זיי שוין אַ טאָג שפּעטער אַוועקצושיקען צו דער שחיטה. כדי צו זעהען דאָס, זיינען אַראָפּגע־קומען פון האַאַג דעם שטורם־פיהרער פישער און די פּאָליציי־סעקרעטאַרין סלאָטקע. די פרויען און די קליינע קינדער האָבען געהאַט מיט זיך נאָר דאָס, וואָס זיי האָבען אויף זיך געטראָגען. אַלץ האָט מען זיי שוין פריהער גע־האַט צוגענומען, נאָך איידער זיי זיינען געקומען קיין וועסטערבאָרק.

ווען עטליכע וואָכען שפּעטער זיינען די מענער פון די דאָזיגע פרויען געבראַכט געוואָרען אין וועסטערבאָרק לאַגער, זיינען זיי געווען אַזוי פאַר־צווייפעלט, אַז זיי זיינען פּשוט פון זינען אַראָפּ. זיי האָבען געהאָפט צו גע־פינען זייערע נאָהענטע און זיינען געוואויר געוואָרען, אַז מען האָט זיי פאַר־שיקט. אָנגעקומען זיינען זיי אויך אָהן וועלכע זאַכען, אין פרעמדע שמאַטעס און הילצערנע שיך. זיי האָבען דערצעהלט, אַז איידער מען האָט זיי געשיקט קיין וועסטערבאָרק האָט מען זיי געהייסען זיך אויסטאָן נאַקעט און זיי אַרונ־

טערגעשטעלט אונטער אַ שפּריץ. שפּעטער האָט מען זיי געפיהרט אין אַ צימער, וואו מען האָט זיי צוגעוואָרפען אויסגעמישטע וועש און קליידונג מיט הילצערנע שיך. אַזוי זיינען זיי אָנגעקומען.

אָט פון דאָזיגען טראַנספּאָרט האָבען מענשען זיך אָפּגעזאָגט צו בע־טען פאַרבלייבען אין וועסטערבאָרק. ווייל פאַר זיי האָט דאָס לעבען פאַר־לאָרען יעדען רייץ. געהענדיג אין דער ריכטונג, וואו מען האָט פאַר־שלעפּט זייערע נאָהענטסטע, זייערע פרויען און קינדער, האָט מען נאָך געקענט האָפען, אפשר וועט מען דאָך אימיצען וואו געפינען. זיי זיינען דע־ריבער נישט געווען קיין קליענטען פון „אנטראג־שטעלע".

### .5

איינע פון די גרעסטע מערקווירדיגקייטען פון דעם נאַצישען קאָנ־צענטראַציע לאַגער אין וועסטערבאָרק איז געווען — דאָס וואָס די אידען דאָרט האָבען מיט אַלע מעגליכקייטען זיך באַמיט אָנצוהאַלטען דעם אידישען גייסטיגען און קולטורעלען לעבען, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען געווען אין גע־פאַהר דעפּאָרטירט צו ווערען קיין פוילען.

די „אַלטע" תושבים פון לאַגער, די וואָס האָבען געבילדעט דעם קערן, אין וועסטערבאָרק, האָבען פון ערשטען מאָמענט, וואָס זיי זיינען דאָרט געבראַכט געוואָרען, ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין געפאהר פון דעפּאָרטאַציע, אָרגאַניזירט אַ שול פאַר זייערע קינדער. די שול איז נאַטיר־ליך געפיהרט געוואָרען אויף דייטש. ביים סוף פון יאָהר 1942, ווען עס זיינען געווען אין לאַגער קינדער וואָס האָבען גערעדט בלויז האָלענדיש, האָט מען געעפענט פאַר זיי אַ באַזונדערע שול. אין חודש יוני, 1943 איז גע־עפענט געוואָרען אַ דריטע שול פאַר קינדער, וואָס זיינען געווען אויפ׳ן יסוד פון סערטיפיקאַטען, באַשטימט געשיקט צו ווערען קיין ארץ־ישראל. זייער לערן־פּראָגראַם האָט אַרומגענומען מעהר העברעאיש און מעהר תנ״ך. אָבער די דאָזיגע שול האָט זעהר קורץ אָנגעהאַלטען. שבעה עשר בתמוז (דעם 20טען יולי) 1943 איז פאַרשיקט געוואָרען קיין פוילען אַ גרויסע צאָהל פון סערטיפיקאַטען־באַזיצער, האָט דאַן די דאָזיגע שול אויפגעהערט צו עקזיסטירען, הגם עס זיינען נאָך געבליבען פילע משפחות אין וועסטער־באָרק וואָס האָבען געלעבט בלויז מיט דער האָפנונג אויף אַן ארץ־ישראל אויסטויש.

בכלל איז דאָס לערנען געווען פאַרבונדען מיט די גרעסטע שוועריג־קייטען. דער לעהרער־פּערסאָנאַל איז ניט געווען קיין פעסטער, ווייל די לעהרער און לעהרערינס זיינען אַליין אָפט פאַרשיקט געוואָרען. אויך די קינדער זיינען ניט געווען קיין סטאַבילע באַזוכער פון די קלאַסען. היינטי־

גע שילער זיינען מאָרגען געזעסען אין די צוגען קיין פּוילען. עס זיינען אָבער דאָ געקומען פרישע תלמידים אויף זייער אָרט. אָבער דאָס הייליגע פייער פון אידישען לימוד, דער „נר תמיד״ פון דער תורה, וואָס אין דור גיט איבער בירושה דעם צווייטען איז אין וועסטערבאָרק נישט אויסגעלאָשען געוואָרען. ביי אַלע צרות און פורעניות איז די אידישע שול פאַר קינדער געשטאַנען נאָך אין חודש אַפּריל 1944, ווען דער באַריכט געבער אונזערער איז פון דאָרט אַוועק.

דער לייטער פון דער שול פאַר די קינדער איז געווען הרב דר. אויגאַפּפּעל פון טילזיט.

אין וועסטערבאָרק לאַגער האָט מען אויך געדאַווענט בציבור יעדען טאָג, אין דער פריה און ביינאַכט. ווי אונוואַרשיינליך דאָס זאָל נישט קלינגען, איז עס דאָך אַ פאַקט. יעדען טאָג, איידער מען איז געגאַנגען צו דער ארבייט איז געווען אַ מנין. דאָס זעלבע ביינאַכט, ווען מען איז פון דער אַרבייט צוריקגעקומען. שבת ביי טאָג האָט מען געלייענט די סדרה, געדאַווענט מוסף און מנחה. אין דער ערשטער צייט פון וועסטערבאָרק־לאַגער האָט מען שבת געאַרבייט נאָר ביז איינס אַזייגער ביי־טאָג. אַ ספר־תורה איז געווען אין לאַגער פון סאַמע אָנפאַנג. בראש פון דער „סינאַגאָג״ אין וועסטערבאָרק איז געשטאַנען דער שוין דערמאָנטער דר. פראַנק, אַמאָליגער רב פון איכענהויזען.

אַ גאַנצע רייה פון חזנים זיינען געווען אין וועסטערבאָרק, וועלכע האָבען מיט זייערע נעימות׳דיגע תפילות באַשיינט דאָס דאַווענען. חזן רוקח פון ראָטערדאַם און חזן ווינשטיין פון אוטרעכט פלעגען דאָרט זיין די שליחי צבור. דער כאָר פון דער אַמסטערדאַמער שוהל האָט זיך רעאָרגאַניזירט אין וועסטערבאָרק און געזונגען אַזוי לאַנג ביז מען האָט איינמאָל איהם געהאַט פאַרשיקט קיין פוילען.

ביי די שבת׳דיגע תפילות פלעגט דער האַאַגער רב ראשי מאארסען האַלטען וואונדערבאַרע דרשות. דער דאָזיגער גרויסער איד האָט פאַרשטאַנען צוצפּאַסען זיינע ווערטער צו דער ערנסטקייט פון מאָמענט און מחזק געווען די „ברכים כושלות״. נייער מוט און נייע האָפענונגען זיינען דאָן אַריין אין די הערצער פון די מתפללים.

ער איז ניט געווען דער איינציגער וואָס האָט גערעדט צום עולם. אין די באַזונדערע שטיבלעך פון די „אַלטע״ תושבים אָדער פון די בעאַמטע פון דער אידישער „אויטאָנאָמער״ פאַרוואַלטונג האָבען זיך פאַרזאַמעלט פילע פון די איינגעשלאָסענע אידען. מען האָט צוזאַמען געלערענט און זיך גייסטיג דערהויבען. גרויסע לעהרער האָבען נישט געפעהלט. די בעסטע מחות

פון אַמסטערדאַמער רבנים־סעמינאַר זיינען געווען אין לאַגער און האָבן דאָרט קובע מקום געווען אויפ׳ן יסוד פון ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטען.

פּראָפעסאָר נייבאוער, דער צדיק און וואונדערבאַרער בעל־מידות, האָט געזאָגט אַ שיעור אין גמרא פאַר בני־תורה. לעאָ זעליגמאַן האָט געלערענט מיט׳ן עולם נביאים. צדוק מאָסעל האָט גערעדט איבער אבן עזרא. דר. לעפּ־קאָוויץ האָט געהאַט אַ קורס וועגען אידישע פילאָזאָפיע.

שבת אין דער פריה, הגם עס איז געווען אַרבייטס־צייט, האָט מען זיך אין געהיים פאַרזאַמעלט ביי הרב דר. אויגאפפעל אין שטוב. ווער נאָר עס האָט געקענט איז אַריבערגעקומען. אַ קליינער עולם איז עס געווען, אָבער מען האָט גערעדט וועגען הויכע ענינים. איינמאָל האָט הרב דע פריעז (וואָס איז שפּעטער געשטאָרבען) גערעדט וועגען זיין רבי׳ן, דעם אַמסטערדאַמער רב הרב דינער, וועלכער האָט געהאַט אַ געוואַלטיגע השפּעה אויפ׳ן האָלענדישען אידענטום. אַן אַנדער מאָל האָט הרב קאָהן פון לייפּציג, (וועלכער איז דאַן פאַרשיקט געוואָרען קיין פּוילען) גערעדט וועגען דער געשיכטע פון די אידען אין לייפּציג. הרב דר. אויגאפפעל האָט ביי אַן אַנדערער צוזאַמענקונפט דער־צעהלט וועגען זיין רבי׳ן, פּראָפעסאָר דר. חיות, דעם באַרימטען ווינער רב הכולל. לעאָ זעליגמאַן האָט געהאַלטען אַמאָל אַ פאָרטראַג איבער דעם „אי־דישען געשיכטסבילד״. נאָך די פאָרטראַגען האָט מען דיסקוטירט. מען האָט פאַרגעסען פאַר אַ ווייל וואו מען געפינט זיך. מען איז ברוח אַריבערגע־שוואומען דעם ים פון צרות אויף אַ שעה אָדער צוויי.

און דאָס איז נישט געווען דער איינציגער קרייז, וואָס האָט אָפּגעהאַלטען זיינע געהיימע מיטינגען. די געפאַנגענע פון וועסטערבאָרק האָבן אין דער תפיסה זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זייער גייסטיגען אַדעל. דער אייביגער אידי־שער וואַנדערער האָט אין וועסטערבאָרק שטיל אויך געהאַמערט נייע רינגען פון דער אַלטער קייט.

* * *

דער קאָמענדאַנט פון לאַגער האָט אין די זומער חדשים 1943 פאַר־אָרדענט, אַז מען זאָל אָרגאַניזירען מוזיק־אָווענטען, כדי צו הויבען די שטימונג ביי די לאַגער איינוואוינער. מוזיקער און אַקטיאָרען האָט מען אַ לאַנגע צייט נישט דעפּאָרטירט, ווייל זיי זיינען געווען נויטיג אין לאַגער. ביי יעדען אָווענט איז דער קאָמענדאַנט אַליין געקומען בייוואוינען די דאָזיגע קאָנצער־טען. אויך די האָלענדישע אויפזעהער, די שונאי ישראל וואן עק און וואן דאם זיינען געקומען. אויף פאַרשידענע אינסטרומענטען האָבן געשפּילט באַריהמ־טע מוזיקער פון אַמסטערדאַם, וועלכע האָבן אַמאָל געשפּילט אונטער מענ־געלבערג׳ן. אין לאַגער איז אויך געווען אַ קאַבאַרעט וואו עס האָבן זיך באַ־טייליגט צווישען אַנדערע : ווילי ראָזען, בענא ציעגלער, פראַנץ ענגעל, קאָמי־

לא ספירא, מאַקס עהרליך, חיה גאָלדשטיין, חזן רוקח פון אַמסטערדאַם (וואָס איז שפּעטער מיט זיין גאַנצע משפּחה דעפּאָרטירט געוואָרען קיין פּוילען) האָט געזונגען סאָלאָ און זיין שעהנסטער נומער איז געווען דער פּראָלאָג צו „באַיאַצאָ", וואָס האָט איהם געבראַכט אפילו די אַפּלאָדיסמענטען פון קאָמענדאַנט.

ווילי ראָזען און בענאָ ציעגלער זיינען געווען די מחברים פון אַ רעווי אונטער'ן נאָמען „וועסטערבאָרק". זיי האָבען דאָרט באַזונגען וועגען דעם צושטאַנד אין לאַגער, חוזק געמאַכט פון די כסדר'דיגע קלאַנגען, וועלכע זיינען געווען פאַרשפּרייט און וועלכע מען האָט גערופען „איפּאַ" (ראשי תיבות: „אידישע פּרעסע אַגענטור"). איין סטראָפע וואָס האָט געזונגען אַ לאַגעריסט אין מאָמענט ווען ער ווערט דעפּאָרטירט, האָט געלויטעט:

זיי געזונד, ליבע איפּאַ, איך מוז איצט וואַנדערן,
דערצעהל דיינע שמאָנצעס נאָר צו אַן אַנדערען
זייט געזונד, ליבע לאַגער־חברים, ליבע ברידער —
אפשר וועלען מיר זיך נאָך זעהען און לעבען ווידער!
אַן אַנזיכטס־קאָרט קען איך אייך נישט שרייבען,
טאָ זאָל איך ביי אייך אזוי אין געדעכניס פאַרבלייבען!
איך זיץ שוין אין וואַגאָן, באַלד וועט מען פייפען,
לאָמיר נאָך איין מאָל, מיט'ן בליק איבער דער געגענד וואַרפען.
איך וויים דאָך — — — ווי לייד איך קוואַלען,
זיי געזונד מיין וועסטערבאָרק. פאָסט האָכאַלען!"

דער זין פאַר הומאָר האָט די „אסירי התקוה" אין לאַגער נישט פאַרלאָזט. אַזוי האָט מען אַרומגעטראָגען אַ וואָרט פון רעקטאָר פון אַמסטערדאַמער רבנים־סעמינאַר, וועלכער האָט געקליבען אַרבעס אין לאַגער, נישט קענענדיג טאָן קיין שווערע אַרבייט, צוליב זיין שוואַכען געזונד. ער האָט געזאָגט: „אין מיין יוגענד האָב איך געלערנט האָמער (ד. ה. אין דער שול האָט ער געלערענט די געדיכטען פון האָמער'ן), אין סעמינאַר האָב איך געלעזען תלמוד (ד. ה. געהאַלטען פאַרלעזונגען איבער'ן תלמוד), און איצט לעז איך אַרבעס (אויף דייטש זאָגט מען „לעזען" אַרבעס אין זין פון קלויבען)..."

* * *

אָט אַזוי איז אומגעקומען דאָס האָלענדישע אידענטום, דער איידעלער צווייג פון אַלטען אידישען שטאַם־בוים, מיט גבורת הנפש, נישט געבראָכען גייסטיג, נישט געפאַלען אין זיין שטאָלץ און מוט, אונטער די טראַגישסטע באַדינגונגען.

אין חודש אַפּריל 1944 האָט די רעגיסטראַטור אין וועסטערבאָרק אויפ־געוויזען אַז 107,000 מענשען זיינען פון דאָרט פאַרשיקט געוואָרען קיין פּוילען. בסך הכל האָט מען דאָס האָלענדישע אידענטום געשאַצט אויף 130,000 מענשען.

אין אָשוויענצים, אין טרעבלינקא, אין מאַידאַנעק, האָט זיך דאָס בלוט פון האָלענדישע אידישע קינדער צוזאַמענגעמישט מיט׳ן בלוט פון די אידישע קינדער פון פּוילען.

און עס שרייט דאָס בלוט צום הימעל: רבונו של עולם, פאַרוואָס איז אונז דאָס געקומען?

רבונו של עולם, נקום נקמת דם עבדיך השפוך!

---

# אוישוויץ: דער ערשטער באַריכט

(„אידישע שטימע״, מאַי 1945)

דייטשלאַנד איז געפאַלען. אָשוויענצים איז שוין באַפרייט פון די נאַ־ציס. די רויטע האַקענקרייץ־פאָן, וועלכע איז איינגעטונקען אין מענשען־בלוט, איז ענדליך אַראָפּגעריסען געוואָרען פון טויער, וועלכער האָט געפירט צום לאַ־גער, וואו עס האָבען פאַרבראַכט זייערע לעצטע טעג אָדער וואָכען הונדערטער טויזענטער אומשולדיגע מענשען, בעיקר אידען פון אַלע עקען אייראָפּע. אָבער נאָך איז אין אַ טיפען שלייער איינגעהילט אַלצדינג, וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגעטאָן. די וויניגע פאַרבליבענע עדות פון דער מורא׳דיגער טראַ־געדיע שוויגען דערווייל. עס וועט נאָך דויערען, ביז די ציוויליזירטע וועלט וועט זיך קענען מאַכען אַ בילד פון דעם, וואָס איז געשעהען אין אָשוויענצים.

צוויי אידישע פרויען האָבען פון אָט דעם מאָרד־לאַגער זיך געראַטעוועט אין אָקטאָבער 1944. צוזאַמען מיט צענדלינגער טויזענטער אַנדערע זיינען זיי דאַן אוועקגעשיקט געוואָרען פון די נאַציס קיין מערב, ווייל די סאָוועטישע אַרמייען האָבען זיך דערנעהנטערט צו אָשוויענצים און די דייטשען האָבען מורא באַקומען, אַז די געפאַנגענע זאָלען פלוצים נישט באַפרייט ווערען. איז די צוויי פרויען געלונגען צו אַנטלויפען. איצט האָבען מיר אַ באַריכט פון זיי, וועלכער לאָזט אַריינבליקען אין דעם גיהנום פון אָשוויענצים.

## די פינף אָשוויענצים׳ס

וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין לאַגער פון אָשוויענצים — אָדער ווי די דייטשען האָבען עס משנה־שם געווען אויף „אוישוויץ״ — קען נאַטירליך קיין איינצעלנער מענש נישט וויסען, ווייל אָשוויענצים מיינט אייגענטליך פ י נ ף לאַגערען צוזאַמען: 1) אוישוויץ, 2) בירקענאו, 3) ווישקאָוויץ, 4) וואַלדזעע, און 5) די בונא־פאַבריק. אין אָט די לאַגערען זיינען געווען טיילען, אָפּגעזונדערט דורך עלעקטרישע דראָהטען, וואָס ביים באַריהרען זיי איז מען געפאַלען טויט. יעדער טייל איז געווען באַצייכענט מיט אַ נומער. צ. ב. בירקענאו „אַ 1״, „א 2״ אַ 3״, „ב 1״, „ב 2״, ״ב 3״ א. א. וו.

וויפיל מענשען עס האָבען זיך געפונען אין גאַנצען לאַגער, קען מען האָבען אַ באַגריף, ווען מען הערט, אַז אין בירקענאו „ב—2״, וואו די צוויי אידישע פרויען זיינען געווען, האָבען אין אויגוסט, 1944, זיך געפונען 23,000 געפאַנגענע! דער סעקטאָר „ב 2״ האָט אַרומגענומען 30 באַראַקען. אין איין באַראַק האָט מען געקענט צייטענווייז אַריינקוועטשען ביז 1,000 מענשען. דער גאַנצער שטח, די פינף לאַגערען צוזאַמען, האָט פאַרנומען 60 קוואַדראַט קילאָמעטער (בערך 40 קוואַדראַט מיילען). בסך־הכל האָט אין די פינף לאַגערען זיך געפונען אַ האַלבער מיליאָן מענשען.

## דאָס לעבען אין אַ באַראַק

דער באַראַק האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ דייטשען אַרמיי־שטאַל. אויף דעם ליימענעם באָדען זיינען געשטאַנען געדיכט איינס נעבען אַנדערען הילצערנע בעטלעך. אין דער הויך זיינען געווען דריי רייהען בעטלעך, איינס איבערן אַנדערען. אויף יעדען בעט זיינען געווען צו צוויי זעק. אַזאַ בעט איז געווען נאָרמאַל באַשטימט פאַר 6 מענשען. אָבער צייטענווייז האָבען 13 ביז 14 מענשען געמוזט טיילען איין בעט צווישען זיך. פאַר יעדען בעט זיינען געווען באַשטימט דריי ביז פיר דעקען. מען האָט נישט געטאָרט רייניגען די דעקען, נאָר איין מאָל אין יאָר האָט מען זיי דעזינפעקצירט; דאָס האָט געדויערט 7 טעג און דאַן איז מען געשלאָפען אין גאַנצען אָהן דעקען.

אין באַראַק האָט מען מען זיך געמעגט אויפהאַלטען נאָר ביי נאַכט און פון איינס ביז דריי אַ זייגער ביי טאָג. נישט קוקענדיג אויפ׳ן וועטער, האָט מען דעם רעשט פון טאָג געמוזט פאַרברענגען אין דרויסען, הגם דאָרט איז נישט געווען קיין אָרט זיך וואו עס איז אַנידערצוזעצען.

## די שפּייז

די שפּייז, וואָס מען האָט באַקומען, איז געווען ווי פאָלגט:

נאָכ׳ן אויפשטעהען אין דער פריה, געוועהנליך צווישען 4 און 6 אַ זייגער,

האָבען פינף געפאַנגענע צוזאַמען באַקומען אַ שיסעל מיט אַן ערזאַץ־טיי אָדער ערזאַץ־קאַווע, נישט פאַרצוקערט. דאָס איז געווען דאָס פרישטיק. דאַן האָט מען באַקומען איינמאָל אין טאָג, אָבער נישט רעגעלמעסיג אין צייט, ד. ה. איינמאָל 9 אַ זייגער אין דער פריה, אַן אַנדערען מאָל 3 נאָכמיטאָג, אַ זופּ, וואָס איז געווען געקאָכט פון גרויפּען, נישט געשיילטע קאַרטאָפעל און גריג־סען. אַ מענש האָט באַקומען בערך דריי פערטעל ליטער פון דער זופּ. דאָס איז געווען די הויפּט־שפּייז ביי טאָג, אָבער אָפט האָט פּאַסירט, אַז נישט אַלע האָבען עס באַקומען. ביי נאַכט האָט מען באַקומען אַ פערטעל פון אַ ברויט. דריי מאָל אין וואָך אַ ביסעל מאַרגאַרין, דריי מאָל אַ וואָך איין שניט וואורשט, און צוויי מאָל אַ וואָך אַ לעפעל פאַבריצירטען האָניג אָדער מאַרמעלאַדע. אַט דער צוגאָב איז געוואָרען איינגעפירט ערשט אין 1944 און עס האָט געהייסען, אַז ער שטאַמט פון רויטען קרייץ אָדער פון דער „אידישער אונטערשטיצונגס־שטעלע״.

## די קליידונג

ווען מען איז אַריינגעקומען דאָס ערשטע מאָל אין לאַגער, האָט מען זיך גע־מוזט אויסטאָן נאַקעט. דאַן האָבען די פרויען באַקומען אַן איינציג זומער־קלייד. מען האָט נישט געהאַט קיין שום וועש, קיין טאַשען־טוך, קיין האַנד־טוך. יעדע האָט באַקומען צוויי צעריסענע שיך, געוועהנליך צוויי פאַרשידענע. די האָר זיינען געוואָרען קורץ אָפּגעשניטען און אויפ׳ן לייב האָט מען אויסגעברענט אַ נומער.

צוויי וואָכען נאָכדעם ווי מען איז אַריינגעקומען אין לאַגער, האָט מען פאַרטיילט שטיקלעך זייף: פאַר פיער פרויען צוזאַמען איין שטיקעל. אין לאַ־גער האָבען זיך געפונען צוויי וואַש־פלעצער, וועלכע מען האָט געמעגט באַנו־צען נאָר אין געוויסע צייטען, געוועהנליך, ווען מען האָט איבערגעצעהלט די גע־פאַנגענע. די וואַסער־לייטונג האָט נישט געהעריג פונקציאָנירט. עס זיינען נאַ־טירליך געווען מעהר מענשען צום וואַשען ווי קראַנען. מען האָט זיך דאַריבער יעדען טאָג געשלאָגען, כדי צו קענען צוקומען צו טרינקען אַ ביסעל וואַסער אָדער זיך קענען אָפּוואַשען.

דאָס וואַסער איז געווען געל, אייז־קאַלט און מיט׳ן טעם פון מעטאַל. אין יעדען וואַש־פלאַץ איז געווען אַ שילד מיט אַן אויפשריפט: ״פאַרבאָטען צו טרינקען וואַסער וועגען סכנה פון עפּידעמיע״.

ווינטער איז די קעלט נישט געווען צו דערטראָגען. אין יעדען באַראַק האָט זיך אפילו געפונען אַ ציגעל־אויוועז, וואָס האָט געזאָלט באַהייצט ווערען און דערוואַרימען דעם באַראַק. אָבער אפילו ווען מען האָט געהייצט, איז די

קעלט אַריינגעדרונגען דורך די שפּאַלטען אין די ווענד, וועלכע מען האָט נישט געקענט פאַרמאַכען. שוין אין חודש סעפּטעמבער האָט מען נישט געקענט ביי נאַכט שלאָפען פאַר קעלט.

## קראַנקהייטען

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ביי די אומשטענדען זיינען געווען כסדר קראַנקהייטס־פאַלען אין לאַגער. מען האָט אָבער אונטערדריקט די קראַנקהייט אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָר געווען מעגליך, ווייל מיט דער קראַנקהייט איז געווען פאַרבונדען די סכנה, אַז מען וועט ווערען פאַרשיקט אין גאַז־קאַמער. האָט מען געאַרבייט אין דרויסען איידער ווי זיך צו מעלדען קראַנק. זומער, ביי די גרעסטע היצען, איז מען געווען אויף דער ברענענדיגער זון, און אָפט זיינען דער קאָפּ, די הענד און די פיס געווען איין גרויסע וואונד. ביי דער רעוויזיע האָבען אָפט פרויען גע׳חלש׳ט, נישט קענענדיג אויסהאַלטען דאָס לאַנגע שטעהען.

די נישט־היגיענישע לעבענס־באַדינגונגען האָבען גורם געווען זעהר פילע קרעץ־קראַנקהייטען. דאַביי האָט זיך איין פרוי אָנגעשטעקט שנעל פון דער אַנדערער, ווייל מען איז דאָך צוזאַמען געשלאָפען און פון איין שיסעל האָבען פינף פרויען יעדען טאָג געטרונקען (אָהן אַ לעפעל). די דעקען זיינען כסדר געוואָרען פאַרביטען, און דאָס האָט אויך גורם געווען דאָס איבערטראָגען זיך פון קראַנקהייטען. עס זיינען פאָרגעקומען אינספעקציעס און ווען מען האָט מעהר נישט געקענט פאַרבאַהאַלטען די קראַנקהייט, איז מען געוואָרען אַריבערגעפיהרט אין אַ ספּעציעלען באַראַק. חוץ דעם באַראַק פאַר די קרעציגע זיינען געווען אין אָנפאַנג דריי קראַנקען־באַראַקען, אָבער שפּעטער האָט מען איבערגעלאָזט בלויז איינעם, אין וועלכען עס זיינען אַריינגעקומען די אָנשטעקענדע קראַנקע.

שמוץ און הונגער האָבען גורם געווען אַ רייהע קראַנקהייטען, וואָס די גע־פעהרליכסטע פון זיי איז געווען די פורונקולאָזע. אויך איז געווען עפּידע־מיש די א. ג. מויל און קלאַוען־קראַנקהייט, וואָס האָט זיך געבילדעט צוליב דעם, וואָס מען האָט נישט געקענט וואַשען דאָס מויל. חוץ דעם זיינען געווען אָפט מאָגען־קראַנקהייטען מיט בלוטונגען.

## דער וואַמפּיר ד״ר מענגעלע

דער פחד פאַר׳ן שפּיטאָל איז געווען גרויס. הויפּטזעכליך איז עס געווען צוליב אַ וואַמפּיר מיט׳ן נאָמען ד״ר מענגעלע, וועלכער פלעגט ביי זיינע אונטערזוכונגען אויסקלייבען די שוואַך־קראַנקע און מאָגערע פרויען און זיי באַשטימען פאַר די גאַז־קאַמערען.

איינמאָל האָט ד״ר מענגעלע ביי אַן אינספּעקציע פון שפּיטאָל אין בירקע־נאו „ב 2״ אָנגעטראָפען 150 קראַנקע. האָט ער אויסגעזוכט 59, פון וועלכע 54 זיינען געווען באמת שווער־קראַנקע און 5, וואָס האָבען זיך נישט אַזוי גיך אויפגעשטעלט בשעת מען האָט זיי גערופען. מען האָט תיכף פאַרנאָטירט די נומערען, וועלכע זיינען געווען אויסגעברענט אויף זייערע קערפּער און זיי דאַן געבראַכט אין אַ באַזונדערען צימער. דאָרט האָט מען זיי געהאַלטען דריי טעג און זיי האָבען גוט געוואוסט, וואָס עס וואַרט זיי. דריי פרויען זיינען אין דער צייט געשטאָרבען. אויפ׳ן פערטען טאָג האָט מען די דריי טויטע צו־זאַמען מיט די לעבעדיגע, וועלכע זיינען צום טייל געווען נאַקעט און צום טייל אין שפּיטאָל־העמדער, פאַרלאָדען אויף אַ לאַסט־אויטאָ. די ס. ס.־מענער האָבען זיך דאַבײ אויסגעצייכענט מיט אַ אומגלויבליכער ברוטאַליטעט. מען האָט זיי אָפּגעפיהרט ערגיץ־וואו, פון וואַנען זיי זיינען שוין מעהר נישט צוריקגעקומען.

## די אידישע „פאַרוואַלטונג״

דער לאַגער בירקענאו „ב 2״ איז געווען אויסשליסליך פאַר אידען. ער האָט געהאַט, לויט׳ן אָנגענומענעם דייטשען סיסטעם, אַ אידישע „פאַרוואַל־טונג״, ד. ה. עטליכע אידען האָבען געדאַרפט אַכט געבען אויפ׳ן רעשט.

די אידישע פאַרוואַלטער פון בירקענאו „ב 2״ זיינען געווען סלאָוואַקישע אידען, וועלכע זיינען אַהין געקומען אין יאָר 1942. צוזאַמען זיינען בערך 60,000 סלאָוואַקישע אידען דעפּאָרטירט געוואָרען קיין אָשוויענצים און נאָך די פאַרשידענע סעלעקציעס און עטליכע טיפוס־עפּידעמיעס זיינען אין יאָהר 1944 פאַרבליבען פון זיי 350.

זומער 1944 האָבען זיך אין אָשוויענצים געפונען הויפּטזעכליך אונגאַ־רישע אידען. זיי זיינען געקומען אין צוויי שיכטען: איינע אין חודש מאַי, די אַנדערע אין יולי. אין בירקענאו „ב 2״ האָבען זיך געפונען בלויז מענער און פרויען אין עלטער פון 16 ביז 45 יאָהר; קינדער און עלטערע מענשען האָט מען דאָרט נישט געזעהען. פאַר זיי זיינען אין די באַראַקען געווען אונטער־געבראַכט טשעכישע אידען, אָבער זיי זיינען געווען אַלס משפחות (מיט די קינדער). וואָס איז געוואָרען פון די טשעכישע אידען, האָט קיינער נישט געוואוסט.

## אויגוסט 1944

אָנפאַנג אויגוסט 1944, זיינען אָנגעקומען קיין אָשוויענצים גרעסערע טראַנספּאָרטען פון פוילישע אידען. זיי זיינען געווען פון פיר ריכטונגען: 1) פון פלאַשאָוו (אַ פאָרשטאָדט פון קראָקע), 2) פון ראַדאָם, 3) פון אַן אַר־

בייטס־לאַגער נעבען וואַרשא, 4) פון לאָדז (ליצמאַנשטאַדט). די לעצטע זיינען געווען אין אַ מורא׳דיגען צושטאַנד, אַ טייל קראַנק אויף טיפוס. נאָך צוויי טעג האָט מען די לאָדזער געשיקט ערגיץ ווייטער.

די ראַדאָמער זיינען אַ צייט לאַנג פאַרבליבען אין לאַגער און זיי האָבען געהאַט אַ באַזונדערע פריווילעגיע, אַז זיי האָבען געקענט האַלטען ביי זיך די קינדער. צווישען 40 ביז 60 קינדער האָבען זיך דאַן געפונען אין לאַגער.

אין לאַגער בירקענאו „ב 2״, און וואַרשיינליך אין א רייהע אַנדערע, איז מען פאַרבליבען פון 1 ביז 2 וואָכען ביז העכסטענס 6 חדשים. דאָס זיינען געווען א. ג. „דורכגאַנג־לאַגערען״; נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען פון די לאַגערען געשיקט ווייטער, מייסטענס אויף שווערע אַרבייט קיין דייטשלאַנד. פון די 23,000 געפאַנגענע אין חודש אויגוסט 1944, וועלכע זיינען געווען אין בירקע־נאו „ב 2״, האָט מען במשך דעם חודש אַוועקגעשיקט קודם 5,000 און באַלד דאַרויף ווייטערע 6,000 קיין דייטשלאַנד.

דאָס אַוועקשיקען פון לאַגער אָדער איבערפיהרען אין אַן אַנדערען לאַגער איז תמיד געווען באַגלייט פון אומשטענדען, וועלכע האָבען געוואָרפען אַ פחד און אַן אימה אויף די אומגליקליכע אינטערנירטע. דער צוג פלעגט אַריינ־פאָהרען דירעקט אין לאַגער און מען האָט איהם געקענט אין לאַגער אָבסערווי־רען. דאַריבער האָט מען פאַראָרדענט, ווען דער צוג פלעגט אַריינקומען, אַ „באַראַקען־שפּערע״, ד. ה. קיינער האָט נישט געטאָרט דאַן ארויסגעהען פון באַראַק. קיינער האָט נישט געוואוסט וואוהין מען פאָהרט. געוועהנליך פלעגען די טראַנספּאָרטען אַוועקגעהען אין אידישע ימים־טובים, באַזונדער האָט מען זיי צוגעגרייט אויף ראש־השנה און יום־כיפור. עס איז פאַרשטענדליך די נערוואָזיטעט און אומרוהיגקייט, וואָס האָט דאַן געהערשט.

נישט תמיד זיינען אַלע, וואָס זיינען צוזאַמען אָנגעקומען, אויך צוזאַמען פאַרבליבען אין איין לאַגער ביז מען האָט ווייטער פאַרשיקט. עס האָט פאַסירט, אַז ווען עס האָט גראָד „געפעהלט״ צו אַ טראַנספּאָרט 300 אָדער 500 פרויען, האָט מען זיי אַרויסגעשלעפּט פון אַ באַראַק און אָנגעשלאָסען אין אַ טראַנס־פּאָרט. דאָס איז אויך פאָרגעקומען, ווען דער טראַנספּאָרט איז גאָר נישט געווען קיין אידישער. מען האָט דאַן אויסגעמישט די נאַציאָנאַליטעטען און צוזאַמען געשיקט אידען מיט פּאָלאַקען א. א. וו.

## אַ „פאַראַרבייטער״ טראַנספּאָרט

ווי אַזוי אַן אָנגעקומענער טראַנספּאָרט איז געוואָרען אין אָשוויענצים „פאַראַרבייט״, קען מען זעהען פון דעם, וואָס האָט פאַסירט מיט דער גרופּע, צו וועלכער עס האָבען געהערט די פרויען, וואָס זיינען שפּעטער

אַנטלאָפן. דעם 31 יולי 1944 זיינען זיי געוואָרען דעפּאָרטירט פון דראַנסי צוזאַמען מיט 1,500 מענשען, דאַרונטער 400 קינדער, וועלכע האָבען גע־שטאַמט פון אַ פראַנצויזיש־אידישער קינדער־היים. באַלד ביים אָנקומען אין אָשוויענצים האָט מען אָפּגעזונדערט אַלע אַלטע מענשען, אַלע קינדער און אַלע פרויען מיט קינדער; מען האָט זיי אַרויפגעלאָדען אויף פראַכט־אויטאָס און אַוועקגעשיקט ערגיץ־וואו. אַן ערך 700 מענער האָט מען אַריינגעגעבען אין אַ לאַגער און די צוויי פרויען זיינען פאַרבליבען צוזאַמען מיט נאָך 184 אַרבייטס־פעהיגע פרויען אין בירקענאו „ב 2". אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אָנערקענט נאָך 20 פון זיי אַלס „אַרבייטס־אונפעהיג" און אַוועקגעשיקט. ווייטערע 14 זיינען אָנגעשלאָסען געוואָרען אין אַן אַנדערען טראַנספּאָרט, אַזוי עס זיינען געבליבען בערך 150. וואָס מיט די מענער איז געוואָרען, וואָס זיינען געגאַנגען אין אַן אַנדערען לאַגער, איז נישט געוועזן זיכער. עס האָט געהייסען, אַז זיי אַרבייטען אין דער בונא־פאַבריק (אויך אויפ'ן שטח פון אָשוויענצים). ווען מען האָט אַמאָל געפיהרט צוויי פראַנצויזישע פרויען צו אַ דעזינפעקציע, האָבען זיי געטראָפען באַקאַנטע פון זעלבען טראַנספּאָרט, וואָס האָבען דאָן געאַרבייט אין אוישוויץ.

אגב, איז סוף אויגוסט אָנגעקומען קיין אָשוויענצים אַ ווייטערדיגער טראַנספּאָרט פון דראַנסי, וועלכער איז פון דאָרט געוואָרען דעפּאָרטירט דעם 17־טען אויגוסט 1944.

## די מערב־אייראָפּעאישע אידען

פון די ערשטע טראַנספּאָרטען פראַנצויזישע אידען, וועלכע זיינען פאַר־שיקט געוואָרען קיין אָשוויענצים נאָך אין יאָהר 1942, האָבען זיך זומער 1944 דאָרט געפונען קוים צוואַנציג אָדער דרייסיג. לכתחלה זיינען זיי געוועזן עטליכע טויזענט. עס האָט געהייסען, אַז אַ טייל פון זיי איז פון אָש־וויענצים געשיקט געוואָרען קיין בוכענוואַלד.

פון בעלגיע זיינען אָנגעקומען פרויען אין בירקענאו „ב 2" אין חודש מאַי און אויגוסט. צווישען די „אַלטע" אינטערנירטע זיינען קיין בעלגיער נישט געוועזן.

אויך פון האָלאַנד זיינען אָנגעקומען טראַנספּאָרטען מיט אידען אין די חדשים מאַי און אויגוסט 1944. קרוב צו 150 פרויען פון לעצטען טראַנספּאָרט זיינען אַריין אין לאַגער בירקענאו „ב 2".

אין מיטען אויגוסט איז אָנגעקומען קיין אָשוויענצים אַ טראַנספּאָרט אי־דישע פרויען פון דעם אינזעל ראָדאָס. די דאָזיגע פרויען זיינען געפאָהרען 14 טעג מיט אַ שיף און ווייטערע 14 טעג מיט דער באַהן, ביז זיי זיינען פאַר־פאָהרען קיין אָשוויענצים. ביי וועלכע באַדינגונגען אָט די רייזע איז פאָרגע־

קומען, קען מען זיך לייכט משער זיין. פילע פון צווישען זיי זיינען געשטאָרבען אין וועג.

אין חודש אָקטאָבער 1944 זיינען קיין אָשוויענצים אָנגעקומען גרעסערע טראַנספּאָרטען סלאָוואַקישע אידען פון אַרום פּרעסבורג. זייער גורל איז נישט באַוואוסט. צוזאַמען מיט זיי זיינען אָנגעקומען עטליכע טראַנספּאָרטען פון טהערעזיענשטאַדט; יעדער טראַנספּאָרט איז געווען איבער 1000 מענשען שטאַרק. דאָס זיינען געווען בלויז אַרבייטס־פעהיגע מענשען און מען האָט זיי געזאָגט, אַז זיי פאָהרען קיין דייטשלאַנד צו אַרבייטען אין די פעלדער ביים צוזאַמענגעהמען די בוראַקעס. נאָך אַ קורצען אויפענטהאַלט זיינען זיי באמת פון אָשוויענצים געוואָרען אַוועקגעשיקט. מייסטענס זיינען עס געווען טשעכישע אידען, אָבער צווישען זיי אויך פילע דייטשע און עסטרייכישע.

אַזוי־אַרום זיינען אידען פון אַלע מעגליכע לענדער געווען פאַרטראָטען אין אָשוויענצים. אפילו פון איטאַליע האָט מען געשיקט אַהין טראַנספּאָרטען; דעם לעצטען פון מוסאָליני'ס פאַרבליבענער מלוכה האָבען די צוויי גרעאַטע־ווערטע פּרויען געזעהען אָנקומען אָנפאַנג אויגוסט 1944, אָבער נאָר ווייניגע פּרויען זיינען געווען צווישען די איטאַליענישע דעפּאָרטירטע.

## „כי דם עבדיו יקום"

„ונקיתי דמם לא נקיתי". דאָס אומשולדיגע בלוט פון מיליאָנען אידישע קרבנות אין אָשוויענצים מאָנט זיין רעכט.

די אידישע פרעסע אין שאנכאי פאר און נאך פוירל האַרבאָר

די יידישע שטימע
פון ווייטן מזרח

ספעציעלע אויסגאבע, געווידמעט דעם דרייסיק־יעריקן יובילעאום
פון „אגודת־ישראל"

AUGUST

אגודת־ישראל

# Еврейский Голос
С ДАЛЬНЕГО ВОСТОКА.

Единовременное издание, посвященное 30-тилетнему Юбилею всемирной организации религиозного еврейства „АГУДАТ-ИЗРАЭЛЬ"

Шанхай — Менахем-Аб 5702. — Август ... г.

„АГУДАТ ИЗРАЭЛЬ".

# THE JEWISH VOICE
from the Far East

Special edition dedicated to the 30th Anniversary Jubilee of "AGUDATH-ISRAEL"

SHANGHAI — MENAHEM-AB 5772 — AUGUST

№ 1 THE WORD פרייז 75 סענט

# דאָס וואָרט

וואכנשריפט פאר דעם רעליגיעזן נעדראנג אינם ווייטן מזרח

Registered at the Chinese Post Office as a Newspaper

Friday, November 7, 1941 Price 75 c. № 2

# THE WORD
("DOS VORT")

A Jewish Weekly for the Religious Revival in the Far East

EDITORIAL OFFICE: Shanghai, 100 Route des Soeurs, Apt. 14. Tel. 73074

(צו זייטען 220 און 226)

# ווילנא — טאָקיאָ — ניו יאָרק

(„אידישע שטימע", ניסן תש"א — אַפּריל 1941)

אָט איז דער נייער שליאַך פון דער אידישער וואַנדערונג: דריי פערטעל פון דער ערד־קוגעל, אַן ערך פון פינף און צוואַנציג טויזענד קילאָמעטער — דורך סיביר און דעם פּאַציפישען אָקעאַן געהט היינט דער וועג פון ירושלים דליטא צו די וואָלקען־קראַצער פון ניו־יאָרק.

צו וואָלט עס געקלונגען גלויבליך, ווען מען דערצעהלט עס מיט יאָהרען צוריק? צי וואָלט עס גיכער נישט אויסגעזעהן, ווי אַ פאַנטאַזיע, ווי אַ נייע מעשה׳לע פון זשול ווערן וועגען אַן אַוואַנטוריסטישער וועלט־רייזע פון עטליכע יחידים? און דאָך איז עס אמת, אַז אַזוי וואַנדערען היינט אידישע מאַסען. ווייל נישט אַלס איינער פון צענדליגער, אָדער אפילו פון הונדערטער מענשען, איז מיר אויסגעקומען דעם וועג צו מאַכען. נייִן. טויזענטער אידען זיינען עס, וואָס מען קען זיי אָנטרעפען אויף די פאַרשיידענע פונקטען פון דעם דאָזיגען גיגאַנטישען עמיגראַציע־שליאַך.

און אויב דאָס איז מעגליך, — דאַן איז דאָך דאָס דער בולט׳סטער באַווייז פון דער נאָך אַלץ אומגעהויער־שטאַרקער לעבענס־קראַפט, פון דעם אַבסאָלוט ניט צעברעכבאַרען לעבענס־ווילען פון אונזער פאָלק. מלחמה רודערט אויף אויך אַנדערע מענשען פון זייער היים, ווייט איבער גרעניצען. אָבער ביי קיין שום אומה ולשון האָט עס ניט דערגרייכט אַזאַ פאַרנעם אין שטח, ווי איצט ביי די אידישע מאַסען, וועלכע וואַנדערערען איבער דריי פערטעל פון דעם כדור הארץ, כדי פריש צו בויען זייערע פאַרניכטעטע היימען און אַרבייט־וואַרשטאַטען.

מען האָט אָנגעזאָגט דעם אידישען פאָלק אפשר דעם גרעסטען קאַמף אין זיין געשיכטע. עס זיינען אונז אָנגעטאָן געוורען אומבאַשרייבליכע צרות. מען האָט אונז ברוטאַל געטראָטען מיט די פיס. מען האָט געטרונקען אונזער בלוט מיט אַ סאַדיזם, וועלכער האָט נישט זיינס־גלייכען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. מען האָט מיט אַ זיכערקייט, וואָס איז דער סימן מובהק פון שטאַרקערען, בשעת ער שלאָגט זיך מיט׳ן שוואַכערען, מודיע געווען דער וועלט, אַז נאָר איין אויסגאַנג פון דער מלחמה איז זיכער: אַז דאָס אידישע פאָלק וועט אונטערגעהן. אָבער גראָד דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט אַ נייער כלל, אַז נישט אי־

בער יעדען שוואַכען מוז זיגען דער שטאַרקערער. טיילמאָל, ווייזט זיך באַלד, ביים אָנהויב פון קאַמף, אַז די צוקונפט געהערט דווקא דעם שוואַכערען. ניין. ווער עס האָט אַליין מיטגעמאַכט דעם וועג פון די אידישע מאַסען פון פוילען, איבער ליטע און רוסלאַנד, דורך יאַפּאַן קיין אַמעריקע, — דער האָט קלאָר געזעהן, אַז דאָס אידישע פאָלק בלייבט לעבען, טראָץ די מורא׳דיגע צרות און פּראָפּאָלגונגען, וואָס עס האָט איצט אויסצושטעהן.

מיר גיבען זיך נישט אונטער און מיר קאַפּיטולירען נישט פאַר קיין שום צרות — דאָס איז דער מוסר השכל פון אונזער חדשים־לאַנגער וואַנדע־רונג. מיר שרעקען זיך נישט און מיר קומען ביי אַלע שוועריגקייטען. מיר געהען אונזער וועג, זאָל ער זיין ווי לאַנג, ווי געפעהרליך.

עס פאַלען טויזענטער און טויזענטער קרבנות ביז דער ציל איז דער־גרייכט. דאָס איז נאַטירליך. איינער פון הונדערט טויזענט קומט אָן. אָבער ער קומט. און דאַן קומט נאָך איינער און נאָך איינער — ביז עס ווערט אַן אַרמיי.

אונזער פאָלק, דאָס עלטסטע אויף דער וועלט, וואָלט געדאַרפט זיין מיט אַ סך מיליאָנען גרעסער ווי עס איז. און די סיבה איז קלאָר: מיר זיינען דורך יאָהר־טויזענטער אַזוי פאַרפאָלגט געוואָרען, אַז מען האָט אונז דעצימירט, אַז מען האָט פון אונז איבערגעלאָזט בלויז אַ קליינעם ברוכטייל. אָבער מיר זיינען געבליבען אַלס אידען. מיר זיינען דאָ. און אויך נאָך דער איצטיגער קאַטאַסטראָפּע וועלען מיר בלייבען. מיר וועלען איבערלעבען אונזערע שונאים. די צוקונפט געהערט אונז, נישט זיי.

וואַנדערענדיג איבער די ימים און לענדער, האָבען מיר אויך געזעהן באַשיינפערליך די גרויסקייט פון אידישען גייסט, דעם געוואַלטיגען כח פון אונזער אייגענער אַלטער קולטור. ווען די צרות זיינען שוין געווען אַזוי שטאַרק, אַז עס האָט געדראָהט דער צוזאַמענברוך, און אָט — האָט זיך געדאַכט — מוז אַלץ איינפאַלען, — האָבען מיר געפונען חיזוק און דערמוטיגונג אין די אומ־שטערבליכע גייסטיגע ווערטען פון אידענטום. „לולא תורתך שעשועי — אָז אבדתי בעניי״, — וויפיל מאָל האָבען מיר דאָס געזעהן אַלס פשוט׳ע ווירק־ליכקייט! און אויף וואָס זאָגען אייגענטליך עדות די טויזענטער גולים פון דער תורה־וועלט, וועלכע האָבען צום וואַנדערשטאָק מיטגענומען אויפ׳ן וועג אַ ספר? זעהט מען דען ניט קלאָר, וואָס פאַר אַ לעבענס־שטאַרקענדען איינפלוס דאָס ספר האָט אויפ׳ן אידישען פאָלק?

אין טראַנסיבירישען צוג און אויף די וואַסערען פון פּאַציפיק האָט זיך נישט איינמאָל געלאָזט הערען אַ מעלאָדיע, וועלכע האָט אוודאי געמוזט אַרויסרופען וואונדער איבער וואונדער ביי די, וואָס זיינען פאַרטרויט מיט די שטענדיגע קלאַנגען, וועלכע מען האָט דאָרט געהערט. ביינאַכט צי בייטאָג,

פּלוצים שטיל איבער די כוואַליעס האָט זיך צעטראָגען אונזער אַלטער גמרא־ניגון. דאָס האָט דער אייביגער וואַנדערער, דער איד, זיך געטרייסט מיט זיין תורה. דאָס האָט איהם פאַרטראָטען זיין היים. דאָס האָט געשטילט זיין בענק־שאַפט נאָך קינדער, אָדער עלטערען. דאָס האָט אים געלאָזט אויף אַ ווײלע פאַרגעסען זיין שרעקלעכע לאַגע, זיין ביטערע נויט.

קומענדיג אין לאַנד פון „דער אויפגעהענדער זון", האָבען מיר אויך דאָ דערזעהען אונזערע ברידער. עטליכע צעהנדלינג זיינען זיי, די אידען פון קאָבע, אָבער וויפיל גוטס האָבען זיי אויפגעטאָן! אין דער צייט פון רעקאָר־דען, האָבען אָט די אידען אויך געשלאָגען אַ רעקאָרד — דעם רעקאָרד פון רחמנות, פון מקריב זיין זיך, פון ברידערליכקייט. איינער פון זיי באַוויזט זיך באַלד אויפ'ן שיף, וואָס קומט קיין צורוגא, און שפרייט אויס זיינע שיצענדע פליגלען אויף די ווייטע וואַנדערער. דאָס געפיהל פון באַנגיגקייט, פון מורא, פאַרשווינדט, ווען מען דערזעהט דעם הויכען אידען צווישען די יאַפּאַנישע אָפיצירען. עס איז דאָ די ברידערליך אויסגעשטרעקטע האַנד. מען איז צווישען אידען, — אויפ'ן ווייטען מזרח, צווישען היימישע אידען. דאָ האָבען מיר אפשר ערשט פאַרשטאַנען דאָס אַלטע וואָרט „צדקה עשה הקב"ה לישראל שפזרן בין העמים". — די ברידער האַנד אין יאַפּאַן, — דאָס איז די צדקה, וועלכער מיר האָבען צו פאַרדאַנקען די ערשטע הילף אין אונזער טראַגעדיע, אונזער אומגליק, אונזער היימלאָזיגקייט, אונזער צעשפּרייטקייט. ווייל איבע־ראַל זיינען דאָ אידען!

און ווען עס באַווייזט זיך נאָך טעג פון שטורם איבער'ן פּאַציפישען אָקעאַן די ערשטע יבשה, אויף וועלכע עס פלאַטערט שוין די שטערן־פאָהן פון אַמעריקע — דאַן באַגריסט אייך ווידער אַ איד. דאָס איז דער ערשטער אַמע־ריקאַנער איד, דער פאַרטרעטער פון דער קהלה אין האָנאָלולו. ווידער וואַ־רעמקייט. ווידער געפיהל, נאָהענט איז דער ציל. פריידיג קלאַפּען שוין די הער־צער.

ווילנא — טאָקיאָ — ניו יאָרק. ווען עס וועלען אַמאָל אויפשלאָגען די קומענדע דורות אָט די קאַפּיטלען פון אונזער וואַנדער־בוך, דאַן וועלען זיי זיכער דערזעהען צווישען די מיט בלוט דורכגעווייקטע בלעטער אויך אַ גאָל־דענעם פאָדעם, וואָס רופט זיך: אידישע אייביגקייט.



# ווען דער גמרא־ניגון האָט זיך צעטראָגען איבער די ימים...

(„אידישע שטימע", כסלו תש"ג — נאָוועמבער 1942)

בשעת מיר, אַ גרופּע גולי פּולין וליטא, האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין איבער דעם פּאַציפישען אָקעאַן קיין אַמעריקע, האָט קיינער פון אונז נישט געוואוסט, אַז אין דעם דאָזיגען עטאַפּ פון אונזער גלות דערוואַרט אונז נאָך אַ שווערער קאַמף. אַ געהיימער פאַרבינדעטער פון היטלער'ן האָט זיך שוין דאַן — עס איז נאָך געווען עטליכע חדשים פאַר „פּוירל האַרבאָר" — אויסבאַהאַלטען ביי די יאַפּאַנישע ברעגעס פון פּאַציפישען ים־הגדול: דאָס איז געווען — אַ מורא'דיגער שטורם, וועלכער האָט, נישט אויף קיין קאַטאָוועס, פּרובירט אונז בייצוקומען.

ווי נאָר אונזער שיף האָט זיך אַ ריהר געטאָן פון דעם ברייטען האַפען פון יאָקאָהאַמע און אויפ'ן לייכט־פאַרנעפּעלטען האָריזאָנט זיינען פאַרשוואונדען די קאָנטורען פון די געביידעס און די פאַרבליבענע שיפען, האָט זיך אָנגעהויבען אַ ווילדער שדים־טאַנץ: דער ים שטורמט. עס שלאָגען הויך די שוימענדע כוואַליעס. עס ברויזט. עס ווערט טונקעל אין מיטען טאָג. דער ווינד — מען רופט איהם: טייפון — קומט צו פליהען אויף בייזע שוואַרצע וואָלקענס און נעמט זיך צו אונז מיט אַ שרעקליכער ברוטאַליטעט.

דער ים־שטורם האָט זיך אויף אונזער שיף פאַרמאָסטען ממש מיט'ן זעלביגען אימפּעט, ווי די האָרדען פון היטלער'ן זיינען אויף אונז אָנגעפאַלען אין יענעם פינסטערען סעפּטעמבער־טאָג 1939, ווען דער חורבן־פּוילען האָט אָנגעהויבען צו ווערען אַ רעאַליטעט. ביידע מחבלים, היטלער און דער טייפון, האָבען זיך באַנוצט מיט אַ גלייכער מעטאָדע; זיי האָבען אָנגעזאָגט אַ בליץ־קריג. אין איין מאָמענט האָט די מלאכה געדאַרפט אָפּגעטאָן ווערען. אין אַ רגע־כמימרא האָט אַלץ געדאַרפט אונטערגעהן, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. און מען מוז זאָגען, אַז ווייניג וואָס האָט געפעהלט, אַז דער שותף פון פּאַציפישען ים־הגדול זאָל גומר זיין ביי אונז דאָס, וואָס דער שותף פון בערכטעסגאַדען האָט אָנגעהויבען.

די שיף האָט זיך אָנגעהויבען וואַקלען. אָט, האָט זיך געדאַכט, קעהרט זי זיך איבער. אָט ווערט זי באַדעקט פון אַ ריזיגער כוואַליע, וועלכע איז אויף איהר אַרויף מיט אַ געוואַלדיגער גבורה, מיט קולי־קולות, מיט כעס און רוגזה. די קליינע באַשפּעענישען, די פּאַסאַזשירען אין די קאַבינען, זיינען

אומגעפאַלען. נישטאָ מעהר קיין כוח זיך צו שלאָגען מיט׳ן שונא. מען מוז אָוועקגעבען, האָט זיך אויסגעוויזען, דאָס לעבען היטלער׳ס שותף אויפ׳ן פּאַציפישען ים־הגדול! פאַרפאַלען: באַלד וועט דער טייפון פאַרענדיגען דאָס איידעלע ווערק פון טויט און פאַרניכטונג, וואָס יענער האָט אַזוי מזל׳דיג אָנגעהויבען...

אָבער די שיף קעמפט. זי שלאָגט צוריק דעם אָנגריף, און דאַן נאָך איינעם און נאָך איינעם. עס פאַרגעהען שעה׳ן פון ביטערען געראַנגעל. עס פאַלט צו די נאַכט. די אַטאַקע ווערט נאָך פאַרביסענער. מיר ווערען געוואָרפען ווי שפּיל־באַלען אַהין און אַהער, און שפּירען שוין גאָר־נישט. אַזוי האָט אונז געבראָכען די מידקייט. מיר זעהען נאָר ווי עס אַרבייטען מיט שווייס און מיט אָנגסטען די מאַטראָזען. זיי לויפען אויף אַלע זייטען מיט זייערע פאַרטיידיגונגס־מכשירים, ציהען די שטריק, דרעהען די רעדער און שטופען צוריק דאָס וואַסער. די שיף לאָזט זיך ניט.

ביז עס לייטערט זיך אויס דער הימעל. עס ווערט ליכטיגער. עס הויבען אָן אַרויסצוקומען די ערשטע שימער פון דער גאָלדענער זון. און אומגלויבליך, וויפיל שוואַרצע וואָלקען עס קען פאַריאָגען איין זון־שטראַהל! זיי אַנטלויפען פאַר איהם אין אַ ווילדען פחד. זיי צושפּרייטען זיך ווייט, קנייטשען זיך איין און — ווערען מיטאַמאָל פאַרשוואונדען. היטלער און זיין שותף, דער טייפון, קענען צום סוף באַזיגט ווערען פון איין זון־שטראַהל!...

לעבעדיג ווערען צוריק די מענשען. שנעל געהט אַוועק די ים־קראַנקהייט. די זון און די לופט ברענגען באַלד די רפואה. עס לוינט זיך אַרויסצוגעהן אויפ׳ן דעק, כדי מיטאַמאָל געזונד צו ווערען. מיר זעצען זיך אויף אַ שטוהל און אונזער בליק לויפט איבער די ענדלאָזע וואַסערן פון ים. מיר הויבען אָן צונויפזאַמלען די געדאַנקען.

אָבער עפּעס ווערען מיר פּלוצים געשטערט. ער דערהערט זיך פון דערווייטענס אַ קלאַנג. אַ שטילע מעלאָדיע לאָזט זיך פאַרנעמען, אַ קול, וואָס אונזער אויער כאַפּט איהם קוים, אָבער עס איז עפּעס מאָדנע באַקאַנט. שנעל מוזען מיר געפינען דעם אָרט, פון וואַנען די מעלאָדיע קומט. ווי אַ מאַגנעט ציהט עס צו זיך. און אָט האָבען מיר עס געפונען.

אויף אַ באַנק זיצט זיך אַ יונגער־מאַן, פאַרטיפט איבער אַ ספר, און זינגט זיך אונטער.

דאָס איז אַ ישיבה־בחור פון ליטע. אַ גמרא איז אין זיין האַנט און גראָד לערנט ער די משנה אין בבא מציעא: „אלו מציאות שלו ואלו חייב להכריז" — „די דאָזיגע מציאות געהערען צו דעם יעניגען, וואָס האָט זיי געפונען, און די דאָזיגע מציאות מוז ער אויסרופען" — „מצא פירות מפוזרין, מעות

מפוזרות״ — „אויב ער האָט געפונען צעשפּרייטע געלד...״ — „הרי אלו שלו״ — „דאַן געהערט עס צו איהם״ — „רבי יהודה אומר: כל שיש בו שנוי חייב להכריז״ — „רבי יהודה זאָגט: אַלץ וואָס האָט עפּעס אַ פאַרענדערונג, מוז מען אויסרופען...״

און דאַן געהט אַוועק די גמרא ווייטער, מיט רש״י און תוספות. עס אינטערעסירט דעם מענשען לגמרי נישט, וואָס טוט זיך מיט דער שיף, וואָס טוט זיך בכלל מיט דער וועלט. נייך, דער פּראָבלעם איז איצט, צי זיינען די פאַרשפּרייטע פירות הפקר, צי ניט; צי האָט זיך זייער פריהערדיגער אייגענטימער פון זיי מיאש געווען, צי נישט. ער פאַרטיפט זיך אין דער דאָזיגער שאלה מיט׳ן זעלביגען ערנסט, ווי ער האָט עס געטאָן אין טעלז צי סלאָבאָדקע. די שיף טרייסעלט זיך, די וועלט געהט אונטער, אָבער זיין פּראָבלעם איז אַן אַנדערער: צי איז אין דער געפונענער מציאה געווען עפּעס אַ סימן, צי נישט? אָט וועגען וואָס עס געהט...

איינזאַם, אַליין, פאַרלאָזען האָט געוואַנדערט דער ישיבה־בחור איבער דער וועלט. ווייטע לענדער האָט ער שוין דורכגעשפּרייזט. איבערגעלאָזט זיין גאַנצע משפחה און אַלע נאָהענטע אין זיין קליינעם שטעדטעלע — און געזוכט אַן אָרט, וואו מען זאָל קענען פריי לערנען תורה. געלאָפען איבער וועלדער און וואַסערן, ביז ער האָט דערגרייכט זיין ציעל. נישט געשראָקען זיך פאַר הונגער און קעלט, נישט געקוקט אויף קיין שטערונגען: ער מוז לערנען תורה. און דער עקשן האָט אויסגעפיהרט. ער האָט געלערענט, כאָטש מלחמה איז געקומען אויף דער וועלט.

קוים איז עס אונמעגליך געוואָרען דאָרט, וואו ער האָט זיך געפונען, האָט ער פריש גענומען לויפען. זאָל עס זיין איבער׳ן סיביר. זאָל עס זיין איבער ימים. זאָל די סכנה זיין נאָך אַזוי גרויס. ער מוז האָבען פרייהייט צו לערנען תורה — פונקט ווי ער מוז האָבען לופט צו אָטעמען. און אַזוי איז ער צוגעקומען ביז דער שיף, וואָס האָט איהם איבער׳ן פּאַציפיק געוואָלט ברענגען קיין אַמעריקע. מיטגענומען האָט ער מיט זיך זיין אוצר: די גמרא. קוים אַרויס מיט׳ן לעבען פון מורא׳דיגען שטורם — און שוין גענומען זיך צום לערנען.

וואָס טוט זיך אין זיין נשמה איצט? — שווער צו דערגרונטעווען. אפשר טראַכט ער וועגען זיין אַלטער היים, וועגען זיין מוטער, וואָס איז געבליבען אין שטעדטעל און הונגערט זיכער דאָרט אָדער ציטערט פאַר קעלט? אפשר ליגט אין דעם ניגון אויך אַן אָפּקלאַנג פון זיין עלענדקייט? אפשר גיסט ער דאָרט אויס זיין צער, זיין פאַר׳יתום׳קייט? אפשר שפּיגעלט זיך דאָרט אָפּ אַ שרעקענס־בילד, וואָס זיינע אויגען האָבען אָקאָרשט געזעהן? אָדער אפשר

באַהאַלט גאָר די יונגע נשמה אין דעם בית־המדרש־ניגון איהר אומעט, איהר פּחד פאַר דער נישט־זיכערער צוקונפט ?

דאָס לעצטע דוכט זיך, אַז נישט. ווייל וועגען צוקונפט זאָרגען ישיבה־לייט אפילו אין די שווערסטע מאָמענטען נישט. זייער לעבען פון „פּת במלח תאכל ומים במשורה תשתה ועל הארץ תישן" — איז פרייער פון צוקונפט־דאגות, ווי דאָס לעבען פון מלכים און מאַגנאַטען. מלכים מוזען זאָרגען וועגען זייערע מלוכות, מאַגנאַטען וועגען זייערע אוצרות, אָבער דער ישיבה־מאַן איז מיט זיין פאַרמעגען פולקאָם זיכער. זיין לעבענס־אינהאַלט איז תמיד דאָ און געהט קיינמאָל נישט פאַרלוירען. ער נעהמט מיט זיך מיט זיין גמרא אי־בעראַל — צי איז עס דער קאַלטער סיביר, צי איז עס אַ ווילדע מדבר, צי אַ ווייטע אינזעל, צי דער נישט־פאַרמאָסטענער אָקעאַן — און דאָס איז פאַר איהם גענוג. ער לערענט תורה און — ער וועט לערנען תורה. אָט דאָס דריקט אויס זיין רייכקייט. ווייל זיין צוקונפט איז אַזוי זיכער ווי זיין געגענ־וואַרט. פונקט ווי מ'וואָלט פון עמיצען געזאָגט: „ער איז אַ גביר און בלייבט אַ גביר זיין לעבען לאַנג" — וואָס פאַר אַ עושר וואָלט דאָס געמוזט זיין! דוכט זיך, אַז עס איז לגמרי אַזאַ גביר נישט פאַראַן. און ביים ישיבה־מאַן איז זיין לעבענס־אינהאלט פון דער צוקונפט, זיין עתיד־קאַפּיטאַל, פולשטענדיג גאַ־ראַנטירט. תמיד און אויף אַלע צייטען. ער איז פון קיינעם נישט אָפּהענגיג.

„אלו מציאות שלו ואלו חייב להכריז" — האָט זיך שטיל געהערט אונ־טערזינגען אין מיטען פאַציפישען ים־הגדול. און אין דער מעלאָדיע האָט אויך אָפּגעקלונגען דער טאָן פון אַן אמת'דיגער „מציאה", וועלכע האָט זיך דאָ אַנטפּלעקט צו וויפילטען מאָל אויף דער וועלט און וועלכע מען וואָלט געדאַרפט לויט „מכריז" זיין, אַז אַלע זאָלען עס הערען: דער אַלטער אידי־שער גייסט, וועלכער האָט אַזאַ כוח, אַז ער הויכט תמיד אַריין פריש לעבען אין זיינע טרעגער, איז אומבאַזיגבאַר, נישט קיין היטלער, און נישט קיין טייפון, וועלען איהם ווען עס איז בייקומען!

„מצא פירות מפוזרין, מצא מעות מפוזרות, הרי אלו שלו" — „האָט ער געפונען צעשפּרייטע פירות, דאַן זיינען זיי זיין" — האָט זיך שטיל געהערט לערנען אין מיטען פאַציפישען ים־הגדול מיט'ן אַלטען זיסען גמרא־ניגון. איז דאָס נישט סימפּטאָמאַטיש? ווער איז נאָך אַזוי צעשפּרייט איבער דער וועלט, ווי די פירות פון אַלטען אידישען בוים, די פאַרוואָגעלטע קינדער פון אַלטען אידישען פאָלק? ווער מען נאָך, ווי זיי, קען מען געפונען צעשפּרייט איבער אַלע ימים און מדבריות, געיאָגט פון אכזריות'דיגע שונאים, גע'רודפ'ט פון אַלע בייזע רוחות? און אויב אַזוי — טאָ פאַרוואָס נעהמט זיך פאַר זיי שוין נישט ענדליך אָן דער, וואָס „הרי אלו שלו", דער, וואָס דאָס אידישע פאָלק איז זיין, זייט טויזענטער יאָהרען?...

# שאַנכאַי: דער גלות־צענטער פון תורה אויפ׳ן ווייטען מזרח

.1

(„מאָרגען זשורנאַל“, י״ב טבת תש״ג — 20 דעצעמבער 1942)

אויף די מערקווירדיגע שליאַכען פון דער אידישער וואַנדערונג בעת דעם איצטיגען וועלט־געראַנגעל זיינען איבערגעבליבען דויערענדע צייכענס. דער קונפטיגער היסטאָריקער, וועלכער וועט באַשרייבען דעם דערנער־וועג פון די אידישע פּליטים בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועט נישט האָבען קיין שווערע אַרבייט, ווייל איבעראַל, וואו זיי זיינען אָנגעקומען, האָבען זיי איבערגעלאָזט שפּורען. דער אייביג יונגער אידישער גייסט האָט אין די שווערסטע מאָמענטען פון אונזער פאָלקס־עקזיסטענץ נישט אויפגעהערט צו זיין פּראָדוקטיוו. און ווען די פּליטים זיינען פאַרוואָרפען געוואָרען אין וועלכען עס איז ווינקעל פון דער וועלט, וואו עס איז נאָר געווען אַ דרוק־מאַשין און אַ ביסעל צייטונג־פּאַפּיר צו באַקומען, — באַלד איז געוואָרען עפּעס געשריבען און פאַראייביגט אין דרוק.

וועגען אַזעלכע שפּורען פון דער אידישער גלות־סטאַנציע, וועלכע רופט זיך שאַנכאַי, אויף דעם ווייטען מזרח, ווילען מיר דאָ דערצעהלען.

די פּוילישע פּליטים פון ווילנע זיינען קיין שאַנכאַי אָנגעקומען זומער 1941. אַ קליינע צאָהל איז דאָרט געווען נאָך פון די חדשים מערץ־אַפּריל, ווייל זייט מערץ 1941 האָט יאַפּאַן שוין קיין פּליטים מעהר נישט אַריינגעלאָזט און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ רוסישע עקזיט־וויזע האָט געמוזט דירעקט מיט׳ן שיף פאָהרען פון וולאַדיוואָסטאָק קיין שאַנכאַי. די אַריבער 1000 אידישע פּליטים פון ווילנע, וועלכע זיינען געווען אין קאָבע און יאָקאָהאָמע פון יאַנואַר און פעברואַר 1941, האָבען סוף זומער געמוזט פאַרלאָזען יאַפּאַן און זיינען אַלע געשיקט געוואָרען קיין שאַנכאַי. צווישען זיי האָט זיך געפונען כמעט אַ העלפט רעליגיעזע אידען, רבנים, עסקנים און ישיבה־לייט.

אָנקומענדיג קיין שאַנכאַי אין אַזאַ גרויסער צאָהל, האָבענדיג צווישען זיך פאַרטראָטען פאַרשידענע שיכטען פון דער אידישער אינטעלעקטועלער וועלט און זייענדיג דורשטיג נאָך אַ היימישער אַטמאָספערע — האָבען די רעליגיעזע פּליטים באַלד זיך גענומען צום אויפבויען פון אַן אייגען גייסטיג

לעבען. עס זיינען באַלד געגרינדעט געוואָרען צוויי ישיבות: די תלמידים פון דער מירער ישיבה, וועלכע זיינען געקומען אין אַ גרעסערער צאָהל, האָבען זיך עטאַבלירט באַזונדער, און די תלמידים פון די אַנדערע ישיבות האָבען געגרינדעט אַ נייע קאָלעקטיווע ישיבה א. נ. „ישיבת מזרח הרחוק". די אָרטאָדאָקסישע שרייבער זיינען נישט געבליבען היגטערשטעליג מיט'ן אויפמאַכען זייער אייגען צעלט. דעם 21־טען סעפטעמבער 1941, ערב ראש־השנה תש"ב, האָט זיך באַוויזען דער ערשטער נומער פון אַ צייטונג וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען: „די אידישע שטימע פון וויטען מזרח" מיט אַן אונטער־קעפּעל: „אָרטאָדאָקסישע צייטשריפט".

דער דאָזיגער ערשטער נומער האָט געהאַלטען 4 זייטען און האָט געבראַכט געוויסע ידיעות פון לעבען פון די ניי־אָנגעקומענע פּוילישע פּליטים. עס איז דאָרט דערצעהלט געוואָרען, אַז ווען מיט עטליכע טעג פאַר'ן דערשיינען פון נומער זיינען מיט אַ שיף אָנגעקומען 350 פּליטים פון קאָבע, דאַרונטער אַ סך רבנים, ישיבה־לייט און עסקנים, „זיינען זיי ביים פּאָרט געווארען עמפּפאַנגען דורך אַ ספּעציעלען קבלת־פּנים קאָמיטעט און אין אויטאָס זיינען זיי געוואָרען אָפּגעפיהרט אין די פאַר זיי באַשטימטע וואוין־ערטער אין שוהלען און בתי־מדרשים. די לאַגע איז אַן אויסערגעוועהנליך קריטישע. שוין 2 וואָכען, ווי זיי וואַלגערען זיך אין די שוהלען און דאָס צוזאַמען מיט די שווערע קלימאַטישע באַדינגונגען, וואָס הערשען אין שאַנכאַי, האָבען שוין גורם געווען צופיל קראַנקהייטס־פאַלען צווישען די בני־הישיבות און עטליכע צעהנדליג פון זיי ליגען אין די שפּיטאָלען".

ליטעראַריש איז דער ערשטער נומער פון דער „אידישער שטימע פון וויטען מזרח" באַשטאַנען פון אַ לייט־אַרטיקעל צו ראש־השנה און פון אַ גרויסען אַרטיקעל א. נ. „חשבון הנפש", אין וועלכען דער מחבר, געצייכענט מיט די ראשי־תיבות „ה. ק.", האָט אויפגעוויזען, אַז דער חורבן פון אידישען פאָלק איז געקומען צוליב'ן פאַרלירען זיין כאַראַקטער אַלס תורה־פאָלק. „אַלע ליידען פון אידען אין די לעצטע יאָהרען — האָט ער געשריבען — וואָס זיינען געקומען שטופענווייז, לויט דעם סדר ווי עס איז פאָראויסגעזאָגט פון דער תורה, נביאים און חכמים, זיינען אַ וואָרנונג פון גאָט צו אידען, דאָס זיי זאָלען זיך דאָך אַרומקוקען ,וואו זיי זיינען אין דער וועלט"...

דער צווייטער נומער פון דער „אידישער שטימע פון וויטען מזרח" איז דערשינען ערב סוכות תש"ב (5־טען אָקטאָבער 1941). ער האָט אַנטהאַלטען 6 זייטען, אַ רייה ידיעות פון לעבען פון פּוילישע רעליגיעזע פּליטים און עטליכע אַרטיקלען. צווישען די ידיעות איז געווען אַן איבערבליק איבער די פאַרהעלטענישען אין אַזוי גערופענעם „דייטשען הילפס־קאָמיטעט" אין

שאַנכאַי, וועלכער האָט פון די אַמעריקאַנער הילפס־געלדער אויסגעצאָהלט די פּוילישע פּליטים אַ שטיצע, וואָס האָט באַטראָפען פינף מיט אַ האַלבען אַמעריקאַנער סענט אַ טאָג אויף אַ מענש, און ווען די „דזשאָינט" צענטראַלע אין אַמעריקע איז פון דעם דורך די פּליטים פאַרשטענדיגט געוואָרען, איז די שטיצע געהעכערט געוואָרען אויף עלף סענט אַ טאָג. מיט פאַרביטערונג ווערט באַטאָנט, אַז די דאָזיגע שטיצע פון פינף מיט אַ האַלבען סענט, און דאַן עלף מיט אַ האַלבען סענט, האָט געדאַרפט זיין נישט נאָר פאַר פּרנסה, נאָר אויך שוין פאַר דירה־געלד, קליידונג און מעדיצינישע אויסגאַבען. נישט דער „דזשאָינט" ווערט באַשולדיגט, נאָר דער לאָקאַלער קאָמיטעט פון דייטשע אידען, וועלכער האָט געצילט „די פּליטים נאָך מעהר מאָראַליש צו צעברעכען און זיי פּסיכאָלאָגיש צו פאַרוואַנדלען אין שטענדיגע בעטלער".

אַ ריהרענדען אַרטיקעל א. נ. „בית יעקב" האָט אין זעלביגען נומער געשריבען אַ לערערין, וועלכע האָט געגרופען צו גרינדען אַ רעליגיעזע טעכ־טער־שול אין שאַנכאַי. אין איהרע אויערען, האָט זי געשריבען, קלינגט דער רוף פון דער „מוטער" פון דער „בית־יעקב"־באַוועגונג, שרה שענירער: „מיינע קינדער, אין וועלכען אָרט איהר זאָלט נישט פאַרוואָגעלט ווערען און אין וואָס פאַר אַ מצב איהר זאָלט זיך נישט געפינען, זאָלט איהר ווייטער אייערע כחות ווידמען פאַר'ן בוי פון דער „בית־יעקב"־באַוועגונג, פאַר וועל־כער איך האָב מיין לעבען געאָפּפערט".

צווישען די ידיעות ווערט דערצעהלט, ווי די פּליטים האָבען ימים־נוראים געדאַוונט אין אַ ניי־אויפגעבויטער שוהל פון די רוסישע אידען. שבת שובה האָט די ניי־געגרינדעטע אָפּטיילונג פון דער „אגודת ישראל" אָפּ־געהאַלטען אין דער שוהל „אוהל משה" אַ פאַרזאַמלונג פאַר חיזוק הדת, וועגען וואָס עס ווערט אויספיהרליך איבערגעגעבען אין אַ ווייטערער נאָטיץ. בכלל דערקענט זיך אַ שטאַרק פּולסירענד לעבען צווישען די רעליגיעזע פּליטים, אָבער אַלץ אונטער'ן צייכען פון איין פּראָבלעם: וואָס ווייטער? וואו נעמט מען אַן אַמעריקאַנער וויזע? ווען פאָהרט מען שוין אַוועק?

אין דער רעליגיעזער שרייבער־מחנה פון שאַנכאַי האָט, ווייזט אויס, באַלד נישט געהערשט קיין שלום־בית, ווייל דעם 31־טען אָקטאָבער 1941 באַווייזט זיך אַ נייע צייטונג: „דאָס וואָרט", מיט'ן אונטער־קעפּעל „וואָכענ־שריפט פאַר דעם רעליגיעזען געדאַנק אויפ'ן ווייטען מזרח". דער ערשטער נומער האַלט 6 זייטען, פון דעם 4 אויף אידיש און 2 אויף ענגליש. דער אַריינפיהר־אַרטיקעל פון ש. עלבערג אונטער'ן לאַטיינישען קעפּעל „דע פּראָ־פונדיס" (ד. ה. פון די טיפענישען, ממעמקים) איז אַ וועה־געשריי וועגען דער צוקונפט פון דער רעליגיעזער יוגענד. דער מחבר שרייבט מיט ענטוזיאַזם

וועגען די לייסטונגען פון דער „אגודת ישראל“, אָבער ער האָט אַ טיפע זאָרג וועגען דעם, צי די יוגענד איז ביי איהר געבליבען. „ווערלענדיג צעמענטירען דעם תורה־סאוועראַניטעט אין אינדיווידועלען ווי אין געזעלשאַפטליכען לע־בען, האָט „אגודת ישראל“ געמוזט אַ סך ענערגיע פאַרשווענדען, כדי איהר שטים זאָל נישט דערשטיקט ווערען. אויף איהר רוף האָבען זיך פאַרמירט גרופּען, אונטער איהר פאָהן האָבען זיך געקלאַמערט טויזענטער, אָבער צי איז דאָס אַ באַפרידיגונג? ניין, טויזענט מאָל ניין. מיר דאַרפען זיך אַוועק־זעצען ביים טיש און מיט פולער ערנסטקייט באַטראַכטען, ווי אַזוי צו שליסען אונזער רעזערוואואַר, פון וואַנען מ׳שעפּט קרבנות פאַר׳ן מולך“.

דער נוסח פון „שטורם און דראַנג“ באַהערשט אויך די אַנדערע אַר־טיקלען אין „וואָרט“. דער שרייבער פון לייט־אַרטיקעל האָט אויך דארין אַ פּראַכטפול ליד, וועלכעס דריקט אויס די בענקשאַפט פון דער וואַנדערענדער נשמה. דאָס ליד הייסט: „כ׳וויל אַ היים...“ און איז אונטערגעשריבען מיט׳ן פסעוודאָנים פון מחבר, ע. שמחוני. מיר גיבען דאָ איבער די ערשטע צוויי סטראָפען פון דאָזיגען שטימונגס־ליד:

„גיט מיר מיין פאַרבלוטיגטע היים,  
כ׳וועל קושען די ציגעל, כ׳וועל קושען די ליים;  
גיט מיר מיין היים געהייליגט אין פלאַמען,  
אפשר וועל איך נאָך דאָרט געפינען מיין מאַמען.

אויף אַלע וועגען, אויף אַלע ימ׳ען  
האָב איך נישט געפונען קיין מאַמען.  
ס׳איז בלויז אַ חבר מיר דער ווינט,  
וואָס ווישט אָפּ מיין טרער, וואָס פון אויג רינט“.

עלבערג־שמחוני האָט, חוץ דעם, אין ערשטען נומער „דאָס וואָרט“ נאָך עטליכע אַרטיקלען. איין אַרטיקעל הייסט: „האַלאָ, האַלאָ, דאָ רעדט שאַנכאַי!“ דאָרט באַשרייבט ער די ישיבה־בחורים פון פוילען, וועמענס קול־תורה טראָגט זיך פונאַנדער פון דער געביידע, וואו זיי לערנען, אָבער וועל־כעס ווערט פאַרמישט מיט׳ן קרעכצען פון די צעהנדלינגער קראַנקע תלמידים, וואָס ליגען אין שטאַרקען פיבער צוליב די שרעקליכע לעבענס־באַדינגונגען. אַ ווייטערער אַרטיקעל איז געווידמעט דעם יאָהרצייט פון לובלינער רב, ר׳ מאיר שפּירא.

אין ענגלישען טייל געפינען מיר נאָך דעם פּראָגראַם־אַרטיקעל „פראָם דהי עדיטאָר“, וואו אַלס ציל פון נייעם אָרגאַן ווערט אָנגעגעבען „דאָס פאַר־

ענטפערען פון דער שאלה, ווי אַזוי צו אַנטוויקלען דעם רעליגיעזן גלויבען און רעליגיעזן געדאַנק צווישען שאַנכאַיער אידען" — אַן אַרטיקעל איבער שמירת שבת, אַ ביאָגראַפיע פון רמב"ם און אַ באַטראַכטונג וועגען דער סדרה פרשת לך־לך, געשריבען דורך הרב שמואל וואלקין.

פון די ידיעות אין ערשטען נומער „דאָס וואָרט" אַנטנעמט מען, אַז די טעטיגקייט פון די רעליגיעזע פליטים האָט זיך ווייטער שטאַרק אַנטוויקעלט. דער אָמשינאָווער רבי פון פוילען האָט אויף אַ פאַרזאַמלונג פאָרגעשלאָגען צו גרינדען אַן אומפאַרטייאישע געזעלשאַפט א. נ. „מחזיקי הדת", וועלכע האָט געזאָלט אַרבייטען פאַר אָפּהיטען פון שבת, כשרות און טהרת המשפחה. אין טעלזער קיבוץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די יאָהרצייט פון אַלטען טעלזער רב און עס איז פאָרגעקומען אַ מסיבה מיט אַ דרשה פון לאָקאַטשער רב. דער „פוילישער פליטים־קאָמיטעט" איז געוואָרען אַנערקענט פון „דזשאָינט" און עס איז אַנטשטאַנען אַ האָפנונג, אַז די פוילישע פליטים וועלען באַקומען אַ גרעסערע שטיצע.

דער צווייטער נומער „דאָס וואָרט" איז אַרויס דעם 7־טען נאָוועמבער 1941, אַ חודש פאַר „פוירל האַרבאָר". ער איז שוין צוזאַמענגעשרומפּען צו 4 זייטען, דערפון איינע און אַ האַלבע אויף ענגליש. עלבערג־שמחוני האָט זיין לייט־אַרטיקעל „האַלאָ, האַלאָ, דאָ רעדט שאַנכאַי!" דער אַרטיקעל איז אַ שטימונגס־בילד נאָך אַ טאַנץ־אָוונד. דער מחבר פאַרשטעהט נישט מעהר קיין פרייד צוליב די שרעקליכע מלחמה־געשעהענישען. ער פאַרענדיגט איהם מיט די ווערטער: „פּאַדערעווסקי, דער גרויסער פוילישער פּיאַניסט, האָט געשווארען נישט אָנצוריהרען די פּיאַנאָ־קלאַווישען ביז פוילען וועט אויפשטעהן — איך שווער נישט צו טאַנצען ביז דער לעצטער איד וועט אַרויס פון געטאָ, און איך גלויב, אַז נישט איינער וועט אויף מיין שבועה מיט'ן גאַנצען האַרצען זאָגען אָמן".

מעהר קיין אידישע אַרטיקלען זיינען אין צווייטען נומער „דאָס וואָרט" נישטאָ, חוץ אַ פעליעטאָן „דעם רב'ס טאָכטער" פון „בעל דמיון", אַ דערצעהלונג, וועמענס ערשטער טייל איז געווען נאָך אין ערשטען נומער. אין ענגלישען טייל איז דאָ אַ המשך פון אַרטיקעל וועגען שמירת שבת א. א. וו.

ידיעות אין צווייטען נומער „דאָס וואָרט" דערצעהלען פון אַן אָנהאַלטענדער קולטורעלער טעטיגקייט. דער פאַראיין פון אידישע ליטעראַטען און זשורנאַליסטען האָט איינגעאָרדענט אַ ליטעראַריש־אַרטיסטישען אָוונט. די ישיבה „מזרח הרחוק", וועלכע האָט געצעהלט אַרום הונדערט בחורים, האָט זיך איבערגעצויגען אין אַן אַנדערען לאָקאַל. דעם 1־טען נאָוועמבער האָט דער „איסט־דזשוקאָם" (דער קאָמיטעט פאַר מזרח־אייראָפּעאישע פליטים)

איינגעאָרדנעט אַ באַל (ווייזט אויס, אַז אונטער׳ן איינדרוק פון דעם דאָזיגען באַל האָט עלבערג־שמחוני געשוואָרען נישט מעהר צו טאַנצען). אַ רייך, קאַ־לירפול לעבען האָט זיך אַנטוויקעלט צווישען די פוילישע פליטים במשך ווינ־ציגע חדשים.

דער תלמיד פון דער פינסקער ישיבה, אליעזר בריקס, וועלכער איז אָנגעקומען אין דער ישיבה „מזרח הרחוק״, האָט אַרויסגעגעבען דאָס ערשטע העפט פון אַ ספּעציעלער תורה־צייטשריפט א. נ. „אור תורה ממזרח״. אין דער הקדמה, וועלכע איז געשריבען חמשה־עשר באב תש״א, דערצעהלט הרב בריקס ווי עס זיינען מיט נסים קיין שאַנכאַי אָנגעקומען צאָהלרייכע תלמידים פון פוילישע און ליטווישע ישיבות און דאָרט באַקומען די מעגליכקייט צו שמידען ווייטער די גאָלדענע תורה־קייט. דער שאַנכאַיער רב, הרב אשכנזי, האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער נייער גרויסער ישיבה. אַלע תלמידים זיינען זיך, שרייבט דער מחבר, באַוואוסט פון דער גרויסער פאַראַנטוואָרט־ליכקייט, וואָס לאַסטעט אויף די בני־תורה אין דער קריטישער צייט.

אין דאָזיגען ערשטען העפט איז קודם אָפּגעדרוקט דער ערשטער שיעור פון הרב אשכנזי, ווען ער האָט אָנגעהויבען צו לערנען די מסכת כתובות אין דער נייער ישיבה. דער דאָזיגער מאמר הייסט: „דור שבן דוד בא״. דאַן קומען פּלפּולים אויף עטליכע סוגיות און 4 מאמרים אין אגדה: „תמונת העולם וישראל״ (וועגען דעם אָפּהאַלט פון דער גאולה), „ישיבת מזרח הרחוק״ (וועגען די וואַנדערונגען פון דער תורה), „בקשת עם ישראל״ (וועגען דעם ליכט פון משיח, וואָס קען דערגרייכט ווערען דורך דעם באַפרידיגען די גייס־טיגע פאָדערונגען פון דער נשמה), און „קיום עם ישראל״ (וועגען דעם כח פון אידישען פאָלק זיך אַנטקעגענצושטעלען אַלע רדיפות אויף איהם און זיין אייביגקייט).

עס איז אונז נישט באַוואוסט, צי פון דער צייטשריפט „אור תורה ממזרח״, זיינען נאָך דערשינען ווייטערע העפטען. נאָך „פּוירל האַרבאָר״ זיינען די מויערען אַרום דעם קליינעם אידישען קיבוץ פון פוילישע אידען אין שאַנכאַי ענגער געוואָרען. אָבער דאָס אייגענאַרטיגע לעבען איז ווייטער אָנגעגאַנגען, לויט ידיעות, וועלכע זיינען דערגאַנגען פון די ווינציגע גליק־ליכע, וועלכע זיינען אויסגעטוישט געוואָרען ביים דיפּלאָמאַטישען בירגער־אויסטויש. די ישיבה־לייט לערנען, די דיכטער שרייבען, נאָר געדרוקט ווערט, ווייזט אויס, נישט מעהר.

2.

(„מאָרגען זשורנאַל", י"א אייר תש"ו — 12 מאַי 1946)

עס ליגען פאַר מיר אַ רייה באַריכטען פון שאַנכאַי, וועלכע דערצעה־לען שטוינענדע פאַקטען פון דעם דאָרטיגען אידישען לעבען. זיי וואַרפען אַ ליכט אויף די געשעהענישען אין אָט דעם פאַרוואָגעלטען אידישען קיבוץ, טויזענטער מייל ווייט פון אַמעריקע און פון אייראָפּע. דער דאָזיגער קיבוץ איז פּיעל־פאַרביג צוליב דעם, וואָס ער איז צוזאַמענגעשטעלט פון אידען פון פאַרשיידענע לענדער; אַלע האַלטען זיך דאָרט ביי זייערע טראַדיציעס און עס פּולסירט דאָרט אַ שטאַרק אידיש לעבען.

קודם־כל וועגען דעם, ווי עס איז אָנגעגאַנגען דאָס רעליגיעזע לעבען אונטער דער יאַפּאַנישער הערשאַפט.

עס שטעלט זיך אַרויס, אַז אפילו אונטער'ן שטאַרקסטען דרוק פון די מלחמה־געשעהענישען האָט דער רעליגיעזער אידישער קיבוץ נישט אָפּגע־שטעלט זיינע אַקטיוויטעטען. די אַלגעמיינע כשר'ע קיך אין האָנקיו (אַ טייל פון שאַנכאַי), האָט אַרויסגעגעבען טויזענטער מיטאָגען. די תלמוד־תורה, וועלכע איז געשאַפען געוואָרען אין יאָהר 1941, איז אָנגעגאַנגען מיט איהר אַרבייט (5 מלמדים האָבען כסדר געלערענט מיט די קינדער). הרב מאיר אשכנזי, די צענטראַלע פיגור אין שאַנכאַיער אידישען וועלטעל, האָט געגעבען דעם שטויס צו פאַרשיידענע אַקציעס פאַר חיזוק הדת.

אַ גרופּע פון „אגודת ישראל" האָט, נאָכ'ן איינאָרדענען די שאַנכאַיער געטאָ, אָנגעפאַנגען אַן אַקציע וועגען שמירת שבת. מען האָט אָפּגעדרוקט פלוג־בלעטער און אַגיטירט אין די שוהלען, אַז די אידישע געשעפטען דאַרפען זיך שליסען שבת און אַז די בעלי־מלאכות זאָלען נישט אַרבייטען שבת. אַכציג פּראָצענט פון די געשעפטען האָט געפאָלגט דעם רוף. אָבער נאָך צוויי אַזעלכע שבתים איז צו דער יאַפּאַנישער מאַכט געקומען אַ מסירה, אַז דאָס שעדיגט די מלחמה־אינטערעסען פון דער מדינה. (עס איז געווען אַ חשד אויף עטליכע משומדים, אַז זיי האָבען דאָס געטאָן). די מאַכט האָט געשיקט רופען די „בונ־טאָוטשיקעס". דער געטאָ־קאָמיסאַר האָט געוואָרענט אַ דעלעגאַציע מיט הרב אשכנזי אין שפּיץ, אַז אויב מען וועט תיכף נישט אָפּשטעלען די אַקציע, דאַן וועט ער וויסען ווי צו רעאַגירען.

די צוויי שבתים ווערען מיט שטאָלץ דערמאָנט אין שאַנכאַי.

די פּלאָג פון משומדים האָט זיך סאַי בשעת דער מלחמה, סאַי שפּעטער, שטאַרק געלאָזט שפּירען ביי די שאַנכאַיער אידען. דורך אַ מאָדנעם צופאַל האָבען זיך עטליכע משומדים אַריינבאַקומען אויף פיהרענדע שטעלעס אין דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט. ווען עס איז געקומען פּסח, האָבען זיי

געלאָזט טיילען חמץ אין די קיכען. דאָס האָט געבראַכט פּראָטעסט־פּאַרזאַמ־לונגען, און סוף־כל־סוף האָט דער אַזוי־גערופענער „קיטשען־פאָנד" געמוזט נאָכגעבען. דער שפּיטאָל פאַר אידען האָט נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען באַקו־מען אַ כשר'ע קיך.

אַ „בית־יעקב"־שול פאַר מיידלעך איז געשאַפען געוואָרען נאָך פאַר דער מלחמה, אָבער בשעת דער יאַפּאַנישער הערשאַפט האָט מען זי אַרויסגע־וואָרפען אין גאַס (ווידער דורך אַ מסירה). זיינען פון שוועדען אָנגעקומען געלדער, כדי צו דערמעגליכען דאָס דינגען פון אַ נייער היים. די שול האָט זיך וואונדערבאַר אַנטוויקעלט אַ דאַנק דער איבערגעבענקייט פון די עסקנים און די לערערינס. זי עקזיסטירט נאָך היינט און אַ בילד פון דער שול מיט די תלמידות און לערערינס, וואָס איז אקאָרשט אָנגעקומען פון שאַנכאַי, גיט אַ באַגריף וועגען פאַרנעם פון דער אינסטיטוציע. (זי צעהלט היינט־צו־טאָג 150 קינדער און באַשעפטיגט 6 לערערינס).

אַ גלענצענד קאַפּיטעל שטעלט פאָר — אין דער שוואַרצעסטער תקופה פון אונזער נאַציאָנאַלען חורבן — דער ענין ישיבות אין שאַנכאַי. בערך 400 ישיבה־לייט פון פוילען און ליטע זיינען אין יאָהר 1941 אָנגעקומען, ווי באַוואוסט, קיין שאַנכאַי: די גרעסטע גרופּע האָט באַלאַנגט צו דער מירער ישיבה, אָבער אויך קלעצק, קאַמעניץ, ראַדון, לובלין, ליובאַוויטש און אַנדערע זיינען געוועזען היבש פאַרטראָטען. אָט די ישיבה־לייט, וואָס צוזאַמען מיט אַ גרופּע רבנים און כולל־לייט, ווי אויך סתם אָרטאָדאָקסישע עסקנים פון פּוי־לען, האָבען דערגרייכט די צאָהל פון 500, זיינען געוואָרען אַ לעגענדע. זיי האָבען באַוויזען דער וועלט, אַז גייסטיגע תורה־ווערטען קענען אויפהאַלטען אַ אידישען קיבוץ אין דער שרעקליכסטער לאַגע. מען קען זאָגען, אַז עטליכע צעהנדלינג טויזענט אידען אין שאַנכאַי האָבען זיך געשטאַרקט גייסטיג און מאָראַליש ביים תורה־אידעאַל, וואָס די ישיבה־לייט האָבען דאָרט פאַרפלאַנצט. די ישיבות זיינען געווען דער גייסטיגער צענטער פון שאַנכאַיער אידענטום; זיי האָבען אַריינגעבראַכט מוט און לעבענס־ווילען צווישען די אַרומיגע אי־דישע מאַסען, וועלכע האָבען געזעהען דעם געוואַלטיגען אידעאַליזם פון די תורה־לערנער.

און נישט נאָר דאָס אַליין. די ישיבות האָבען באמת געזאָרגט פאַר דער דערציהונג פון גאַנצען אונטערוואַקסענדען דור. די תלמוד־תורה, וואָס איז אָנגעפאַנגען געוואָרען מיט 23 קינדער, האָט זיך צעוואָקסען ביז 200 תלמי־דים (געטיילט אין 12 קלאַסען). אין יאָהר 1943 איז געגרינדעט געוואָרען אַ ישיבה קטנה, כדי צוצוגרייטען די קינדער, וואָס ענדיגען די תלמוד־תורה, פאַר אַ ריכטיגער ישיבה. ביי דער מירער ישיבה איז געעפענט געוואָרען אַ מכינה, וועלכע האָט אַריינגענומען העכער 300 תלמידים פון דער ישיבה קטנה.

אַזוי־אַרום איז אַנטשטאַנען אַ גאַנצע קייט פון תורה־אנשטאַלטען, אין וועלכע דאָס אַלטע אידישע ליכט איז געוואָרען אונטערגעהאַלטען.

מען האָט זיך אין שאַנכאַי נישט באַנוגענט מיט לערנען תורה אין די ישיבות. מען האָט אויך געזאָרגט, אַז מענשען זאָלען ביי זיך אין שטוב קענען זיך פאַרטיפען אין די תורה־אוצרות: מען האָט געדרוקט ספרים! עס קלינגט פשוט אומגלויבליך, אַז אין מלחמה־צייט, ווען די ישיבה־לייט און רבנים זיינען געווען פאַרמאַכט אין אַ געטאָ, האָבען זיי באַוויזען אָפּצודרוקען אַ גאַנ־צע רייה ספרים. און נישט נאָר סידורים, תהלים׳לעך, קיצור שולחן ערוך׳ס אָדער גמרות. מען האָט אָפּגעדרוקט דעם רשב״א אויף ש״ס, די „שערי תשובה״ פון רבינו יונה, דעם „מסלת ישרים״ פון ר׳ משה חיים לוצאַטאָ. מען האָט אויף אידיש איבערגעדרוקט דאָס פּאָפּולערע ספר „דער תורה־קוואַל״ פון ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאַן פון וואַרשע, דעם מאַרטירער און קדוש פון געטאָ, אַזוי אַז די ברייטע מאַסען, וואָס קענען נישט גוט לייענען העברעאיש, זאָלען האָבען זייער תורה־ספר. די גאַנצע אויפלאַגע איז תיכף צעכאַפּט געוואָרען. די ליובאַוויטשער גרופּע האָט פאַרעפענטליכט אַ זאַמ־לונג „לקוטי דיבורים״ פון ליובאַוויטשער רבי׳ן. אַ סלאָנימער חסיד האָט איבערגעדרוקט דאָס ספר „יסוד עבודה״ פון סלאָנימער רבי׳ן.

אפילו אַ צוואַנציג־זייטיגע אויסגאַבע פון אַ אידישער צייטונג („די אידישע שטימע פון ווייטען מזרח״) איז אַרויסגעגאַנגען אין חודש אויגוסט 1942, כדי צו פייערען דעם 30־יאָהריגען יובל פון „אגודת ישראל״. די אויס־גאַבע איז אין דריי שפּראַכען (אידיש, רוסיש און ענגליש), מיט בילדער, באַגריסונגען, א. א. וו. ווען מען לייענט אָט די אויסגאַבע, וואָלט מען בשום אופן נישט געגלויבט, אַז דאָס איז געדרוקט אין אַ צייט, ווען די מענשען זיי־נען געווען געפאַנגענע ביי די נאַצי־שותפים און עס האָט זיי כסדר געדראָהט דער אונטערגאַנג.

די אַלע ספרים און אויסגאַבען זיינען אַן אמת׳דיגער „שיר המעלות ממעמקים קראתיך ד׳״. פון דער טיפעניש, פון סאַמע ראַנד פון אָפּגרונד, האָ־בען זיך אין שאַנכאַי דערהויבען געטליכע געזאַנגען, איידעלע שטימען פון דער ליידענדער אָבער נישט פאַרצווייפלענדער אידישער נשמה. אין דער אידישער קולטור־געשיכטע וועלען זיי פאַרבלייבען אַלס דאָקומענטען פון גרויסען ווערט.

וואָס פיהלט היינט־צו־טאָג דער אידישער קיבוץ אין שאַנכאַי?

דער הויפּט־פּראָבלעם איז די עמיגראַציע. דאָס האָט אַלעמענס אויפ־מערקזאַמקייט. יעדער פון די באַפרייטע שאַנכאַיער אידען וויל, נאָך די שווע־רע 6 מלחמה־יאָהרען (די דייטשע פליטים האָבען הינטער זיך, צום טייל, אפילו אַ לענגערען גלות, ווייל זיי זיינען אַוועק פון נאַצי־גיהנום נאָך פאַר׳ן

אויסברוך פון דער מלחמה), זיך פאַראַנקערען ערגעץ־וואו און אָנפאַנגען אַ נאָרמאַלען לעבען. אין די פאַרשיידענע נומערען פון צוויי שאַנכאַיער פעריאָדישע צייטשריפטען, וועלכע ליגען איצט פאַר מיר (איינע אין אידיש, „די אידישע שטימע אין וויטען מזרח״, און די צווייטע אין דייטש, „יודישעס נאַכריכטען־בלאַט״), זיינען דער רוב אַרטיקלען געווידמעט דעם פּראָבלעם פון עמיגראַציע. איין ארטיקעל הייסט אַזוי, אַז דער מהות פון פּראָבלעם ווערט באַלד קלאָר: „אַמעריקע אָדער ארץ־ישראל, וואוהין דאַרפען רבנים און ישיבות עמיגרירען?״ אין זעלבען נומער איז דאָ נאָך איין אַרטיקעל: „פאַרשטעהט אונז; צום עמיגראַציע־פּראָבלעם״, פון י. ד. עפּשטיין, אין וועלכען דער מחבר איז מודה, אַז די אייראָפּעאישע שארית הפליטה האָט אַ פאַררעכט צו עמיגרירען, אָבער טראָצדעם אַפּעלירט ער הייס צו ראַטעווען דעם שאַנכאַיער קיבוץ.

„אַלץ, וואָס דאָס אידענטום מעבר לים טוט איצט פאַר אונזערע אומגליקליכע אין אייראָפּע״ — שרייבט י. ד. עפּשטיין — „איז הייליג, קודש קדשים, און פריהער, זיכער פריהער פאַר אונזערע נויטען. וואָס קאָנען מיר לייסטען פאַר אונזערע אומגליקליכע? די איינציגע זאַך, וואָס מיר קענען זיי שענקען, איז אונזערע זכותים אַרויסגעראַטעוועט צו ווערען צוערשט, און מיר דוכט, אַז מיר אַלע וואָלטען זיי דאָס אַוועקגעשענקט. אָבער זאָל דאָס וועלט־אידענטום נישט פאַרגעסען צו פאַרטראַכטען זיך און פאַרשטעהן אויך אונזער טראַגעדיע. און מיר זיינען טיף איבערצייגט, אַז זאָל נאָר אויפוואַכען מיט דער גאַנצער הייליגקייט און קראַפט דאָס אחריות־געפיהל פאַר דעם באַדראָהטען עתיד פון דער לעבעדיג־געראַטעוועטער תורה־ירושה, וואָס געפינט זיך אין שאַנכאַי, וועט אָט דאָס ברויזענדיגע געפיהל באַזייטיגען אַלע שוועריגקייטען אויפ׳ן וועג צו ראַטעווען אין דער זעלביגער צייט אויך אונז״.

דער אופן ווי אַזוי דער פּראָבלעם איז געוואָרען אַוועקגעשטעלט דורך י. ד. עפּשטיין, איז זעהר אַן איידעלער. די פּריאָריטעט, וועלכע ער גיט אַוועק דעם אייראָפּעאישען שארית הפליטה, איז אַ ריהרענדע. און: „נאָבלעס אָבליזש״ (די נאָבעלקייט פאַרפליכטעט), זאָגט אַ פראַנצויזיש שפּריכוואָרט. אויב די שאַנכאַיער געראַטעוועטע אידען קענען זיך דערהויבען צו אַזאַ איידעלקייט, דאַן איז דאָס וועלט־אידענטום נאָך מעהר פאַרפליכטעט זיי צו העלפען!

אַ חוץ עמיגראַציע־פראַגען שטעהען אין מיטעל־פּונקט פון אינטערעס דאָרט אַזעלכע לאָקאַלע ענינים, ווי צ. ב., די אידישע קהלה. סוף 1945 זיינען פאָרגעקומען וואַהלען, וועלכע האָבען אָפּגעשוועונקט פון דער אויבערפלאַך פיעלע פון די אומגעוואונשענע עלעמענטען, וואָס זיינען געווען דאָמינירענד בשעת דער יאַפּאַנישער הערשאַפט. דער רעליגיעזער וואַהל־בלאָק, וועלכער האָט אַרומגענומען „אגודת ישראל״, „מזרחי״ און אומפּאַרטייאישע חרדים,

האָט געפיהרט אַ לעבהאַפטע אַגיטאַציע און אָפּגעהאַלטען אַ געוואַלטיגען נצחון; ער האָט געצויגען 40 פּראָצענט פון אַלע מאַנדאַטען אין דער קהלה. דער פּרעזידענט פון דער קהלה איז היינט אַ רעליגיעזער איד. די אין רע־פאָרם־גייסט פריהער אָנגעפיהרטע רעליגיאָנס־שולען זיינען געוואָרען אויפ־געלייזט, ווייל די אידישע באַפעלקערונג האָט זיי נישט געוואָלט האָבען. עס איז געשאַפען געוואָרען ביי דער קהלה אַן אָפיציעלער איינהייטליכער ראַבי־נאַט מיט הרב אשכנזי אַלס אב־בית־דין. נייע ווינטען האָבען אָנגעהויבען בלאָזען אין שאַנכאַי. און אויפגעפרישט דורך די טעמפּעראַמענטפולע אָרטאָ־דאָקסישע כחות, האָט זיך די קהלה גענומען צום ווידער־אויפבוי פון אידישען ציבור־לעבען.

איינע פון די שעהנסטע אינסטיטוציעס פון שאַנכאַיער רעליגיעזען אידענטום איז דער „שבת־טיש". זינט שבועות תש"ג (1943) עקזיסטירט ער. יעדען פרייטאָג צו־נאַכט און שבת בייטאָג פאַרזאַמלען זיך העכער 100 מענ־שען צו אַ געמיינזאַמער מאָלצייט, ביי וועלכער מען לערענט די סדרה פון דער וואָך און דינים, נאָכדעם ווי דאָס עסען איז שוין סערווירט. אָט דער שבת־טיש איז געוואָרען אַ מין סימבאָל אין שאַנכאַי. ער פלעגט צוציהען פיעלע געסט און גיט נאָך אַלץ די גלעגענהייט צו אַ גייסטיגער התעוררות.

די רעזולטאַטען לאָזען זיך דערקענען. אין אַ נומער פון „יודישען נאַכ־ריכטען בלאַט" געפין איך נאָך אַ פלאַמענדיגען אויפרוף וועגען שבת, אַ ליס־טע פון די געשעפטען אין שאַנכאַי, וועלכע היטען שבת. און איך צעהל „אויף ציעקאַוואָשטש" די באַזונדערע פּאָזיציעס; עס שטעלט זיך אַרויס אָט וואָס: 20 לעבענסמיטעל־געשעפטען, 18 האַנדווערקער (טישלער, עלעקטראָ־טעכני־קער, שלאָסער, מעכאַניקער ,בוכבינדער), 23 שניידער (זיי פאַרנעמען אַ באַ־זונדערען פּלאַץ אין דער ליסטע), 10 שוסטער (אויך באַזונדער), 4 זייגערמאַ־כער, 3 באַרבער, 12 טעקסטיל־וואַרען סוחרים, 14 געשעפטען מיט סעקאָנד הענד קליידונג. די ליסטע ענדיגט זיך מיט די ווערטער: „פאָרטזעצונג אין נעקסטען נומער".

אידיש שאַנכאַי, מערקווירדיגע אינזעל אין שטורעמדיגען גלות־ים פון אונזער פאָלק, מיט יראת־הכבוד פאַרבייגט זיך דאָס אַמעריקאַנער אידענטום פאַר דיין העלדישער אויסגעהאַלטענקייט!...

### 3.

(„מאָרגען זשורנאַל", ה' תמוז תש"ו — 4 יולי 1946)

מיר האָבען שוין געשריבען וועגען דער אויסערגעוועהנליכער מסירת־נפש פון דער רעליגיעזער אידישער גרופּע אין שאַנכאַי בכלל און די פאַרשיי־

דענע ישיבות בפרט. די ליסטע פון די העלדען־טהאַטען פון יענע גייסטיגע גבורים איז ווייט ניט אויסגעשעפּט. אָט זיינען מיר לעצטענס געוואויר גע־וואָרען, אַז די פאַראייניגטע ליטוויש־פּוילישע ישיבות האָבען אָפּגעדרוקט במשך דער צייט פון זייער גלות אין שאַנכאַי גאַנץ ש״ס! ווער עס קען נאָר אַביסעל די געשיכטע פון אידישען דרוק, דער וויס, אַז אָפּדרוקען אַ ש״ס האָט מען קוים באַוויזען אַמאָל אין עטליכע דורות; טאָ וואָס פאַר אַ געשעע־העניש איז עס, ווען אידען, פאַרטריבענע פון זייער היים, פאַרוואָגעלטע ווייט אין מזרח, לעבענדיג אין דער גרעסטער סכנה, אין אַ צייט, ווען דער מלחמה־פּאַרטנער פון יאפּאַן, נאַצי־דייטשלאַנד, האָט אויסגעמאָרדעט מיליאָנען אי־דען — האָבען באַוויזען אָפּצודרוקען גאַנץ ש״ס! איז עס ניט אַ סימן פון אַ גבורת־הנפש כמעט אָהן אַ ביישפּיל?

אָבער ניט דאָס זיינען מיר איצט אויסען.

וואָס עס פרעגט זיך, אין פלוג, איז אַ פשוט׳ע שאלה: גלות־שאַנכאַי האָט דאָך געדויערט גאַנצע פיער יאָהר (זינט פוירל האַרבאָר ביז צום אונ־טערגעבען זיך פון יאַפּאַן) און אייגענטליך נאָך מעהר, ווייל די ישיבות־גרופּען זיינען אָנגעקומען קיין יאפּאַן סוף 1940 און אָנהויב 1941. טאָ ווי אַזוי האָבען זיי מאַטעריעל געקענט אויסהאַלטען אַזאַ לאַנגע צייט? ווער האָט זיי געהאָל־פען, אַז זיי זאָלען קענען אָנגעהן מיט זייער הייליגער גייסטיגער אַרבייט? ווער איז געווען די באַשיצענדע האַנט, וואָס האָט זיי דערלאַנגט שפּייז פאַר זייער אָרגאַניזם, כדי די פלאַם פון אידישקייט זאָל ניט פאַרלאָשען ווערען אין די הערצער און מוחות?

און דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז איינס פון די שעהנסטע קאַפּיטלען פון דער טעטיגקייט פון „ועד ההצלה״.

זינט סוף 1941 האָט דער „ועד ההצלה״ אין ניו יאָרק געשיקט קיין שאַנכאַי אַ רעגולערע שטיצע פאַר אַלע 400 ישיבה־לייט, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען (פון מיר, קלעצק, ראַדון, נאָוואָרידאָק, ליובאַוויטש, טעלז, לובלין, כולל קאָוונע א. א.) ווי אויך פאַר אַלע רבנים און רבנישע משפּחות (בערך 200 פּערזאָן). די שטיצע האָט אויסגעמאַכט דורכשניטליך די גאַנצע צייט 28 דאָלאַר אַ חודש פאַר יעדען נפש. חוץ דעם זיינען געשיקט געוואָרען כסדר סובסידיעס צו די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס אין שאַנכאַי („אגודת ישראל״ און „מזרחי״), מען האָט אויך שטאַרק געשטיצט די „תלמוד־תורה״ אין שאַנכאַי (אונטער דער אָנפיהרונג פון דאָרטיגען רב, הרב אשכנזי) און מען האָט באַזונדער געהאָלפען די קראַנקע מענשען.

צוזאַמען האָט דער „ועד ההצלה״ געשיקט קיין שאַנכאַי דורכשניטליך 190,000 דאָלאַר אַ יאָהר און במשך דער גאַנצער צייט בערך אַ מיליאָן דאָלאַר.

דאָס איז ניט קיין גוזמא. דאָס איז אַ ציפער, וועלכע די ביכער פון „ועד ההצלה״ ווייזען אויף שוואַרץ אויף ווייס...

* * *

אָבער דאָס איז נאָך ניט דער עיקר. נייןְ, ווייט ניט דער עיקר.

געלט, אפילו גרויסע סכומים, קענען געזאַמעלט ווערען פון יעדען איינעם. אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר שאַנכאַי איז אַ גאַנץ באַטרעכטליכער סכום, אָבער אויב די לייסטונג פון „ועד ההצלה״ וואָלט באַשטאַנען בלויז אין דעם, אַז אָט דער סכום וואָלט פאַר שאַנכאַי במשך די מלחמה־יאָהרען געוואָרען אויפגעבראַכט דורכ׳ן „ועד ההצלה״, דאַן וואָלט עס ניט געווען אַזוי אויסער־געוויינליך. עס וואָלט געווען אַ גאַנץ שעהן קאַפּיטעל פון אידישער „טשאַ־ריטי״ אין אַמעריקע און ניט מעהר.

אין אמת׳ען איז ענין שאַנכאַי אַ העלדען־טהאַט, אַ גבורה אָהן אַ פּרע־צעדענט, אויך דאָ אין אַמעריקע.

ווייל ווי האָט מען דאָס געקענט שיקען אַ מיליאָן דאָלאַר במשך דער מלחמה אין לאַנד פון שונא? דאָס איז דאָך געווען געגען אַלע מלחמה־געזע־צען. דאָס איז דאָך געווען אַ מלחמה־פאַרברעך!

און הגם ניט אַלץ קען שוין אין איצטיגען מאָמענט ווערען דערצעהלט, הגם ניט אַלע פּרטים מעג מען איצט איבערגעבען אין דער עפענטליכקייט, דאָך וויל איך אַראָפּנעהמען דעם סוד פון אַ לייסטונג, וואָס וועט אַמאָל אַריינ־געהן אין דער אידישער געשיכטע. מיר זיינען אַזוי שוידערליך צעבראָכען געוואָרען במשך די לעצטע חורבן־יאָהרען, אַז מען דאַרף פאַר די קינפטיגע דורות דאָך אָפּשפּאָרען באַדאַי אַ קליינעם שטראַל פון ליכט. זאָל מען אין דער צוקונפט וויסען, אַז ניט אַלע זיינען אין אַמעריקע געזעסען מיט פאַרלייגטע הענט, ווען עס איז אויסגעגאַנגען די נשמה פון אייראָפּעאישען אידענטום.

* * *

די פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס אין „ועד ההצלה״ אין יאָהר 1942. אַלע וועגען פון הצלה האָבען זיך פאַרמאַכט. אַמעריקע איז געווען אין קריג און אַלע טויערען זיינען געוואָרען פאַרשלאָסען.

אין ווייטען מזרח איז די רעליגיעזע גרופּע געשטאַנען מוטיג אויפ׳ן פּאָסטען, אָבער זי האָט סיגנאַליזירט דורך פריינט אין נייטראַלע לענדער (שווייץ, שוועדען און דרום־אַמעריקע): מיר אַרבייטען מיט די לעצטע כחות. ראַטעוועט אונז און שיקט הילף!

עס זיינען געווען אויסגעשעפּט אַלע פּריוואַטע טראַנספּער־מעגליכקיי־טען, די צענזור האָט מיט אַ פעסטער צוואַנג אַרומגענומען די גאַנצע קאָרעס־

פּאַנדענץ פון און קיין אַמעריקע. עס איז ניט געבליבן קיין אָפּען „שפּאַר־קאלע״.

איז איינמאָל ביי אַ גרופּע פון די אָנפיהרער פון „ועד ההצלה״ אויפגעקומען אַ מאָדנער געדאַנק: לאָמיר וועגען דער לאַגע אין שאַנכאַי דערצעהלען טאַקע אין סטעיט־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן אַליין. לאָמיר דאָרט פאַרלאַנגען הילף.

אומר ועושה. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה קאָנפערענצען אין סטעיט־דעפּאַרטמענט. מען האָט אויפגעקלעהרט, אַז די ישיבה־גרופּעס אין שאַנכאַי, דאָס איז דער לעצטער רעשט פון דער גייסטיגער עליטע פון פּויליש־ליטווישען אידענטום. אמת, זיי זיינען היינט אין שונא׳ס לאַגער, אָבער אפשר קען מען דערלויבען צו שיקען זיי מאַטעריעלע שטיצע דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ נייטראַלען לאַנד? אויב מען וועט די אומגליקליכע מענשען דערהאַלטען ביים לעבען — טאָ וואָס וועט דאָ פאַרדינען דער שונא? גיכער שטאַרקט דאָך דאָס דעם גייסטיגען פּאָטענציאַל פון דער פרייער, דעמאָקראַטישער וועלט.

און מעשה נס, וואַשינגטאָן האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען עס געהט צו דערהאַלטען מענשליכע לעבענס טאָר געלט ניט שפּילען קיין ראָלע. עס זיינען אָבער אַנטשטאַנען געוואַלטיקע טעכנישע שוועריגקייטען, וועלכע מען האָט געמוזט בייקומען, כדי דאָס געלט פון „ועד ההצלה״ זאָל דורך אַ נייטראַל לאַנד קענען קומען צו דער רעליגיעזער גרופּע אין שאַנכאַי.

דער סטעיט־דעפּאַרטמענט האָט זיך דערקלעהרט באַרייט צו געבען אַ „לייסענס״ אויפ׳ן נאָמען פון אַ אַליאירטער מלוכה צו שיקען געלט פון אַמעריקע אין אַ נייטראַל לאַנד. גלייכצייטיג האָט מען געדאַרפט פּועל׳ן, אַז די דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטונג פון אָט דער מלוכה זאָל דורך אַ שיפרירטער טעלעגראַמע מודיע זיין אין דעם נייטראַלען לאַנד, אַז דאָס געלט דאַרף תיכף ווערען ווייטער געשיקט צו דער רעליגיעזער גרופּע אין שאַנכאַי.

די מלוכה איז געפונען געוואָרען. די פּוילישע אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן און דער פּוילישער גענעראַל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק האָבען אַרויסגעוויזען די גרעסטע פאַרשטענדניש פאַר דער זאַך. זיי האָבען אָנגעגעבען אַ בקשה אויף אַ לייסענס צו שיקען געלט אין שווייץ. דער סטעיט־דעפּאַרטמענט איז דורכ׳ן „ועד ההצלה״ געוואָרען פאַרשטענדיגט, אַז אָט די בקשה אויף אַ לייסענס מיינט הילף פאַר ישיבות אין שאַנכאַי. אויף צומאָרגענס איז די לייסענס באַוויליגט געוואָרען. טעלעגראַפיש זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען גרויסע סכומים, איינער נאָכ׳ן אַנדערען, פון וואַשינגטאָן קיין בערן און פון דאָרט, דורך דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין שווייץ, קיין שאַנכאַי.

באַלד האָבען אָנגעפאַנגען צו קומען אויסדרוקען פון טיפסטען דאַנק אין „ועד ההצלה" פון שאַנכאַי. דאָס לעבען פון די פיעלע הונדערטער ישיבה־לייט, רבנים און זייערע משפחות איז געווען געראַטעוועט. זיי האָבען געקענט אָנגעהן מיט דער גייסטיגער אַרבייט.

אָט אַזוי האָבען צוויי רעגירונגען — די אַמעריקאַנער און די פּוילישע — אויף אַ געהיימען אופן מיטגעאַרבייט מיט'ן „ועד ההצלה" ביים עובר זיין אויפ'ן געזעץ וועגען אָנהאַלטען באַציהונגען מיט'ן שונא בשעת מלחמה. ווי מיר זעהען, האָט דאָס ברוך־השם ניט פאַרשאַדט צו דער הנהגה פון קריג. אָבער עס האָט געוויזען, אַזביידע רעגירונגען האָבען פאַרשטאַנען די וואָגיגקייט פון מענשליכע לעבענס אפילו אין אַ צייט, ווען בלוט איז געפלאָסען ווי וואַסער. דאָס דאַרף פאַרנאָטירט ווערען צו זייער קרעדיט פאַר'ן משפט פון דער געשיכטע.

---

# דאָן יוסף אבן יחייא'ס פאַראויסזאָגונג אויף דער גאולה

(„מאָרגען זשורנאַל", י"ב אב תש"ב — 26 יולי 1942)

דער שרעקליכער לײדענסוועג פון אידישען פאָלק און זיין מאַרטיראָלאָגיע במשך די גלות־יאָהרהונדערטער האָבען געבראַכט דערצו, אַז אַ רייה אידישע דענקער האָבען זיך אין לויף פון אונזער געשיכטע געשטעלט די פראַגע: ווי לאַנג וועט דאָס נאָך דויערען? ווען וועט אייגענטליך קומען די גאולה? ווען וועט דאָס אידישע פאָלק שוין אויסגעלייזט ווערען פון זיינע צרות?

עס פאַרשטעהט זיך, אַז גאָר ווייניג מענשען האָבען זיך געקענט פאַרמעסטען צו געבען אַן ענטפער אויף דער דאָזיגער שאלה. געוועהנליך איז זי אויפגעשוואומען אין די קריטישע פעריאָדען פון אונזער היסטאָריע, ווען די רדיפות אויף אידען זיינען געווען שטאַרק און עס האָט זיך געגאָסען דאָס אידישע בלוט. דאַן האָט מען געפּרואווט צו דערגעהן די סודות פון דער צוקונפט. אָבער ערנסטע חוקרים האָבען גאָר זעלטען געוואָגט צו זאָגען אַ באַשטימט וואָרט וועגען זמן, ווען זיי ערוואַרטען די גאולה פון געפּייניגטען אידישען פאָלק. אין דער גאַנצער פאַרצווייגטער ליטעראַטור אונזערער קען מען אַזעלכע פאַראויסזאָגונגען געפינען גאַנץ ווייניג.

מיט אַ 400 יאָהר צוריק, אין דער תקופה קורץ נאָכ׳ן פאַרטרייבען די אידען פון שפּאַניע, האָט אין איטאַליע געלעבט דאָן יוסף אבן יחייא, אַ אי־דישער פאָרשער, וועלכער האָט קלאָר פאָראויסגעזאָגט, ווען עס זאָל קומען די דערלייזונג פון אידען — און ער האָט עס פאָראויסגעזאָגט אויף אונזער צייט, אָדער — ווי ער שרייבט — „ביים סוף פון יאָהר 5700 פון בריאת העולם, אַביעסל פריהער אָדער אַביסעל שפּעטער, וועט קומען אונזער דערלייזונג, כדי די אידען זאָלען קענען זיצען רוהיג אין זייער לאַנד״ (ד. ה. אין ארץ ישראל).

די דאָזיגע נבואה, וואָס איז אַזוי אינטערעסאַנט צוליב די איצטיגע וועלט־געשעהענישען און צוליב דעם, וואָס מיר לעבען דאָך היינט אין יאָהר 5702 פון בריאת־העולם, איז צום ערשטען מאָל געדרוקט געוואָרען אין באָלאָניע אין יאָהר רצ״ח (1538), ווען עס איז אַרויס דער פירוש אבן יחייא אויף תהי־לים, משלי, חמש מגלות, דניאל, עזרא, נחמיה און דברי־הימים. דער דאָזיגער פירוש איז דאַן אַריין אין דער גרויסער אַמסטערדאַמער תנ״ך־אויסגאַבע. סיי דער ערשטער דרוק פון יאָהר 1538, סיי די אַמסטערדאַמער תנ״ך־אויס־גאַבע פון יאָהר 1737 (אונטער דעם נאָמען „קהלות משה״), געפינען זיך אין דער ניו־יאָרקער פּאַבליק לייברערי. אגב, געפינט זיך אין דער פּאַבליק לייברערי נאָך אַ דריטער עקזעמפּליאַר פון פירוש אבן יחייא אויף דניאל. דאָס איז אַן אויסגאַבע פון אַמסטערדאַם פון יאָהר 1633 מיט אַ לאַטיינישער איבערזעצונג („פּאַראַפראזיס״) אויף יעדער זייט; אין דער דאָזיגער אויס־גאַבע געפינט זיך אויף זייט 154 די באַטרעפענדע שטעלע סיי אויף העברע־איש, סיי אויף לאַטייניש. דער פירוש אבן יחייא אויף דניאל איז שפּעטער נאָך געדרוקט געוואָרען אין דער דייטשער שטאָדט דעססאו אין יאָהר 1808.

אידער מיר וועלען איבערגעבען, ווי אַזוי עס איז געקומען צו דער איי־גענאַרטיגער נבואה (וועלכע דער מחבר האָט אויפגעבויט אויף געוויסע יסו־דות, און נישט זי געזאָגט סתם אין דער וועלט אַריין) — לוינט זיך צו וואַרפען עטליכע שטריכען אויף דער פּערזאָן פון דאָן יוסף אבן יחייא.

ער איז געבוירען געוואָרען אין פלאָרענץ אין יאָהר רנ״ד (1494), וואו זיינע עלטערען זיינען אָנגעקומען אַנטלויפענדיג פון ליסאַבאָן אין פּאָרטוגאַל וועגען דער גזירת־שמד. מיט זיין מוטער, וועלכע איז אַנטרינען זייענדיג שוואַנגער, האָט אויפ׳ן וועג פּאַסירט אַ נס, וועלכען דאָן יוסף דערצעהלט אין זיין ספר „תורה אור״. זי האָט געזאָלט בלייבען אין פּאָרטוגאַל, אָבער אין לעצטען מאָמענט האָט זי זיך פאַרקליידט אַלס מאַן און איז אָנגעקומען אויפ׳ן שיף, וועלכעס איז אַוועק קיין איטאַליע. די רייזע האָט געדויערט 5 חדשים און זי האָט קיין פלייש נישט געגעסען, נישט האָבענדיג קיין מעגליכקייט צו עסען כשר. ווען די שיף האָט פאַראַנקערט אין פּיזאַ, זיינען גראָד דאַן אַריין אין דער שטאָדט די פראַנצויזען. אין קריגס־געטומעל איז די שוואַנ־

גערע פרוי אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ הויכען דאַך, כדי נישט צו ווערען גע־נומען געפאַנגען, און — איז ניצול געוואָרען. 3 חדשים שפּעטער איז אין פלאָרענץ געבוירען געוואָרען דאָן יוסף אבן יחייא.

דער פאָטער, דאָן דוד אבן יחייא, איז געווען אַ גרויסער רב, צוערשט אין רוים, דאַן אין נעאַפּאָל, און נאָך דעם ווי די אידען זיינען אין יאָהר 1540־41 פאַרטריבען געוואָרען פון נעאַפּאָל, האָט ער זיך באַזעצט אין דער שטאָדט אימאלא, וועלכע האָט געהערט צום איידלען פויבסט קלעמענס דעם זי־בעטען.

דער יונגער יוסף אבן יחייא האָט געלערענט אין פּאַדווע ביים גאון ר׳ יהודה מינץ און האָט דאַן חתונה געהאַט מיט דאָננאַ אביגיל, די טאָכטער פון זיין פעטער דאָן גדליה אבן יחייא, אונטער וועמענס השפּעה ער האָט אָנגע־הויבען צו שרייבען זיין פּירוש אויף תנ״ך. ער איז געווען אַ געגנער פון דער פילאָזאָפיע און זיך געשטעלט אויפ׳ן שטאַנדפּונקט פון ריינער אמונה.

קוים אַלט זייענדיג 45 יאָר, איז ר׳ יוסף אבן יחייא געשטאָרבען אין יאָהר 1539. זיינע דריי זיהן (פון וועלכע איינער איז געווען דער באַוואוסטער היסטאָריקער ר׳ גדליה אבן יחייא, דער מחבר פון „שלשלת הקבלה״) האָבען עטליכע יאָהר נאָך זיין טויט אַריבערגעפיהרט זיין געביין קיין ארץ ישראל, וואו דער גרויסער מחבר פון „בית יוסף״ און „שולחן ערוך״, ר׳ יוסף קאַרו האָט זיי קובר געווען.

און אָט דער בנס פון דער אינקוויזיציע אַנטרינענער, בנס געבוירען גע־וואָרענער איז שוין צוליב דעם אַליין מיסטיש פאַראַנלאַגטער אידישער דענ־קער, האָט פּרובירט צו דערגעהן דעם זמן פון דער אידישער דערלייזונג. אַלס אויסגאַנג־פּונקט האָט ער גענומען דאָס אַכטע קאַפּיטעל פון ספר דניאל.

אין אַכטען קאַפּיטעל פון ספר דניאל ווערט דערצעהלט: אין דריטען יאָהר פון רעגירען פון בלשאצר האָט דניאל געהאַט אַ וויזיע. עס האָט איהם אויסגעוויזען, ווי ער געפינט זיך אין שושן, ביים טייך אולי. ער האָט געזעהן אַ שטאַרקען ווידער (איל) מיט הויכע הערנער, וועלכער האָט געשטויסען אויף אַלע זייטען און קיין שום חיה האָט זיך איהם נישט געקענט אַנטקעגענשטעלען. פּלוצים איז פון מערב־זייט אָנגעקומען אַ ציגען־באָק און ער האָט זיך גע־וואָרפען אויפ׳ן ווידער, צעבראָכען זיינע הערנער און איהם צערטראָטען. דאַן איז דער ציגען־באָק זיך געוואַלטיג צעוואקסען, האָט באַקומען גיגאַנטישע הערנער ביז צום הימעל און אַראָפּגעשלעפּט מיט זיי שטערן. עס איז געגאַנ־גען נאָך ווייטער, ביז צום שר פון הימלישען מיליטער, וועמענס הייליגקייט עס איז אַראָפּגענידערט געוואָרען. דער אמת איז געפאַלען אויף דער ערד. דאַן האָט דניאל דערהערט, ווי אַ הייליגער פרעגט: ווי לאַנג וועט עס דויערען, אַז דער פאַרברעך זאָל אָנהאַלטען און די הייליגקייט זאָל זיין צעטראָטען?

און דאָ איז געקומען דער ענטפער: ביז נאַכט און טאָג, צוויי־טויזענט און דריי הונדערט, דאַן וועט די הייליגקייט זיין גערעכט. („עד ערב בקר, אלפים ושלש מאות, ונצדק קדש״).

די דאָזיגע, אין פלוג לגמרי אונפאַרשטענדליכע ווערטער פון דניאל, ווערען געוועהנליך אויסגעטייטשט, אַז נאָך 2300 מעת־לעת׳ן פון דעם באַטרעפענדען מאָמענט פון דער נבואה האָט געזאָלט פאָרקומען אַ וויכטיג געשעהעניש. ער האָט געזאָלט האָבען אין זינען די דערלייזונג פון אידען דורך כורש׳ן.

אָבער ר׳ יוסף אבן יחייא האָט געלערענט אַן אַנדערען פשט אין דער נבואה פון דניאל׳ן. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז די דערלייזונג פון אידען דורך כורש׳ן איז אייגענטליך געווען אַ שוואַכע. עס ווערט איבערגעגעבען, אַז ווען כורש האָט ערלויבט די אידען צוריקצוגעהן קיין ארץ ישראל, האָבען די „גדולים״ נישט געוואָלט פאַרלאָזען דעם גלות, נאָר די „ריקים״. די אידען האָבען דאַן ווייטער געזינדיגט און דאָס צווייטע בית־המקדש איז אויך חרוב געוואָרען. אפשר מיינט דניאל די דערלייזונג פון אידען פון דער צרה אין אנטיוכוס׳עס צייטען? ניין, זאָגט ר׳ יוסף אבן יחייא, אויך דאָס האָט דניאל נישט געהאַט אין זינען, ווייל דער נביא האָט אויסדריקליך באַמערקט אַז זיין וויזיע צילט אויף אַ לאַנגע צייט אַרויס („ואתה סתום חזון כי לימים רבים״), ער האָט אַלזאָ געמיינט די לעצטע, דעפיניטיווע גאולה, ווען די אידען וועלען שוין ענדגילטיג אויסגעלייזט ווערען און קיינמאָל שפּעטער שוין נישט זינדיגען, דאָס הייסט די גאולה דורך משיח׳ן.

ווען וועט דאָס זיין? דאָ זאָגט ר׳ יוסף אבן יחייא אַזוי: דניאל האָט מגלה געווען, אַז פון מאָמענט פון זיין וויזיע מוז עס דויערען 2300 יאָהר. און דער פשט אין די ווערטער פון נביא איז: ביז צום מעת־לעת, גענויע 2300 יאָהר פון היינט, דאַן וועט די הייליגקייט זיין פעסט און גערעכט. מיט אַנדערע ווערטער: דאַן וועט קומען די גאולה דורך משיח׳ן.

און ר׳ יוסף אבן יחייא מאַכט אַ פשוט׳ן חשבון: פון בריאת־העולם ביז צו די טעג פון כורש׳ן איז געווען 3391 יאָהר. אין דער דאָזיגער צייט און אַביסעל פריהער, אין דער צייט פון בלשאצר און דריוש, האָט דניאל געהאַט זיינע נביאות. דאַרף מען דעריבער צוגעבען די צאָהל 2300 יאָהרען, וואָס דניאל האָט אָנגעגעבען, און עס קומט קלאָר אַרויס דער זמן פון דער לעצטער גאולה: דאָס איז דאָס יאָהר 5,700 אַביסעל פריהער אָדער אַביסעל שפּעטער, דאַן וועט קומען משיח.

ר׳ יוסף אבן יחייא גיט נאָך צו, אַז לויט דעם חשבון וועלען אידען קענען לעבען די לעצטע 300 יאָהר פון זעקסטען יאָהרטויזענט רוהיג אין זייער לאַנד, כדי עס זאָל זיך אַרויסווייזען, אַז דער אמת איז ביי זיי. דאָס וועט זיין

אַ באַצאָהלונג פאַר זייערע ליידען אויף דער וועלט. דאָס זיבעטע יאָהר־טוי־זענט איז אַ שמיטה־יאָהר־טויזענט, ווען די וועלט וועט צוריקקומען צו איהר אור־צושטאַנד; עס קומט אַלזאָ די אידען אַן ערהאָלונג אויף דער וועלט.

פאַרוואָס דאַרפען אידען ליידען אַזוי לאַנג און די ערהאָלונג זאָל זיין בלויז במשך 300 יאָהר? ר' יוסף אבן יחייא פאַרענטפערט עס דערמיט, וואָס פאַר די אידען איז אייגענטליך באַשטימט די בעסערע וועלט און צוליב דעם עול־הגלות וועלען אפילו די אידישע „ריקים" נהנה זיין פון גן־עדן. דאָס ביסעל גוטס, וואָס אידען וועלען באַקומען ביים סוף פון זעקסטען יאָהרטויזענט אויף דער וועלט, איז נאָר כדי צו ווייזען, אַז די אידען זיינען די ריכטיגע בני־עליה און די אומות־העולם זאָלען דאָס זעהן און אָנערקענען די מעלה פון די אידען; דאַן וועלען זיי זיך משער זיין, ווי גרויס עס מוז זיין דאָס גייס־טיגע גליק, וואָס וואַרט אויף אידען אין דער קומענדער וועלט. חוץ דעם קומט דעם גוף, וואָס האָט געליטען אין גלות, אַ שטיקעל שכר.

אַזוי האָט געשריבען דאַן יוסף בן דוד אבן יחייא אין זיין פירוש צו דניאל, וועלכען ער האָט מחבר געווען אין דער איטאַליענישער שטאָדט מאססא פיסקאליא אין יאָהר רפ"ח (1528). געדרוקט איז עס געוואָרען שוואַרץ אויף ווייס אין באָלאָניאַ אין יאָהר רצ"ח (1538).

דאַן יוסף, די צייט וואָס דו האָסט אָנגעגעבען איז געקומען. דו דאַרפסט האַלטען וואָרט!...

---

# דעם סניגור'ס רעדע

(„מאָרגען זשורנאַל", כ"א תשרי תש"ג — 2 אָקטאָבער 1942)

**בשעת** עס איז דעם פאַרגאַנגענעם ראש־השנה פאַרהאַנדעלט געוואָרען ביים בית־דין של מעלה איבער'ן גורל פון אידישען פאָלק זיינען אין לעצטען מאָמענט געהאַלטען געוואָרען צוויי רעדעס.

דער ערשטער האָט גערעדט, ווי דער שטייגער איז, דער קטיגור. ער האָט אָנגעוויזען, אַז די אידען האָבען אין פאַרגאַנגענעם יאָהר ווייטער שטאַרק געזינדיגט. זיי האָבען זיך לגמרי ניט געבעסערט. זיי האָבען וועניג וואָס תשובה געטאָן. דאַריבער דוכט זיך איהם, אַז דער פסק דאַרף זיין: „חייב".

דאַן איז אויפגעטרעטען, בלאָס ווי אַ וואַנד, דער סניגור. ער איז געזעסען רוהיג ביי דער אָנקלאַגע־רעדע, אָבער ווען ער האָט אָנגעהויבען זיין פאַר־טיידיגונג איז געוואָרען קענטיג, אַז ער געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון

העכסטער אויפרעגונג. פלאַמען האָבען זיך געריסען פון זיין מויל. עס האָבען זיך געהערט דונערס און בליצען. די הימלען האָבען זיך געטרייסעלט. און אָט זיינען מאַנכע שטעלען פון דער דאָזיגער פאַרטיידיגונגס־רעדע:

— „איך מוז זיך וואונדערען אויף מיין פאָר־רעדנער, דעם קטיגור, ווי ער האָט געוואָגט צו פאַרלאַנגען היי־יאָהר אַ שלעכטען גמר־דין פאַר׳ן אי־דישען פאָלק. איז איהם נאָך ווייניג דער שרעקליכער חורבן, וועלכען ער האָט אויסגע׳פועל׳ט פאַר־א־יאָהרען? גלויבט ער, אַז עס זיינען פאַרהאַן אַזעלכע זינד אויף דער וועלט, פאַר וועלכע עס זאָל קומען אַזאַ עונש, ווי דער, וועל־כער האָט געטראָפען דאָס אידישע פאָלק אין יאָהר תש״ב?

הונדערטער־טויזענדער אומשולדיגע אידען זיינען דערמאָרדעט געוואָרען אין דעם יאָהר. מיליאָנען געהען אויס פון הונגער. די גופים פון די גע׳הרג׳עטע לאָזט מען נישט צומאָל קובר זיין. אויף פעלדער ווערען זיי געוואָרפען, כדי זיי פרוכטבאַר צו מאַכען. מען באָדט זיך אין אידיש בלוט. טייכען און ימים אַנטשטעהען פון אידישע טרעהרען.

קיינמאָל אין דער געשיכטע פון דער וועלט האָט מען נישט געקענט פאַר־שטעהען אַזוי דייטליך דעם פאַרצווייפלונגס־געשריי פון אַ געמאָרדעט און גע־פייניגט פאָלק, ווי היינט דאָס קול פון אידען. האָט דער קטיגור נישט גע־הערט היי־יאָהר, ווי אידען האָבען געשריגען: „אבינו מלכנו, חמול עלינו ועל עוללינו ועל טפינו״, „אבינו מלכנו, עשה למען הרוגים על שם קדשך״, „אבינו מלכנו, עשה למען טבוחים על יחודך״, „אבינו מלכנו, עשה למען באי באש ובמים על קדוש שמך״. אָט די פיר „אבינו מלכנו׳ס״ זיינען אין יאָהר תש״ב געוואָרען אַ פולשטענדיגע רעאַליטעט. די אידישע קינדער זיינען אָוועק־געריסען געוואָרען פון זייערע עלטערען און אפילו אויף זיי, אויף די „עוללים ויונקים״, וועלכע זיינען דאָך זיכער אומשולדיג, האָט מען קיין רחמנות נישט געהאַט. ווענען זיי האָבען אידען מתפלל געווען — האָט עס דאָס בית־דין של־מעלה געהערט?

און „קידוש השם״ — איז נאָך ווען עס איז דאָס דאָזיגע וואָרט געווען אַזאַ טרוקענע ווירקליכקייט, ווי אין יאָהר תש״ב? אידען זיינען געשטאָרבען אין מאַסען, ביי די שרעקליכסטע יסורים, געשלאָגען פון בעסטיעס אין מענשען־געשטאַלט, געקוועלט מיט אַ סאַדיזם און ראַפינירטקייט, וועלכע זיינען אין דער געשיכטע נישט פאַרנאָטירט, — און אויף זייערע ליפען איז געווען: „שמע ישראל, ד׳ אלקינו, ד׳ אחד!״ מיט׳ן דאָזיגען רוף האָבען זיך די קדושים געזעגענט מיט׳ן לעבען. דאָס איז געווען זייער תשובה צו די פייניגער. אַזוי זיינען זיי פאַרברענט געוואָרען לעבעדיגערהייט. דאָס איז דער אינהאַלט פון דער תפלה „למען הרוגים על שם קדשך״, אָדער „למען טבוחים על יחודך״, אָדער „למען באי באש על קדוש שמך״ — אין זייער נאָמען, אין נאָמען פון

די דאָזיגע קדושים, האָבן אידען געבעטען הילף, און דער קטיגור וואָגט צו זאָגען, אַז אידען זיינען „חייב״!

אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אידען זיינען אַ פאָלק פון צדיקים, פון גבורים און קדושים, וועלכע זיינען אין זייער הערא־איזם פון קיין שום אומה־ולשון ניט איבערגעשטיגען געוואָרען. וואו און ווען נאָך איז געווען אַ פאָלק, וואָס זאָל ביי אַזעלכע באַדינגונגען פון לעבען און טויט, ווי עס איז אַ נאַצי־געטאָ, נישט פאַרלירען די אמונה? האָט נאָך אַ פאָלק אין דער וועלט באַוויזען אַזאַ שטאַרקייט פון כאַראַקטער, אַזאַ אומבויגזאַמ־קייט, ווי אידען אין אייראָפּע אין יאָהר תש״ב?

ווען די ריזען פון גייסט, די ארזי הלבנון און אדירי התורה, זיינען געזע־סען במשך פון דער איצטיגער מלחמה אין די תפיסות, ווען זיי האָבן גע־הונגערט, ווען זייער בלוט האָט זיך געגאָסען אין שטראָמען — דאַן האָבן זיי געזוכט טרייסט און אָנהאַלט דוקא אין דער אידישער תורה. איינער פון די גרעסטע פון זיי האָט אַרויסגעשיקט א צעטעל פון תפיסה און אויף איהם זיינען געשטאַנען עטליכע ווערטער, וועלכע זאָגען עדות אויף אַ גייסטיגען העראָאיזם אָהן אַ פאַרגלייך. די ווערטער זיינען געווען:

„לולא תורתך שעשועי, אז אבדתי בעניי״.

שטאָל און אייזען וואָלטען זיך איינגעבראָכען, ווען מען וואָלט זיי אַזוי געפּרעסט ווי די אידישע העלדען, אָבער זיי זיינען געבליבען פעסט ביי זייער אמונה און זייער תורה. ניין, מען קען נישט מעהר באַהויפּטען, אַז אידען האָבן געזינדיגט. ריין ווי קרישטאָל זיינען די קינדער פון ישראל אין זייער מאַרטירערטום!

אפילו דער קטיגור קען און וועט נישט לייקענען, אַז ביים איצטיגען פייער־פּרואוו האָט זיך באַשטעטיגט די צוגעבונדענקייט פון אידישען פאָלק צום רבונו־של־עולם. אויב ער גלויבט נישט היינט אויך אין דעם, דער קטיגור, דאַן וועל איך איהם פרעגען מיט די ווערטער פון דער גמרא: „הן בקדושיו לא יאמין — אם בקדושיו לא יאמין, במאן יאמין״? דאָס פרישע, נאָך וואַרימע בלוט פון די קדושים וטהורים, וועלכע האָבן זיך מוסר־נפש געווען על קדושת השם, מוז דאָך איהם איבערצייגען, צי ער וויל, צי ער וויל נישט!

בכלל דאַרף אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווען עס דאַרף אַרויסגעטראָגען ווערען דער משפט איבער׳ן גורל פון אידישען פאָלק אין קומענדען יאָהר, קלאָר אָוועקגעשטעלט ווערען דער ענין פון פאַרהעלטניש פון בורא־עולם צום פאָלק ישראל. און איך פאַרוף זיך דאָ — האָט מיט אַ שטאַרקער שטימע ערקלערט דער סניגור — אויף אַ גאַר וויכטיגען פּרעצעדענס.

געווען איז דאָס מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, ווען דער בורא־עולם האָט פעסטגעזעצט די ווערטער פון ברכת כהנים, די ווערטער, מיט וועלכע

מען האָט געדאַרפט בענטשן דאָס אידישע פאָלק (ווייל געווען אַמאָל אויך אַזעלכע צייטען, ווען אידען זיינען געבענטשט געוואָרען). דאמאָלט האָט דאָס געהייסען: „יברכך ד׳ וישמרך, יאר ד׳ פניו אליך ויחנך, ישא ד׳ פניו אליך וישם לך שלום״. זיינען דאַן די מלאכי־השרת אַוועק מיט אַ פּראָטעסט צום רבונו־של־עולם און איהם געפרעגט: היתכן? דו וועסט נושא פנים זיין די אידען? פאַרוואָס? און ווי איז דאָס מעגליך: דו ביסט דאָך דער יעניגער, וואָס „לא ישא פנים ולא יקח שוחד״?

האָט זיי דער בורא־עולם געענטפערט (ברכות כ׳): ווי זאָל איך נישט נושא פנים זיין די אידען, ווען זיי פאַרדינען עס! איך האָב דאָך געשריבען אין דער תורה: „ואכלת ושבעת וברכת את ד׳ אלהיך״, דאָס הייסט, אַז זיי דאַרפען בענשען דעם אויבערשטען נאָכדעם ווי זיי וועלען האָבען געגעסען צו דער זאַט, און דערווייל געשעהט עפּעס אַנדערש. „הם מדקדקים על עצמם עד כזית ועד כביצה״, זיי האָבען טיילמאָל נישט מעהר ווי אַ „כזית״ אָדער „כביצה״ — און בלייבען ווייטער טריי זייער גאָט! אַזאַ פאָלק מוז איך נושא פנים זיין, האָט דער רבונו־של־עולם אויסגעפירט און אָפּגעוואָרפען דעם פּראָטעסט פון די מלאכי־השרת.

אויף דעם פּסק וויל איך זיך איצט שטיצען און פאַרלאַנג, אַז דעם קטיגור׳ס אָנקלאָגע זאָל אויך אָפּגעוואָרפען ווערען. היינט האָבען אידען אונ־טער׳ן נאַצי־רעזשים זיכער נישט מעהר ווי אַ „כזית״ אָדער אַ „כביצה״, עס געהט זיי אויס די נשמה פון הונגער, עס שטאַרבען זיי די קינדער אויף זייערע הענד, ווייל עס איז ניטאָ קיין ברויט פאַר זיי — און טראָצדעם בלייבען זיי טריי דעם רבונו־של־עולם! טאָ פאַרדינען זיי, אַז ער זאָל זיי נושא־פנים זיין! ווען אפילו דער קטיגור וואָלט זיין גערעכט, אז זיי האָבען געזינדיגט, קומט אויך אויף זיי רחמנות צו האָבען!

עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל אויסגעלייזט ווערען. דער עמלק פון היינטיגען דור האָט זיך פאַרמאָסטען נישט נאָר אויפ׳ן דאָזיגען פאָלק, ניין: „כי יד על כס יה״! ער פיהרט מלחמה מיט׳ן רבונו־של־עולם אַליין! עס זיינען דאָך זיינע שוהלען, כביכול, וועלכע ער פאַרברענט, פון איהם וואַגט ער צו שפּאָטען!

פאַרוואָס דאַרף מען אַזוי לאַנג וואַרטען אויף דער שווערד פון דער גע־רעכטיגקייט? פאַרוואָס זאָלען אַזוי פיל אומשולדיגע אומקומען? פאַרוואָס טריאומפירט שוין נישט דער שומר ישראל איבער דער נאַצי־בעסטיע, וועלכע טרינקט דאָס בלוט פון קליינע עופה׳לעך?

זאָל איצט אַרויסגעטראָגען ווערען דער גזר־דין, פון וועלכען אַלע פעל־קער פון דער וועלט זאָלען שוין אַנטנעמען, אַז „שם ד׳ נקרא עליך״, אַז דער בורא־עולם האָט זיין אַלט פאָלק נישט פאַרגעסען. זאָלען די קרבנות נישט

האָבען געוועזן בחנם. זאָלען באַפרייט ווערען די ליידענדע. זאָלען פאַר־אייניגט ווערען די צושפרייטע. זאָלען אויפגעריכט ווערען די צובראָכענע...״

* * *

נאָך דער רעדע פון סניגור האָט זיך קיינער מעהר נישט אָפּגערופען. אַ שטילקייט האָט געהערשט ביים בית־דין של־מעלה, ביז עס האָט זיך געלאָזט הערען איין וואָרט, אַ שטאַרק און מעכטיג וואָרט, וועלכעס איז געוועזן דער פסק־דין: — „ז כ א י !!״



# „די באַרבאַרען פון גערמאַניא״ אַמאָל און היינט

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ״ג כסלו תש״ג — 2 דעצעמבער 1942)

דריי זיינען זיי געוועזן, זאָגט דער מדרש, וואָס האָבען געהאַט שלעכטע געדאַנקען אויף דעם אידישען פאָלק, און זיי האָבען עס נישט אויסגעפיהרט: עשו, ירבעם און המן.

יעקב האָט געבעטען אויף דעם.

וישלח יעקב — אל תתן ד׳ מאויי רשע, זממו אל תפק, ירומו סלה (תהלים ק״מ) אמר לפניו, רבון העולמים, אל תתן לעשו הרשע מחשבות לבו, מהו זממו אל תפק? אמר לפניו, רבונו של עולם, עשה לו זמם לעשו הרשע, כדי שלא תהא לו נחת רוח שלימה, ומה זמם עשה לו הקב״ה לעשו? אמר רב חמא בר חנינא: אלו בני ברבריאה ובני גירמניאה (בראשית רבה ע״ה).

„עס שטעהט: און יעקב האָט געשיקט... „גיב נישט נאָך, גאָט, דעם רשע, און ערפיל נישט זיין פאַרלאַנג״. ער האָט געזאָגט: האַר פון דער וועלט, גיב נישט נאָך עשו הרשע די פאַרלאַנגען פון זיין האַרץ. וואָס הייסט: „זממו אל תפק״? — ער האָט געזאָגט צום רבונו של עולם, קלער דאָך אויס עפּעס פאַר עשו הרשע, אַז ער זאָל נישט האָבען קיין פולשטענדיגען נחת רוח. טאָ וואָס האָט דער אויבערשטער אויסגעקלערט פאַר עשו׳ן? זאָגט רב חמא בר חנינא: — די באַרבאַרען, די גערמאַנען...״

פופצעהן הונדערט יאָהר אַלט זיינען די דאָזיגע ווערטער. קלאָר וואָס זיי באַדייטען: עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט, ווערט דאָרט פאָראויסגע־זאָגט, ווען עשו וועט שוין זיין זיכער ביי זיך מיט׳ן נצחון איבער׳ן אידישען פאָלק. עס וועלען קומען באַרבאַרישע גערמאַנען און וואַרפען זיך ווי ווילדע

חיות אויף די אידען און שניידען פון זיי שטיקער. עשו וועט זעהן די מלאכה און עס וועט איהם דוכטען, אַז באַלד האָט ער שוין אַ פולשטענדיגען נחת רוח. אַזאַ בעסטיאַליטעט, ווי די גערמאַנישע, קען קיינער נישט איבערטראָגען.

אָבער דער שומר ישראל הנאמן וועט דאַן זאָגען: ניין! קיין פולשטענדיגען נחת רוח פאַר עשו הרשע. די באַראַבאַרישע גערמאַנען וועלען נישט אויספיהרען זייער פאַרברעכער־פּאַרלאַנג. „מה זמם עשה לו הקב״ה לעשו? — אלו בני ברבריאה ובני גירמניאה״.

היינט ווערען אונזערע נשמות פאַרברענט פון צער, די וועלט ווערט פינסטער פאַר אונזערע אויגען צוליב דעם, וואָס היטלער׳ס „בני ברבריאה ובני גירמניאה״, די אויסוואורפען פון דער מענשהייט, טוען אָפּ מיט מיליאָנען פון אונזערע טייערסטע אומשולדיגע ברידער און שוועסטער אין פוילען, אין ליטע, אין גאַנץ איראָפּע — האָבען מיר נאָר איין בקשה צום שומר ישראל: „לאָז עשו׳ן ניט אויספיהרען זיין רצון, זממו אל תפק!״

נאָך לעבען אידען אין ווארשא, ווילנע, קאָוונע, קראָקע און לעמבערג. באַשיץ זיי, האַר פון דער וועלט!

מיליאָנען צובראָכענע אידישע הערצער אויף גאָר דער וועלט פאַראייניגען זיך היינט אין דער דאָזיגער קורצער תפילה: „רבון העולמים, אל תתן לעשו הרשע מחשבות לבו״!

באַשטעטיג מיט דיין חותם די אַלטע ווערטער פון רב חמא בר חנינא, אַז יענער עשו, וואָס וועט וועלען אידען שלעכטס טאָן און עס נישט קענען — דאָס זיינען די „בני ברבריאה ובני גירמאניאה!״

זממו אל תפק!

---

# 20 יאָהר „אגודת ישראל״ אין פוילען

(זאַמעל־בוך „פוילישער איד״, ניו־יאָרק, יוני 1942, זייט 86—90)

.1

עס איז נאָך פריה צו שרייבען די אידישע געשיכטע אין פוילען אין דער תקופה 1919—1939. עס פעהלט די דיסטאַנץ פון צייט, וועלכע איז געווענליך אַ פאָרבאַדינג צו דער אָביעקטיוויטעט. צו פריש זיינען די געשעהענישען, צו לעבעדיג די זכרונות, אַז מען זאָל וועגען זיי קענען שרייבען אָהן וועלכער עס איז פערזענליכער פניה, ווי עס פאַרלאַנגט די געשיכטע.

אָבער דאָך דאַרף מען צוזאַמענגרופּירען געוויסע פאַקטען פון אידישען לעבען אין פּוילען במשך דער תקופה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און געענדיגט מיט׳ן אויסברעכען פון דער צווייטער. עס קען אויף יעדען פאַל זיין נוצליך פאַר דעם קומענדיגען היס־טאָריקער, וועלכער וועט דאַרפען געבען אַ סינטעז פון דער דאָזיגער פאַרבען־רייכער תקופה.

לאָמיר אַלזאָ פּרואווען מאַכען, בעיקר אויפ׳ן יסוד פון פּערזענליכע זכרונות, אַ סך־הכל פון דער טעטיגקייט פון דער אָרגאַניזירטער אידישער אָרטאָדאָקסיע אין פּוילען, פון דער „אגודת ישראל״. עס איז אַ וויכטיג קאַ־פּיטעל פון דעם בוך, וואָס וועט אַמאָל געשריבען ווערען, פון דעם אומבאַ־קאַנטען בוך פון אומבאַקאַנטען היסטאָריקער, וואָס נאָר זיין טיטול איז באַ־וואוסט: „דאָס פּוילישע אידענטום 1919—1939״.

## 2.

געהייסען האָט די אָרגאַניזאַציע לכתחילה אַנדערש: „אגודת שלומי אמוני ישראל״. ערשט פון אַ שפּעטערען לאַנד־צוזאַמענפאָהר האָט די אָרגאַ־ניזאַציע אָנגענומען דעם נאָמען פון דער וועלט־באַוועגונג, צו וועלכער זי איז געווען אָנגעשלאָסען אויך פריהער: „אגודת ישראל״.

פאַרשידענע גרופּען פון קאָנגרעס־פּוילישע און גאַליציאַנער חסידים פון איין זייט, און אָרטאָדאָקסיש־געזינטע ליטווישע מתנגדים און סתם בעלי־בתים פון דער אַנדערער זייט, זיינען געווען אָנגעשלאָסען אין דער „אגודת ישראל״. טאָן־געבענד זיינען געווען די גרויסע חסידישע רביים מיט׳ן גערער רבי ר׳ אברהם מרדכי אלטער בראש, און די באַדייטענדע רבנים און תורה־אויטאָריטעטען מיט ר׳ ישראל מאיר הכהן (דעם „חפץ חיים״) און דעם גאון ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי אין שפּיץ. די אָנפיהרונג איז געלעגען אין די הענד פון אַ ועד־הפועל און אַ צענטראַל־ראַט. פּרעזידענט פון ועד־הפועל איז געווען ר׳ יצחק מאיר לעווין, דער רוח־החיים פון דער פּוילישער אגודה במשך דער גאַנצער צייט, פּרעזידענט פון צענטראַל־ראַט איז געווען דער גאון ר׳ אהרן לעווין. סיי דער ועד־הפועל סיי דער צענטראַל־ראַט זיינען געוועהלט געוואָ־רען פון לאַנד־צוזאַמענפאָהרען. עס זיינען געווען 4 לאַנד־צוזאַמענפאָהרען, דער לעצטער אין וואַרשע אין יאָהר 1934.

די מיטגלידשאַפט צו דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אויפגעבויט אויפ׳ן יסוד פון אויסקויפען אַ יעהרליכען באַווייז פון דער פּאַרטיי־צוגעהעריגקייט, וועלכער האָט זיך גערופען „תרומת־חבר״. די מיטגלידער זיינען געווען צו־זאַמענגענומען אין אָרטיגע סניפים.

די יוגענד איז געווען אָרגאַניזירט אין באַזונדערע אָרט־גרופּען מיט אַ באַזונדערער צענטראַלע און אפילו באַזונדערע לאַנד־צוזאַמענפאָהרען א. ד. נ. „צעירי אגודת ישראל" (אורשפּרינגליך: „צעירי אמוני ישראל"). פאַר די יונגסטע חברים זיינען געווען אָפּטיילונגען א. ד. נ. „פּרחי אגודת ישראל".

די אגודיסטישע פרויען האָבען געהאַט זייערע אייגענע אָרט־גרופּען א. ד. נ. „בנות אגודת ישראל" און „נשי אגודת ישראל". דער לאַנד־צוזאַמענ־פאָהר פון די דאָזיגע איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1937 אין לאָדז, וואו עס איז אויך געווען דער זיץ פון זייער צענטראַלער לייטונג.

רעליגיעזע אַרבייטער האָבען געהאַט ביי „אגודת ישראל" אַן אייגענע צווייג־אָרגאַניזאַציע א. ד. נ. „פּועלי אגודת ישראל" ווידער מיט באַזונדערע אָרטס־סניפים, אַ צענטראַלע און לאַנד־צוזאַמענפאָהרען.

ווי שטאַרק איז געווען די גאַנצע באַוועגונג — אויף דעם קען וואַרפען אַ ליכט פאָלגענדע צוזאַמענשטעלונג פון איהרע דערגרייכונגען ביי אַלע 6 פאַרלאַמענט־וואַהלען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אומאָפּהענגיגען פּוי־לען:

אין יאָהר 1919, ביי די וואַהלען צום ערשטען געזעצגעבערישען סיים (קאָנסטיטואנטע), האָט די אגודה דורכגעפיהרט 2 דעפּוטאַטען (הרב אברהם פערלמוטער און הרב משה אליהו האַלפערן).

אין יאָהר 1922, ביי די וואַהלען צום סיים און סענאַט, האָט זי באַקומען 6 דעפּוטאַטען (הרב אהרן לעווין, הרב מאיר שפּירא, אליהו קירשברוין, לייב מינצבערג, פּייוועל סטעמפּעל און אליעזר סירקיס) און 3 סענאַטאָרען (אשר מענדעלזאָהן, יצחק בוימינגער, משה דייטשער).

אין יאָהר 1928 — איין דעפּוטאַט: אליהו קירשברוין.

אין יאָהר 1930 — 2 דעפּוטאַטען (הרב אהרן לעווין, לייב מינצבערג) און 1 סענאַטאָר (אשר מענדעלזאָהן).

אין יאָהר 1935 — 1 דעפּוטאַט (ל. מינצבערג) און 1 סענאַטאָר (יעקב טראָקענהיים).

אין יאָהר 1938 — 2 דעפּוטאַטען (ל. מינצבערג און י. טראָקענהיים).

אַזויווי צום דורכפיהרען פון אַ מאַנדאַט זיינען געווען נויטיג אייניגע צעהנדלינג טויזענד שטימען, ווערט קלאָר וועלכע שטאַרקהייט עס שפּיגעלט זיך אָב אין די דאָזיגע רעזולטאַטען. דערביי מוז גענומען ווערען אין אַכט, אַז גאָר גרויסע צאָהלען פון אָבגעגעבענע שטימען זיינען געוועהנליך פאַר־לוירען געגאַנגען, ווייל זיי האָבען נישט געקלעקט אויף אַ מאַנדאַט. אַזוי זיינען אין יאָהר 1928 צעשפּליטערט געוואָרען, צוליב אַ רייה סיבות, העכער

200.000 שטימען פון דער „אגודת ישראל“ און זי איז געבליבען ביי בלויז איין פּאַרלאַמענטאַרישען פאַרטרעטער. געוועהנליך האָבען וואַרשע און לאָדז, די צוויי גרעסטע אידישע צענטרען, אין זייער געוועהלטער פּאַראַלמענטאַרישער רעפּרעזענטאַנץ, געגעבען אויך אגודיסטישע סיים־דעפּוטאַטען.

.3

אין וואָס איז באַשטאַנען כלפּי־חוץ די טעטיגקייט פון דער „אגודת ישראל“ און איהרע פּאַרלאַמענטאַרישע שלוחים? מען קען דאָס קורץ צוזאַמענפאַסען: אין דער זאָרג וועגען דערהאַלטען דאָס אידישע רעליגיעזע לעבען אין זיין אַלטער טראַדיציאָנעלער פאָרם.

מען האָט געדאַרפט זיכערען פאַר די אידען אין פוילען דאָס רעכט און די מעגליכקייט צו לעבען פריי לויט די פּרינציפּען פון זייער רעליגיע. דאָס איז נישט געווען לייכט. עטליכעביישפּילען אַלס אילוסטראַציע. עס האָט עקזיסטירט אַ געזעץ, וואָס האָט געצוואונגען אַלע סוחרים און בעלי־מלאכות צו רוהען זונטאָג, דאַריבער איז די שבת־רוה געווען אין סכנה. עס זיינען כסדר פאָרגעקומען אָנגריפען אויף דער אידישער שחיטה און זי איז סוף־כל־סוף שטופענווייז פאַרבאָטען געוואָרען (דאָס געזעץ פון מאַדאַם פּריסטאָר). די קהלות און די רבנים האָבען געהאַט שטערונגען אין זייער אַרבייט. דער רעליגיעזער חינוך איז צוליב די שטרענגע באַשטימונגען וועגען פּריוואַטע שולען געווען אויסגעזעצט אויף דער גרעסטער געפאַהר. דאָס אַלץ האָט פאַרלאַנגט אַ כסדר׳דיגע וואַכזאַמקייט מצד דער אָרטאָדאָקסישער אָרגאַניזאַציע און איהרע פאָרשטעהער.

די דעפּוטאַטען און סענאַטאָרען פון דער „אגודת ישראל“, ווי אויך איהרע פאָרשטעהער אין כמעט אַלע שטאָטראַטען אין פוילען, האָבען נאַטירליך אויך עוסק געווען אין אַלע ענינים, וועלכע זיינען געווען וויכטיג פאַר׳ן כלל־ישראל, חוץ אין ספּעציפיש רעליגיעזע פראַגען. אין די דאָזיגע כלל־ענינים האָבען זיי אָפט קאָאָפּערירט מיט די פאָרשטעהער פון אַנדערע אידישע גרופּען און אָרגאַניזאַציעס. אין ערשטען סיים זיינען די דעפּוטאַטען פון דער אגודה געווען מיטגלידער פון דער „פרייער פאַראייניגונג“ פון די אידישע פאָרשטעהער. אין צווייטען און זעקסטען סיים זיינען זיי געווען מיטגלידער פון אַלגעמיינעם אידישען קלוב, דעם א. ג. „אידישען קאָלאָ“. אין פיערטען סיים, אין דער קאַדענץ 1930—1935, איז געווען אין סיים רעגיסטרירט אַ באַזונדערער קלוב פון „אגודת ישראל“. טייל אגודיסטישע פאָרשטעהער (קירשברוין, מענדעלזאָהן, מינצבערג) זיינען געווען מיטגלידער פון רעגירונגס־קלוב, דעם א. ג. „אומפּאַרטייאישען בלאָק“.

קאַמפּען צווישען דער אגודה און די אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס זיינען פאָרגעקומען אָפּט, און זיי זיינען געווען העפטיג. עס איז קיין וואונ־דער ניט: דאָס שטאַרק־פּולסירענדע אידישע לעבען אין פּוילען האָט גע־שטעלט קאַטעגאָרישע און קאָמפּראָמיסלאָזע פאָדערונגען צו אַלע, וואָס האָבען מיט׳ן דאָזיגען לעבען אָנגעפיהרט. און אָפּט האָט די ברויזענדע כוואַליע פון קאַמף געדראָהט צו פאַרשלינגען גרויסע ווערטען. אָבער אין אומצעהליגע קריטישע מאָמענטען האָט געזיגט דער געזונדער חוש פון זעלבסט־דערהאַל־טונג פון אידישען פאָלק און עס איז צושטאַנד־געקומען אַ פאַראייניגונג.

ביי איהר פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיגקייט האָט זיך די „אגודת ישראל" אין פּוילען באַדינט מיט׳ן וויכטיגסטען מאָדערנעם כלי־זיין: מיט איהר אייגענער פּרעסע. באַלד אין דער ערשטער תקופה האָט זיך נאָך די „שלומי אמוני ישראל"־אָרגאַניזאַציע געשאַפען אַן אייגענע טאָג־צייטונג אין וואַרשע „דער יוד". די דאָזיגע טאָג־צייטונג, וועלכע האָט באַלד געוואו־נען אַ שטאַרקע השפעה, האָט זיך אין יאָהר 1926 פאַרוואַנדעלט אין אַ וואָ־כען־בלאַט און האָט שוין דאַן נישט מאריך־ימים געווען. אין יאָהר 1927 איז אַ קורצע צייט אַרויסגעגאַנגען אַן אגודיסטישע טאָג־צייטונג אין לאָדז. און זייט 1928 ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אָהן אַ הפסקה אַרויסגעגאַנגען אין וואַרשע, דורך העכער 10 יאָהר, אַ גרויסער און גוט־רעדאַקטירטער אַגודיסטישער טאָג־אָרגאַן, „דאָס טאָגבלאַט". חוץ דעם זיינען געווען אָהן אַ שיעור וואָכן־און חודש־בלעטער, מייסטענס פון אַ קורצער לעבענס־דויער, אויסער איין וואָכענבלאַט און איין חודש־אָרגאַן, וועלכע האָבען מאריך־ימים געווען. דאָס וואָכענבלאַט איז געווען „דאָס וואָרט" אין ווילנע, וואָס איז דערשינען אָהן אַ הפסקה זייט דעם יאָהר 1924 ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער חודש־אָרגאַן איז געווען „בית יעקב" אין לאָדז, פון וועל־כען עס זיינען אַרויס העכער 150 נומערען, אויך ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה. די אַלע שריפטען זיינען געווען אין אידיש. פון די צאָהלרייכע העב־רעאישע אויסגאַבען פון דער אגודה אין פּוילען דאַרפען דערמאָהנט ווערען: די חודש־שריפט „דגלנו", וועלכע האָט געהאַט אַ השפעה אויף דער רעליגיע־זער יוגענד אין די ערשטע 5 יאָהר פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיגקייט, און די וואָכענשריפט „דרכנו" אין יאָהר 1925. צוויי פּוילישע פעריאָדישע אויסגאַבען האָט די אגודה פאַרמאָגט במשך דער צייט: די וואָכענשריפט „עכאָ זשידאָווסקיע" און דאָס צוויי־וואָכען־בלאַט „פּראָמיען".

.4

די גרעסטע אידישע קהלות אין קאָנגרעס־פּוילען זיינען אין לויף פון דער צייט אָנגעפיהרט געוואָרען פון פאַרטרעטער פון „אגודת ישראל". די

וואַרשעווער קהלה איז אין די יאָהרען 1937—1929 געווען געלייטעט פון אגודיסטען, די לאָדזער קהלה אָהן אַ הפסקה פון יאָהר 1928 ביז צום אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עהנליך איז געווען אין אַ רייה אַנדערע שטעט. אין גאַליציען און אויף די א. ג. „קרעסען" זיינען אין יעדער שטאָט געווען שטאַרקע אגודיסטישע פראַקציעס אין די קהלה־ראַטען און קהלה־פאַרוואַלטונגען.

די וואַהלען צו די קהלה־אָרגאַנען זיינען געווען אַלגעמיינע און פּראָ־פּאָרציאָנעלע, זיי האָבען דאריבער אָפּגעשפיגעלט די סטרוקטור פון די אי־דישע מאַסען אין פּוילען. סטאַטיסטיש גענומען, קען מען באַהויפּטען, אַז אין ערשטען יאָהר־צעהנדלינג פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיגקייט זיינען די איינפלוסען פון דער אגודה געשטיגען, דערגרייכענדיג דעם קולמינאַציע־פּונקט מיט'ן איבערנעהמען די לייטונג פון דער וואַרשעווער קהלה און דעם זעלבשטענדיגען נצחון ביי די סיים־וואַהלען אין דער שטאָט ווארשע אין יאָהר 1930. אין צווייטען יאָהרצעהנדלינג פון דער תקופה ווייזען די איינפלוסען פון דער אגודה אַ שוואַכערע טענדענץ.

אַ גרויסער טייל פון פּוילישע רבנים איז געווען אָפיציעל אָנגעשלאָסען דער אגודה. חוץ דער אַלגעמיינער „אגודת הרבנים" האָט עקזיסטירט, אין הסכם מיט די סטאַטוטען פון דער אגודה, וועלכע האָבען פאָראויסגעזעהען דאָס באַשטיין פון אַ תורה־קערפּערשאַפט אין יעדען לאַנד מיט גרויסע אינער־ליכע קאָמפּעטענצען, אַ „מועצת גדולי התורה" ביי „אגודת ישראל" און זי האָט פון צייט צו צייט געלאָזט הערען איהר שטים אין וויכטיגע כלל־ענינים.

די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט פון די אגודיסטישע פּרנסים אין די קהלות, פון די רבנים און פון דער לייטונג פון דער אָרגאַניזאַציע, איז געווען געווידמעט דעם רעליגיעזען חינוך.

דאָס נעץ פון די רעליגיעזע חינוך־מוסדות האָט אַרומגענומען: א) פאַר דער מענליכער יוגענד: ישיבות, חדרים און תלמוד־תורה'ס, פאַרשידענע קורסען, צענטראַלע אינסטיטוציעס. ב) פאַר דער ווייבליכער יוגענד: די „בית יעקב"־שולען און צענטראַלע אינסטיטוציעס.

ישיבות זיינען געווען גרויסע און קליינע. חדרים זיינען געווען צוויי־ערליי: א) אָנערקענטע דורך דער מלוכה אַלס פּריוואַטע פאָלקס־שולען, פאַר וועלכע עס איז אויסגעאַרבייט און באַשטעטיגט געוואָרען אַ ספּעציעלער פּראָג־ראַם פון אַלגעמיינע לימודים (מייסטענס אָנגערופען „יסודי התורה"). ב) תל־מוד־תורה'ס בלויז פאַר לימודי־קודש.

גרויסע ישיבות האָבען עקזיסטירט אין קאָנגרעס־פּוילען און אויף די מזרח־„קרעסען". איינער פון די באַריהמטע פיהרער פון דער אגודה, הרב מאיר שפּירא, האָט במשך 6 יאָהר געבויט די גרויסע ישיבה־געביידע אין

לובלין, און ווען זי איז פאַרטיג געוואָרען אין יאָהר 1930, האָבען די פּוילישע אגודיסטען מיט רעכט שטאָלצירט מיט איהר. אָבער די „ישיבת חכמי לובלין" (דאָס איז געווען איהר אָפיציעלער נאָמען) איז נישט געווען פאַראיינצעלט. אַן עהנליכער גרויסער אינסטיטוט איז געווען די „מתיבתא" אין וואַרשע. חוץ דעם זיינען געווען די באַקאַנטע ישיבות פון ראדון, מיר, קלעצק, קאַמי־ניץ, באַראַנאָוויטש, וואָלאָזין, גראָדנע, קאָברין, ביאַליסטאָק, לאָמזע, פּינסק, בריסק, סלאָנים, מעזריטש א. א., וועמענס ראשי־ישיבות זיינען מייסטענס גע־ווען אָנגעשלאָסען אין דער אגודה און וואו הונדערטער יונגע מענשען האָבען מיט אַ פאַנאַטישען ברען שטודירט די אַלטע תורה פון אידישען פאָלק און ווייטער געשמידט די דורות־קייט פון אידישען טראַדיציאָנעלען לערנען.

פון די צענטראַלע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען פון דער „אגודת ישראל" געשאַפען געוואָרען אויפ׳ן חינוך־געביט, דאַרף מען דערמאָהנען דעם א. ג. „מחנכים־סעמינאַר" אין וואַרשע, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע אויסצובילדען פּעדאַגאָגיש געשולטע מלמדים און מנהלים פאַר די חדרים. עס איז אויך אויפגעבויט געוואָרען אַ שעהנער בנין פאַר אַ צענטראַלער קינ־דער־קאָלאָניע אין דלוגאָשאָדלע ביי לאָמזע פאַר 500 קינדער.

די אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע אגודיסטישע שול־נעץ פאַר אינגלעך, האָט געהייסען „חורב". אין שול־יאָהר 38־1937 זיי־נען אין איהר געווען אָנגעשלאָסען בסך־הכל 409 אינסטיטוציעס (159 ישיבות און 250 חדרים און תלמוד־תורה׳ס) מיט 49.720 תלמידים און 1945 מלמדים און לעהרער. די דאָזיגע שולען האָבען געהאַט 155 אייגענע בנינים. זייער מאָנאַטליכער בודזשעט האָט באַטראָפען העכער 300.000 זלאָטעס. די דאָזיגע ציפערען נעמען נישט אַרום די ישיבות אויף די „קרעסען", וועלכע האָבען געהאַט אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע, דעם „ועד הישיבות" אין ווילנע.

5.

אויפ׳ן געביט פון חינוך פאַר דער ווייבליכער יוגענד האָט די „אגודת ישראל" געשאַפען דעם גאַנץ נייעם טיפּ פון שולען אונטער דעם נאָמען „בית יעקב".

די ערשטע שול פון דעם טיפּ האָט געשאַפען אַ באַשיידענע פרוי מיט׳ן נאָמען שרה שענירער אין קראָקא, אין יאָהר 1919. די דאָזיגע פרוי איז גע־וואָרען די מוטער פון רעליגיעזען פרויען־חינוך אויף גאַר דער וועלט, ווייל „בית יעקב"־שולען זיינען במשך 20 יאָהר, ביז צום אויסברוך פון דער צוויי־טער וועלט־מלחמה, אַנטשטאַנען אין אַ גרויסער צאָהל נישט נאָר אין פּוילען, נאָר אויך ליטע, רומעניע, טשעכאָסלאָוואַקיי, אונגאַרן, עסטרייך און אַנדערע אייראָפּעאישע קיבוצים, ווי אויך אין ארץ־ישראל און אַמעריקע. אין פּוילען

אַליין זיינען אין יאָהר 1935 געווען 225 אַזעלכע שולען, וועלכע זיינען באַזוכט געוואָרען דורך 27.000 שילערינס.

אין דער שטאָט קראָקא, וואו עס איז אַנטשטאַנען די ערשטע „בית יעקב״־שול, איז אויפגעבויט געוואָרען אַ מאָנומענטאַלע געביידע פאַר אַ לעה־רערין־סעמינאַר, וואו עס זיינען אויסגעבילדעט געוואָרען די לעהר־קרעפטען פאַר די שולען. פון דאָרט אויס זיינען אויך אַלע שולען אָרגאַניזאַטאָריש געלייטעט געוואָרען.

אַ רייכע פּעדאַגאָגישע ליטעראַטור איז אַנטשטאַנען אין שייכות מיט׳ן דאָזיגען שול־נעץ. די פּעריאָדישע אויסגאַבע „בית יעקב״ איז שוין דער־מאָהנט געוואָרען. פאַר קלענערע קינדער איז דערשינען, אויך פּעריאָדיש, דער „קינדער־גאָרטען״. חוץ דעם איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ גרויסע צאָהל לערן־ביכער. אַלץ איז געווען געשריבען אויף אידיש, אָבער מיט אַ נייער באַזונדערער אָרטאָגראַפיע, וועלכע איז געווען וויסענשאַפטליך באַגרינדעט דורך דעם פילאָלאָג ד״ר שלמה בירנבוים („דער רעליגיעזער אויסלייג״) און וועלכע האָט דורך איהר פאַרווענדונג אין אַזויפיל שולען זיך גיך און שטאַרק פאַרשפּרייט.

די שילערינס פון די „בית יעקב״־שולען האָבען נאָכ׳ן פאַרענדיגען זייערע קורסען נישט איבערגעריסען דעם קאָנטאַקט מיט דער באַוועגונג. עס איז פאַר זיי געשאַפען געוואָרען אַ ספּעציעלער פאַרבאַנד א. ד. נ. „בתיה״. אין יאָהר 1937 האָט דער פאַרבאַנד געציילט 20.000 חברות. צו איהם האָבען געהערט מיידלעך ביז צום פאַרענדיגען דאָס 16־טע לעבענס־יאָהר, שפּעטער פלעגען זיי אַריבערגעהן אין „בנות אגודת ישראל״. די דאָזיגע באַוועגונג איז אויך כסדר געוואַקסען. אין יאָהר 1927 האָט זי געהאַט 25 אָפּטיילונגען און בסך־הכל 750 מיטגלידערינס. פינף יאָהר שפּעטער, אין 1932, האָט זי גע־האַט 109 אָפּטיילונגען מיט 8000 חברות. נאָך ווייטערדיגע פינף יאָהר, אין 1937, האָט זי זיך פונאַנדערגעוואַקסען ביז 279 אָפּטיילונגען מיט 14.672 רע־גיסטרירטע מיטגלידערינס.

אין דער שטאָט לאָדז איז אַנטשטאַנען אַ רעליגיעזע פאַך־שול פאַר מיידלעך א. ד. נ. „אהל שרה״, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען דורך א. ג. פרידענזאָן, דעם אַרויסגעבער פון די מייסטע פּעריאָדישע אויסגאַבען פאַר דער אגודיסטישער פרויען־יוגענד און דעם לייטער פון דער „בנות״־באַוועגונג.

### 6.

אין די לעצטע פינף יאָהר פון דער תקופה 1919—1939 האָט אין לעבען פון דער פּוילישער „אגודת ישראל״ פאַרנומען אַ וויכטיגען אָרט די עמיגראַ־ציע קיין ארץ־ישראל.

אויפ׳ן יסוד פון אַן אָפּמאַך מיט דער אידישער אַגענטור אין ירושלים האָט די אגודה באַקומען צוגעטיילט אַ געוויסע צאָהל סערטיפיקאַטען פאַר חלוצים און פאַך־לייט, חוץ די סערטיפיקאַטען, וועלכע זי האָט באַקומען די־רעקט פון דער ארץ־ישראל־רעגירונג פאַר רבנים, ישיבה־לייט און קאַפּיטאַל־באַזיצער. זי האָט אויף דעם אופן געקאָנט, אמת נאָר אין אַ ווינציגער מאָס, שטילען דעם הונגער נאָך עמיגראַציע־מעגליכקייטען, וועלכער האָט אַרומגע־נומען די רעליגיעזע אידישע מאַסען אין פוילען, צוזאַמען מיט אַלע אידען, אין די לעצטע יאָהרען פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל, וועלכע האָט זיך פון לאַנגע יאָהרען פאַרוואָרצעלט אין די טיפענישען פון דער נשמה ביי יעדען רעליגיעזען איד, איז ביי די פוילישע אגודיסטען געוועקט געוואָרען אייגענטליך נאָך פאַר דעם עקאָנאָמישען חורבן און פאָליטישען דרוק פון דער לעצטער צייט פאַר דער מלחמה. צו שטאַרקע מעשים פאַר ארץ־ישראל האָט גערופען די חסידישע מאַסען נישט קיין אַנדערער ווי דער גערער רבי, וועלכער האָט אָנהויבענדיג פון יאָהר 1921 אַליין אונטערגענומען עטליכע נסיעות קיין ארץ־ישראל און געשריבען פון דאָרט באַגייסטערטע בריוו, וועלכע האָבען געמאַכט אַ גרויסען רושם.

אין אַ בריוו פון ז׳ אייר תרפ״א האָט ער געשריבען:

„הנני שבע רצון מאד בראותי כי יכולים גם לבוא אל המנוחה ולהתנהג שמה (ד. ה. אין ארץ־ישראל) בדרכי היהדות כאשר הורונו אבותינו ואבות אבותינו. ומי אשר חננו השי״ת בהון, יוכל בלי שום ספק למצא שמה פרנסתו במנוחה שלמה ולשמור היהדות כראוי באין מעצור, אולם גם אלו שאין יכולים ואין חפצים להשתקע באה״ק, דעתי — בכדי לעזור לאחיהם בני ישראל החרדים להתישב שמה — יפרישו כל אחד מהונו סכום מסוים ולקנות לו שם חבל נחלה, והוא נושא פירות גם בעוה״ז״.

דאַן האָט ער קלאָר אויפגעפאָדערט:

„על אגודת שלומי אמוני ישראל לעורר את כל החרדים, שישתדלו להרבות הישוב בארץ הקדושה״.

אין יאָהר 1933 האָט זיך אין פוילען צווישען אגודיסטען געלאָזט מער־קען אַ געוואַלטיקער דראַנג קיין ארץ־ישראל. עס זיינען דאַן דורך דער אגודה־צענטראַלע געגרינדעט געוואָרען צאָהלרייכע הכשרה־פאַרמס, וואו די קאַנדידאַטען אויף עולים האָבען זיך צוגעגרייט צו זייער אומשיכטונג. אין יאָהר 1935 זיינען שוין געווען 76 אַזעלכע הכשרה־פונקטען מיט העכער 2000 אָנטייל־נעהמער, וועלכע זיינען אויסגעלערענט געוואָרען אַלס קוואַליפיציר־טע בעלי־מלאכות, גערטנער און לאַנד־אַרבייטער. באַזונדערע הכשרה־פונק־טען זיינען געשאַפען געוואָרען פאַר „בנות אגודת ישראל״.

אין חודש שבט תרצ״ד (1934) זיינען די ערשטע אגודיסטישע עולים פון פוילען, אויפ׳ן סמך פון די סערטיפיקאַטען, אַוועקגעפאָהרען קיין ארץ־ישראל. די צאָהל סערטיפיקאַטען איז אָבער געווען אַ גאַנץ קליינע און האָט נישט אויסגערייכט צו באַפרידיגען אפילו אַ קליינעם פּראָצענט פון די יעניגע מענשען, וועלכע האָבען זיך מיט אַלע כחות געריסען קיין ארץ־ישראל. עס איז געווען אַ טראַגיש בילד, ווען הונדערטער אָרטאָדאָקסישע אידען פלעגען טעגליך שטורמען די אָפיסעס פון דער אגודה: „גיט אונז סערטיפיקאַטען!״ נאָר וויניגע האָבען דערצו זוכה געווען.

דער פינאַנציעלער אינסטרומענט, מיט וועלכען „אגודת ישראל״ האָט זיך באַדינט צו קויפען אייגענעם באָדען אין ארץ־ישראל, דורכצופיהרען די הכשרה א. א. וו., האָט געהייסען „קרן הישוב״. עס ליגט פאַר מיר אַ געדרוקטער באַריכט פון דירעקטאָריום פון „קרן הישוב״ אין פוילען פאַר דער צייט תרצ״ד־ניסן תרצ״ה. פון דאָזיגען באַריכט זעהט מען, אַז במשך פון די אנדערט־האַלבען יאָהר האָט מען געזאַמעלט פאַר׳ן „קרן־הישוב״ אין 632 שטעט אין פוילען דעם סכום פון 347.835 זלאָטעס. דער גרעסטער טייל פון געלד איז פאַרווענדעט געוואָרען פאַר׳ן קויף פון באָדען און אינוועטאַר, ווי אויך הייזער־בוי, אין מחנה ישראל, כפר סבא, כפר עטא און הרצליה.

.7

אַ וויכטיג קאַפּיטעל פון דער אגודיסטישער אַרבייט אין פוילען האָבען געבילדעט די קאָאָפּעראַטיווע באַנקען, וועלכע זיינען געווען זעלבשטענדיג אָרגאַניזירט.

די פוילישע רעגירונג האָט אין יאָהר 1929 באַשטעטיגט פאַר די אגו־דיסטישע קאָאָפּעראַטיווע באַנקען אַן אייגענעם רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד, וואָס האָט די דאָזיגע באַנקען געגעבען געזעצליך פולע באַוועגונגס־פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. זיי זיינען זיך דאַן גיך צערוואַקסען צו אַ גרויסען נעץ פון געזונטע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבען טויזענדער סוחרים פאַרזאָרגט מיט אַ ביליגען קרעדיט.

די אַלגעמיינע בילאַנס־סומע פון די אָרטאָדאָקסישע קאָאָפּעראַטיווען האָט אין יאָהר 1930 באַטראָפען 12,2 מיליאָן זלאָטעס. דער פאַי־קאַפּיטאַל פון 80 באַנקען האָט אין יאָהר 1935 באַטראָפען 812.000 זלאָטעס און דער רעזערוו־קאַפּיטאַל 465.000 זלאָטעס.

אין יאָהר 1936 האָבען 115 אָרטאָדאָקסישע קאָאָפּעראַטיוון געהאַט 15.825 מיטגלידער און דער פאַי־קאַפּיטאַל האָט שוין באַטראָפען 1,108.000

זלאָטעס, די אייגענע קאָפּיטאַלען 646.000 זלאָטעס. דעפּאָנירטע געלדער איז געלעגען אין די דאָזיגע באַנקען 7,3 מיליאָן זלאָטעס.

עס איז לייכט זיך משער צו זיין, וויפיל לעבען און אַקטיוויטעט עס אַנטהאַלטען אין זיך די פּאָר ציפערען.

**8.**

דאָס בילד, וואָס איז דאָ געמאָלען געוואָרען, שעפּט נאָך ווייט ניט אויס די טעמע. זאָל דעריבער קורץ געזאָגט ווערען: אין דער תקופה פון די צוואַנציג יאָהר איז די אגודה טיף פאַרוואָרצעלט געוואָרען אין פאָלק, האָט געשפּירט זיינע נויטען און באַדערפענישען און רעאַגירט אויף זיינע ליידען און פריידען.

אָט דאָס איז דער סך־הכּל.

# די געהיימע עוואַקואַציע־קאָמיסיע אין לאָדז, זומער 1939

(„לאָדזער יזכור־בוך״, ניו־יאָרק 1943, זייט 77—80)

**דעם** 19־טען מאַי 1939 האָב איך אַרום צעהן אַזייגער פאַרמיטאָג באַקומען צוגעשטעלט אַ בריוו פון שעף פון פערטען קאָרפּוס פון דער פּוילי־שער אַרמיי, וועלכער איז געווען סטאַציאָנירט אין לאָדז. אויף דעם קאָנווערט פון׳ם בריוו איז געווען באַמערקט „פּילנע״ (דרינגענד) און „טאַינע״ (געהיים). עפּענענדיג דעם קאָנווערט, האָב איך דאָרט געטראָפען אַ קורץ פאָרמולירטע אויפפאָדערונג, אַז איך זאָל נעהמען אָנטייל אין אַ מיליטערישער קאָנפערענץ, וועלכע וועט פאָרקומען דעם 19־טען מאַי (ד. ה. דעם זעלבען טאָג) 12 אַזייגער מיטאָג אין געביידע פון לאָדזער אַרמיי־קאָמאַנדאָ, ליסטאָפּאַדאַ־גאַס נר. 83. עס איז דערביי געווען באַמערקט, אַז די אָנוועזענהייט אויף דער קאָנפערענץ איז פאַרפליכטענד, אויפ׳ן יסוד פון עטליכע אַרטיקלען פון מיליטער־געזעץ, וועלכע זיינען גענוי אָנגערופען געוואָרען.

איך האָב זיך משער געווען, אַז עס מוז זיך האַנדלען וועגען אַ העכסט־וויכטיגען ענין. די שטימונג אין לאָדז איז דאַן געווען אפילו אַ מעהר רוהיגע, נאָך דעם ערשיטערענדען איינדרוק פון דער אָקופּאַציע פון פּראַג און גאַנץ

בעהמען, וואָס איז אין לאָדז, גלייך ווי איבעראַל פאַרשטאַנען געוואָרען אַלס אָנצייכען פון קומענדען דייטשען אָנגריף, איז איינגעטראָטען אַ קליינע אָנטשפּאַנונג. אָבער אין דער לופט האָט געהאָנגען אַ געוויטער. און קיין וואונדער, אַז איך האָב דעם מערקווירדיגען בריוו תיכף צונויפגעבונדען מיט דער לאַגע.

אָנקומענדיג אין געביידע פון „ד. אָ. ק." (אַזוי האָט זיך קורץ מיט די ראשי־תיבות גערופען די אַרמיי־קאָמאַנדע, אויף פויליש: „דאָוואודזטוואָ אָק־רענגו קאָרפּוסו"), האָט מיך אויפגענומען דער שעף פון דער פלוגצייג־אָבוועהר, פּולקאָווניק קולמא, און מיר זיינען דאַן אַריין אין קאָנפערענץ־זאַל, וואו עס האָבען זיך פאַרזאַמעלט, אַ חוץ אַ רייה הויכע מיליטער־לייט, אַ פופצעהן אָדער זעכצעהן ציוויל־פּערזאָנען. באַלד איז אַריין אין צימער דער שעף פון „ד. אָ. ק.", אַ גענעראַל, און די קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעהויבען.

דער גענעראַל האָט אונז ערקלערט, אַז הגם עס ווייזט נישט אויס, אַז די מלחמה זאָל זיין גאָר נאָהנט, פונדעסטוועגען דאַרפען געמאַכט ווערען אין דער שטיל אַלע צוגרייטונגען, כדי אין פאַל, ווען זי זאָל אויסברעכען, זאָל די באַפעלקערונג פון לאָדז קענען ריכטיג אָנגעפיהרט ווערען. לאָדז — האָט געזאָגט דער גענעראַל — וועט פון שונא ווערען שטאַרק אָנגעגריפען צוליב איהר נאָהענטקייט צו דער גרעניץ און צוליב איהר קאָלאָסאַלער וויכטיגקייט אַלס גרעסטער פּוילישער אינדוסטריע־צענטער. די שטאָדט איז די צווייט־גרעסטע אין פּוילען; איהרע איינוואוינער מוזען באַצייטענס אַזוי אָרגאַניזירט ווערען, אַז יעדער זאָל אין קריטישען מאָמענט ערפילען זיין פליכט. נישט אַלע וועלען בשעת מלחמה דאַרפען און קענען בלייבען אין לאָדז; אַ טייל פון די 700.000 מענשען, וועלכער טראָגט נישט ביי צום מיליטערישען און אינדוסטריעלען פּאָטענציאַל פון דער שטאָדט, ווי צ. ב. די זקנים אָדער קינדער־יתומים א. א. וו., דאַרף פון לאָדז תיכף ביים אויסברעכען די מלחמה ווערען באַזייטיגט, כדי ער זאָל נישט זיין אויסגעזעצט די גרויסע סכנות אָהן אַ גרונד און כדי ער זאָל נישט שטערען די אַרבייט פון אַנדערע. דאָס אויסאַרבייטען די פּלענער פאַר דער דאָזיגער עוואַקואַציע איז אַ שווערע אַרבייט און די העכסטע לייטונג פון דער אַרמיי אין וואַרשע האָט באַשלאָסען צו שאַפען אַ קאָמיסיע פון ציווילע מענשען, רעפּרעזענטאַנטען פון אַלע שיכטען פון דער לאָדזער באַפעלקערונג, וועלכע זאָל די דאָזיגע אַרבייט טאָן אין דער גרעסטער דיסקרעציע. ביי דער געלעגענהייט איז באַמערקט געוואָרען, אַז אַלץ וואָס ווערט גערעדט האָט דעם כאַראַקטער פון אַ מיליטערישען סוד און קיין שום מענש טאָר זיך וועגען דעם נישט דערוויסען, אָפּגערעדט נאַטירליך שוין אויך פון אַלע ווייטערע שריט, וועלכע וועלען אונטערגענומען ווערען.

דער גענעראַל האָט דאַן פאָרגעלעזען די נעמען פון 18 מיטגלידער

פון דער קאָמיסיע, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרען, דאַרונטער מיין נאָמען אַלס פאַרטרעטער פון די לאָדזער אידען.

צווישען די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען „קאָמיסיאַ ראַזפּרושעניא״ (די קאָמיסיע פון פונאַנדערוואַרפען), האָב איך באַמערקט עטליכע באַקאַנטע, ווי אַ סאָציאַליסטישען ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט אַלס פאַרטרעטער פון די אַרבייטער, ראָבערט גייער אַלס פאַרטרעטער פון די פאַבריקאַנטען א. א. וו.

עס האָט זיך אַנטוויקעלט אַ דיסקוסיע, בשעת וועלכער די אויפגאַבען פון דער קאָמיסיע זיינען דורך די אָנוועזענדע מיליטער־לייט גענויער פּרע־ציזירט געוואָרען. זי האָט געדאַרפט געפינען פלעצער, וואו מען זאָל קענען אַריבערטראַנספּאָרטירען ביים אָנהויב פון דער מלחמה די „נישט נויטיגע״ איינוואוינער פון שטאָט. מען האָט געדאַרפט צוגרייטען מעגליכקייטען פון טראַנספּאָרט און פון איינאָרדנען די מענשען אין זייערע נייע היימען. מען האָט געדאַרפט איבערפּרובירען די לאָדזער אנוואוינער און פעסטשטעלען ווער עס איז נויטיג, אַז מען קען זיך אָהן איהם נישט באַגעהן. אַלץ האָט גע־דאַרפט געשעהן אין געהיים, כדי נישט אַרויסצורופען קיין פּאַניק, הגם מען האָט אונז דערקלערט, אַז אויב עס זאָל קומען צו דער מלחמה וועט די קאָמיסיע תיכף אַרויס אין דער עפענטליכקייט און ווערען דאַן א מין ציווילער ראַט־געבער ביי דער מיליטער־קאָמאַנדע פון לאָדז, מיט זעהר ברייטע קאָמפּעטענ־צען און פולמאַכטען.

פאַר מיר אַלס איינציגען איד אין דער קאָמיסיע זיינען באַלד אַנט־שטאַנען צוויי וויכטיגע אויפגאַבען: ערשטענס, האָב איך געמוזט זאָרגען דערפאַר, אַז אין די פלעצער, וואו אַ טייל פון דער לאָדזער באַפעלקערונג וועט אַריבערגעפיהרט ווערען, זאָלען געשאַפען ווערען באַדינגונגען, אַז אידען זאָלען קענען דאָרט עקזיסטירען; צווייטענס, האָט גאָר לייכט געקענט אַנט־שטעהן די סכנה, אַז מען וועט אָנהויבען צו טרייבען אידען פון לאָדז נאָכ׳ן מלחמה־אויסברוך אַלס „נישט־נויטיגע״ איינוואוינער. דאַריבער האָט אַ באַ־זונדערע שמירה און פאָרזיכטיגקייט זיך געפאָדערט ביים פונאַנדערטיילען די באַפעלקערונג אין די באַזונדערע קאַטעגאָריעס.

צו דעם לעצטען איז בכלל נישט געקומען. עס זיינען נאָר געמאַכט געוואָרען געוויסע טעכנישע צוגרייטונגען — דער ענין האָט פאַרלאַנגט אַ געוואַלטיגען אַפּאַראַט — אָבער צום איבערפּרובירען די לאָדזער איינוואוינער איז נישט געקומען.

דאַגעגען האָט אַ דעלעגאַציע פון דער קאָמיסיע אָנגעהויבען אַרומצו־פאָהרען אין די זומער־חדשים איבער די פאַרשידענע שטעטלעך אַרום לאָדז, כדי צו זוכען פּאַסיגע ערטער, וואו מען זאָל קענען איינאָרדנען די „נישט־

נויטיגע״ עלעמענטען פון שטאַט, תיכף ווי די מלחמה וועט אויסברעכן. דעם 5־טען יולי 1939 איז אין לאָקאַל פון דער פּוילישער י. מ. ק. א. אויף מאַניושקי־גאַס 14 פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער עוואַקואַציע־קאָמיסיע, וואו מען האָט אָפּגעגעבען אַ באַריכט, אַז געוויסע פּלעצער זיינען שוין אויסגעזוכט געוואָרען. צווישען אַנדערע האָט מען אָנגערופען דאָס שטעטעל גלאָוונע אַלס פּלאַץ, וואו מען וועט קענען איינאָרדנען אַ טייל פון דער לאָדזער באַפעל־קערונג, וועלכע וועט עוואַקואירט ווערען. מען האָט מרמז געווען, אַז דאָרט וועלען געשיקט ווערען די אידען.

איך האָב דאַן אויפמערקזאַם געמאַכט אין אַ רעדע די פאַרזאַמעלטע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, אַז הגם עס איז קלאָר, אַז די אידישע באַפעל־קערונג האָט איהרע באַזונדערע פּראָבלעמען, טאָר אָבער נישט געמאַכט ווערען שוין לכתחילה עפּעס אַ דיפערענצירונג צווישען איהר און דעם אַנדערען טייל פון די לאָדזער איינוואוינער. אויב עס זאָל קומען צו אַ מלחמה, וועלען אַלע בירגער פון פּוילען מוזען ברענגען גלייך די גרעסטע קרבנות. דעריבער מוז זיין דער ערשטער פּרינציפּ פון דער קאָמיסיע נישט צו מאַכען קיין שום חילוק צווישען איד און נישט־איד. אוודאי מוז מען זאָרגען דערפאַר, אַז די אידען, וועלכע וועלען פון לאָדז באַזייטיגט ווערען, זאָלען זיך אין די נייע ערטער קענען אויסלעבען אַלס אידען (דער עיקר, אַז זייערע רעליגיעזע באַדערפע־נישען, ווי צ. ב. שחיטה א. א. זאָלען קענען באַפרידיגט ווערען), אָבער דאָס דאַרף איבערגעגעבען ווערען די אידען אַליין, און איך נעהם זיך אונטער דער־פאַר צו זאָרגען. קיין איזאָלאַציעס פון אידען טאָרען נישט טאָלערירט ווערען, ווייל זיי זיינען קיינמאָל נישט געוואונשען און אין מלחמה־צייט זיינען זיי באַזונדערס געפעהרליך.

אויף דער דאָזיגער זיצונג האָט געפיהרט דעם פאָרזיץ פּולקאָווניק אַלפרעד פּאַגעל און ער האָט מיך תיכף באַרוהיגט, אַז דאָס פּראָיעקטירטע אַריבערפיהרען די „נישט־נויטיגע״ אידען קיין גלאָוונע איז אַבסאָלוט ניט גע־צילט אַלס וועלכע ס׳איז דיסקרימינאַציע בנוגע אידען, נאָר פאַרקעהרט, עס ווייזט אויס, אַז אין גלאָוונע וועט לייכטער זיין צו באַזאָרגען די אידען מיט די געהעריגע בתי־תפילה א. א. וו. איך האָב דאַן דערקלערט, אַז איך באַ־האַלט פאַר זיך דאָס רעכט אַליין אַרויסצופאָהרען אין די אַלע פּלעצער, וועלכע די דעלעגאַציע האָט געפונען פאַר פּאַסיג, כדי פעסטצושטעלען, צי די אָביעק־טיווע באַדינגונגען זיינען דערפאַר, אַז מען זאָל אידען שיקען קיין גלאָוונע און נישט אין די אַנדערע פּונקטען.

פאַרשטעהט זיך, אַז פאָהרען איינער אליין האָב איך נישט געקענט, נאָר מיט אַ מיליטערישער באַגלייטונג, ווייל די זאַך איז געווען אַזוי בסוד, אַז קיין שום אינסטאַנץ אין די באַטרעפענדע ערטער וואָלט נישט געוואַגט צו

געבען די נויטיגע אינפאָרמאַציע אָהן אַ געהעריגער מיליטערישער באַגלייטונג. פולקאָווניק פאָגעל האָט צוגעזאָגט מיר דאָס צו דערמעגליכען, אָבער עס איז דערצו נישט געקומען.

די אַטמאָספערע אין לאָדז האָט אין די חדשים יולי און אויגוסט זיך פאַרערגערט בנוגע צו אידען. אין שייכות מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער מלוכה׳שער הלואה פאַר פאַרשטאַרקען דעם לופט־פלאָט, איז איינמאָל געקומען צו אַן עפנטליכער אָנקלאָגע אויפ׳ן אַדרעס פון די אידען, אַז זיי דערפילען נישט זייער פליכט. דאָס איז געווען אויף אַ זיצונג, וועלכע איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אין מאַגיסטראַט, ביי דער באַטייליגונג פון אַלע ראַטמענער און פאַרטרעטער פון אַלע אַמטען, האָט דער לאָדזער קאָמיסאַר פאַר דער הלואה געמאָלדען אין נאָמען פון גענעראַל בערבעצקי, דעם הלואה־קאָמיסאַר פאַר גאַנץ פוילען, אַז אידען האָבען נישט דערפילט די דערוואַרטונגען. דאָס האָט לגמרי נישט געשטימט מיט׳ן אמת און איך האָב געגען דעם אויפ׳ן אָרט פּראָטעסטירט, אָנווייזענדיג אַז אידען האָבען מיט׳ן גרעסטען ענטוזיאַזם זיך באַטייליגט אין דער הלואה, אַז אין אַלע שוהלען פון לאָדז האָט מען גערעדט פון די בימות וועגען דעם, און אַז די אַקציע איז אין פולען גאַנג. דער סדר פון דער הלואה איז געווען, אַז אין וואַרשע האָט מען אויסגעאַרבעט געוויסע נאָרמען, לויט וועלכע פאַרשידענע שיכטען פון דער באַפעלקערונג האָבען געדאַרפט קויפען די הלואה. אין יענעם מאָמענט האָבען זיך נאָך געפיהרט אונטערהאַנדלונגען צווישען גענעראַל בערבעצקי און די פאַרטרעטער פון די פאַבריקאַנטען; צוליב דעם האָבען אין לאָדז די פאַבריקאַנטען נאָך נישט געהאַט געצייכענט די הלואה. אָבער די מאַסען אידען האָבען געטראָגען זייערע שווער פאַרהאָרעוועטע זלאָטעס אין די שטייער־אַמטען, כדי זיך צו באַטייליגען אין דער הלואה צו שטאַרקען פוילען געגען היטלער׳ן. פאַר זיי איז עס געווען אַ גרויסע עוולה צו הערען אַ באַשולדיגונג, אַז „אידען דערפילען נישט זייער פליכט״. חוץ דעם, האָט עס געהאַט אַ שרעקליכע ווירקונג אויפ׳ן קריסטליכען המון, וועלכער איז אין לאָדז, ווי באַקאַנט, געווען שטאַרק אַנטיסעמיטיש.

ווען די לופט האָט אָנגעהויבען צו שמעקען מיט ריכטיגען פּולווער, אין די לעצטע טעג פון אויגוסט, איז די עקזיסטענץ פון דער קאָמיסיע פאַר עוואַקואַציע באַקאַנט געוואָרען אין דער עפענטליכקייט. אין איין שעהנעם מאָרגען האָט די „רעפּובליקאַ״ און דער „גלאָס פּאָראַנני״ (צוויי לאָדזער טאָג־צייטונגען אויף פּויליש) געבראַכט די סענסאַציע. דער צוזאַמענשטעל איז נישט געוואָרען אָנגעגעבען, ווייל די צייטונגען איהם האָבען נאָך נישט געקענט. באַלד איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אַ זיצונג אין דער קהילה, וואו עס איז אָנגענומען געוואָרען אַ באַשלוס זיך צו באַמיהען וועגען אַ אידישען

פּאַרטרעטער אין דער קאָמיסיע. איך האָב, זייענדיג געבונדען מיט׳ן מיליטערישען געהיימניש, נישט געטאָרט אויסזאָגען, אַז איך בין אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיע פון ערשטען מאָמענט, ווי זי איז געגרינדעט געוואָרען.

אָבער אויף אַ מאָדנעם אופן, ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה, זיינען אין די לעצטע צוויי וואָכען קיין זיצונגען פון דער קאָמיסיע נישט פאָרגעקומען. וואָס איז געווען איהר טעטיגקייט פון 1־טען ביז צום 7־טען סעפּטעמבער, ווייס איך נישט, ווייל דעם 1־טען סעפּטעמבער האָב איך זיך געפונען אין וואַרשע, און ווען איך האָב געוואָלט צוריקפאָהרען קיין לאָדז זונטאָג, דעם 3־טען סעפּטעמבער 1939, האָב איך, וואָס אַן אמת, אויפ׳ן סמך פון מיין לעגיטימירען זיך אַלס מיטגליד פון דער לאָדזער עוואַקואַציע־קאָמיסיע באַקומען די דערלויבניש צו פאָהרען אין קריגס־געביט, אָבער קיין באַהן־פאַרבינדונג איז שוין נישט געווען. איך האָב געוואַרט אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל צוויי מעת־לעת, אָבער אומזיסט. לאָדז איז שוין געווען אָפּגעשניטען פון דער וועלט. די געשעהענישען זיינען געקומען שנעלער ווי די קאָמיסיע האָט זיך פאָרגעשטעלט.



# דאַס רעליגיעזע אידישע לעבען אין פוילען

(„צוקונפט”, ניו־יאָרק, אויגוסט 1943)

.1

דורך פינף יאָהרהונדערטער האָבען אידען אויף פוילישער ערד געבויט זייער רעליגיעזע קולטור און אויסגעקעמפט דעם אויבענאָן אין וועלט־אידענטום אויפ׳ן דאָזיגען געביט.

אין זעכצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען זיך אין פוילען באַוויזען אַ רייה רעליגיעזע אויטאָריטעטען ביי אידען, וואָס האָבען מיט זייער גרויסקייט באַלד אַרומגענומען די גאַנצע אידישע וועלט. איינער פון זיי, ר׳ משה איסרלש פון קראָקע, באַקאַנט אַלס רמ״א, האָט געגעבען דעם לעצטען קאָדעקס פון אידישען רעכט — דעם „שולחן ערוך” פון ר׳ יוסף קארו, — זיין ענדגילטיגע, אַלגעמיין־אָנערקענטע פאָרם. און אָנהויבענדיג פון 16־טען יאָהרהונדערט האָט זיך די רעליגיעזע ליטעראַטור פון אידען אין פוילען צעבליהט אויף אַ גראַנדיעזען אופן. די וויכטיגסטע קאָמענטאַרען צום „שולחן ערוך”, צו די „ארבעה

טורים" און צום רמב"ם, די אַלזייטיגסטע דערקלעהרונגען צו דער תורה, די שאַרפזיניגסטע פּירושים צום תלמוד, די גרינדליכסטע תשובות וועגען רעליגיעזע ענינים, די בעסטע חיבורים אויפ'ן געביט פון דרוש — זיינען געשריבען געוואָרען דורך פּוילישע רבנים.

דער קוואַל פון אידיש־רעליגיעזען וויסען אין פּוילען האָט שטאַרק משפיע געווען אויך מחוץ די גרעניצען פון לאַנד. אין 18־טען יאָהרהונדערט האָבען די גרעסטע אידישע קהלות אין מערב־אייראָפּע באַצויגען זייערע רבנים פון פּוילען, אָדער, לפּחות, אָנגעפרעגט ביי זיי וועגען אַלע וויכטיגע רעליגיעזע שאלות, וואָס זיינען געוואָרען אַקטועל.

די צוויי שטאַרקע ריכטונגען אין רעליגיעזען אידענטום פאַר די לעצטע הונדערט יאָהר חסידות און מתנגדיזם, זיינען אויפגעקומען אויף פּוילישער ערד.

במשך דעם 19־טען יאָהרהונדערט איז דאָס פּוילישע אידענטום געווען דורך פּאָליטישע גרעניצען צוטיילט אויף דריי חלקים, און דאָס גייסטיגע לעבען האָט זיך אומעטום פאַרשיידענאַרטיג אַנטיוויקעלט. איין טייל (וואָס איז געווען אונטער פּרייסישער הערשאַפט) האָט זיך אַסימילירט צום מערב און פאַרלוירען מיט דער צייט אַלע סימנים פון צוגעהעריגקייט צום פּוילישען אידענטום; די אַנדערע צוויי (וואָס זיינען געווען אונטער עסטרייכישער און רוסישער הערשאַפט) האָבען ווייטער פאַרגעזעצט זייער אַלטע אַנטוויקלונגס־ליניע, אָבער נאַטירליך אויך אויסגעבילדעט במשך דער צייט געוויסע חילוקים.

ווען, ביים סוף פון יאָהר 1918, זיינען דריי מיליאָן אידען ווידער פאַראייניגט געוואָרען אין איין געאָפּאָליטישען צענטער אין אומאָפּהענגיגען פּוילען, האָט דער שטאַרקער רעליגיעזער טייל פון דאָזיגען צענטער אָנגעהויבען אַ ניי לעבען. די דיפערענצען, וואָס זיינען אויפגעקומען במשך דער פּוילישער פאַרשקלאַפונג, האָבען זיך אָנגעהויבען צו ניוועלירען. און אָט איז אַ פּראָווו פון אַ סינטעז, אַ פּרואוו פון אַ בילד פון רעליגיעזען אידענטום אין פּוילען במשך 21 יאָהר, ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## 2. די קהלה און די רבנים

דאָס קעמערעל, אין וועלכען דאָס רעליגיעזע לעבען אין פּוילען האָט זיך קאָנצענטרירט, איז געווען די קהלה.

ביז צום 14־טען אָקטאָבער 1927 זיינען אין פּוילען געווען פיר פאַרשיידענע טיפען אידישע קהלות: 1) אין קאָנגרעס־פּוילען האָט מען זיי אָרגאַניזירט אויפ'ן יסוד פון אַ דעקרעט פון פּילסודסקין פון יאָהר 1919; 2) אין געוועזענעם עסטרייכישען געביט האָבען עקזיסטירט „קולטוס־געמיינדען", פון וועלכע יעדע האָט געהאַט איהר אייגענעם סטאַטוט, וועמענס הויפּט־באַשטימונגען

זיינען אָבער געווען באַזירט אויף אַן אַלגעמיינעם געזעץ פון יאָהר 1890; 3) אין געוועזענעם פּרייסישען געביט האָבען די קהלות אָנגעהאַלטען לויט דער דייטשער געזעצגעבונג; 4) אויף די מזרח־קרעסען פון פּוילען (וואָלין, פּאָלעסיע א. א. וו.) זיינען בכלל קיין ריכטיגע קהלות נישט געווען, און די סוראָגאַטען פון די קהלות האָבען זיך רעגירט לויט אַלטע רוסישע געזעצען.

דעם 14־טען אָקטאָבער 1927 האָט דער מלוכה־פּרעזידענט אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט, וואָס האָט פאַראיינהייטליכט דעם צושטאַנד. אַלע אידען פון פּוילען האָבען, לויט׳ן דאָזיגען דעקרעט, געבילדעט איין „רעליגיעזען פאַרבאַנד" מיט אַן עפענטליך־רעכטליכען כאַראַקטער. אין שפּיץ פון דאָזיגען פאַרבאַנד האָט געדאַרפט שטעהן אַ „רעליגיעזער ראַט", צונויפגעשטעלט פון 34 וועלטליכע מיטגלידער און 17 רבנים; אָבער דער ראַט איז קיינמאָל נישט צושטאַנד געקומען.

ווי באַשטאַנדטיילען פון רעליגיעזען פאַרבאַנד האָט דער דעקרעט באַצייכענט די לאָקאַלע „קאָנפעסיאָנעלע אידישע קהלות", צו וועלכע עס האָבען געהערט אַלע אידען, איינוואוינער פון דער באַטרעפענדער פּאָליטישער געמיינדע. די לאָקאַלע קהלות האָבען אויך געהאַט אַן עפענטליך־רעכטליכען כאַראַקטער.

די קהלות זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרען דורך זייערע אָרגאַנען: דורך אַ פאַרוואַלטונג פון 8 מיטגלידער (אין שטעט, וואו די צאָהל אידישע איינוואוינער איז נישט געווען גרעסער פון 5000), אָדער דורך אַ ראַט און אַ פאַרוואַלטונג (אין שטעט מיט אַ גרעסערער באַפעלקערונג ווי 5000 נפשות). דער רב פון דער קהלה איז געווען פון אַמטס־וועגן אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג. די וואַהלען צו די פאַרוואַלטונגען אין די קלענערע קהלות און צו די ראַטען אין די גרעסערע קהלות זיינען געווען: אַלגעמיינע, גלייכע, געהיימע, דירעקטע און פּראָפּאָרציאָנעלע; זיי זיינען פאָרגעקומען יעדע 4 יאָהר. וואַהלבאַרעכטיגט זיינען געווען אַלע מענער — אידען פון 25 יאָהר, וויילבאַר — אַלע מענער פון 30 יאָהר אָנגעהויבען. (דער געגויער וואַהל־רעגולאַמין איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך דעם מיניסטער פאַר בילדונג און רעליגיעזע אמונות דעם 24־טען אָקטאָבער 1930).

פאַר אויפגאַבען פון די אידישע קהלות האָט דער דעקרעט פון 14־טען אָקטאָבער 1927 אויסגערעכענט: דאָס אויסהאַלטען דעם ראַבינאַט (אין יעדער קהלה האָט געדאַרפט זיין איין רב און לפּחות איין דיין), די שוהלען, די ריטועלע בעדער (מקוואות) און בית־עולם׳ס; די רעליגיעזע דערציהונג פון דער יוגענד; דאָס פאַרזאָרגען די אידישע באַפעלקערונג מיט כשר פליישׁ; די פאַרוואַלטונג מיט׳ן קהלה־פאַרמעגען און פונדאַציעס; און, שליסליך, די וואוילטעטיגקייט און דאָס גרינדען כאַריטאַטיווע (ד"ה, צדקה־) אינסטיטוציעס.

עס איז קלאָהר, אַז אַלע אויפגאַבען, חוץ די לעצטע צוויי, האָבען גע־האַט אַן אויסשליסליך־רעליגיעזען כאַראַקטער. די וואַהלען צו די אָרגאַנען פון די קהלות (פאַרוואַלטונגען אָדער ראַטען) האָבען אַרויסגערופען דעם גרעסטען אינטערעס ביי דער רעליגיעזער אידישער באַפעלקערונג.

צו די קהלות האָבען געהערט די שוהלען, בית־עולם׳ס און אַנדערע רעליגיעזע אנשטאַלטען. די שוהלען האָבען, חוץ זייער רעליגיעזער באַדיי־טונג, געהאַט אויך אַ גרויסען קולטור־היסטאָרישען ווערט, צוליב זייער טיפער עלטער און צוליב דער אָפט זעהר רייכער אינערליכער אויסשטאַטונג. די עלטסטע שוהל איז געווען אין שטעטעל קאַזימיערזש ביי קראָקע (14־טער יאָהרהונדערט); פון 16־טען יאָהרהונדערט האָבען געשטאַמט די שוהלען אין לובלין (די מהרש״ל־שוהל און די מהר״ם־שוהל), לעמבערג (די „טורי־זהב״־שוהל), פשעמישל, יאַוואָרוב, רזשעשוב (רישא), קראָקע („קופא״־שוהל און „הויכע״־שוהל), פשעוואָרסק, לאַנצוט, זאַמאָשטש, שטשעברעשין, סאַנדאָ־מיערזש, דובנאָ, ווילנע (באַנייט אין 1539). שוהלען, אויפגעבויטע אין 17־טען יאָהרהונדערט, האָבען זיך געפונען אין: גראָדנע, לוצק, לעמבערג (די „פאָר־שטעטישע״ שוהל), וורא‍ָנקי, קראָקע („באָציאַן״־שוהל), לעשנאָ, כעלם א. א.

די רבנים, וואָס האָבען שטאַרק באַאיינפלוסט דאָס קהלה־לעבען און אָנגעפיהרט מיט׳ן רעליגיעזען לעבען בכלל, זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַן „אגודת הרבנים״ מיט׳ן זיץ אין וואַרשע, וואָס האָט אָבער נישט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ צוואַנגס־אָרגאַניזאַציע; דאָס אָנגעהערען צו איהר איז געווען אָפּהענגיג פון פרייען ווילען פון יעדען באַזונדערען רב.

די וואַהל פון אַ רב, וואָס האָט געדאַרפט אין די קלענערע קהלות זיין אַן אַלגעמיינע (ד״ה, ביי דער באַטייליגונג פון אַלע קהלה־מיטגלידער) און אין די גרעסערע דורך דעם קהלה־ראַט — פלעגט אַרויסרופען די שטאַרקסטע קאַמפען. עס איז אין די לעצטע יאָהרען פאַר דעם אויסברוך פון דער צוויי־טער וועלט־מלחמה שוין כמעט קיין רבנים אין די גרעסטע קהלות נישט געווען; עס איז אונמעגליך געווען צו דערגרייכען אַ הסכם וועגען די קאַנ־דידאַטען און דעריבער האָבען זייערע פונקציעס פאַרטראָטען די איינצעלנע דיינים אָדער די דיינים־קאָלעגיעס. וואַרשע האָט קיין רב־ראשי נישט געהאַט זינט רוסישע צייטען (דער לעצטער רב איז געווען ר׳ יעקב געזונדהייט, דער נאָכפאָלגער פון ר׳ בעריש מייזעלס); דאַגעגען אַזעלכע קהלות, ווי לאָדז, לעמבערג, קראָקע, לובלין, טשענסטאָכאָוו, פשעמישל, טאַרנאָוו, וולאָצלאַוועק א. א. האָבען אין פוילישע צייטען געהאַט זייערע רבנים, אָבער זיינען נישט געווען אימשטאַנד צו וועהלען נייע, נאָכדעם ווי די פריהערדיגע זיינען גע־שטאָרבען, ווייל די געגענזאַצען צווישען די פאַרשיידענע ריכטונגען אין די קהלה־ראַטען זיינען געווען צו גרויסע.

דעריבער איז די אויטאָריטעט פון די רבנים מחוץ זייערע קהלות נישט געווען אָפּהענגיג פון דער גרויסקייט פון דער קהלה, אין וועלכער דער רב האָט געווירקט, נאָר פון זייער וויסען און מידות. אָפט האָט דאָס וואָגיגסטע וואָרט געהערט צו אַ גאון פון אַ קליין שטעטעל. אַזוי האָט ר׳ ישראל מאיר הכהן (קאגאן), וואָס האָט געוואוינט אין קליינעם ראַדון, באַקומען די אויטאָריטעט פון אַ פּוסק צוליב זיין ספר „משנה ברורה״ און איז געווען אַלגעמיין פאַרעהרט צוליב דער וואונדערבאַרער עטישער הויכקייט פון זיין חיבור „חפץ חיים״ און אַ רייה אַנדערע ווערק. דער גאון ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי אין ווילנע האָט מחבר געווען דאָס תשובות־ספר „אחיעזר״ און איז געווען אָנערקענט פאַר איינעם פון די גרעסטע אויטאָריטעטען אויפ׳ן געביט פון דער הלכה. אַנדערע גאונים, וואָס האָבען דערגרייכט אַ גרויסע באַדייטונג צוליב זייער טיפען וויסען און חיבורים, זיינען געווען: ר׳ יוסף ענגעל, ר׳ לייב ברוידא, ר׳ מאיר אראק, ר׳ יואל וויינגאַרטען, ר׳ מאיר דן פּלאָצקי, ר׳ אברהם מענדיל שטיינבערג, ר׳ יחזקאל ליפשיץ, ר׳ מאיר שפּיראָ. פון די לעבעדיגע דאַרפען דערמאָהנט ווערען: ר׳ אהרן לעווין, ר׳ מנחם זעמבא, ר׳ אהרן וואלקין, ר׳ שמואל פּיהרער, ר׳ אליעזר מישעל, ר׳ אלחנן וואַסערמאַן, ר׳ וואָלף סאָלאָווייטשיק, ר׳ אהרן קאָטלער *).

## 3. די ריכטונגען

די גרויסע מאַסע רעליגיעזע אידען אין פּוילען איז געווען, ווי אַ בונטע מאָזאַאיק, צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע ריכטונגען. פאַראייניגט האָט זיי אַלע דאָס פּראַקטישע פעסטהאַלטען אָן די עיקרים פון דער רעליגיע, ווי שבת אָדער כשרות, אָבער צוקוקענדיג זיך נעהנטער צו דער מאַסע, האָט מען תיכף אַנטדעקט אומצעהליגע ניואַנסען און שאַטירונגען.

קודם כל האָט מען געזעהן חסידים, מתנגדים און — פאַרבען־לאָזע, סתם רעליגיעזע אידען, אָדער „בעלי־בתים״.

חסידים זיינען געווען צאָהלרייך אין געוועזענעם קאָנגרעס־פּוילען און גאַליציע. די אָנהענגער פון פאַרשיידענע רביים האָבען פאַר זיך געהאַט באַזונדערע בתי־תפילה (אין גאַליציע פלעגט מען זיי רופען „קלויזען״, אין קאָנגרעס־פּוילען „שטיבלעך״). זיי האָבען זיך געפיהלט און פאַרהאַלטען ווי מיטגלידער פון איין גרויסער משפחה; די אינטימע פריינדשאַפט צווישען די אָנהענגער פון איין „דינאַסטיע״ פלעגט פאַרשטאַרקט ווערען ביי די אָפטע באַזוכען, וואָס אַ חסיד האָט געמאַכט ביי זיין רבי׳ן („פאָהרען אויף שבת״, האָט זיך עס גערופען). דער איינפלוס פון די רביים אויף די חסידישע מאַסען

*) זעה באַמערקונג ביים סוף פון אַרטיקעל.

איז געווען אַ שטאַרקער; אַ בריוו פון אַ רבי'ן צו זיינע חסידים ביי פאַרשיידע־נע וואַהלען האָט אָפט דעצידירט וועגען אויסגאַנג. אין די קהלה־ראַטען און פאַרוואַלטונגען זיינען טיילמאָל געווען באַזונדערע פראַקציעס פון חסידישע גרופּירונגען.

אין קאָנגרעס־פּוילען זיינען די באַדייטענדסטע חסידישע רביים מיט דער גרעסטער צאָהל אָנהענגער געווען פאָלגענדע: 1) פון גור, 2) אַלעקסאַנ־דער, 3) סאָכאַטשעוו, 4) גראָדזיסק, 5) ראַדאָמסק, 6) סטריקאָוו, 7) סאָקאָלאָוו, 8) אָסטראָווצע, 9) פּאָריסאָוו, 10) ראַדזין, 11) ראַדזימין, 12) לובאַוויטש, 13) אַמשינאָוו, 14) נאָוואָמינסק, 15) מאָדזיץ, 16) סלאָנים, 17) קאָזעניץ, 18) לובּ־לין, 19) זיכלין, 20) פּילץ, 21) יאַבלאָנע, 22) סטאָלין, 23) פּיאַסעצנע.

אין גאַליציע: 1) טשאָרטקאָוו, 2) בעלז, 3) באָבאָוו, 4) באָיאַן, 5) הו־שיאַטין, 6) סאַדאַגורע, 7) סאַנץ, 8) דזיקאָוו, 9) סטוטשין, 10) אָטיניע, 11) קאָ־סאָוו, 12) זמיגראָד, 13) בלאָזאָוו, 14) ריבאָטיטש, 15) רישא, 16) זידאַטשוב, 17) סאַמבאָר, 18) סאסוב, 19) קאָמאַרנאָ, 20) קאָפּיטשיניץ.

נישט תמיד האָט די רעזידענץ פון די רביים זיך געפונען אין דער אורשפּרינגליכער שטאָט; ווען זיי האָבן געענדערט דעם וואוינאָרט איז גע־בליבן דער פריהערדיגער נאָמען. אַזוי האָט דער רבי פון סאָכאַטשעוו גע־וואוינט אין לאָדז, דער ראַדאָמסקער אין סאָסנאָוויץ, דער גראָדזיסקער און אַ רייה אַנדערע אין וואַרשע. דער דזיקאָווער און סטוטשינער אין טאַרנע, דער אָטיניער אין סטאַניסלאַוואָוו א. א. וו. מאַנכע זיינען נאָך אָדער בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אָוועק אין אַנדערע לענדער און פון דאָרט משפּיע געווען אויף זייערע חסידישע אָנהענגער־מאַסען, צום ביישפּיל, דער טשאָרט־קאָווער רבי און הושיאַטינער רבי האָבן געוואוינט אין ווין, פון וואַנען זיי זיינען אַוועק קורץ פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה קיין ארץ־ישראל.

די מתנגדים זיינען געווען צום שטאַרקסטען פאַרטראָטען אין ווילנער געגענד. דער אַלטער מתנגדים־טיפּ איז אָבער שוין געווען פאַרשוואונדען, אויב מען נעהמט אָן פאַר מתנגדים די געגנער פון חסידות. די מתנגדים אין נייעם פּוילען זיינען נישט געווען קיין געגנער פון חסידות; זיי זיינען אַליין נישט געווען קיין אָנהענגער פון רביים, אָבער קיין קאַמפען מיט זיי נישט געפיהרט. זיי האָבן דאַגעגען, ווי די אַלטע מתנגדים, געזעהן דעם יסוד פון אידישקייט אין לערנען תלמוד און פּוסקים.

דאָס האָט זיי אויסגעטיילט פון דער ווייטערער גרופּע: פון דער גרוי־סער מאַסע אינדיפערענטע אידען, וואָס זיינען געווען רעליגיעז אָבער זיך נישט אָפּגעשטעלט ביי קיין שום פּראָבלעם. אין טייל שטעט האָט מען זיי גע־רופען „שוהל"־אידען, ווייל זיי פלעגן דאַווענען נישט אין חסידישע שטיבלעך

אָדער קלויזען, נאָר אין די שוהלען. אַנדערש פלעגט מען זיי באַצייכענען אַלס „בעלי־בתים״.

אַ געמיינזאַמע פלאַטפאָרם פאַר די דריי קאַטעגאָריעס רעליגיעזע אידען האָבען געשאַפען די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פון דער אָרטאָדאָקסיע, פון וועלכע עס דאַרפען דערמאָהנט ווערען: 1) אגודת ישראל, 2) מזרחי, 3) מחזיקי הדת.

אגודת ישראל האָט אַרומגענומען די אָנהענגער פון כמעט אַלע רביים אין קאָנגרעס־פּוילען (מיט׳ן אויסנאַם פון אַלעקסאַנדער); אַ גרויסען טייל חסידים פון גאַליציע; צאָהלרייכע מתנגדים, וואָס האָבען זיך געשאַרט אַרום די גאונים ר׳ ישראל מאיר הכהן (דעם „חפץ חיים״) און ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי; און אַ טייל פון די אינדיפערענטע בעלי־בתים. דער מזרחי האָט זיינע אָנהענגער געשעפּט בעיקר פון דער לעצטער גרופּע; פון חסידים האָט ער אַרומגענומען הויפּטזעכליך די אַלעקסאַנדערער, הגם אָפּיציעל האָבען די אַלעקסאַנדערער חסידים געהאַט אפילו אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גערופען „די אומפּאַרטייאישע אָרטאָדאָקסען״; די אָרגאַניזאַציע פון אַלעקסאַנדער חסידים האָט נישט געהאַט קיין לאַנד־פאַרנעם און איז געווען באַזונדערס שטאַרק אין לאָדז; דער אַלעקסאַנדערער רבי אַליין איז אין דער ווירקליכקייט נישט געווען פאַרבונדען מיט קיין שום פּאַרטיי. די דריטע אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציע „מחזיקי הדת״ איז אויפגעקומען אין גאַליציע אין די לעצטע יאָהרען פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה; איהרע אָנהענגער זיינען געווען די בעלזער חסידים.

די „אגודת ישראל״ האָט געהאַט 4 לאַנד־צוזאַמענפאָהרען. זי האָט געהאַט אָרטס־גרופּען כמעט אין יעדער שטאָט פון קאָנגרעס־פּוילען און גאַליציע. איהר יוגענד איז געווען באַזונדערס אָרגאַניזירט („צעירי אגודת ישראל״), אַזוי אויך איהרע פרויען און מיידלעך („בנות אגודת ישראל״), ווי אויך אַרבייטער („פּועלי אגודת ישראל״). זי האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע פאַרצווייגטע פּרעסע (קודם די טאָג־צייטונג „דער יוד״ אין וואַרשע, דאַן דאָס „טאָגבלאַט״, חוץ דעם אַ רייהע וואָכען־און חודש־שריפטען). זי איז געווען פאַרטראָטען אין אַלע פּוילישע פּאַרלאַמענטען דורך אייגענע דעפּוטאַטען און סענאַטאָרען, אין די שטאָט־ראַטען — דורך איהרע ראַטמענער, און האָט געהאַט אַ דאָמיני־רענדען איינפלוס אויף דעם גרעסטען טייל פון אידישע קהלות. דער גרעסטער טייל פּוילישע רבנים האָבען אָנגעהערט צו „אגודת ישראל״. זי האָט געהאַט אַ גרויסען נעץ אייגענע חדרים (גערופען „יסודי התורה״) פאַר אינגלעך. פאַר׳ן דאָזיגען נעץ האָט זי געשאַפען אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע אונטער׳ן נאָמען „חורב״, וואָס האָט אין שול־יאָהר 1937־1938 געצעהלט 409 אינסטיטוציעס מיט 49,720 תלמידים. זי האָט געשאַפען דאָס שול־נעץ „בית יעקב״ פאַר מייד־

לעך, וואָס האָט אין יאָהר 1935 אַרומגענומען 225 שולען מיט 27,000 שילע־רינס. זי האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם פאַרבאַנד פון קאָאָפּעראַטיווע באַנקען, וואָס האָט אין יאָהר 1936 געהאַט אונטער זיך 115 אָרטאָדאָקסישע קאָאָפּע־ראַטיוון מיט 15,825 מיטגלידער.

דער מזרחי, זייענדיג אָנגעשלאָסען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע, האָט קאָאָפּערירט מיט איהר אין די קהלות, שטאָטראַטען און פּאַרלאַמענ־טען, וואו ער איז געווען פאַרטראָטען דורך אייגענע רעפּרעזענטאַנטען. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ באַזונדערע יוגענד־אָרגאַניזאַציע (צעירי מזרחי), באַזונדערע אַרבייטער־גרופּעס (הפועל המזרחי און דת ועבודה). אַ רייה וואָכען־און חודש־שריפטען האָבען פאַרשפּרייט זיין אידעאָלאָגיע. דער מזרחי האָט אויך געהאַט אַן אייגענעם שול־נעץ א. נ. „יבנה״, וואָס האָט אַרומגע־נומען צאָהלרייכע שולען.

די אָרגאַניזאַציע „מחזיקי הדת״ פון בעלזער חסידים אין גאַליציע האָט באַקומען אַ געוויסע באַדייטונג ביי פּאַרלאַמענטאַרישע וואַהלען. אין אַ די וואַהלען האָט זי געשטיצט די קאַנדידאַטען פון דער רעגירונג. אַן אָרגאַני־זאַטאָרישע טעטיגקייט ביי אידען האָט זי נישט געפיהרט. זי איז אויפגעטראָ־טען אין מזרח־גאַליציע ביי וואַהלען צו די קהלה־ראַטען און פאַרוואַלטונגען, וואו זי האָט דערגרייכט אַ געוויסע צאָהל מאַנדאַטען.

## 4. די העכערע רעליגיעזע לערן־אנשטאַלטען

דער פּרימאַט, וואָס דאָס פּוילישע רעליגיעזע אידענטום האָט אויסגע־קעמפט פאַר זיך במשך לאַנגע דורות, האָט איינעם פון זיינע אויסערע צייכענס געהאַט אין דער גרויסער צאָהל וויט־אָנערקענטע און באַריהמטע אינסטיטו־טען, וואו עס איז געשמידט געוואָרען די אַלטע קייט פון אידישען רעליגיעזען וויסען. די דאָזיגע אינסטיטוטען האָבען צו זיך צוגעצויגען אַ גרויסע צאָהל תלמידים נישט נאָר פון פּוילען גופא, נאָר אויך פון אַנדערע, ווייטע מדינות, אפילו פון די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע.

געגרופען האָבען זיי זיך אומפאַרענדערט דורך יאָהרהונדערטער „ישי־בות״. און די גרעסטע און וויכטיגסטע פון זיי, וואָס האָבען געהאַט אַ כמעט מאַגישען קלאַנג ביי דער רעליגיעזער יוגענד, זיינען געווען אויף די מזרח־קרעסען פון פּוילען, אין די שטעט: מיר, קלעצק, ראַדון, קאַמעניעץ, וואָלאָזין, באַראַנאָוויטש, גראָדנע, בריסק, פּינסק, קאָברין, לאָמזע, ביאַליסטאָק, סלאָנים, מעזריטש. זיי האָבען אויסגעבילדעט אַ ספּעציעלען טיפּ ישיבה־מאַן מיט אַ גרויסער מאָס רעליגיעזער התלהבות, וואָס האָט פאַרגעסען אין אַלעם אין דער וועלט און בלויז אין זינען געהאַט — לערנען תורה. די תלמידים פון די

דאָזיגע ישיבות זיינען דערצויגען געוואָרען צו אַ גרויסער מדרגה אין מוסר דורך באַוואוסטע מנהלים, ווי צום ביישפּיל דער באַריהמטער ר׳ ירוחם לוואַוויטש פון דער מירער ישיבה. די אומגעהויערע עקשנות און רעליגיעזע שטאַנדהאַפטיגקייט האָט פון די „ליטווישע ישיבה־בחורים״ (דערפאַר „ליטווישע״, ווייל דער סדר־הלימוד איז געווען אַ ליטווישער) געמאַכט אַן אמת׳ן אַוואַנגאַרד פון רעליגיעזן אידענטום אין פוילען.

באַדייטענדע ישיבות זיינען געווען אויך אין אַנדערע געגענדען פון פוילען. עס איז געווען אַ גאַנץ נעץ ליובאַוויטשער ישיבות, אַלע אונטער׳ן נאָמען „תומכי תמימים״. אין באָבאָוו, גאַליציע, איז געווען אַ גרויסע ישיבה. אין וואַרשע האָבען פונקציאָנירט אַ גאַנצע רייה ישיבות, ווי צום ביישפּיל „תורת חיים״, „בית שמואל״, און בעיקר די גרעסערע, אונטער׳ן נאָמען „מתיבתא״, וואָס האָט געהאַט 400 תלמידים.

אין יאָהר 1930 איז געעפענט געוואָרען אין לובלין די גרויסע און וועלט־באַריהמטע „ישיבת חכמי לובלין״ דורך דעם פיהרער פון „אגודת ישראל״ הרב מאיר שפּיראָ, וואָס האָט צונויפגעזאַמעלט איבער דער וועלט גרויסע געלד־סכומים און אויפגעבויט אַ ריזיגען בנין פאַר דער דאָזיגער ישיבה. ער האָט אַריינגענומען אין איהר יונגע תלמידים, וואָס האָבען געמוזט קענען אויף אויסנווייניג לפּחות 200 בלאַט גמרא. דערביי האָט ער דעם לערן־סיסטעם איינגעשטעלט אויפ׳ן אַזוי־גערופענעם „דף יומי״, וואָס די „אגודת ישראל״ האָט אויף זיין איניציאַטיוו פּראָקלאַמירט, אין יאָהר 1923, אויף איהר ערשטען וועלט־קאָנגרעס, ווי דעם איינהייטליכען לערן־פּלאַן פון תלמוד פאַר אַלע אידען אויף גאָר דער וועלט. הרב שפּיראָ האָט באַזאָרגט זיינע תלמידים מיט אַלע באַקוועמליכקייטען און דערלייכטערט דעם לימוד מיט וואונדערבאַרע המצאות; אַזוי האָט ער אין אַ ספּעציעלען זאַל איינגעאָרדענט אַ מאָדעל פון „בית המקדש״, כדי גרינדליכער צו קענען דערקלערען זיינע תלמידים די צאָהלרייכע שטעלעס אין תלמוד, וואָס האָבען אַ שייכות צום בית־המקדש. ער האָט צו זיך צוגעצויגען די עליטע פון דער תורה־יוגענד אין קאָנגרעס־פּוילען און גאַליציע.

דער „מזרחי״ אין פּוילען האָט געשאַפען אַ העכערען לערן־אנשטאַלט אונטער׳ן נאָמען „תחכמוני״, וואָס האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ מיטעל־גליד צווישען ישיבות און מאָדערנע וויסענשאַפטליכע אינסטיטוטען. זייער פּראָגראַם איז געווען אויסצובילדען רבנים מיט אַ גלייכצייטיגער וועלטליכער בילדונג. באַדייטענדע רבנים האָבען דאָרט געלערענט מיט די תלמידים אידיש־רעליגיעזען וויסען און גוטע פּעדאַגאָגען האָבען געגעבען לעקציעס אין די ראַמען פון אַן אַכט־קלאַסיגער גימנאַזיע.

אין קראָקע איז דורך דער „אגודת ישראל״ געשאַפען געוואָרען אַ

סעמינאַר פאַר די לערערינס פון די „בית־יעקב"־שולען. דער סעמינאַר האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע געביידע און איז געשטאַנען אויף אַ הויכער פּעדאַגאָגישער מדרגה.

## 5. דער חורבן אונטער דער נאַצי־הערשאַפט

מיט אַ סאַדיסטישער ראַפינירטקייט האָט די נאַציסטישע אָקופּאַציע־מאַכט זיך באַמיהט צו טרעפן דאָס רעליגיעזע אידענטום און צו פאַרניכטען זיין יאָהרהונדערטער־אַלטע קולטור. שוהלען זיינען פאַרברענט געוואָרען אין לאָדז, טאָמאַשאָוו, מאַזאָוויעצק, טשענסטאָכאָוו, זאַמאָשטש, גרודזיאָנדז, קאַטאָוויץ, טאָרון, סאנאָק, יאַראָסלאַוו, בידגאָשטש, סאַנדאָמיערזש און פילע אַנדערע.

וועגען שענדליכען פאַרשוועכען שוהלען באַריכטען די נאַצי־קוועלען אַליין. די „קראָקאָוער צייטונג" פון 7טן מערץ 1941 ברענגט אַ בילד פון דער שוהל אין פּשעמישל, וואָס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן עלעקטרישער סטאַנציע. אין מאַקאָוו האָט מען פון דער שוהל געמאַכט אַ שטאַל. אין פּויזען — אַ שווים־באַסיין. אין נאָווי־טאָמישל (שלעזיע) — אַ שענק. אין טשעכאַנאָוו האָט מען די שוהל פאַרוואַנדעלט אין אַן עפענטליכען בית־הכסא.

אין אַ גאַנצער רייה שטעט האָט מען געשענדט אויפ'ן גרויזאַמסטען אופן די ספרי־תורה'ס. אין פּלאָנסק, ביי וואַרשע, האָט מען ראש־השנה, 1939, צונויפגערופען די אידען אין שטאָטישען מאַרק, וואו זיי האָבען געמוזט אַליין אָנצינדען און פאַרברענען די ספרי־תורה'ס און אַנדערע ספרים; דער נאַצי־אָפיציר, וואָס האָט געגעבען דעם באַפעהל, האָט פאַר'ן פאַרברענען די ספרים אַריינגעשאָסען אין זיי און געשריגען: „איך האָב דערשאָסען דעם אידישען גאָט!" אין קאַליש און אַנדערע שטעט האָט מען די ספרי־תורה'ס פונאַנדערגעוויקעלט אויף די גאַסען און די נאַציס האָבען זיי צוטראָטען. אין לאָדז האָט מען איינעם פון די שטאָטישע רבנים (ר' משה מנחם סעגאַל) געצוואונגען, ער זאָל אין שוהל צושניידען די ספר־תורה'ס, פון וואָס דער זקן האָט באַקומען אַ גייסטיגע דערשיטערונג. טיילמאָל זיינען געווען פאַלען פון געוואַלטיגען הערגאָאיזם ביי אַזעלכע באַפעהלען; אַזוי האָט אין קראַשניק (ביי לובלין) אַ אידישער קצב, ווען מען האָט איהם געהייסען שענדען אידישע הייליגטימער, אויפגעריסען זיין העמד און אויסגערופען צו די נאַצי־זעלנער: „שיסט מיך ליבער גלייך אין האַרץ!" מען האָט באַלד אויסגעשאָסען אויף איהם און ער איז געפאַלען אַ טויטער.

אַ באַגריף וועגען דער בעסטיאַליטעט ביים פאַרניכטען אידישע תורה־צענטערען דורך די נאַצי־הענקער, גיט דער פאָלגענדער באַריכט אין דער

„דויטשער יוגענדצייטונג״, אָנהויב פעברואַר 1940, איבער דעם פאַרברענען די ביבליאָטעק פון „ישיבת חכמי לובלין״: „פאַר אונז איז געווען אַ ספּעציע־לער שטאָלץ צו צושטערען די תלמודישע אַקאַדעמיע, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס די גרעסטע אין פּוילען. מיר האָבען אַרויסגעוואָרפען פון דער געביידע די גרויסע תלמודיסטישע ביבליאָטעק און זי אַוועקגעפיהרט אויפן מאַרק. דאָרט האָבען מיר אונטערגעלייגט אַ פייער אונטער די ביכער. די שרפה האָט אָנגעהאַלטען 20 שעה. די אידען פון לובלין זיינען געשטאַנען אַרום און בי־טער געוויינט. זייערע געוואַלדען האָבען אונז כמעט פאַרשריען. מיר האָבען דאַן גערופען אַ מיליטערישען אָרקעסטער און די פרייד־געשרייען פון די זעלנער האָבען פאַרשטומט דעם קלאַנג פון די אידישע געוואַלדען״.

עהנליך האָט מען זיך נוהג געווען מיט דער וואונדערבאַרער שטראַשון־ביבליאָטעק אין ווילנע. מיר ווייסען נאָר נישט, צי דאָרט איז עס אויך גע־שעהן ביים אַקאָמפּאַניאַמענט פון מוזיק.

פון די אידישע קהלות האָט די נאַצי־מאַכט געוואָלט מאַכען אָרגאַנען צו באַנוצען זיך מיט זיי ביים אויספיהרען איהרע באַפעהלען לגבי דער אידי־שער באַפעלקערונג. אין אַ פאַראָרדנונג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק פון 28־טען נאָוועמבער 1939, איז באַשטימט געוואָרען אַלס איינציגע אויפ־גאַבע פון די „יודען־ראַטען״, וואָס זיי האָבען געשאַפען אויפ׳ן אָרט פון די קהלות: אויסצופיהרען די באַפעהלען פון דער דייטשער מאַכט (פאַראַגראַף 5). פון דאַן אָן האָט מען די קהלות געמאַכט פאַר שליחים אויסצופיהרען די ברוטאַלסטע פאַרגוואַלטיגונגען פון די אידען; דערביי האָבען די מיטגלידער פון די „יודען־ראַטען״ געהאַט פערזענליך אויסצושטעהן שרעקליכע דערני־דערונגען און אָפט באַצאָהלט מיט זייער פרייהייט אָדער לעבען פאַר נישט־אויספיהרען באַפעהלען, אָדער וועלכע עס איז חשדים מצד דער מאַכט.

אָבער טראָץ דעם, וואָס די קהלות זיינען אויסגעזוכט געוואָרען פון דער נאַצי־מאַכט צו זיין אַן אינסטרומענט פון זייער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק לגבי די אידען, האָבען זיי מיט זייער טעטיגקייט פאַרשריבען איינס פון די שעהנסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון דער אידישער מאַרטיראָלאָגיע. די אידישע קהלות זיינען געווען פאַר די גע׳רודפ׳טע און געיאָגטע אידען די איינציגע מויער, אָן וועלכער זיי האָבען זיך אָנגעלעהנט. די מיטגלידער פון די „יודען־ראַטען״ האָבען במשך די יאָהרען 1940, 1941 און 1942 אויפגעטאָן קאָלאָסאַל, כדי צו לינדערען די שרעקליכע נויט פון דער אידישער באַפעל־קערונג, איינגעשטעלט אומצעהליגע מאָל זייערע לעבענס צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון די אידען אין די געטאָס, און אַ סך פון זיי זיינען געפאַלען אַליין אַלס קרבנות, ווי די גרעסטע העלדען, ווייל געגען זיי האָט זיך אויס־געלאָדען די ווילדע רציחה פון די נאַצים, ווען די געפּלאַנטע אויסראָטונג

האָט אָנגעטראָפן אויף שוועריגקייטן. אַ רייה אידישע פאָרשטעהער, ווי דער בירגערמייסטער פון וואַרשעווער געטאָ טשערניאַקאָוו א. אַ., זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווען די קאָליזיע צווישען זייער אידישען געפיהל און די באַפעהלען פון דער נאַצי־מאַכט איז געוואָרען צו גרויס און די אַטמאָספערע אונדערטרעגליך.

די רבנים זיינען אונ׳ברחמנות׳דיג פאַרפאָלגט געוואָרען. שוין אָפּגערעדט פון מאָראַלישע פייניגונגען, ווי צום ביישפּיל, דער פאַל מיט׳ן מיטגליד פון וואַרשעווער ראַבינאַט זילבערשטיין, ווען מען האָט געצוואונגען אַרויסצוגעהן פון שוהל ביים דאַווענען און טאַנצען אין גאַס אין זיינע רעליגיעזע קליידער, אָדער דער פאַל מיט׳ן מיטגליד פון לאָדזער ראַבינאַט סעגאַל, וועלכען מען האָט געפיהרט איבער די גאַסען מיט די תפילין אויפ׳ן קאָפּ א. א. וו. גאָר אַ גרויסע צאָהל רבנים איז אומגעבראַכט געוואָרען פון די נאַציס במשך זייער אָקופּאַציע פון פוילען; אַ סך שמאַכטען אין קאָנצענטראַציע־לאַגערען און זייער גורל איז נישט באַוואוסט. אין וועגנראָוו (ביי שעדלעץ) האָט מען דעם רב, ר׳מענדיל מאָרגענשטערן, נאָך שרעקליכע פייניגונגען, עפענטליך דערמאָרדעט. דעם פיהרער פון קראָקאָווער ראַבינאַט, ר׳ שמעלקע קאָרניצער, האָבען די נאַציס דערשאָסען. דער רב פון סאַנאָק, ר׳ טוביה הורוויץ, איז דערמאָרדעט געוואָרען צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפחה און די צוויי שוואָגער, די רבנים שפּירא, דער רב פון פּאָדוואָלטשיסק, ר׳ לייב באַבאַד, איז געוואָרען לעבעדיגערהייט פאַרברענט. דעם רב פון ראַווא־רוסקא, ר׳ יצחק נחום טווערסקי, און זיין שוואָגער, דעם רבי׳ן ר׳ פּנחס טווערסקי, האָט מען דערמאָרדעט. לויט פרישע באַריכטען, האָט מען אויסגעמאָרדעט אַ רייה רבנים פון מזרח־גאַליציע; אַ גאַנץ גרויסע צאָהל רבנים איז פאַרפייניגט געוואָרען צום טויט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון אָשוויענצים, פון וואַנען מען האָט די משפחות צוגעשיקט קעסטלעך מיט אַש.

אויס „הומאַניטאַרע״ מאָטיוען האָט די נאַצי־מאַכט פאַרבאָטען — די אידישע שחיטה. אין ערשטען נומער פון „פאַראָרדנונגס־בלאַט״ פון גענעראַל־גובערנאַטאָר פון פוילען איז אָפּגעדרוקט געוואָרען דער דאָזיגער פאַרבאָט, און עס איז אויסדריקליך באַטאָנט געוואָרען, אַז דאָס געשעהט צוליב דעם, ווייל „אויף אַ געביט, וואו עס רעגירען די דייטשען, זיינען ,טיער־קוועלערייען׳ נישט דערלאָזבאַר״ (ארט. 1). די נאַצי־בעסטיעס האָבען פאַרפייניגט צום טויט מענשען, וועמענס צאָהל איז נאָך נישט באַקאַנט, אָבער וועלכע געהט אין די הונדערטער טויזענדער. דאָס איז אַן אילוסטראַציע צום הומאַניטאַרען געזעץ פון האַנס פראַנק פון 26־טען אָקטאָבער 1939 וועגען שחיטה־פאַרבאָט.

זאָל עס היטלער'ן האָבען געלונגען צו פאַרניכטען דעם פינפהונדערט־יעהריגען רעליגיעזען אידישען סך־הכל אין פוילען? פאַר קיין פאַל ניט. דאָס בלוט איז געפלאָסען, די וואונדען זיינען איינגעפאַלען, אָבער דער גייסט לעבט און — בלייבט לעבען.

* * *

## באַמערקונג

ווען דער דאָזיגער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען, זומער 1943, איז די גרויסקייט פון דער טראַגעדיע פון פוילישען אידענטום נאָך נישט געווען פולשטענדיג באַוואוסט אין אַמעריקע.

וועגען אַ טייל פון די פאַרפייניגטע פיהרער פון רעליגיעזען אידענטום האָט מען געגלויבט, אַז זיי לעבען נאָך. זיי זיינען דאַריבער דאָ דער־מאָהנט געוואָרען אַלס „לעבעדיגע". ליידער זיינען פון די אויסגערעכענטע גאונים (זייט 260) די ערשטע 6 אומגעקומען אויף אַ טראַגישען אופן דורך די נאַצי־מערדער, צווישען זיי מיין אונפאַרגעסליכער פאָטער, דער גאון און מנהיג, ר' אהרן לעוויק, וועלט־באַריהמט אַלס ריישער רב און מחבר פון די ספרים „ברכת אהרן", „אבני חפץ" און „הדרש והעיון".

ד' ינקום את נקמתם ונקמת רבבות ישראל שנהרגו ונשחטו על קידוש השם. זאָל גאָט טרייסטען די טרויערענדע אבלים און זיין גאַנץ פאָלק, וואָס איז אַזוי געשלאָגען געוואָרען אין גרעסטען חורבן פון אונזער געשיכטע — דעם חורבן אייראָפּע.

---

# ווי האָבען אַמאָליגע אידען רעאַגירט אויף אַ נאַציאָנאַלען חורבן?

(„די וואָכענצייטונג", לאָנדאָן, י"ד, ל' תשרי, י"ד חשון תש"ז — 9, 25 אָקטאָבער, 8 נאָוועמבער 1946)

.1

דער שרעקליכסטער חורבן אין דער אידישער געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר אונזערע אויגען. מעהר ווי זעקס מיליאָן אידען האָט מען אומגעבראַכט אויף אַזאַ בעסטיאַלישען אופן, אַז דער מענשליכער שכל קען

עס ממש נישט באַגרייפען, אַז אַזאַ זאַך איז בכלל געווען מעגליך. אַ דריטעל פון אונזער פאָלק האָט מען אומגעבראַכט. די גייסטיגע צענטרען ליגען צו־שמעטערט. די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע איז אין לשער.

ווי אַ פאָלק און אפילו ווי יחידים וואָס באַווייִנען זייערע נאָהענטסטע האָבען מיר ביז איצט כמעט נישט רעאַגירט. און עס זיינען דאָ פאַרשיידענע פאָרמען פון נאַציאָנאַלער רעאַקציע אויף אַזאַ מורא׳דיגען חורבן. אין דעם פּרט קענען מיר אַ סך לערנען פון דער פאַרגאַנגענהייט.

אין יאָהר ת״ח (1648) און אין דעם יאָהר־צעהנדלינג נאָכדעם האָט דאָס אידישע פאָלק אין מזרח־אייראָפּע דורכגעלעבט אַ פּעריאָד פון אונטער־גאַנג. דער קאָזאַקען־פיהרער כמיעלניצקי האָט דורכגעפיהרט שחיטות אויף אידען. ער האָט פאַרשניטען הונדערטער טויזענדער קרבנות. דריי הונדערט אידישע קהלות זיינען אין עטליכע יאָהר אָפּגעווישט געוואָרען. אָנגעהויבען מיט׳ן נעמיראָווער פּאָגראָם, כ׳ סיון ת״ח, ווען די ערשטע 6,000 אידען זיינען געפאַלען, איבער דער מאַסען־שחיטה אין פּאָלאָנע, דעם פּאָגראָם אין נאראָל (וואָלין), י״ז חשון ת״ט, האָט זיך די מאָרד־כוואַליע געטראָגען פון מזרח קיין פוילען און אַרומגענומען טויזענדער הרוגים ביי די פּאָגראָמען פון שטשעב־רעשין, הרובעשאָוו, טארנאָגראַד, בילגאָריי, לודמיר, לובאָמלע, קרעמעניץ א. א. וו.

אין יענע צייטען איז אויך כמעט אַ דריטעל פון אידישען פאָלק צו גרונד געגאַנגען און מיט רעכט האָט ר׳ שעפּטעל הורוויץ, דער זוהן פון באַ־ריהמטען של״ה, באַצייכענט די געשעהענישען ווי דעם „חורבן שלישי״. אָט די באַצייכענונג האָט זיך אָנגענומען און דעריבער קען מען אָנרופען די לעצ־טע קאַטאַסטראָפע פון אידישען פאָלק — „חורבן רביעי״.

ווי אַזוי האָבען די אידען פון יענער תקופה אויסגעדריקט זייערע גע־פיהלען פון צער און וועהטאָג ?

פוילישע אידען האָבען דעמאָלט געהאַט זייער צענטראַלע אָרגאַניזאַ־ציע, דעם „וועד ארבע ארצות״. אַן עהנליכע אָרגאַניזאַציע איז געווען אין ליטע און זי האָט זיך גערופען „וועד הקהלות הראשיות״ אָדער „וועד המדינה״. די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס האָבען אויף זייערע סעסיעס באַטראַכט אַלע פּראָב־לעמען פון אידישען לעבען אין זייער צייט. די באַשלוסען וואָס די „וועדים״ האָבען אָנגענומען אין שייכות מיט די מאַסען־מאָרדען אויף אידען, פאַרדינען איצט אַ גענויע באַטראַכטונג, ווייל מיר זעהען ווי עס שפּיגעלט זיך אָפּ אין זיי דער געזונדער נאַציאָנאַלער חוש פון פאַרבליבענעם טייל פאָלק. צום באַ־דויערען זיינען די פּראָטאָקאָלען פון דעם „וועד ארבע ארצות״ אין פוילען נישט דערגאַנגען צו אונז. דער „פּנקס״ איז בכלל פאַרלאָרען געגאַנגען. בלויז נאָר געוויסע אויסצוגען פון איהם זיינען פאַרבליבען אין אַנדערע קוועלען.

דעריבער קענען מיר זיך אויסמאָלען אַ גענוי בילד וועגען דעם אידישען אָפּ־רוף נאָר אויפן יסוד פון די ליטווישע באַשלוסען.

גלייך אין אָנהויב ווילען מיר דערמאָהנען, אַז די גדולים פון יענער צייט, מיט ר׳ שבתי הכהן (דעם ש״ך) אין שפּיץ, האָבען דעם טאָג, ווען עס איז פאָרגעקומען דער ערשטער פּאָגראָם, באַשטימט פאַר אַן אייביגען תענית פאַר׳ן אידישען פאָלק. דאָס איז דער טאָג פון כ׳ סיון. ביים ערשטען צוזאַ־מענפאָהר פון די פּוילישע רבנים אין דער צייט פון די פּאָגראָמען, אין לובלין, יאָהר ת״י (1650), האָט מען אָט דעם באַשלוס אָנגענומען, און מען האָט גענוי אויסגעאַרבייט אַלע דינים פאַר דעם דאָזיגען תענית: מענער פון 18 און פרוי־ען פון 15 יאָהר האָט מען פאַרפליכטעט צו פאַסטען (מיט אויסנאַהם פון שוואַנ־גערע און קראַנקע); ביי שחרית און מנחה האָט מען געדאַרפט לייענען „ויחל״, אַ באַזונדערען „אל מלא רחמים״ האָט מען געדאַרפט זאָגען פאַר די נשמות פון די הרוגים. אַ רייה גדולים, ווי דער ש״ך און ר׳ יום־טוב ליפמאַן העלער (דער „תוספות יום טוב״), האָבען מחבר געווען באַזונדערע סליחות און קינות. מען האָט אויך באַשטימט, אַז יעדען יום־טוב ביי הזכרת נשמות זאָל מען זאָגען דעם „אל מלא״ פאַר די קדושים. אין טאָג פון תענית האָט מען געדאַרפט זאַמ־לען צדקה און פאַרטיילען זי צווישען אָרימע לייט.

אָבער חוץ דעם תענית האָט מען אין יאָהר ת״י באַשלאָסען פאַר ליטע (און מן הסתם אויך פאַר פּוילען) אַ נאַציאָנאַלע טרויער־צייט פון דריי יאָהר. במשך די דאָזיגע דריי יאָהר, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען ל״ג בעומר ת״י, האָבען אַלע אידען, מענער און פרויען, געמוזט זיך אָפּזאָגען פון יעדער לוק־סוס־קליידער. די באַשלוסען פון „וועד מדינת ליטא״ פון יאָהר ת״י רעכענען אויס זעהר גענוי די פאַרבאָטענע קליידער און גיבען אויך קלאָר אָן די מאָ־טיוען פון אָט דער ווירדיגער נאַציאָנאַלער רעאַקציע אויף דער פאָלקס־קאַ־טאַסטראָפע.

„מיר האָבען געזעהען״, שרייבען די פאָרשטעהער פון ליטווישען אי־דענטום אין זייער באַשלוס, „די שרעקליכע געשעהענישען, די געוואַלטיגע צרות, וואָס זיינען געקומען אויפ׳ן כלל־ישראל. בעוונותינו הרבים זיינען מיר אַזוי געשטראָפט געוואָרען פון גאָט און צעהנדליגער טויזענדער אידען זיינען געפאַלען, זאָל גאָט זיך נוקם זיין פאַר דעם אומשולדיגען בלוט, וואָס האָט זיך געגאָסען ווי וואַסער, פאַר די קערפּערס, וואָס זיינען געלעגען אויף די פעלדער און קיין קבורה האָבען זיי נישט געהאַט. אויך האָבען די שונאים דערלאַנגט צו די הייליגטימער און די שערי ציון המצויינים בהלכה (ד. ה. די ישיבות) זיינען געוואָרען פאַרוויסט. דאָס אַלץ האָבען אונזערע אויגען געזעהן און אויף דעם טרויערט אונזער האַרץ. דעריבער דאַרף יעדער וואָס האָט נאָר אַ פונק עהרליכקייט אין זיך, טרויערען אויף די פאַרגאַנגענע צרות. מיר האָבען,

נאָך אַ גענויער דיסקוסיע, באַשלאָסען אַרויסצוגעבען אַ דעם איסור אויף יעדער אידישער פּערזאָן, במשך פון דריי יאָהר:

קיין שום זיידענע, סאַמעטענע אָדער אַטלאַסענע קליידער טאָר קיינער נישט טראָגען במשך דער טרויער־צייט. פון די גענויע באַשלוסען און נעמען פון די קליידער קען מען צוזאַמענשטעלען אַ גענוי בילד פון דער מאָדע אין יענער תקופה. אַלץ, וואָס האָט געטראָגען דעם כאַראַקטער פון אַ לוקסוס, האָט מען פאַרבאָטען, און נישט נאָר נייע, נאָר אפילו אַלטע לוקסוס־קליידער, באַצירט אָדער באַפּוצט מיט גאָלד אָדער זילבער. פאַרשידענע פעלצען, ווי סויבעל, מארדער אָדער פוקסען, האָט מען גע׳אסר׳ט. (דאָ האָט מען געמאַכט אַ קליינע אויסנאַם פאַר אַ שבת׳דיגען מלבוש פון אַ פרוי, וואָס האָט געמעגט זיין פון מארדער און פאַרברעמט מיט אַ בערען־פעלץ).

מען איז אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז מען האָט פאַרבאָטען צו טראָגען אפילו גאָלדענע אימיטאַציע. אויף אַ אידיש געוואַנט האָט זיך במשך דעם טרויער נישט געטאָרט באַווייזען קיין שום צירונג. דער באַשלוס רעכענט אויס גענוי: „גילדען־שטיק" גרעט־זילבער, גרעט־פּליטערלעך" א. א. וו., אַלע מינים גאָל־דענע און זילבערנע פעדים, וואָס פלעגען זיין אויסגענייהט אויף קליידער, האָט מען פאַרבאָטען. קיין פרוי האָט נישט געטאָרט טראָגען גאָלדענע קייט־לעך אָדער שנירלעך פּערעל.

כדי דער נאַציאָנאַלער טרויער זאָל פון יעדען, סיי יונג סיי אַלט, סיי רייך סיי אָרעם, געהאַלטען ווערען, האָט מען אויסגערופען אין אַלע שוהלען און בתי־מדרשים אַ חרם אויף צו שטאַרקען דעם לוקסוס־פאַרבאָט און איהם באַוואָרענט מיט אַלע מעגליכע תקיפות׳ן, און מען האָט אַלץ באַרעכענט. אַזוי ווי עס איז נויטיג געווען אַ געוויסע צייט, כדי צו באַפרייען די קליידער פון לוקסוס, אַראָפּצוטעהמען די גאָלדענע און זילבערנע פאַרצירונגען א. א. וו., האָט מען באַשלאָסען, אַז דער איסור הויבט זיך אָן ערשט אַן ערך צוויי חדשים — נאָך דער זיצונג פון „וועד". ביז דעמאָלט מוזען אַלע קליידער ווערען צוגעפּאַסט צום באַשלוס.

דער זמן פון נאַציאָנאַלען טרויער איז געוואָרען באַשטימט אויף דריי יאָהר, אונטער׳ן באַדינג, אַז די זיצונג פון „וועד", וואָס מען וועט במשך דער צייט צונויפרופען, וועט נישט באַשליסען צוריקצורופען דעם פריהערדיגען באַשלוס. אָבער אַזוי ווי די פּאָגראָמען און שחיטות האָבען זיך נישט אָפּגעשטעלט, האָט דער ווייטערדיגער „וועד מדינת ליטא", וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין יאָהר תי״ב (אין שטעטעל כאָמסק), באַשלאָסען, אַז די פאַר־לענגערונג פון טרויער־פעריאָד ווערט איבערגעגעבען די איינצעלנע הויפּט־קהלות. יעדע הויפּט־קהלה האָט אליין געדאַרפט באַשטימען ווי לאַנג מען זאָל זיך האַלטען ביי די אַרויפגעלייגטע באַשרענקונגען. אָבער דאָס נאָר בנוגע

פשוט׳ערען לוקסוס, ווייל מען האָט אויסדריקליך באַשטימט, אַז געוויסע פּעל־צען (ווי סויבעל) אָדער סאַמעט־קליידער, און שוין אָפּגערעדט פון „גילדען־שטיק" אָדער גאָלדענע און זילבערנע פּעדים ביי קליידער, זיינען ווייטער אומעטום פאַרבאָטען אונטער׳ן שטרענגסטען חרם.

די קומענדיגע סעסיע פון ליטווישען „וועד" אין יאָהר תט״ו (1655) האָט דערמאָהנט די איינצעלנע קהלות, אַז זיי זאָלען נישט וואַגען גרינג צו האַלטען דעם לוקסוס־פאַרבאָט; מען האָט נאָך אויסגעברייטערט דעם פאַר־באָט דורך אַריינגעהמען אין איסור קליידער־סאָרטען, וואָס זיינען לכתחילה געוועזן דערלויבט.

מן הסתם איז דער פאַרבאָט צו טראָגען לוקסוריעזע קליידער געבליבען דורך לאַנגע יאָהרען, ווייל שפּעטערדיגע סעסיעס פון ליטווישען „וועד" (ווי, למשל, פון יאָהר תל״ו) רעדען וועגען דעם ווי פון אַ באַשטעהענדיגער אַלטער תקנה.

דער לוקסוס־פאַרבאָט איז נישט געוועזן די איינציגע נאַציאָנאַלע טרויער־מאַניפעסטאַציע. שוין ביי דער ערשטער סעסיע פון „וועד מדינת ליטא" נאָך די כמיעלניצקי־שחיטות איז אָנגענומען געוואָרען אַ ווייטערער שריט: במשך אַ גאַנץ יאָהר האָט מען נישט געטאָרט שפּילען קיין מוזיק אין קיין שום אידיש הויז. און מיט דערזעלבער גענויקייט, ווי ביים ענין לוקסוס־קליידער, האָט מען רעגולירט אַלע פּרטים. מען האָט דערקלערט, אַז אפילו ביי חתן־כלה טאָר מען אין נאַציאָנאַלען טרויער־יאָהר נישט שפּילען קיין מו־זיק. מען האָט אויסגענומען נאָר דעם חתונה־מאָמענט גופא און אויך די צע־רעמאָניע פון באַדעקען די כלה. אָבער אפילו דאַן האָט זיך קיין מוזיק נישט געדאַרפט לאָזען הערען אין גאַס.

דער פאַרבאָט אויף מוזיק במשך אַ טרויער־יאָהר איז באַנייט געוואָרען אויף דער סעסיע פון ליטווישען „וועד" אין יאָהר 1655. „מיר האָבען איינגע־זעהן", שרייבען ביים דאָזיגען פּונקט, די פיהרער פון ליטווישען אידענטום, „אַז מען מוז טרויערען אויף דעם שרעקליכען חורבן, וואָס איז בעונותינו הרבים פאָרגעקומען אין אונזער לאַנד, דורך דעם וואָס אין קיין שום אידיש הויז זאָל במשך אַ יאָהר, פון היינט אָן, זיך נישט לאָזען הערען קיין שום מוזיק, אפילו ביי חתן־כלה..."

צום זעלבען מין טרויער־באַשטימונגען געהערט נאָך די ווייטערדיגע תקנה פון ליטווישען „וועד", וואָס מ׳האָט אָנגענומען אין יאָהר ת״י (1650): מען דאַרף וואָס ווינציגער איינאָרדענען סעודות ביי יום־טוב׳דיגע געלעגנ־הייטען. קיין אונטערשייד ניט צי דער בעל־שמחה איז רייך אָדער אָרים. אויף אַ סעודה ביי אַ חתונה טאָר מען נישט רופען מעהר ווי 50 פּערזאָן, אויף

אַ סעודה ביי אַ ברית איז די עכסטע צאָהל געסט, וואָס מען מעג דערלאָזען 40. די קרובים ווערען אַריינגערעכענט אין די דאָזיגע צאָהלען.

דעם פּרנס־החודש אין יעדען אָרט האָט מען באַפוילען, אַליין אונטער אַ שטראָף פון חרם, אַכטונג צו געבען, אַז די דאָזיגע תקנה זאָל ווערען שטרענג אָפּגעהיט. דערביי האָט מען צוגעגעבען: „והמחמיר תבוא עליו ברכה", — ווער עס וועט זיין נאָך שטרענגער, דער זאָל זיין געבענשט...

.2

חוץ דעם דערקלערען אַ נאַציאָנאַלען טרויער האָט דאָס פּוילישע און ליטווישע אידענטום, גלייך נאָכ׳ן חורבן פון די קהלות אין דער אוקראַינע, זיך גענומען צו אָרגאַניזירען די הילפס־אַקציע פאַר די פּאַרבליבענע. אָט די רעאַקציע איז איינס פון די שענסטע קאַפּיטלען פון דער אידישער אויטאָנאָמיע אין אַמאָליגען פוילען.

די „וועדים" האָבען פאַר זיך געהאַט אַ רייה פּראָבלעמען. צוויי ווילען מיר דאָ באַהאַנדלען: (1) דער ענין „פדיון שבויים", ד"ה אויסלייזען די געפאַנגענע אידען, און (2) דאָס איינאָרדענען די פּליטים אין די פּלעצער, וואו זיי זיינען אָנגעקומען, לויפענדיג פון די קאָזאַקען־שחיטות, אָדער באַזאָרגען זיי אין אַנדערע ערטער. מען מוז דאָ באַלד באַמערקען, אַז דער „וועד מדינת ליטא" האָט אויף אַן אויסגעצייכענטען, סיסטעמאַטישען אופן געלייזט דעם פּראָבלעם פון די „דיספּלעיסד פּערזאָנס" אין יענער צייט, און די „אונרא" וואָלט פון דעם געמעגט אַ סך לערנען...

נאָר קודם־כל צום ענין פון „פדיון שבויים".

עס איז געווען אַ תקנה אין ליטע נאָך פון פריהער, אַז געלדער, וואָס מ׳גיט אויס אויף אויסצוקויפען אידען פון געפאַנגענשאַפט, דאַרף מען דעקען פון דער אַלגעמיינער קאַסע. אָבער פאַר די גזירות פון יאָהר ת"ח איז געווען ווייניג געלעגענהייט דאָס צו פּראַקטיצירען. דעריבער ווען דער „וועד מדינת ליטא" איז זיך צונויפגעקומען אין יאָהר ת"ט (1649) אין שטעטעל מיסטעצקי (ביי גראָדנע), איז זיין ערשטער באַשלוס געווען — צו דערמאָהנען אַלע קהלות וועגען „פדיון שבויים" אויפ׳ן חשבון פון דער מדינה־קאַסע. און אַזוי ווי לויט דער אַלטער תקנה, האָט מען באַדאַרפט מודיע זיין דער הויפּט־קהלה וועגען יעדער מעגליכקייט אויסצולייזען אַ אידען, האָט מען אויף דער סעסיע פון יאָהר ת"ט געגעבען רעכט יעדען אידישען ישוב, וואו עס געפינט זיך נאָר אַ מנין אידען, אויסצוגעבען פאַר יעדען נפש ביז צעהן גולדען אויסלייז־געלד, אָהן וועלכען עס איז פרעגען ביי דער הויפּט־קהלה. אויב מען האָט באַדאַרפט האָבען העכערען אויסלייז־געלד, פון צעהן ביז זעכציג פאַר אַ נפש, איז געווען

גענוג זיך אָנצופרעגען ביי דער שכנות׳דיגער קהלה, וואו עס האָט זיך געפונען אָדער עס פלעגט זיך געפינען אַ רב. ערשט איבער׳ן דאָזיגען סכום האָט מען געדאַרפט זיך ווענדען צו איינער פון די הויפּט־קהלות. דערביי איז דאָס פאַררעכענען די אויסגעגעבענע געלדער געווען זייער איינפאַך. מען האָט פּשוט געקענט אַראָפּרעכענען די הוצאות פון „פּדיון שבויים" פון די שטייער־געלדער, וואָס יעדע קהלה האָט געדאַרפט צושטעלען דער הויפּט־קהלה.

אָבער מיט דעם איז דער ענין „פּדיון שבויים" נאָך ווייט נישט געווען דערליידיגט פאַר׳ן פּוילישען און ליטווישען אידענטום. די קאָזאַקען און טאַטאַרען האָבען פאַרשלעפּט די געפאַנגענע אידען נישט נאָר קיין פּוילען, צו מערב, נאָר זיי האָבען אַ סך פון זיי געבראַכט קיין טערקיי, קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אַנדערע פּלעצער. די דאָרטיגע אידען האָבען באַלד אָנגעהויבען צו פּיהלען, אַז אויסקויפען די געפאַנגענע אוקראַינישע אידען איבערשטייגט זייערע פינאַנציעלע כחות. זיינען אַוועק בריוו צום „וועד ארבע ארצות" און צום „וועד מדינת ליטא" נאָך הילף.

דער „וועד מדינת ליטא" אויף זיין סעסיע אין כאָמסק (ביי פּינסק) אין יאָהר תי"ב האָט שוין פאַר זיך געהאַט אָט די ווענדונג פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און געזוכט געלד־מקורים, כדי צו שיקען הילף אין טערקיי. ער האָט באַשלאָסען, אַז במשך די ווייטערדיגע צוויי חדשים נאָך דער סעסיע דאַרפען אַלע קהלות און ישובים איינאָרדענען ביי זיך צוויי מאָל זאַמלונגען פאַר „פּדיון שבויים" און אָפּשיקען תיכף די געלדער צו דער הויפּט־קהלה. די הויפּט־קהלות האָבען באַדאַרפט איבערשיקען די דאָזיגע געלדער קיין לובלין (צום ווינטער־יריד, דעם אַזוי־גערופענעם יריד גראָמניץ, ווען דער „וועד ארבע ארצות" פלעגט אָפּהאַלטען זיינע סעסיעס). פון לובלין האָט מען די „פּדיון שבויים"־פאָנדען באַדאַרפט שיקען קיין טערקיי. אויב דער אַלגעמיינער סכום, געקליבען אין גאַנץ ליטע, איז ווייניגער ווי 1000 טאָלער, דאַרף די קאַסע פון וועד דערלייגען דעם אונטערשייד.

דערביי האָט דער „וועד מדינת ליטא" פאַראָרדענט, אַז אויב קהלות אָדער ישובים וועלען נישט צונויפזאַמלען דעם באַשטימטען סכום פאַר „פּדיון שבויים", דאַרף מען זיי באַשטייערען פאַר דעם דאָזיגען צוועק. דעם אָרויפגעלייגטען סכום וועלען זיי דאַן מוזען באַצאָהלען מיט פּראָצענט, און אויך אַ שטראָף, אויב זיי וועלען ווייטער וועלען די זאַך פאַרשלעפּען.

אָבער די תקנה וועגען די צוויי צוואַנגס־זאַמלונגען אין יאָהר תי"ב האָט נישט דערגרייכט איהר ציל. די פּאָגראָמען און פאַרפאָלגונגען האָבען נישט אויפגעהערט און די געלד־באַדערפענישען זיינען געשטיגען. אין יאָהר תט"ו קומט זיך צונויף דער ליטווישער „וועד" אין שטעטעל סעליץ (ביי בריסק)

און נעהמט אָן אַ באַשלוס, וואָס דערמאָהנט שטאַרק די אינסטיטוציע פון אַ „יוניווערסאַל אַפּיל״...

דער באַשלוס רעדט קודם־כל אָרום די טראַגישע לאַגע פון די אידען, וואָס געפינען זיך אין געפאַנגענשאַפט און געהען פון גלות צו גלות. באַזונדער טראַגיש איז די לאַגע פון די רוסישע אידען; אַ סך פון די הייליגע קהלות אין רוסלאַנד זיינען אומגעקומען און אַ סך האָט מען פאַרשלעפּט אין ווייטע לענדער. די איינציגע האָפנונג איז געווען, זיי אויסצוקויפען פאַר געלד. דעריבער, זאָגט דער „וועד מדינת ליטא״, איז פאַר אָט דעם צוועק נויטיג צו מאַכען אין גאַנץ ליטע אַן איינהייטליכע געלד־זאַמלונג. ווערט במשך די קומענדיגע דריי יאָהר איינגעפיהרט אַזאַ מין סיסטעם:

1) אין אַלע קהלות און ישובים אין גאַנץ ליטע וועט מען אין אַלע שוהלען איינמאָל אין חודש דורכפיהרען אַ באַזונדערע זאַמלונג פאַר „פדיון שבויים״. די דאָזיגע זאַמלונג דאַרף פאָרקומען שבת שמברכין ראש־חודש.

2) יעדע וואָך דאַרף ווערען דורכגעפיהרט אַ זאַמלונג פון שטוב צו שטוב פאַר „פדיון שבויים״.

3) אין יעדער קהלה און אין יעדען ישוב דאַרף מען באַשטימען צוויי באַזונדערע גבאים, אנשים חשובים, וואָס זאָלען איבערנעהמען די געלדער פאַר „פדיון שבויים״.

4) כדי צו באַוואָרענען, אַז די „פדיון שבויים״־געלדער זאָל מען נישט אויסגעבען אויף אַנדערע צוועקען, האָט מען אויסגערופען דעם שווערסטען חרם געגען פאַרזינדיגטע. מען האָט אויך נישט געטאָרט לייהען די דאָזיגע געלדער אויף אַ שטר־חוב, אויב עס איז געלעגען עפּעס געלד אין קאַסע, ווייל דאָס האָט געמוזט זיין כסדר פליסיג. אויב שוין יאָ אַמאָל אויסבאָרגען פון די דאָזיגע געלדער, ווען זיי זיינען גראָד געווען נישט נויטיג אין דעם באַטרעפענדען מאָמענט, קען מען זיי אויסבאָרגען נאָר אויף אַ משכון, וואָס זיין ווערט זאָל זיין לפחות אנדערטהאַלבען מאָל דעם ווערט פון דער הלואה, אַזוי אַז אין נויטפאַל זאָלען די אומגליקליכע געפאַנגענע נישט דאַרפען וואַרטען אפילו אַ רגע. יעדען פערטעל יאָהר האָט מען געדאַרפט די „פדיון שבויים״־געלדער צושטעלען די גבאים.

צום דאָזיגען פרינציפּיעלען באַשלוס האָט מען צוגעגעבען אַ ווענדונג צו די פרנסים, וואָס פיהרען אָן מיט דער מדינה, אַז זיי זאָלען תמיד שטעהן אויף דער וואַך און געווי אויספאָרשען ווען עס וועט נאָר זיין אַ געלעגענהייט מקיים צו זיין די מצוה פון „פדיון שבויים״; און מיט די פאָעטישע ווערטער „ואל שדי יאמר לצרות ישראל די ויריק ברכה עד בלי די״ — ווערט פאַר־ענדיגט דער היסטאָרישער באַשלוס.

עטליכע יאָהר שפּעטער, אין תכ״ב (1662), ווערט אויף דער סעסיע פון „וועד״ אין סעליץ באַשלאָסען, אַ מאָדיפיקאַציע אין דעם פּרינציפּ, אַז אַלע געלטער, וואָס מען גיט אויס אויף „פּדיון שבויים״, דאַרף מען דעקען פון דער מדינה־קאַסע. אַנשטאָט דעם האָט מען פאַראָרדענט, אַז אויסגאַבען ביז 50 פּוילישע גילדען פאַר „הצלת נפשות״ דאַרפען געדעקט ווערען פון דער הויפּט־קהלה מיט איהרע פּראָווינץ־קהלות צוזאַמען. אויב די הוצאה וועט באַטרעפען פון 50 ביז 100 גולדען, דעמאָלט דאַרף מען שוין וועגען דעם מודיע זיין נאָך אין הויפּט־קהלה און ביידע קענען די אויסגאַבע צוזאַמען אַרויפלייגען אויף דער מדינה. אַן אויסגאַבע גרעסער פון 100 גולדען פאָדערט אַן הסכמה פון דריי הויפּט־קהלות, כדי צו ווערען פאַררעכענט פון אַלגעמיינעם בודזשעט. אָט די תקנה האָט געהאַט דעם צוועק אַרויפצולייגען דעם רוב „פּדיון שבויים״־הו־צאות אויף די איינצעלנע הויפּט־קהלות, ווייל געוועהנליך איז דאָס אויסלייז־געלד פאַר אַ יחיד נישט אַזוי הויך. דעריבער האָט די קאַסע פון גאַנצען „וועד״ געקענט דעקען די גרעסערע קאָלעקטיווע הוצאות, ווען די נויט איז געקומען.

אין שייכות מיט די באַשלוסען וועגען „פּדיון שבויים״־פאָנד דאַרף דערמאָהנט ווערען אַן אַנדערער וויכטיגער איינפיהר. וועגען דעם לאָזט אונז וויסען נישט דער פּנקס פון „וועד״, נאָר דער היסטאָריקער פון די גזירות, ר׳ נטע האַנאָווער, אין זיין „יון מצולה״.

ער דערציילט, אַז אין די שטעט און געגענדען, וואו די שחיטות זיינען פאָרגעקומען, זיינען פאַרבליבען הונדערטער אידישע קינדער פאַרבאַהאַלטען ביי גויים (ווידער אַ מערקווירדיגע עהנליכקייט צו די היינטיגע צייטען!). אָט די קינדער זיינען אין דער ערשטער רייה געוואָרען אויסגעקויפט פון די „פּדיון־שבויים״־געלדער. אָפט איז עס געווען שווער צו דערגעהן די אידענ־טיטעט פון די געראַטעוועטע קינדער. האָט מען מתקן געווען, אַז נאָך יעדער אויספאָרשונג וועגען אַזאַ געראַטעוועט קינד זאָל מען דעם רעזולטאַט, אין דער פאָרם פון אַן אויפגעשריבענער „קמיע״, אויפהענגען אויפן קינדס האַלז. אַזוי אַרום איז דעמאָלט מעגליך צו באַשטימען ווער עס איז דאָס באַטרעפענדיגע קינד.

בכלל האָט דעמאָלט געהערשט, פּונקט ווי היינט, אַ שרעקליכער כאַאָס אין די משפּחה־פאַרהעלטענישען. מענשען זיינען געלאָפען וואו די אויגען האָבען זיי געטראָגען. משפּחות זיינען געוואָרען פונאַנדערגעטיילט. אומ־צעהליגע עגונות האָבען זיך אַרומגעדרעהט איבער׳ן לאַנד. און ביי חתונות איז פאָרגעקומען, אַז ברידער האָבען נישט דערקענט זייערע שוועסטער און מיט זיי חתונה געהאַט. כדי אָט דעם שרעקליכען צושטאַנד ווי עס איז צו פאַר־בעסערען, האָט דער „וועד מדינת ליטא״ באַלד אויף זיין סעסיע פון יאָהר ת״ט אָנגענומען דעם וויכטיגען באַשלוס:

אַזוי ווי די פאַרשידענע עדות׳ן וועגען גע׳הרג׳עטע מענשען רופען אַרויס אַ ספק, דאַרפען אַלע קהלות און ישובים זיין זעהר געוואָרענט ביים דערלויבען צו שרייבען תנאים, און שוין אַ קל־וחומר ביים סידור קידושין פון מענשען, וואָס זיינען אלמן׳ס. זיי מעגען דאָס דערלויבען בלויז דאַן, ווען זיי האָבען אין האַנט אַ באַשטעטיגונג פון אַ רב, אַז זיי זיינען באמת אלמן׳ס אָדער גע׳גט. די אורחים אין די קהלות טאָרען זיך אויך נישט משדך זיין צווישען זיך, אפילו אויב זיי באַהויפּטען, אַז זיי זיינען בחורים און אָדער מייד־לעך, כל־זמן זיי וועלען נישט מברר זיין, ווער זיי זיינען. דער מאָטיוו פאַר דער דאָזיגער תקנה איז געווען: „למען שלא ישא איש את קרובתו האסורה לו״ (כדי אַז אַ מענש זאָל נישט חתונה האָבען מיט זיין קרובה, וואָס איז צו איהם גע׳אסר׳ט).

אָט די „אורחים״, ד״ה די „דיספּלעיסד פּוירסאָנס״ פון יענער צייט, זיינען געווען אַ באַזונדער פּראָבלעם פאַר׳ן ליטווישען אידענטום.

.3

דער שטראָם, פּליטים, וואָס האָט זיך נאָך די גזירות ת״ח געלאָזט פון אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד קיין מערב צו, האָט באַלד געשאַפען אין פּוילען און ליטע אַ רייה פּראָבלעמען:

ערשטענס, וואָס פאַר אַ רעכט האָבען געדאַרפט באַקומען די פּליטים, וואָס האָבען מיט זיך מיטגעפיהרט אַ געוויסען פאַרמעגען און האָבען דעריבער נישט געדאַרפט פאַלען קיינעם צו־לאַסט? האָבען זיי געמעגט זיך באַזעצען וואו־עס־איז און אָנהויבען צו האַנדלען, נישט געקוקט אויף די חזקות פון די לאָקאַלע איינוואוינער?

צווייטענס, וואָס האָט געזאָלט געשעהן מיט דער גרויסער מאַסע אָרימע פּליטים? ווי אַזוי האָט מען זיי געדאַרפט איינאָרדענען? און וואו האָט מען זיי באַדאַרפט באַזעצען?

דריטענס, האָט מען געדאַרפט זיך באַנוגענען מיט די פּליטים, וואָס זיינען אַליין געקומען, אָדער מען האָט געדאַרפט אויף אַ סיסטעמאַטישען אופן אַריבערברענגען אַ געוויסע צאָהל פּליטים און זיי איינאָרדענען?

פערטענס, וואָס האָט מען געדאַרפט טאָן, כדי אויפצובויען די חרוב׳ע תורה־צענטערס און העלפען די יונגע ישיבה־בחורים, וואָס זיינען פאַרטריבען געוואָרען פון זייערע פּלעצער?

די דאָזיגע פּראָבלעמען האָט דער „וועד מדינת ליטא״ געלייזט אויף אַ וואונדערליכען אופן. די באַטרעפענדע באַשלוסען האָט מען אָנגענומען אויף די סעסיעס אין יאָהר ת״י (1650) און תי״ב (1652). עס איז כדאי זיי גענוי

איבערצוגעבען, ווייל אין זיי אַנטפּלעקט זיך אַ געוואַלטיגע מאַס פון אַ ציל־באַוואוסטער מאַסען־אָרגאַניזאַציע.

קודם בנוגע די האַנדעלס־רעכט פון די פאַרמעגליכע פּליטים.

דער „וועד" הויבט אָן זיין באַשלוס מיט'ן פעסטשטעלען דעם פאַקט: דערווייל איז נאָך אַזוי אומרוהיג, אַז עס קען קיין רייד נישט זיין וועגען אַ רעפּאַטריאירען די פּליטים. יעדער גאַטספאַרכטיגער מענש מוז דאָס נעהמען אין באַטראַכט, זאָגט דער „וועד" ווייטער. אָט די הקדמה איז געווען נויטיג, ווייל דער ליטווישער „וועד" האָט מיט איין מאָל געעפענט פאַר די פּליטים אַלע טויערען און זיי דערלויבט זיך צו באַזעצען וואו זיי וועלען נאָר וועלען און אָנהויבען יעדען משא־ומתן מיט זייער אייגען געלד, אָהן שום שטערונגען מצד די אָרטיגע קהלות און סוחרים. דאָס האָט געמיינט גאָר אַ סך. מען האָט פאַר זיי אָפּגעשאַפט די „חזקת ישוב", וואָס אין נאָרמאַלע צייטען האָט מען דערפאַר געמוזט טייער באַצאָהלען א. א. וו. דעריבער האָט מען לכתחילה באַגרעניצט אָט די פּריווילעגיע ביז ראש־השנה תי"א, ווייל אפשר „וועט ביז צו דער צייט זיין מעגליך אַ רעפּאַטריאַציע". (פאַרשטעהט זיך אַז דאָס איז נאָך ראש־השנה תי"א נישט געווען ווייטער מעגליך און די פרייהייטען זיינען געבליבען אין קראַפט).

אַ צווייטע, אייגענטליך אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע באַגרעניצונג, איז געווען, אַז די נייע סוחרים זאָלען „אַ ביסעל" בייטראָגען צו די לאַסטען פון די קהלות, וואו זיי וועלען זיך באַזעצען. דערביי האָט מען אָבער צוגעגעבען: „כפי משא ומתן שלהם ע"פ החסד", ד"ה אַז מען זאָל פון זיי נישט פאַרלאַנגען צופיל, נאָר לויט די געשעפטען, און דאָס אויך „מיט חסד".

בנוגע די נישט־פאַרמעגליכע פּליטים, וואָס האָבען אַרומגעוואַנדערט פון אָרט צו אָרט, באַזונדערס בנוגע די פרויען און אַלטע לייט, האָט דער באַשלוס פון יאָהר ת"י באַשטימט די גענויע צאָהלען וויפיל יעדע קהלה קען אויסהאַלטען. די נאָרמען זיינען געווען:

1) יעדער מינדעסטער ישוב אין ליטע, וואָס האַלט אויף אַ מנין יום־טוב (מען האָט נישט דערמאָהנט שבת, נאָר יום־טוב, ווייל אין די גאָר קליינע ישובים, וואו מען האָט נישט געהאַט קיין מנין שבת, האָט מען פונדעסטוועגען יום־טוב געדאַווענט בציבור), מוז אויסהאַלטען על־כל־פנים איין פּליט.

2) וואו עס איז דאָ מעהר ווי איין מנין — מוזען יעדע צוויי מנינים אויסהאַלטען אַ ווייטערדיגען פּליט. אָבער די העכסטע צאָהל אין אַזעלכע קליינע ישובים איז 6 פּליטים.

3) די ווייטערדיגע פּראָפּאָרציע האָט מען באַשטימט נאָכ'ן סכום שטייער, וואָס די באַטרעפענדע קהלה האָט געצאָהלט. אויב דער שטייער האָט באַטראָפען ביז 10 ליטווישע שאָק, האָט מען פאַר איטליכע צוויי שאָק גע־

מוזט אויף זיך נעהמען אויסצוהאַלטען איין פּליט. די מאָס איז קלענער געווארען מיט דער פאַרגרעסערונג פון שטייער. אויב דער שטייער איז געווען גרעסער פון צעהן ליטווישע שאָק, דאַן האָט מען פאַר איטליכע פיר ווייטערדיגע שאָק געדאַרפט אויסהאַלטען נאָך איין אָרימען פּליט.

4) אויב עס איז געווען אַן אונטערשייד צווישען דער צאָהל פּליטים, וואָס די באַטרעפענדע קהלה האָט געדאַרפט אויסהאַלטען אויפ׳ן יסוד פון איהרע מנינים און דעם שטייער, דאַן איז געווען מאָסגעבענדיג די גרעסערע צאָהל, וואָס איז אויסגעקומען נאָך וועלכער עס־איז מאָס.

5) די פּליטים האָבען געדאַרפט קריגען וואָכענגעלד, אָדער צעטלעך צו די אָרטיגע בעלי־בתים, יעדע וואָך, צו אַן אַנדערען.

6) ביים קומענדיגען „וועד" האָט מען באַדאַרפט באַשליסען צי זאָל מען אָנהויבען צו באַוואַכען די גרענעץ, כדי אָפּצושטעלען דעם שטראָם פּליטים קיין ליטע. אפילו אָט־די מעגליכקייט האָט מען גענומען אין באַטראַכט, אָבער עס איז, נאַטירליך, קיינמאָל דערצו נישט געקומען.

פאַרקעהרט, ביי דער סעסיע פון „וועד מדינת ליטא" אין יאָהר תי״ב ווערט געשילדערט דער מורא׳דיגער צושטאַנד פון די פּליטים: זיי קומען אָן נאַקעט און באָרוועס, הונגעריג און דורשטיג, און וויינען און בעטען הילף. „צוזעהענדיג אָט־די צרות זייערע", זאָגט דער „וועד" אין זיין באַשלוס, „האָבען מיר זיך דערבאַרימט איבער זיי און באַשלאָסען אויפצוהאַלטען ביי אונז אין ליטע פון היינט ביז ראש־חודש אייר תי״ב (די סעסיע איז פאָרגעקומען ז׳ טבת), צוויי טויזענד נפשות און זיי פונאַנדערצוטיילען צווישען די איינצעלנע קהלות לויט געוויסע פינאַנציעלע גרונדזאַצען".

דער פעסטגעשטעלטער יסוד איז געגאַנגען אַ סך ווייטער ווי דער פּרינציפּ, וואָס מען האָט איינגעשטעלט מיט צוויי יאָהר פריהער. אנשטאט אַ פּליט פאַר יעדע צוויי ליטווישע שאָק שטייער, האָט מען איצט באַשטימט, אַז פאַר יעדען האַלבען גילדען שטייער קומט אויס איין פּליט. אַזוי ווי אַ גילדען האָט געצעהלט דרייסיג גראָשען, ד״ה אַ האַלבען שאָק, איז קלאָהר, אַז צוליב דער גרויסער פּליטים־צאָהל האָט דער „וועד מדינת ליטא" פאַרגרעסערט די פליכט פון די איינצעלנע קהלות אַכט מאָל אַזויפיל.

דערביי האָט מען באַוויליגט די הויפּט־קהלות דאָס רעכט צו געבען, לויט זייער איינזעהן, נאָך אַמאָל אַזויפיל, אומאָפּהענגיג פון שטייער־סכום. נאַטירליך האָבען זיי אויך געקענט אָט די צווייטע העלפט פאַרקלענערען, לויט די אומשטענדען, וועלכע זיי וועלען איינגעפינען.

ביי די דאָזיגע 2000 „פאַרבעטענע" פּליטים, וואָס דער „וועד" האָט באַשלאָסען צו פאַרזאָרגען, איז באַלד באַשטימט געוואָרען די גענויע פּראָצעדור ווי אַזוי מען זאָל זיי אויסהאַלטען.

אַ העלפט פּליטים, וואָס מען האָט געטיילט אין יעדען ישוב, אָדער קהלה, האָט מען געדאַרפט אויסהאַלטען אויף די קאָסטען פון דער אַלגעמיינער קאַסע. פּראַקטיש האָט עס אויסגעזעהן אַזוי: מען האָט אָנגעשריבען צעטלעך צו די איינצעלנע שטייער־צאָהלער, יעדען אין פּראָפּאָרציע צו זיין שטייער; די דאָזיגע קוויטלעך האָט מען געגעבען די פּליטים. איז אויסגעפאַלען, אַז אַ שטייער־צאָהלער האָט געדאַרפט באַצאָהלען פאַר אויסהאַלטען דעם פּליט אַ פולע וואָך, האָט ער געהאַט אַ ברירה: אָדער אויסהאַלטען דעם פּליט ביי זיך במשך דער וואָך, אָדער איהם געבען געלד, אַז ער זאָל קענען, לויט די באַדינגונגען אין דער באַטרעפענדער קהלה, זיך אַליין אויסהאַלטען במשך דער וואָך.

די צווייטע העלפט פּליטים האָט מען באַדאַרפט פונאַנדערטיילען צווי־שען די בעלי־בתים, נאָכ׳ן איינזעהן פון די פּרנסים, אומאָפּהענגיג פון שטייער און אָהן אַראָפּרעכענען דעם שטייער. דערביי האָט מען זיך געדאַרפט אַזוי נוהג זיין: איז אַ בעל־הבית געווען גענוג רייך, אַז ער זאָל אויף אייגענער רע־כענונג נעהמען אַ פּליט אויף אַ גאַנצער וואָך, דאַן האָט מען איהם געדאַרפט צושטעלען אַ פּליט. אויב אָבער ער איז נישט געווען אימשטאַנד דאָס צו טאָן, האָט מען איהם געדאַרפט מצרף זיין מיט אַ צווייטען בעל־הבית, ד. ה. אַז צוויי בעלי־הבתים האָבען געדאַרפט אויסהאַלטען אַ פּליט אַ וואָך צייט, אָדער יע־דער איינער האָט איהם געדאַרפט אויסהאַלטען אַ וואָך איבער אַ וואָך. דעם זעלבען סיסטעם האָט מען געדאַרפט איינשטעלען, אויב נויטיג, ביז דריי אָדער פיר שותפים.

דערביי האָט מען אויסדריקליך באַשטימט, אַז די צווייטע העלפט פּלי־טים אין יעדער שטאָט (וואָס מען האָט געזאָלט אויסהאַלטען נישט אויפ׳ן חשבון פון שטייער, נאָר סתם) האָבען געדאַרפט אויסהאַלטען אפילו אַזעלכע בעלי־הבתים, וואָס זיינען געווען אויף אַזוי־ווייט נישט פאַרמעגליך, אַז זיי האָבען בכלל קיין שטייערען נישט געצאָהלט. אפילו אַזעלכע מענשען האָבען געדאַרפט בשותפות — צו צוויי, צו דריי אָדער צו פיר — נושא־בעול זיין ביים פאַרזאָרגען די פּליטים.

אַ ווייטערע וויכטיגע אָרגאַניזאַציאָנעלע נאָרמע ביים פאַרטיילען די פּליטים איז, לויט׳ן באַשלוס פון „וועד מדינת ליטא״ פון יאָהר ת״ב, געווען אָט וואָס:

ביז ראש־חודש שבט ת״ב האָט יעדע קהלה און יעדער ישוב געדאַרפט צושטעלען זייערע הויפּט־קהלות אַ רשימה פון די פּליטים, וואָס זיי האַלטען אויס. אויב אַזאַ רשימה ווערט נישט צוגעשטעלט, דאַן קריגט די באַטרעפענדע קהלה תיכף נאָכאַמאָל די צאָהל פּליטים, וואָס קומט לויט דער אָנגענומענער פּראָפּאָרציע פון שטייער.

די דאָזיגע באַשטימונג האָט געהאַט אַ דאָפּעלטען צוועק: ערשטענס, צו צווינגען די איינצעלנע קהלות, זיי זאָלען אויספיהרען בשלימות זייער פליכט; און צווייטענס, צו האָבען אַ קאָנטראָל איבער די פּליטים גופא, און צו וויסען, וואו זיי געפינען זיך.

עס ווערט, דוכט זיך, נישט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלען באַהויפּטען, אַז די סיסטעמאַטישקייט, וואָס ליגט אין דער תקנה פון „וועד מדינת ליטא" פון יאָהר תי"ב, וואָלט געמעגט דינען פאַר אַ מוסטער פאַר נישט איין פּליטים־רעגולאַציע ביי די מאָדערנע פּליטים־אַגענטורען פון אונזער צייט. אַלץ איז געוואָרען דאָרט באַוואָרענט: די דיסלאָקאַציע פון די „דיספּלעיסד פּוירסאָנס", די הילף־מעטאָדען און אפילו קאָנטראָל איבער זיי.

ווי אַ לעצטע פּראַקטישע פּליטים־פּראָבלעם האָט דער „וועד" פון די ליטווישע קהלות אויסגעצייכענט געלייזט די פראַגע וועגען די ישיבה־לייט. און געשעהן איז עס אויף אָט־דעם אופן:

אַזוי ווי אין אַ רייהע קהלות האָבען די פּרנסים געהאַט געשטעלט באַדינגונגען די רבנים בשעת מען האָט זיי אויפגענומען, אַז זיי זאָלען נישט האַלטען קיין ישיבות (ווייל דאָס האָט גורם געווען הוצאות פאַר די קהלות) אָדער „ממעט" זיין מיט ישיבות מחמת די זעלבע מאָטיוען — האָט מען אָפּגעשאַפט אָט־די נישט־מאָראַלישע תנאים און באַשלאָסען, אַז יעדע קהלה, וואָס האָט אַ רב, מוז אויסהאַלטען אַ ישיבה, וואו מען זאָל אַריינגעהמען די פּליטים־בחורים.

מיט אָט־דעם באַשלוס האָט מען פאַרפעסטיגט די תורה־טראַדיציע אין ליטע און מען האָט געשאַפען אַ היים פאַר הונדערטער יונגע פּליטים, וואו זיי האָבען ווייטער געקענט ממשיך זיין זייער לערנען, וואָס די כמיעלניצקי־האָרדעס האָבען מיט געוואלד איבערגעריסען.

אָט אַזוי האָט דאָס אַמאָליגע פּוילישע און ליטווישע אידענטום רעאַגירט אויף אַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק.



## נאָכוואָרט צום קאַפּיטעל: אידישע רעטונג

# דער אָפּמאַך מיט הימלער׳ן

דעם 6־טען פעברואַר, 1945, איז ביי דער שווייצער גרעניץ־שטאָדט קרייצלינגען פאַרפאָהרען אַ צוג מיט 1,200 אידען פון טהערעזיענשטאַדט, דעם באַוואוסטען דייטשען קאָנצענטראַציע־לאַגער. באַלד דערנאָך האָט זיך אין דער פּרעסע באַוויזען א ידיעה, וואָס האָט געזאָגט, אַז דער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען אַ דאַנק די באַמיהונגען פון שווייצער בונדעסראַט ד״ר מוסי, וועלכער האָט אין שליחות פון „ועד ההצלה״ און דער אַלוועלטליכער אגודת ישראל פאַרהאַנדעלט מיט די דייטשען וועגען באַפרייען אידען פון די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערען און ברייננגען זיי אין שווייץ. די ידיעה האָט אָנגעמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם. עס האָט געהייסען, אַז וויטערדיגע טראַנספּאָרטען וועלען אָנקומען יעדע וואָך אָדער יעדע צוויי וואָכען. אָבער דאָס איז ניט געשעהען.

דער שרייבער פון די שורות האָט אין זיין באַזיץ אויטענטישע דאָקו־מענטען וועגען דער דאָזיגער אָנגעלעגענהייט. עס וועט נאָך אַמאָל אויסקומען צו דערצעהלען די פּרטים פון די פאַרהאַנדלונגען אין אַמעריקע, וואָס האָבען מעגליך געמאַכט, אַז אַזאַ שליחות צו די העכסטע שפּיצען פון דער נאַצי׳שער מערדער־באַנדע זאָל צושטאַנד־קומען. עס איז אויך פאַרהאַן אַ שריפטליכער באַריכט פון יענעם שליח, דעם אַמאָליגען שווייצער בונדעסראַט ד״ר מוסי, וועגען זיין מיסיע, און באַזונדערס וועגען זיינע געשפּרעכען מיט הימלער׳ן, גערינג׳ן און זייערע געהילפען. איצט וויל איך איבערגעבען, וואָס עס זאָגט וועגען דער שפּאַנענדער מוסי־געשיכטע איינער פון די נאָהענטסטע מיטאַר־בייטער פון הימלער׳ן, דער געסטאַפּאָ־גענעראַל וואַלטער שעללענבערג. דער דאָזיגער פאַרשוין געפינט זיך ביים היינטיגען טאָג אין דער תפיסה אין ניי־רענבערג און דאָרט האָט ער אָנגעשריבען און געחתמ׳עט אַן ערקלערונג אונטער אַ שבועה וועגען אַלץ, וואָס איז איהם באַקאַנט אין שייכות מיט דער הצלה־מיסיע פון ד״ר מוסי. די ערקלערונג האַלט 9 זייטען מאַשין־שריפט און די אונטערשריפט פון וואלטער שעללענבערג איז אויפ׳ן דאָקומענט באַ־גלויביגט דורך אַ צווייטער אונטערשריפט פון אַן עדות (זיין פאַרטיידיגער ד״ר רידיגער).

וואָס דערצעהלט שעללענבערג אין זיין ערקלערונג?

ער פאַנגט אָן כראָנאָלאָגיש, ביים סוף זומער פון יאָהר 1944. דאַמאָלס איז שעללענבערג געוואָהר געוואָרען, אַז ד״ר מוסי קלויבט זיך צו באַזוכען הימלער׳ן. אָבער דער באַזוך איז צושטאַנדגעקומען ערשט אין חודש אָקטאָבער 1944.

ער שרייבט, אַז נאָכדעם ווי מוסי איז געקומען קיין בערלין, זיינען זיי ביידע געפאָהרען קיין ברעסלאו און דאָרט אויפגעשטיגען אויף׳ן ספּעציאַל־צוג פון הימלער׳ן. בשעת דער נסיעה זיינען פאָרגעקומען די געשפּרעכען. שעללענבערג איז געווען אָנוועזענד ביי איינינגע און צוויי מאָל האָט איהם הימלער אַריינגערופען צו זיך ביחידות און אויסגעפרעגט אויף געוויסע זאַכען בנוגע דער פּערזאָן פון מוסי׳ן און זיינע פאָרשלאַגען.

מוסי האָט געוואָלט, לויט שעללענבערג׳ן, באַצוועקען צוויי זאַכען: ערשטענס, צו ווירקען אויף הימלער׳ן, אַז ער זאָל פאַרלייכטערען דעם גורל פון די אידען, וואָס געפינען זיך אין דייטשלאַנד (מיר דוכט, אַז מען מוז דאָ פאַרשטעהן נישט בלויז די אידען אין דייטשלאַנד גופא, נאָר גיכער די אידען „אונטער דייטשער הערשאַפט״); צווייטענס, צו קומען צו אַ הסכם וועגען ערלויבען די אידען אַרויסצופאָהרען קיין אַמעריקע, באַנוצענדיג די שווייץ אַלס טראַנזיט־לאַנד.

הימלער האָט נאָך אַ לאַנגען ישוב־הדעת באַשלאָסען, — זאָגט שעללענבערג — מסכים צו זיין אויף ביידע פאָרשלאַגען. בנוגע דער פאַרלייכטערונג פון מצב פון די אידען, האָט ער אָנגעשריבען אַ באַפעהל צו זיין ממלא־מקום קאַלטענברונער, און נאָך צו אַ צווייטען געסטאַפּאָ־באַאַמטען (וועמענס נאָמען ער געדענקט נישט גענוי, נאָר עס דוכט זיך איהם, אַז דאָס איז געווען דער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערען ס. ס. גרופּען־פיהרער גליקס), אַז מהיום ולהלאה מוז מען גאַראַנטירען אַלע אידען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערען „אַ גוטע באַהאַנדלונג״ און אַז אין דער צוקונפט „טאָר מען קיין איד גאָר נישט טאָן״. בנוגע דעם אַרויספאָהרען פון די אידען קיין אַמעריקע, דורך דער שווייץ, האָט הימלער פּרינציפּיעל מסכים געווען, אָבער די פּרטים זיינען נישט געוואָרען אָפּגערעדט. דאָס איז פאַרבליבען פאַר אַ צווייטער באַגעגנונג. דאַגעגען פאַר געוויסע יחידים האָט מוסי אויף׳ן אָרט באַקומען אַ צוזאָג, אַז מען וועט זיי אַרויסלאָזען. שעללענבערג האָט באַקומען צו דעם צוועק אַ ספּעציעלע פולמאַכט און אַזוי־אַרום זיינען פריי געוואָרען די ברידער ראָטענבערג (די זיהן פון אַנטווערפּענער רב), די משפחות טאָרעל, דאָנענבוים, ראָזענבערג, ד״ר סטיאַסני און העלענע שטיין. מען האָט אויך אָפּגערעדט צו „פּרוּאווען דעם פּראָבלעם״ פון באַפרייען אַלע

פוילישע, פראַנצויזישע און אידישע פרויען פון לאַגער ראַווענסבריק. מיט אַנדערע ווערטער האָט דאָס געהייסען, אַז דערווייל וועט די פרויען גאָר ניט געשעהן.

די וויכטיגקייט פון דערגרייכטען הסכם איז געווען, לויט דעם וואָס שע־לענבערג האָט איצט פעסטגעשטעלט, ממש אין לשער. דאָס איז געווען דער ערשטער דורכברוך אין דער „גזירת כליון״, וואָס די נאַצי־באַנדע האָט אַרויס־געגעבען אויף אַלע אידען אין אייראָפּע.

אין וועמענס נאָמען איז מוסי געקומען צו הימלער׳ן? לויט דעם סטייט־מענט פון שעללענבערג׳ן, האָט מוסי זיך פאָרגעשטעלט אַלס שליח פון „אָבער־ראַבינער ד״ר שטערנבוך״. ער מיינט נאַטירליך ר׳ יצחק שטערנבוך, וועלכער האָט דאַן פיבערהאַפט געאַרבייט פאַר דער רעטונג פון שארית הפליטה אין נאָמען פון „ועד ההצלה״ אין ניו־יאָרק.

שעללענבערג גיט צו, אַז ער (ד. ה. שעללענבערג) האָט געוואוסט, אַז ד״ר שטערנבוך געהערט צו דעם „עקזעקוטיוו־קאָמיטעט״ פון דער אגודת הרבנים אין די פאַראייניגטע שטאַטען. ער האָט זיך אין דער באַציהונג אפילו טועה געווען, אָבער דאָס איז נישט וויכטיג. — מוסי האָט איבערגענומען צו געבען אַ באַריכט איבער הימלער׳ס שטעלונג דעם ה׳ שטערנבוך אין דער שווייץ און איז אַוועקגעפאָהרען אַהין צוריק.

אין יאַנואַר 1945 איז פאָרגעקומען אַ צווייטער שמועס צווישען מוסי׳ן און הימלער׳ן און דאַמאָלס איז צושטאַנד געקומען דער גמר פון אָפּמאַך. דער ערשטער טראַנספּאָרט פון 1,200 אידען איז אָפּגעפאָהרען אין דער שווייץ, וואו ער איז אָנגעקומען דעם 6־טען פעברואַר. ווייטערדיגע טראַנספּאָרטען האָבען געזאָלט אַוועקגעהן פון דייטשלאַנד אַלע 2 וואָכען. אַ טראַנספּאָרט פון 1,800 אידען איז שוין געווען צוזאַמענגעשטעלט דורך שעללענבערג׳ס מענ־שען, ווען עס איז פּלוצים אָנגעקומען אַ באַפעהל פון היטלער׳ן אַליין (דורך דער פאַרמיטלונג פון קאַלטענברונער׳ן) אָפּצושטעלען דאָס אַוועקשיקען פון אידען אין אויסלאַנד.

מיר ווייסען — וואָס שעללענבערג דערמאָנט נישט אין זיין ערקלערונג — אַז אין דער צווישענצייט, צווישען דער ערשטער און צווייטער נסיעה פון מוסי׳ן צו הימלער׳ן, זיינען פאָרגעקומען פיבערהאַפטע פאַרהאַנדלונגען צווי־שען ה׳ יצחק שטערנבוך און דעם „ועד ההצלה״ וועגען אויפברענגען דעם באַטראַג פון 5 מיליאָן שווייצער פראַנק (העכער 1 מיליאָן דאָלאַר), וואָס הימלער האָט פאַרלאַנגט אַלס „זיכערשטעלונג״ פון דער גאַנצער אונטער־נעהמונג. אַזוי ווי דער „ועד ההצלה״ האָט נישט פאַרמאָגט דאָס געלד, האָט דער „דזשאָינט״ אויסגעבאָרגט דעם באַטראַג, וואָס איז — מיט דער ידיעה

פון סטייט־דעפּאַרטמענט — אַוועקגעשיקט געוואָרען צו שטערנבוך׳ן מיט דעם באַדינג, אַז ער מעג דאַריבער פאַרפּיגען נאָר מיט׳ן הסכם פון שווייצער פאַרטרעטער פון „וואָר רעפיודזשי באָארד״, מאַק קלעלאַן.

אָבער פאַרוואָס איז באמת אָפּגעשטעלט געוואָרען די גאַנצע אַקציע דורך היטלער׳ן, הגם דער „ועד ההצלה״ און זיין רעפּרעזענטאַנט שטערנבוך האָבען מקיים געווען די פינאַנציעלע תנאים, וואָס הימלער האָט געשטעלט?

שעללענבערג וואַרפט די פאַראַנטוואָרטונג אויף דריי הויכע געסטאַפּאָ־אָפיצירען: קאַלטענברונער, ווינקעלמאַן און בעכער. דער לעצטער פון די דריי, בעכער, האָט אין יאָהר 1944 פאַרמיטעלט ביי הימלער׳ן דעם ענין פון באַפרייען אונגאַרישע אידען געגען אַ פדיון פון געלד און טראַקטאָרען. זיין קאָנטאַקט־מענש אין דער שווייץ איז געווען ה׳ סאַלי מייער, דער רעפּרעזענ־טאַנט פון „דזשאָינט״. בעכער האָט מורא באַקומען, אַז דורך דער מוסי־אַק־ציע וועט ער פאַרלירען אַ „גוט געשעפט״; ווינקעלמאַן, זייענדיג אַ געסטאַפּאָ־מאַן אין בודאַפּעסט, איז געווען, ווייזט אויס, אַ שותף. זיי האָבען אַלזאָ צו־זאַמען אונטערגערוקט קאַלטענברונערן אַ מאַפּע מיט צייטונגס־אויסשניטען, וואו עס איז געווען איבערגעגעבען דער ענין מיט׳ן אָנקומען פון די ערשטע 1.200 אידען אין שווייץ אין אַן אונגינסטיגען ליכט פאַר די נאַציס. אַזעלכע צייטונגס־אויסשניטען האָט מען אויך געשיקט ריבענטראָפּ׳ן און דעם פעלד־מאַרשאַל קייטעל. דאַן איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ אין ביוראָ פון אַ ס. ס. אָבער־גרופּען־פיהרער יוטנער, אין וועלכער עס האָבען זיך באַטייליגט: קאַל־טענברונער, שעללענבערג, ווינקעלמאַן און בעכער. ביי דער קאָנפערענץ האָ־בען ווינקעלמאַן און בעכער ערקלערט, אַז די מוסי־אָנגעלעגענהייט איז אַ „נישט־סעריעזע״ און ברייננגט שאָדען די דייטשען אין אויסלאַנד. די אגודת הרבנים, אויף וועלכער מוסי האָט זיך פאַררופען — האָבען זיי ווייטער ער־קלערט — האָט נישט קיין פּאָליטישע באַדייטונג און אויך „זאָנסט״ נישט קיין איינפלוס. נאָר די פאַרבינדונג פון בעכער׳ן מיט סאַלי מייער גאַראַנ־טירט דעם „פּאָליטיש איינציג טראָג־פעהיגען קאַנאַל״. חוץ דעם מוז מען אין זין האָבען די ממשות׳דיגע „געגען־לייסטונגען״, בשעת שעללענבערג׳ס „הומאַניטערע פּלענער״ (ער וויל כסדר אונטערשטרייכען, אַז ער, שעללענ־בערג, האָט נאָר געהאַט „הומאַניטערע״ כוונות און געאַרבייט „לשמה״...) — זיינען נאָר אַ „געפעהרליכע פאַנטאַזיע״.

קאַלטענברונער האָט געדאַרפט אַנטשיידען, וואָס צו טאָן. אָבער דאָס איז ניט געווען אַזוי פשוט. פון איין זייט, האָט זיין שעף, הימלער, געהאַט אָנער־קענט מוסי׳ן און זיינע מאַנדאַט־געבער, ד. ה. שטערנבוך׳ן, דעם „ועד ההצלה״, די „אגודת הרבנים״ און די „אגודת ישראל״, אַלס איינציגע „פאַרהאַנדלונגס־

פאַרטנער״ פאַר׳ן גאַנצען קאָמפּלעקס פון דער אידען־פראַגע; פון דער אַנ־דערער זייט, האָט קאַלטענברונער שוין פון פריהער געהאַט אַרויסגעוויזען געג־נערשאַפט צום גאַנצען מוסי־פּלאַן, און איצט איז ער דורך בעכער׳ן און ווינקעלמאַנ׳ען נאָך געשטאַרקט געוואָרען אין זיין איבערצייגונג, אַז דער פּלאַן טויג נישט פאַר די דייטשען.

קאַלטענברונער איז דאַריבער נאָך דער קאָנפערענץ, אַרום 11 אַ זייגער ביינאַכט, אַוועק אין דער רייכס־קאַנצליי צו היטלער׳ן. דאָרט איז געווען פע־נעליין, אַ ידיד פון בעכער׳ן, מיט וועמען זיי האָבען צוזאַמען געטריבען פערד־ספּאָרט, און מען האָט דעם גאַנצען ענין פאָרגעלייגט היטלער׳ן, אַז ער זאָל אַנטשיידען.

היטלער׳ס פסק איז געווען: די מוסי־אַקציע דאַרף תיכף ווערען אָפּגע־שטעלט און קיין איינציגער איד טאָר מעהר נישט ווערען געבראַכט איבער דער דייטשער גרעניץ.

ווער האָט געוואונען און ווער האָט פאַרשפּילט ביי דעם דאָזיגען פסק פון היטלער׳ן, ימח שמו?

פאַרשטעהט זיך, אַז אַלע האָבען פאַרלאָרען. די מוסי אַקציע איז גע־וואָרען, אויף תמיד אויפגעהאַלטען, און די וויטערדיגע טראַנספּאָרטען זיינען מעהר נישט צושטאַנד־געקומען, אָבער די געשעפטען פון בעכער׳ן און ווינ־קעלמאַנ׳ען האָבען זיך אויך געענדיגט. אַם מייסטען האָבען נעביך פאַרלאָרען די אידען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערען, ווייל דער פונק פון האָפנונג, וואָס האָט פאַר זיי אויפגעשיינט, איז אַזוי שנעל אויסגעלאָשען געוואָרען.

זעהר שמערצליך איז פאַר אונז בכלל, וואָס עס האָט אין 1944 נישט גע־הערשט קיין איניגקייט צווישען די אידישע עסקנים אין שווייץ, וואָס האָט געגעבען אַזעלכע בריונים ווי בעכער און ווינקעלמאַן די מעגליכקייט צו אָפּפע־רירען מיט אַרגומענטען, אַז די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געשטאַנען הינטער שטערנבוך׳ן, זיינען נישט גענוג וויכטיג, אַז מען זאָל מיט זיי שליסען אַן אָפּמאַך. אין אַזאַ עת־צרה האָט דאָס נישט געטאָרט פאָרקומען. אויב שטע־רענבוך׳ן איז געלונגען צוצוקומען דורך מוסי׳ן צו הימלער׳ן, האָבען אַלע אידען אין שווייץ געדאַרפט זיך שטעלען אין איין פראָנט. מיר זיינען ניט חושד, חלילה, אַז ווער עס איז האָט בכוונה געוואָלט איבערלאָזען די אידען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערען. אָבער, ווי מיר זעהען, איז אַזוי געשעהן. ווער ווייסט, וויפיעל אידען האָבען דאַדורך פאַרלאָרען דאָס לעבען. פון פעב־רואַר ביז מאַי 1945 (ד. ה. דעם צוזאַמענברוך פון נאַצי־דייטשלאַנד), זיינען פאַרלאָפען דריי חדשים און די פיין און מאַרטער פון די אידען אין די פאַר־שידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערען איז געווען אומבאַשרייבליך וועהרענד דער צייט.

איין זאַך איז פולשטענדיג קלאָר, נאָך דער ערקלערונג פון שעללענ־בערג׳ן: אַז דער ערשטער אָפּמאַך פון מוסי׳ן מיט הימלער׳ן, אין חודש אָק־טאָבער 1944, האָט מציל געווען די אידען, וואָס האָבען אין יענעם מאָמענט נאָך געלעבט, פון אַ זיכערען טויט. זיי זיינען פאַרבליבען אין די לאַגערען און, נאַטירליך, אַ סך פון זיי האָבען נישט אויסגעהאַלטען די צרות. אָבער דער רעשט, וואָס האָט געקענט איבערהאַלטען, איז פאַרבליבען. שעללענבערג זאָגט דאָס קלאָר און דייטליך.

די ערקלערונג פון וואָלטער שעללענבערג, וואָס טראָגט דאָס דאַטום „נירענבערג, דעם 18־טען יוני 1948", איז אַ דאָקומענט פון גרויסען אינ־טערעס פאַר׳ן היסטאָריקער. און דער שארית הפליטה אין אייראָפּע וועט זי אויפקלערען מאַנכע פאַקטען, וואָס זיינען ביז איצט פאַר איהר געווען פאַרהוילען.



# עפּילאָג פון אַרטיקעל: „ווער האָט אויפגעהאַלטען די רעטונגס־אַרבייט פאַר אייראָפּעאישע אידען?"

וועןן דער אַרטיקעל, אין וועלכען עס זיינען געשטעלט געוואָרען עטליכע פראַגען אויפ׳ן אַדרעס פון מר. העברי מאָרגענטוי, האָט זיך באַוויזען אין דער לאָנדאָנער „וואָכענצייטונג" פון 12־טען דעצעמבער 1947, האָט זיך אָפּגע־רופען ד״ר גערהאַרט מ. ריגנער, דער דירעקטאָר פון גענפער ביוראָ פון אי־דישען וועלט־קאָנגרעס.

ד״ר ריגנער האָט אין דער „וואָכענצייטונג" פון 30־טען יאַנואַר 1948 פאַרעפענטליכט אַ תשובה, אין וועלכער ער האָט אָבער נישט פאַרענטפערט מר. מאָרגענטוי נאָר באַריהרט אַ גאַנץ זייטיגען ענין. ער האָט געפּרואווט צו באַווייזען, אַז ד״ר סטיפען ווייז האָט געוואוסט פון זיין (ד. ה. ד״ר ריג־נער׳ס) „באַריכט נאָך איידער עס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אין חודש

סעפּטעמבער די אסיפה אין דער אגודת הרבנים, אויף וועלכער מען האָט פּאַרגעלייענט די טעלעגראַמע פון ה׳ שטערנבוך״. אַלס באַווייז פיהרט ד״ר ריגנער אָן, אַז מר. סילווערמאַן פון לאָנדאָן האָט וועגען דעם מודיע געווען ד״ר ווייז׳ן אין אַ טעלעגראַמע, וואָס איז אָנגעקומען אין ניו־יאָרק דעם 29־טען אויגוסט 1942.

דאַרויף האָב איך אויפגעפּאָדערט, אין זעלבען נומער „וואָכענצייטונג״, ד״ר ריגנער׳ן צו פאַרעפענטליכען די טעלעגראַמע, וואָס טראָגט אויף זיך דאָס דאַטום 29 אויגוסט 1942. איך האָב גלייכצייטיג אָפּגעדרוקט אויף אידיש דעם פאָלגענדען טעקסט פון דער טעלעגראַמע פון ה׳ יצחק שטערנבוך צו ר׳ יעקב ראָזענהיים, וואָס איז מיר צוגעשטעלט געוואָרען דעם 2־טען סעפּ־טעמבער 1942 טעלעפאָניש און אַ טאָג שפּעטער בריפליך דורכ׳ן פּוילישען גענעראַל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק:

„לויט לעצטענס דערהאַלטענע צאָהלרייכע אויטענטישע ידיעות, האָט די דייטשע מאַכט לעצטענס אויסגעליידיגט די וואַרשאווער געטאָ, אויסמאָרדענדיג בעסטיאַליש אַרום 100,000 אידען. די מאַסען־מאָרדען האַלטען אָן. פון די קערפּער פון די ערמאָרדעטע ווערט אויסגעאַרבייט זייף און קינסטליכע באַמיסטיגונג. דעפּאָרטירטע פון פאַרשידענע אָקו־פּירטע לענדער וועלען האָבען דעם זעלבען גורל. מ׳דאַרף אָננעהמען, אַז נאָר ענערגישע רעפּרעסיעס מצד אַמעריקע קענען אויפהאַלטען די פאַר־פאָלגונגען. טוט תיכף וואָס איז נאָר מעגליך, כדי שנעל אַרויסצורופען אַזאַ רעאַקציע, אויפשטורמענדיג מלוכה־מענער, די פּרעסע און די געזעל־שאַפט. פאַרשטענדיגט וועגען דעם: ווייז׳ן, סילווער׳ן לובאַוויטשער׳ן, איינשטיינ׳ען, קלאַצקינ׳ען, גאָלדמאַנ׳ען, טאָמאַס מאַן און אַנדערע. דערמאָנט נישט מיין נאָמען. איך בעט צו באַשטעטיגען דעם עמפּפאַנג פון דער דאָזיגער טעלעגראַמע. *)

פאָלגענדער קאָמענטאַר איז געווען פון מיר צו דעם צוגעגעבען אין דער „וואָכענצייטונג״ פון 30־טען יאַנואַר 1948:

„איך ווייס נישט, וואָס ה׳ סילווערמאַן האָט טעלעגראַפירט צו ד״ר ווייז׳ען, אָבער איך נעם אָן, אַז דער אינהאַלט איז געווען אַן עהנליכער. טאָ פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט ד״ר ווייז געשוויגען לגמרי ביז צו דער זיצונג אין דער „אגודת הרבנים״, וואָס איז גערופען געוואָרען נאָכדעם

*) אַ פאָטאָסטאַט פון אָריגינאַלען בריוו פון פּוילישען גענעראַל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק פון 3 סעפּטעמבער 1942 מיטן טעקסט פון דער דאָזיגער טעלעגראַמע, איז אָפּגע־דרוקט אויף זייט 134.

ווי איך האָב די טעלעגראַמע פון ה׳ שטערנבוך איבערגעגעבען ר׳ יעקב ראָזענהיים, וועלכער האָט פון זיין זייט זאָפאָרט פאַרשטענדיגט אַלע פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען אָנגעגעבען אין דער טעלעגראַמע?

מיר האָבען אַ טענה צום סטייט דעפּאַרטמענט, פאַרוואָס מען האָט פאַרשוויגען אונזער קאַטאַסטראָפע, אָבער נישט קיין קלענערע טענה האָבען מיר צו די אידען, וואָס האָבען געהאַט אַזעלכע ידיעות ביי זיך און זיי נישט באַטראַכט פאַר גענוג וויכטיג, כדי צו אַלאַרמירען די עפנטליכקייט און על־כל־פנים די פיהרער פון אידישע אָרגאַניזאַציעס.

עס וואָלט געווען געוואונשען, אין אינטערעס פון משפט, וועלכען די אידישע געשיכטע וועט אַרויסטראָגען איבער׳ן פאַרהאַלטען זיך פון די אידען אין די פרייע לענדער בשעת דער נאַצישער אויסמאָרדונג פון אייראָפּעאישען אידענטום, אַז די טעלעגראַמע פון ה׳ סילווערמאַן, וואָס טראָגט אויף זיך דעם סטעמפּעל פון ניו־יאָרק דעם 29־טען אויגוסט 1942, זאָל וואָס גיכער פאַרעפענטליכט ווערען.

די ענגלישע אָפּטיילונג פון „אידישען וועלט־קאָנגרעס״ האָט דאַן צוגע־שיקט צו דער „וואָכענצייטונג״ אַ בריוו, אין וועלכען זי האָט אויפגעקלערט, אַז אין איהר אויסגאַבע „דזשואיש אַפעירס״ פאַר די חדשים אָקטאָבער—דע־צעמבער 1947 איז דער טעקסט פון מר. סילווערמאַנ׳ס טעלעגראַמע געווען פאַרעפענטליכט.

אַ פאָטאָסטאַטישע קאָפּיע פון יענער טעלעגראַמע איז געווען בייגעשלאָסען צום בריוו. איך האַלט פאַר נויטיג זי דאָ אָפּצודרוקען, כדי דער ענין זאָל אַמאָל קענען ווערען ריכטיג אויפגעקלערט:

„סטיפען וייז, אידישער וועלט־קאָנגרעס, 330 וועסט 42־טע גאַס, ניו־יאָרק.

איך האָב דערהאַלטען, דורכ׳ן פאָרעין אָפיס, פאָלגענדע ידיעה פון ריגנער׳ן אין גענף: דערהאַלטען אַלאַרמירענדיגען באַריכט אַז אין הויפּט־קוואַרטיר פון פיהרער איז דיסקוטירט געוואָרען אַ פּלאַן און ווערט גענומען אין באַטראַכט, אַז אַלע אידען אין לענדער אָקופּירטע אָדער קאָנטראָלירטע דורך דייטשלאַנד, די צאָהל פון $3\frac{1}{2}$ ביז 4 מיליאָן, זאָלען נאָך דעפּאָרטאַציע און קאָנצענטראַציע אין מזרח מיט איין מאָל ווערען עקסטערמינירט כדי ענדגילטיג צו לייזען די אידישע פראַגע אין אייראָפּע. די אַקציע איז געפּלאַנט, לויט׳ן באַריכט, פאַר הערבסט. די מעטאָדען ווערען דיסקוטירט, צווישען זיי פּרייסישע גיפט־גאַזען. מיר איבערגעבען די אינפאָרמאַציע מיט יעדען נויטיגען רעזערוו, ווייל

די גענויאיגקייט קען נישט ווערען פאַרזיכערט. דער אינפאָרמאַטאָר האָט דערקלערט אַז ער האָט נאָהענטע באַציהונגען צו די העכסטע דייטשע מאַכט־אָרגאַנען און זיינע באַריכטען זיינען אין אַלגעמיין פאַר־לעסליך. אינפאָרמירט און באַראַט זיך מיט ניו־יאָרק. דער פּאָרעין אָפּיס האָט נישט קיין ידיעה וועגען אָדער צום באַשטעטיגען די גע־שיכטע.

שמואל סילווערמאַן".

איצט קען מען קלאָר פעסטשטעלען, אַז די ידיעה, וואָס ד״ר ריגנער האָט צוגעשטעלט ד״ר ווייז׳ען, האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדערען כאַראַקטער, ווי דער אַלאַרם־רוף פון ה׳ יצחק שטערנבוך. בשעת ד״ר ריגנער האָט זיך דערוואוסט פון אַ פּלאַן, וואָס האָט געזאָלט רעאַליזירט ווערען אין הערבסט פון יאָהר 1942, האָט ה׳ שטערנבוך קלאָר דערצעהלט, אַז די פאַרניכטונג פון וואַר־שאווער געטאָ האָט זיך אָנגעהויבען. ער האָט אָנגעגעבען די ערשטע ציפער פון 100,000 בעסטיאַליש דערמאָרדעטע אידען, פון וועמענס קערפּערס די נאַציס האָבען פאַבריצירט זייף. די מאָרדען זיינען געווען דאַן אין פולען גאַנג. פון דעם אַלעם איז אין דער טעלעגראַמע פון ד״ר ריגנער נישט געווען קיין אָנצייכען.

אָבער מען מוז מודה זיין, אַז זיין ידיעה וועגען היטלער׳ס פּלענער — הגם ער האָט אַליין פאָרזיכטיג געשריבען, אַז ער גיט זי מיט רעזערוו ווייל ער קען זי נישט נאָכקאָנטראָלירען — האָט אויך געדאַרפט אויפטרייסלען די אַדרעסאַטען. און דאַריבער פרעגען מיר נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל:

— פאַרוואָס האָט איהר געשוויגען? אויף וואָס האָט איהר געוואַרט?